אליעזר אלעי

# ירושה פון דורות

ראָמאַן

צווייטער בוך

(פערטער באַנד פון „גאַרבער־גאַס")

* * *

תל־אביב, 1977 — תשל"ז

## קאַפּיטל איינס

# און שטיל איז געוואָרן...

און שטיל איז געוואָרן אין גאַרבער־ישוב.

דער סינדיקאַט איז אויפגעגאַנגען אין זיין שיינעם צעבלי. געוויזן זיך אין זיין פולער קראַפט, אין זיין נוצלעכקייט. מען האָט זיך מער נישט געקריגט, נישט געאַמפּערט, נישט געברוגזט — שלום־ושלווה. מ׳האָט אַפילו אַצינד נישט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס דער שטן האָט געהאַט אַזאַ שליטה, אויסגעשפּילט און צוגעפירט צו אַזאַ ביטערן קאַמף. וואָרעם מיטן אויפקומען פונעם שותפות, האָט מען ערשט דערזען די טובה פון דער זאַך. פּטור געוואָרן פון אַ סך קלאַפּאָטן: מ׳האָט מער נישט באַדאַרפט זאָרגן וועגן פאַרשאַפן זיך דאָס רויוואַרג צו דער צייט, יאָגן מיטן פאַרטיק מאַכן די פאַרטיע לעדערס; אויסקוקן מיט אומגעדולד דעם סוחר, נאָכשפּירן אין וועלכער שטוב ער גייט אַריין, פון ווו אַרויס, צי דער שכן האָט נישט אויסגעכאַפּט אויף אַפריער מיטן פאַרקויף; די מורא דער אָפּנעמער זאָל נישט אויסכיטרעווען, אויסנאַרן די סחורה אין ווערט; די גרויסע זאָלן זיך נישט צעבריקעווען און פאַרקאָנקורירן אין פּרייז — זאָרגן וואָס האָבן דול געמאַכט דעם קאָפּ, פאַרמידעט דאָס האַרץ, צוגענומען די רו.

היינט איז עס געגאַנגען ווי אויף אַ גוט־אויסגעגלאַטיקטן שליטן־וועג. מ׳האָט אויסגעפאַרטיקט די אַרבעט, געברענגט אויף דער פאַרקויף־שטעלע, איינגעסדרט אין די פאַכן, צוגעקלעפּט אַ צעטל מיטן נאָמען, פאַמיליע־נאָמען און דאָרט האָט מען שוין געזאָרגט ס׳זאָל ווערן „פאַרשיבט" (פאַרקויפט): וועמענס אַ טאָג פריער, וועמענס אַ טאָג שפּעטער; וועמענס מיט אַ העכערן פּרייז, וועמענס אַ טראָפּן נידעריקער, לויטן סאָרט און קוואַליטעט — אָבער אַלץ איז געוואָרן „געכשרט", אָפּגערוימט און מיט אָרנטלעכן מקח.

און האָט עמעצנס לעדער יאָ נאָך געמוזט לענגער אַביסל איבער־וואַרטן אויף די פּאָליצעס, האָט מען אים דערווייל אויסגעבאָרגט רויעס

צום איינוויייקן. געגעבן אַ צעטל צום רויוואַרג־אַגענט, ר׳זאָל אַרויסגעבן סחורה נישט געלאָזט שטיין מיט ליידיקע הענט, און אומטעטיקייט.

הכלל ס׳איז געווען ווי מען זאָגט: „אגיל־ואשמח,״ לעבעדיק און פריילעך. אַריינגעטראָפן אין פינטל; דער קאָפּ רואיק, די הענט צו דער אַרבעט.

האָט אָבער צו דער שלימות געפעלט נאָך איין זאַך און אַ וויכטיקע: די פולקאָמע פאַראייניקונג פון דער גאַס. וואָרעם נישט אַלע גאַרבערס זענען געווען שוין אָנגעשלאָסן אינעם שותפות. די באַלעבאַטים פון אַלטן־שטאַנד האָבן זיך נאָך אַלץ גע׳עקשנט, געראַנגלט, אַנטקעגנ־געשטעלט זיך דער נייער שאַפונג — בשום אופן נישט געוואָלט צו־שטיין. זיי האָבן דאַרין געזען אַ פחיתת־הכבוד, אַ מינערונג אין זייער אַלטן יחוס. געבליבן אין דרויסן. דאָס איז געווען אַ שטער, אַ קליינער שפּאַלט אין דער מויער.

און כאָטש ס׳איז זיי, די אינדרויסן געבליבענע, נישט געווען לייכט, אַפילו שווער (וואָרעם דער קאָמיטעט האָט זיך געזען צום קאָפּ: אָפּגע־שלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די לאָדזשער הורטאָווניקעס פון רויוואַרג און מיט זייערע אַגענטן דאָ אויפן אָרט — נישט צו פאַרקויפן קיינעם קיין רויעס, נאָר די פון שותפות. און מיט די אָפּנעמערס פון פאַרטיקן — קיינער פון זיי טאָר נישט איבערטרעטן די שוועל פון אַ גאַרבער־הויף, דאָרט קויפן. דאָס איינציקע פאַרקויף־אָרט פון די סחורות, איז אין סקקלאַד ביי פינטשע שטיין אין הויף) — און כאָטש ס׳איז זיי, ווי שוין געזאָגט, נישט געווען לייכט, געהאַט געבונדענע הענט, האָבן דאָך די באַלעבאַטים פון אַלטן שטאַנד נישט געוואָלט שלום מאַכן, נאָכגעבן — צושטיין צו דער פאַראייניקונג.

איז זיי טאַקע אויסגעקומען די אַלטע גאַרבערס, צו פאַרשאַפן זיך דאָס רויוואַרג פון ערגעץ אַנדערשווו, פון אַן אַנדערן קאַנט, ווו דער קאָמיטעט האָט נישט געהאַט קיין שליטה. און דאָס פאַרטיקע אַוועק־פירן אויך אין דער פרעמד צו פאַרקויפן. מ׳קען נישט זאָגן, ס׳איז געווען אַ באַ׳טעמט שטיקל ברויט — ווייל אינו דומה, סחורה וועלכע מ׳פאַר־קויפט אין דער היים אונטערן דאַך, און די וועלכע מ׳פירט אַריין צו

יענעם אין שטוב: סע פאַלט גלייך אָפּ די חשיבות, די שיינקייט. קריגט אַ געבעכדיקן אויסזען, ווי למשל, מ׳קומט צו יענעם פאַרזעצן אַ משכון אויף אַ הלוואה.... יענער בודקט און בדקנט ביז ס׳האָט נאָר אַ ווערט, צי מ׳קען דערפאַר געבן געלט. און אויב יאָ — מינער פון ווערטיקן פּרייז. הקיצור, ס׳איז נישט געווען קיין געשמאַקער ביסן.

אָבער דאָרט ווו סע איז דאָ מחלוקה, אויפגערייצט בלוט, איז נישט שייך — לאָזט מען זיך באַדיי אויסשטעכן איין אויג, כדי יענעם ביידע...

איינע אַזאַ נישט אַנטשלאָסענע, זיך וואַקלענדיקע שטוב, וואָס האָט נישט געוווּסט אין וועלכער ריכטונג זיך צו קערן, ווערנדיק געשטויסן פון צוויי קעגנגעזעצלעכע דרוק־כוחות, איז געווען מנחם סקורניקס שטוב. מנחם האָט געהאַט די מלחמה במעונו, אין אייגענער וווינונג: פון זיין עלטערן זון מיכאל און יינגערן זון יעקב. ביידע האָבן אָנגעהערט צו צוויי פאַרשידענע לאַגערן: צום אַקטיוויסטישן און קעגנערישן.

מנחם סקורניק האָט געוווינט אויף דער „טילנע". געווען פאַרעכנט צווישן די בעלי־פּרנסה, פאַרמעגלעכע גאַרבערס. דער הויף ביי אים — אַ גוט אָנגעשטעלטן מיט געהעריקע איינריכטונגען: גרויסע פאַר־טיפטע פעסער, ברייטע קאַמערן, גענוג פּלאַץ פאַר די געשטעלן צום טריקענען און אויך פאַר די אַנדערע פאַרשידענע טיילן צו דער אַרבעט. אין גאַס האָט מען וועגן זיין שטוב גערעדט מיט אָנערקענונג, מיט אָנזען.

מנחם איז געווען אַ טאַטע פון דערוואַקסענע און אויך אויסגעצו־בענע קינדער, ביי וועלכע ס׳האָט זיך געפירט אייגענע מלאכה, אייגע־נער טיש. צום טאַטן איז מען געקומען מיט דער אַלטע געטרייער צו־געבונדנקייט צו דער היים: אַמאָל וועגן אַן עצה, אַמאָל מיט עפּעס זיך אַרויסהעלפן, אָדער גאָר פאַרבעטן אויף אַ היימישער שמחה, אַ „ברית", אַ פּדיון־הבן, אַ חומש־סעודה ביי אַ יינגעלע וואָס הייבט אָן לערנען חומש אין חדר.

מנחם האָט ביי אַזעלכע היימישע שמחות זיך שטאַרק משמח געווען, געלאָזט זיך אָנזען מיט זיין פאָטערשאַפט. ער איז בכלל געווען אַ צוגע־לאָזענער מענטש, מיט נישט קיין פאַרמאַכטער האַנט, אַזוי צו אייגענע,

אַזוי צו פרעמדע. ליב געהאַט טאָן אַ טובה. אַרויסהעלפן מיט אַ גמילות חסד, מיט אַ „זשירע" (ערבות) אויף אַ וועקסל, אָדער פאַר ווּעמען גוט זאָגן. זיך געוואַרעמט אויף צוביסלעך ביי עוסק־זיין בציבור. אָבער נאָר אין זיין אייגענער גאַס.

אַ גרויסער אויפטו איז געווען פון זיין זייט, דאָס פונסניי אויפוועקן און אָוועקשטעלן פעסט אויף די פיס, די חברה הכנסת־כלה, וואָס האָט געשפּרייט איר שוץ אויף די אָרעמע הייזער. דאָרט האָט מען געזאַמלט אויף נדבים, אויף אויסשטייערס פאַר אָרעמע כלות, געזאָרגט צו ברענגען די געפאַלענע יונגע מענטשן אונטער דער חופה, פאַרשאַפן פאַר זיי אַן אָרט, אַ טיש, אַ בעט, אַ שאַנק — אַן אייגן ווינקל.

אויף זיין, מנחמס איניציאַטיוו, האָט מען איינגעפירט אין גאַס אַ תקנה: יעדער גאַרבער זאָל לטובת דער חברה הכנסת־כלה, אויסאַר־בעטן אַ געוויסן סכום לעדערלעך. מ׳וועט אים געבן די רויע פעלן און ער וועט צוריק אָפּגעבן פאַרטיקס. פאַר אַ גאַרבער איז עס נישט געווען אַזאַ גרויסע טרחה. געטאָן עס מיט באַוויליקטקייט. און ס׳האָט געברענגט גרויס נוצן. נאָכן צוזאַמענעמען דאָס פאַרטיקע און פאַרקויפן, איז דער ריווח אַריינגעגאַנגען אין דער אַלגעמיינער קאַסע. און ביסלעכוויז האָט זיך דאָרט געזאַמלט אַ גרעסערע סומע, וועלכעס מ׳האָט פאַרווענדט אויף די נויטיקע צוועקן.

אין שמחת־תורה, דער פריילעכער יום־טוב ביי יידן, האָט מען אין היימישן שילעכל, די סטאָלניצע פון הכנסת־כלה, איינגעאָרדנט אַ גרויסע פייערלעכקייט. די גבאים פון דער חברה האָבן געברענגט לאַנגע ברוין־אויסגעבאַקענע האָניקלעקעכער. געשניטן זיי אין אָנצאָליקע פאַר־ציעס. געטיילט פאַר דער גאַנצער גאַס, פאַר גרויס און קליין, קינד־און־קייט — אין אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער הילף וואָס די באַפעלקערונג פון גאַרבער־ישוב טיילט צו דער דאָזיקער אינסטיטוציע. ס׳איז בכלל געווען דער פריילעכסטער און שענסטער טאָג פון יאָר פאַר דער היימישער גאַס, מיט רועז, פריילעך פאַרברענגען און אַ סך עסן און טרינקען. ווייבער און קינדער האָבן אויף אים אויסגעקוקט ווי אויף משיחן...

מנחם האָט געלעבט אַ שטיל רואיק לעבן. געפירט זיין הויז אָרנט־לעך, יידישלעך, אויפן היימישן שטייגער. געפרייט זיך מיט זיין הויז־געזונט, מיט זיין שלומדיקער וועלט. אויסער זיין גאַס, האָט ער זיך ווייניק געמישט אין שטאָטישע קהלשע ענינים. דאָס איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע, וואָס דאַרפן עס נויטיקער. האָבן דערצו מער צייט און הנאה.

אין דעם היינטיקן אָנגעשטאָנענעם סכסוך אין גאַס וועגן שותפות, האָט מנחם נישט געהאַט קיין קלאָרע שטעלונג. געווען ווי אַ סך אַנדערע פאַרבלאָנדזשעט אין דעם אומקלאָרן ווירוואַר, געפּלאָנטער. נישט געווען איבערצייגט אויף: יאָ. און אויך נישט אויף: ניין. געוואַרט וואָס דער רבים וועט זאָגן און טאָן. דערווייל זיך איינגעהאָרכט וואָס מענטשן רעדן. ווי אַ גוט איינגעזעסענער באַלעבאָס, וואָס פירט אַ גוטעווירטשאַפט, האָט ער זיך נישט דווקא געגויטיקט אינעם שותפות. פון דער צווייטער זייט, האָט ער געטראַכט, אַז אַ ציבור־יידן ווילן, מוז דאָך עפּעס דאָ שטעקן אין דער זאַך, און ער וועט זיך נישט אַנטקעגנשטעלן: מ׳ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן ברענגט מיט זיך...

האָט אָבער מנחם געהאַט אַ מחלוקה אין דער אייגענער שטוב, פון די צוויי זין, פון עלטערן זון מיכאל און ייִנגערן יעקב. ביידע מיט באַזונדערע מיינונגען, טענות — געטריבן פון זייערע פּערזענלעכע אינ־טערעסן. יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין פאַרלאַנג, זיין אויסגעשפּראָ־כענער שטעלונג. באַמיט זיך צוציען די עלטערן אויף זיין זייט. יעקב דער ייִנגערער, אַ חתן, פאַרקנסט צו דער טאָכטער פון דעם אָנגעזענעם ראובן־שלום גאָלדמאַן, האָט געטענהט: נישט מיטגיין. ער האָט עס גע־טאָן אויפן אויסדריקלעכן ווילן פונעם מחותן, וועלכער איז געווען אַ שטרענגער קעגנער צום סינדיקאַט. געדראָט ממש מיט איבעררייסן דעם שידוך, אויב די מחותנים וועלן זיך אָנשליסן. און יעקב האָט נישט געוואָלט פאַרלירן די שיינע כלה, וועלכער ער האָט ליב געהאַט. און דאַריבער געהאַלטן מיטן מחותן, געלייגט אַ דרוק אויף דער שטוב, נישט מיטגיין. דער צווייטער זון מיכאל, אַן אויסגעגעבענער, מיט אייגענער ווירטשאַפט. האָט צוגערעדט: אויף יאָ מיטגיין. זיך געלייגט

אין דער לענג־און־ברייט, געדריקט אויף די עלטערן, זיי זאָלן מיט־האַלטן מיט דער מערהייט. נישט אָפּשטיין פון קהל.

מיכאל האָט געפירט אַ גאַרבעריי פאַר זיך אַליין, אַ קליינע, אַ באַ־שיידענע, מע קאָן זאָגן זייער אַ באַשרענקטע. ס'האָט זיך אים דערוויילקיין סך נישט איינגעגעבן אין זיין נאָך־פאַרהייראַטן לעבן. און כאָטשבחורוויז האָט ער זיך געפילט אין דער מערכה, געהאַט אונטער זיךאַ פאַרמעגלעכע היים, אָרנטלעכע דערציאונג, שיין געוואָקסן און גע־קריגן פאַר אַ כלה די ביז גאַר לייטישע פריילין גיטל האָכבערג, אַ וווילמיידל פון אויך אַ פיינע היים — האָט אים נאָך דער חתונה ס'מזל נישטצוגעשפילט, אים נישט צוגעגליקט. ער איז אַריין אין דער ריי צווישןדי קליינע גאַרבערס. דאָס האָט אַפילו אַ ביסל אָנגערירט זיין כבוד.אינערלעך אים געקווילט. געפילט זיך אַ טראָפּן געפאַלן קייגן זייניענאָענטע חברים און אויך קייגן זיין אייגן ווייב. אָבער נישט געהאַטקיין ברירה.

ס'איז נישט געווען די שולד אינגאַנצן זיינע. ס'האָט דאָ געשטעקטאַ וועזנטלעכע אָביעקטיווע סיבה: די גאַס האָט נישט געקענט פאַרדייען,אַריינעמען אין זיך די אַלע ניי־אויפגעשטאַנענע „פלעצער" (גאַרבאַר־ניעס), דאָס אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעצווייגט פון דער היים־שטוב,געוואָלט גיין באַזונדער, איינאָרדענען זיך אויף אייגענער האַנט. ס'איזפשוט נישט געווען קיין אָרט, קיין פּלאַץ סיי פיזיש, סיי מאַטעריעל. גע־דינט נאָר פאַר דעם איבערפלוס פון דער פּראָדוקציע, פאַר דער קאָנ־קורענץ. האָבן טייל נאָך דער חתונה בהכרה, געמוזט בלייבן אַרבעטןצוזאַמען מיט די עלטערן אין דער היים־גאַרבעריי. און די וואָס האָבןגעהאַט אַמביציע, אָדער צוליב אַנדערע סיבות געוואָלט אַרויס פאַרזיך — האָבן אָפּגעזוכט אין ערגעץ אָפּיצל ווינקל, אָפּגעצוימט, זיך אַוועק־געשטעלט אַרבעטן. איז ווער ס'האָט מצליח געווען — און ווער נישט.

מיכאל איז געווען פון די, וואָס די הצלחה האָט דערווייל נישטצוגעשמייכלט, שווער אָנגעקומען דאָס אַרויסהאַקן ס'שטיקל ברויט. גיטלזיין ווייב, האָט אים אמת, אין דער ערשט צוגערעדט, ער זאָל אַהיימגייןצוריק צום טאַטן, אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אין היימישן הויף. מיכאל

האָט בישט געוואָלט. געוועזן אַן עניין שוין פון האַנאַר. באַשטאַנען אויף ס׳זייניקע: אַרויס — איז אַרויס.

אַליין איז ער, מיכאל געוועזן אַ שטילער מענטש מיט אַ פיין פילנדיק געמיט. מיט גוטע שטילע מידות, מיט פריינטשאַפט צום צווייטן. ער האָט די פריינטשאַפט, אַ געירשנטע פון טאַטן, אויך אַזוי געטריי איבערגעטראָגן צו זיין שטוב, צו זיין פרוי און קינדער: די צוויי יונגע טעכטערלעך ברײנדל און סימעלע, דאָס גוטע פאַרמעג, וואָס ער האָט ביז גאָר ליב געהאָט, זיך געהאַלטן מיט זיי אין חברשאַפט ווי אַן עלטערער ברודער. מיכאַל האָט זיך געטיילט מיט זיי, מיט זיינע דערפאַרונגען, ידיעות, ס׳קליינע ביסל וויסן; איבערגעגעבן זיי די אינטערעסאַנטע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין דער היים פון די אַרעמעלייט, מדינה־גייערס וואָס פלעגן איבערנעכטיקן ביי זיי, זומער אין דער גרויסער שאָפּע, ווינטער אין דער סושאַרניע, און אָנדערציילט פאַר דעם יינגל די מאָדנעסטע געשיכ־טעס, איינע שפּאַנענדיקער פאַר דער אַנדערער, שענער פון די שענסטע מעשה־ביכלעך. „אַ, וויפל זיי וויסן!״ האָט דאָס יינגל זיך געוווּנדערט. אַריין אין התפעלות, געוואָלט שיער אַליין ווערן אַ מדינה־גייער, כדי ער זאָל דאָס אַלץ זיך דערוויסן פון דער ערשטער קוועלע... פון דאַנק־באַרקייט האָט ער זיי צוגעטראָגן הייסן טיי, אַלטע זעק אויף אונטערלייגן זיך, און אַלץ מער געוואָלט נאָך הערן. ער איז געוועזן אויך אַזוי ביַיגעריק צו וועלט־זאַכן, צו דערפינדונגען, אויפטועןּ. געוואָלט דערפון הערן, וויסן. און נאָך דער חתונה, אַ סך דערוועגן איבערגערעדט מיט גיטלען דעם ווייב און שפּעטער מיט די קינדער.

גיטל אַ סובטעלע, האָט זיך גוט איינגעלעבט מיטן מאַן. צומאָל זיך געוווּנדערט אויף זיין געזונטן זכרון, אויף זיין ליבשאַפט צו מענטשן, אויף דעם איידעלן כאַראַקטער זיינעם, וואָס אַלץ צוזאַמען האָט אויסגעזאָגט אין אים דעם גוטן מענטש און פאַר איר — דעם גוטן מאַן. גיטל איז געוועזן אַ ביסל אַ יחסנטע, מיט איר אָנגעהערן זיך שטיקלעך קרובים צו אברהם לעווקינדס הויז. גערופן מרימען מומע (זי איז געוועזן אַן עלטער־מומע פון באָבעס צד)). געהאַלטן זיך דאָרט היימישלעך. מיכאל האָט דאָריבער זיך אויך מיטגעמשפּחהט. גערופן דאָס אַלטע פּאָרפאָלק, פּעטער־

מומע. מיטן ווערן אַן אַנהענגער פון סינדיקאַט, האָט ער געברענגט אויף זיך אַ רוגז אין אברהמס שטוב, כמעט איבערגעריסן די פריינטשאַפט.

מיכאלן האָט דער ברוגז אין אברהמס הויז, און דער שטרייט מיטן ברודער, געאַרט, געקווילט. אָבער זיין מיינונג נישט געוואָלט ענדערן. אין ויינע אויגן איז דאָס שותפות געווען אַ גלייכע און נוצלעכע זאַך, אַזוי פאַר דער גאַס און אַזוי פאַר אים גופא — אַז ענין פון אויפהייבן זיך מער אין דער פרנסה. וואָרעם די סוחרים פלעגן דווקא ביי אָט די קלענערע גאַרבערס דריקן די פרייזן, אויסקוועטשן ביזן לעצט. פאַר די גרויסע האָבן זיי נאָך געהאַט אַ געוויסן דרך־ארץ און מורא. נישט געקאַנט זיך אַזויפיל דערלויבן. אָבער ביי די אָרעמערע — אַ לייכטע פאַרדייאונג. דאָס קויפן ביי זיי איז געווען ווי אַ טובה... אַריינגעקומען באַלד האַפעריק. גערעדט מיט הויכן לשון: ס'איז דאָ ביי די ג ר ו י ס ע היינט, געננג סחורות. מען גויטיקט זיך גאַרנישט צו זיי, די קליינע אַנצוקומען. נאָר גאַרנישט, זיי זענען דאָך אויך יידן, וועט מען זיי נישט פאַרלאָזן. און דערביי געפרוווט אַ גוטן קוועטש טאָן אין פרייז, אויסשלאָגן זיך די הוצאות...

מיטן שאַפן פון סינדיקאַט, האָבן די שוואַכערע געזען דאַרין אַן אָנהאַלט, אַ פאַדפאַרע. צוגעשטאַנען די ערשטע. די סחורות וועלן צוזאַמענגענומען ווערן אויף איין אָרט צום פאַרקויפן. מ'וועט נישט וויסן פון וועמען ס'שטאַמט, פון גרויסער, אָדער אַ קליינער גאַרבעריי. די סוחרים וועלן מוזן באַצאָלן, אויב די אויסאַרבעטונג וועט נאָר זיין אַ גוטע, דעם פולן פרייז, געצוווּנגערנערהייט. מיכאל האָט דערין געזען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג. איי די „לייבן" ווי אַברהם לעווקינד מיט זיינסגלייכן ווילן נישט — מילא, זיי זענען ברייט באַלייבט, דאַרפן זיי עס נישט. קאָנען זיך אָן דאַרין באַגיין. אָבער אַנדערע דאַרפן יאָ, און ברויכן זיך נישט צו פאַרקוקן אויף זיי.

ווען דאָס שותפות האָט זיך ענדלעך אָפגעשלאָסן, איז מיכאל נאָך אין זעלבן אויפדערנאַכט געקומען אַהיים צו די עלטערן, ווירקן אויפן פאָטער, ער זאָל מיטגיין מיטן רוב, נישט בלייבן אין דרויסן, וואָס וועט אים זיכער ברענגען שוועריקייטן, שאָדן.

דעם טאָטן האָט ער אָנגעטראָפן ווי געוויינטלעך אין דער צייט, רוען אויפן שטשעשליאָן, צוגעלענט נאָך דעם שווערן טאָג־אַרבעט. אין שטוב איז געווען אָונטיק שטיל. אָבער אַנדערש ווי יעדעס מאָל, האָט זיך אָפּגעפילט עפּעס אַן אָנגעשטרענגטקייט אין דער לופט, נישט די מנוחה וואָס ברענגט מיט זיך, ווי דער שטייגער, דער אָוונט נאָך דער שווערער האָראָוואַניע. מיכאל האָט ביים אַריינקומען, עס גלייך דערפילט. געזען אויך דעם ברודערס אָראָפּגעלאָזענעם פּנים. דרייט זיך אין שטוב ווי אין אַ שטייג. ר׳איז צומאָל נישט איבערגעטאָן אין די ריינע קליידער. און אויך מיט אַזאַ ברוגזן בליק געקוקט אויף אים דעם עלטערן ברודער, ביי זיין באַווייזן זיך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנגעדראָדלטקייט, האַ ? — האָט מיכאל געפרעגט, אי צום פאָטער, אי צו דער שטוב.

— דער מחותן האָט געשיקט וואָרענען... — מנחם האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, געזאָגט קורץ, אָפּגעהאַקט, וואָס דאָס איבעריקע האָט דער זון שוין באַדאַרפט אַליין פאַרשטיין : אַז דאָס מיינט דעם מחותנס התראה, אויב מ׳וועט מיטגיין מיטן סינדיקאַט, באַשטייט ער נישט אויפן שידוך. —

— ווידער אַ התראה ? ! — האָט מיכאל אַ פאַרדראָסיקער אויסגערופן הויך, אַ רייב טוענדיק די הענט איינער אין דער אַנדערער — וואָס האַלט ער זיך אַזוי גרויס דער ייד מיט דער לאַנגער באָרד. וואָס איז ער אַ יחיד אין מאָסקווע מיט זיין טאָכטער ?

— ס׳איז דאָך אַ שידוך... — דער פאָטער האָט אָפּגעקרעכצט, ווי איינער זאָגט : ס׳איז נישט קיין פּשוטע זאַך, נישט צום אָוועקמאַכן.

— און אַ שידוך, איז וואָס ? זאָל ער נישט סטראַשען די „באַבע". ער קאָן די טאָכטער איינראַמען אין אַ ראַם, וועט ער האָבן אויף וואָס צו קוקן... הערטס די איינרעדעניש ! מ׳וועט געפינען אַן אַנדערע. און מיר וועלן טאָן ווי מיר פאַרשטייען — דער עלטערער זון האָט געלאָזט הערן די ווערטער שטייף, נישט נאָכצוגעבן דעם מחותן.

— דו קאָנסט דיר טאָן וואָס דיר געפעלט — איז אַריינגעשפּרונגען אינדערמיט יעקב דער ייִנגערער, דער חתן, וואָס האָט דווקא ליב די כלה און איז נישט בדעה זי איינטווישן אויף אַן אַנדערער — מיר וועלן יאָ

מיטגיין מיטן מחותן. ס׳רייסט נישט קיינער ביי דער פּאַלע, מיר מוזן צושטיין צום שותפות.

מיכאל מיט זיין איינגעהאַלטענעם כאַראַקטער, האָט נישט דערויף אָפּגעענטפערט. ער האָט געזען דער ברודער איז אויפגערעגט, אין שלעכטן געמיט. נישט געוואָלט אַריינברענגען קיין מחלוקת. ס׳איז אַריינגעטרעטן אַ שווייגן. דער פאָטער האָט פונסניי אָפּגעקרעכצט:

— אָנגעטראָגן זיך אַ פּלאָג אויף דער גאַס... מען דאַנקט גאָט מ׳האָט אַ ביסל מנוחה פון „אורזשאָנד״ (שטאָט־מאַכט), פון דער „סקאַרבאָווע״ (שטייערן־אַמט), פון די גויים, קומט עס פון אינעווייניק, ווי מ׳וואָלט זיך גאָרנישט געקענט באַגיין אָן אַ ביסל צרות...

— אין אונדזער לעבן איז תמיד אָנגעברייט ס׳זאָל עפּעס זיין... — האָט זיך דערהערט דער מוטערס שטים, וועלכע איז גראָד אַריינגעקומען פון קיך אויפגעכאַפּט דאָס גערייד. איר חיה־שרהן דער מוטער, האָט אויך ווי געטאָן די אָנגעשטאָנענע שטרייטיקייטן, און אוודאי איז איר געווען פאַרדראָסיק אויפן סטראַשונעק פונעם מחותן: ס׳וואָלט געפּאַסט, ער זאָל דאָס זיין דער טאַטע פון חתן און נישט פאַרקערט... און וואָס רעדט ער זיך טאַקע אַזוי איין מיט דער טאָכטער ווי מיט אַן אוצר (אַ מאַמע פון אַ חתן־בחור פאַרדריסט אויף אַזעלכע זאַכן...). אָבער ווי אַן אָפּגעהיטענע פאַרזיכטיקע יידישע פרוי, האָט זי נישט געוואָלט צוגיסן אייל אויפן פייער און אויך נישט אָנטאָן עגמת־נפש דעם ייִנגערן זון, דעם חתן. און אַפּלאָזן אַ שידוך, אַפילו צוליב אַזאַ שטרייט, איז ביי איר אויך נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. זי האָט ווי אַ מאַמע, געזוכט איינשטילן, באַרואיקן די געמיטער, שלום מאַכן.

— מען ווייסט נאָך כלל נישט, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. איז וואָס שווין דאָס קריגן זיך, אַפּעסן ס׳האַרץ. ס׳איז דאָ טיי. זעצט ענק קינדער אַוועק צום טיש. און אויך דו מנחם קום אַהער. איך ברענג גלייך אַריין.

זי איז אַוועק אין קיך און גלייך צוריקגעקומען מיט הייסע גלעזער טיי, מיט שיסעלעך איינגעמאַכטס, אַוועקגעשטעלט פאַר די מאַנסלייט.

מיכאל האָט געטרונקען. געזופּט פּאַמעלעך. געטראַכט זיינע מחשבות:

ער דאַרף אפשר נישט צופיל אַריינמישן זיך אין די היים־אַנגעלעגנהייטן. ער טוט עס אמת, צוליב דעם גוטס פאַר דער שטוב. אָבער דאָ שמעקט מיט נאָך אַ זאַך, וואָס ער טאָר נישט נעמען אויף זיך די אחריות: דער שידוך.

— מאַאַ... — האָט ער אַרויסגעגעבן פון זיך אַ מין קלאַנג ווי אַ זיפץ, ענטפערנדיק זיך אויף זיינע טראַכטונגען.

— און וואָס איז מיט אַברהם לעווקינד. ער איז דאָך דיין ווייבס אַ שטיקל קרוב. זי קאָן דאָך יאָ ביי אים פועלן, ער זאָל מיטגיין — האָט דער פאָטער געזאָגט צום עלטערן זון מיט שוין אַ פרייערע שטים, און ווי מיט אַ באַהאַלטן געלעכטערל.

מיכאַל האָט זיך אָנגעשטויסן אויפן טאַטנס מיין. אָפּגעשאָקלט מיט דער פלייצע.

— ער זאָל גאָר וועלן... מילא, ער איז דאָך פון די גרויסע. ער איז אויך אויף אונדז, אויף מיר מיט גיטלען אָנגעברוגזט, ווייל מיר האַלטן נישט מיט...

ער האָט זיך דערמאָנט אין גיטלס דערציילן וועגן דער מומע מרים און צוגעגעבן:

— מרים האַלט, אַז מען דאַרף יאָ גיין צוזאַמען. גיטל האָט דאָס אַליין פון איר געהערט.

— נמאַ, די ווייבער זענען אייביק גרייט אויף שלום. און אפשר זענען זיי גערעכט — דער פאָטער האָט עס געלאָזט הערן מיט געמיט־לעכער באַטאָנונג.

— ווען מען וואָלט זיך צוגעהערט צו אונדז פרויען, וואָלט שוין לאַנג געווען שלום אויף דער וועלט — האָט אַריינגעוואָרפן חיה־שרה מיט ווייבערישן רום.

מנחם אַרומגענומען אין בעסערער שטימונג, האָט זיך צעלאַכט:

— ביסט גערעכט מיין ווייב. אַ שלומדיק פאָלק די ווייבער. און דאָך, האָט מען זיך ליב צו קריגן מיט די שכנהטעס...

— דאָס איז גאָרנישט. היימישע קריגערייען טוען קיינעם נישט

ווײַ און פֿאַרשאַפֿן נישט קײן לײַד — חיה־שרה האָט אָפּגעענטפֿערט אויפֿן אָרט מאַכנדיק עס גלאַטיק.

— דאָס איז טאַקע אויך אמת — האָט מנחם ליב צוגעשמייכלט צו זײַן לעבנס־באַגלייטערין.

ער האָט אין דערמאָנונג, זיך איבערגעריקט וועגן אַן אַנדערער שטוב:

— און וואָס איז מיט מענדל באָומען? ווי האַלט דאָרט ביי זיי?

מיכאל האָט אַ שאַר געטאָן ביטולדיק מיט דער האַנט.

— זיי... גאָר אַנגעטראָפֿן אויף לײַכטע מענטשן. אַז אַלע וועלן שוין גײן, וועלן זיי אויך נישט צושטײן. דער טאַטע מיט די בנים... זיי וועלן דאָס נישט צוליב טאָן דער גאַס, און אוודאי נישט די נײַע קהל־לײַט. זיי זענען אש־להבה אויף דעם קאָמיטעט.

— און אפשר איז עס טאַקע נאָר אַן ענין פֿון זיי, יענע לײַט... ווער קאָן וויסן — און דער פֿאָטער, שוין באַדאַכטער, מיט אַביסל ספק, האָט עס ווי אָפּגעפֿרעגט, אַרײַן אין נאַכדענקעניש.

— ווען אַלע וועלן גײן, וועט דאָך נישט זײַן קײן „זיי״. וועט עס זײַן אַ ל ע מ ע נ ס. אָט אין דעם שטעקט עס וואָס אַלע דאַרפֿן גײן צוזאַמען. יד־אחת — האָט דער זון אויפֿגעקלערט.

— צוזאַמען, נישט צוזאַמען... ווער ווייסט ווו ס׳ליגט דאָס גוטע — מנחם האָט דאָס געזאָגט מיט ערנסט, מיט קרעכץ, מיד פֿון לאַנגען שווערן טאָג און מיט באַגער זיך אָוועקלייגן אויפֿן געלעגער אָפּרוען די ביינער. אויסרײַבנדיק די אויגן, האָט ער ווי אין תפילה צוגעגעבן:

— איין זאַך ווייס איך יאָ, מען דאַרף בעטן צום רבונו של עולם, ער זאָל פֿירן צום גוטן. אַרײַנגעבן די ריכטיקע מחשבה אין אַלעמענס הערצער. און וואָס שײַך אונדז — וועלן מיר זען וואָס די אַנדערע הייף, די אַלט־אײַנגעזעסענע טוען. און דעמאָלט באַשליסן.

— דאָס איז ריכטיק — האָט די מוטער צוגעשטימט — מיט דער זאַך וועט מען אַ ביסל צוואַרטן. טאָן ווי גאָט וועט געבן דעם געדאַנק, אַזוי אונדז, אַזוי אַנדערע.

מנחם האָט מיט לענגערן אָטעם אָפּגעגעניצט: דער אָנזאָג אויף שלאָפֿן־גײן. מיכאל אַליין האָט אויך דערפֿילט אין זיך די מידקייט. ער האָט זיך

דערמאָנט אין זיין שטוב. גיטל מיט די קינדער וואַרטן אויף אים און ס'האָט אים אַ צי געטאָן צו דער אייגענער כאַטע, צו דער היים. ער האָט שוין מער נישט געברייעט. דעם ענין איבערגעלאָזט פאַר די נאָענטע טעג: די צייט וועט באַשיידן... אויפגעשטאַנען, זיך געזעגנט. געווונטשן די עלטערן אַ גוט־געזונט, אַהיימגעגאַנגען.

## קאַפּיטל צוויי
# ביי אברהם לעווקינדן אין הויז

ביי אברהם לעווקינדן אין הויז, איז אָנגעגאַנגען דער געראַנגל מיטן סינדיקאַט אויפן גרויסן שטייגער, מיט פאַרמעסט און אַמביציע: מ'וועט זען ווער שטאַרקער איז! פאַרן רוויוואַרג האָט מען נישט געהאַט קיין זאָרג. געוווּסט די קוועלע ווו מ'קאָן עס קריגן, און מיטן פאַרטיקן איז אויך נישט געווען קיין גרויסע דאגה — געווען אַן אַדרעס וווהין אַוועק־צושיקן: צום זון הערש־יצחקן קיין וואַרשע. האָט מען זיך אויף דער פאַראייניקונג נישט אומגעקוקט, געקערט זיך צו איר מיטן רוקן. געטאָן די אַרבעט נאָרמאַל און זיכער ווי שטענדיק. רואיק אויסגעפאַרטיקט די געוויינטלעכע פאַרטיעס סחורות: כראָמעס, בלייזן, בוקאַטן, יוכטן — און היידאַ, אַריבער אין דער גרויסער שטאָט, אין דעם וואָלפישן פּיסק וואָס שלינגט אַלץ אַריין אין זיך, און ווערט פאַרצערט.

אין דער התחלה, האָט עס געקלאַפּט גאַרנישט שלעכט. אַפילו אַ ביסל פּיפּיק, טראַציק. הערש־יצחק, אַן אייגנטימער פון אַ גוט איינגעאָרדנט לעדער־געשעפט אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס און אַ געטרייער זון צו דער היים, צום פאָטער, האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן אַרויס־צוהעלפן, פאַרשטופן דעם טאַטנס סחורות; פאַרקויפט צו די פּראָווינצער יידן, קליינשטעטלדיקע לעדער־שניטערס, קאָמאַשנמאַכערס, טאַרג־שוס־טערס. צוריקגעשיקט געלט. ווידער באַקומען און ווידער פאַרקויפט.

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ געוויסע צייט.

אָבער יעדער הייסער אָטעם קילט זיך אָפּ. הערש־יצחקן איז צוביסלאַך שווער געוואָרן מיטן דאָזיקן עסק, מיט דער נייער באַשעפטיקונג. ער איז

אין אַלגעמיין נישט געווען אַריינגעטאָן אין דעם מסחר פון די טאָרג־סחורות. געווען פאַרנומען מיט זיינע אויסלענדישע לעדערס: געמזעס, באָקסן, איידעלע זאַמשן און געהאַט אַנדערע קונים. און נאָך אַ ביסל צייט איז אים שווער אָנגעקומען צו געפינען אָפּנעמערס פאַרן טאַטנס היימישע אויסאַרבעטונגען.

געווען נאָך אַ סיבה און אַן עיקרשטע: דעם טאַטנס מסחר האָט פאַרלאַנגט באַר־געלט, מזומן, און נישט תמיד האָבן די פּראָווינצער יידן געהאַט עס צוגעבן. געוואָלט אויף באָרג, אויף אַ וועקסל, אָפּנעמען קרעדיט אויף אַ קורצער צייט. הערש־יצחק האָט זיי דאָס נישט געקענט נאָכקומען. ס'איז נישט זיינס, ער איז נאָר אַ שליח. האָבן די קניות טאַקע אָנגעהויבן זיך פאַרמינערן, פאַלן און וואָס אַמאָל מערער, געוואָרן פאַר אים נאָר אַ טרחה, אַ לאַסט.

ביי אַברהמען אין שטוב, האָט מען עס תיכף אָפּגעפילט. ס'האָט זיך געלאָזט דערקענען אין דער פאַרלאַנגזאַמונג, אין דער אָפּגעשוואַכטער טעמפּאָ פון פריערדיקן גאַנג, אין אָפּהאַלט פון געלט — און די טעמפּעראַטור, די לכתחילה קינסטלעך־אונטערגעוואַרעמטע, האָט אָנגעהויבן גלייך זיך אַראָפּלאָזן, קילן. וואָרעם, דאָ אין היימישן אָרט, איז מען נישט געווען געוווינט צו האַמעוווונגען אין געשעפט, אין דער אַרבעט, אינעם פאַרקויף. האָט דאָס פאַרשלעפּעניש געמאַכט אַראָפּנידערן, סיי די פּראָדוקציע, סיי די פּרנסה און סיי דעם גאַנצן ריטם פונעם באַטריב. איצט האָט מען אויך איינגעזען, אַז מען האָט אַ סך קלאָפּאָטן: פּאַקן, טראַנספּאָרטירן, לויפן צו דער באַן, אָוועקשיקן די סחורה; אַ גראַטשקע מיט פּאַפּירן, שרייבן בריוו, גיין אויף פּאָסט אָפּנעמען געלט, אַמאָל אויך אַרויסשיקן אַ דעפּעשע. ערשט אַז ס'האָט גענומען אונטערהינקן דאָרט אין וואַרשע מיטן פאַרקויפן, וואַרטן צו מאָל לאַנגע טעג אויף דעקונג, און אַ מאָל אויך שוין אַ בריוול מיט אַנצוהערענישן: די סחורה האָט דאָס מאָל נישט אויסגענומען ביי די קונדן, נישט געווען איבריק ווייך, די ליצן אַ ביסל געפלעקט, שווער צוקריגן באַרעס־געלט, מ'וויל געבן וועקסלען אויף לאַנגע טערמינען, אייגענע, פרעמדע, זשורירטע — איז דאָס געווען שוין אַזוי ווי אַריינגעשיקטע סחורה צו יענעם אין שטוב...

אַברהם איז אַרומגעגאַנגען אַ באַטריבטער, פאַרזאָרגט. געזען ס׳רוקט זיך אָן אַ שווערע צייט, אַ פּלאָנטער פאַר אים אויף די עלטערע יאָרן, פון דעם וואָס ער וויל זיך אָזוי אויסהיטן. פאַרשטאַנען די קומענדיקע טעג וועלן זיין נאָך שווערערע, טריבערע. וואָרן אַ קראַנקייט, אַז זי פאַרציט זיך אויף לאַנג, איז נישט גוט. קאָן חלילה קומען צו אַן אומגליק. און דאָס איז עס: וואָס אין זייער גאַס איז אַריינגעקומען די ביטערע קראַנקייט, דער משוגענער טומל, די צעמישעניש. און דער איצטיקער סכסוך איז נישט עפּעס סתם אַן ענין, וואָס מ׳קען דאַרויף צומאַכן די אויגן, זיך נישט מאַכן זען. ניין. ס׳האָט אַ טיפערן זינען: דער כבוד און דעה איז געוואָרן אַוועקגענומען פון די אַלטע הייף, פון די אַלט־איינגעזעסענע הייזער, אַ וועק צו די „נייע", צו די „יונגע", די פּעט געוואָרענע, צו די שרייערס. זיי האָבן גענומען די לייצעס אין די הענט, דאָס קערעווען מיט אַלץ, זיך געשטעלט אין שפּיץ — און ווי יונגע דרייסטע פאַרשוינען, זענען זיי אויך ענערגיש, ריזיקאַנטן, מיט חוצפה; האָבן פאַר גאָרנישט קיין מורא. נעמען אויף זיך... דערביי האָבן זיי אויך געשליפענע מיילער. קאָנען רעדן, איינרעדן, אָנרעדן, געווינען די מענטשן. נו וועט ער זיי בייקומען? געווינען דעם קאַמף? ניין, ער זעט עס נישט איין.

און אַ ראיה האָט ער: מען האָט געהייסן גיין — איז מען געגאַנגען. כמעט ס׳גאַנצע גאַרבער־קהל. און די פּאָר וואָס זענען געבליבן שטיין אין זייט, וואַקלען זיך אויך, שיקלען מיט איין אויג צו זיי אַהין דאָרטן, צו פינטשעס הויף. וואָרעם ס׳הערן זיך שוין אָפּקלאַנגען, מורמלערייען, צווייפלענישן, זייער שוואַך ווערן. ציען צו דער פאַראייניקונג. און נישט קיין וווּנדער: דאָס מסחר איז נישט געשטעלט אויף אַרומשלעפּן זיך אין די הייזער, אין דער פרעמד. ס׳פאַרלירט די ווערט, די שיינקייט. ס׳ווערט אַן אָרעמאַנסקע זאַך. מ׳האָט אַזוינס נישט ליב. בייגט מען זיך...

וועט אים אויסקומען, הייסט עס, איצט בלייבן אַליין. נו, וועט ער זיך אַוועקשטעלן קייגן אַ רבים, קייגן אַ ציבור, מיט אַ גאַנצע גאַס זיך איינרייסן? ניין, ער וועט עס נישט באַווייזן. נישט בכוח צו דעם.

איז וואָס זאָל ער טאָן? אויפגעבן דעם קאַמף, זיך מכניע זיין? קומט דאָך אויס, ער זאָל קניען פאַר זיי... מוותר זיין אויף זיין גאַנץ ביסל

כבוד: נישטאָ מער אַברהמס הויף, אברהמס שטוב, אברהמס מיינונג — נישטאָ מער אַזעלכעס, ניין! גאָט איז זיין עדות, ס׳איז אים נישט לייכט מיט דעם שלום צו־מאַכן. אָבער פון דער צווייטער זייט: וואָס וועט זיין מיטן הויז? מיטן הויף? מיט דער אַרבעט? ער קאָן חלילה אומגליקלעך מאַכן די שטוב...

אַברהם האָט נישט געוווּסט זיך קיין עצה געבן. אַרומגעגאַנגען איז טריבן געמיט. געשוויגן. שטאַרק געשוויגן. זיין שווייגן האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעטיקן שאָטן אויפן גאַנצן הויז. אַ ציגד האָבן אויך די אַנדערע אין שטוב זיך אַרומגעזען, ס׳איז געווען אַ מקח־טעות, אַ פאַרזע אין חשבון. יעדער האָט עס אָפּגעפּילט אויף זיין אופן, אויף זיין שטייגער: חיים־אַלטער — מיטן אָפּליידיקן זיך פון היימישן פאַרקויף, האָט זיך ביי אים אָפּגעליידיקט דער זייטיקער גילדן וואָס ער פלעגט אַריינכאַפּן מן־הצד, האָבן פאַר זיינע בחורישע געברויכן, פאַר די חברישע פונדעס. היינט איז נישט געווען מיט וואָס זיך פריילעך צו מאַכן ביי זיין ליבן „טרונק", מיט וואָס צו קויפן מתנות פאַרן מיידל. איז ער נישט געווען צופרידן; שמעון דער איידעם — ווייל די סחורות ווערן אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע צום שוואָגער און דאָס קאָן אַרויפפירן אויף אויפגעוועקטע זכרונות מכוחן הויף, דער גאַרבעריי, ירושה־אייגנטום, וואָס קאָן צוברענגען צו נישט געווונטשענע רעזולטאַטן... די אייניקלעך — זינט דער איבערקערעניש, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ טריבקייט איבערן הויז, אַ שווייגעניש. דאָס פּנים ביים זיידן איז נישט מער קיין הייטערס. מ׳הערט נישט זיין ברייט געלעכטער, זיין גוטן הומאָר, זיין פרייען זיך מיט זיי, די קינדער, וואָס פלעגט די שטוב און אויך זייערע יונגע הערצער אָנפילן מיט פרייד און לוסטיקייט.

איינע נאָר, וועלכע האָט זיך נישט פאַרלוירן, געהאַט די גלייכגעוויכט, דעם ישוב־הדעת, איז געווען מרים די מוטער. זי האָט מיט קלאָרע אויגן געזען די לאַגע. געוווּסט פון פריער אויס צו וואָס פאַר אַ מצב ס׳וועט דערפירן. איר זענען די זאַכן געווען באַקאַנט פון אַנדערע ענלעכע אַזוינע פאַלן, פאַרלויפעניש. געלעגן איר נאָך אין זכרון די צייט פונעם אויפקום פון די כראָמעס: די זעלבע מעשה, די זעלבע עקשנות, דאָס זעלבע

אַמפּערן, ברוגזן זיך — און צום סוף געמוזט נאָכקומען, צושטיין. זי האָט דאָס מאָל, ווי דעמאָלט, פון דער ערשטער מינוט געהאַלטן, מען דאַרף גיין צוזאַמען, זיך נישט אָפּטיילן פון קהל. איר געדאַנק האָט איר אונטער־געזאָגט: בעסער זיין צום נאַרן מיט אַלע, איידער דער חכם אַליין... ס׳איז איר אויך געווען איבער דער טבע, די שטרייטן, אַמפּערנישן, הן צוליבן געשעפט און הן צוליב די פּערזענלעכע אַמביציעס. „שלום איז איבער אַלעם, אַפילו מיט אַן אייגענער עוולה...״ — האָט זי געטענהט. דאָס האָט דער ווייבערישער פאַרשטאַנד איר אַזוי דיקטירט און זי האָט עס געלאָזט הערן פאַר די מענער אין שטוב. די מאַנסלייט האָבן אָבער זייערע שכלען, זייער שטאָלץ, זייערע קאַפּריזן. זענען איינגעשפּאַרט. האַלטן זיך פאַר די חכמים (כאָטש זי האָט שוין מער ווי איינמאָל געזען, ווי זיי גרייזן אין זייער חכמה, און דאָס אַלץ צוליב זייער שטאָלץ...). קוקן אויף אַ ווייבערישן שכל, ווי אויף עפּעס נאַרישס, נישט געדולדיקס. ס׳לוינט זיך צומאָל נישט איינצוהערן. טוען ווי זיי געפעלט. גייען מיט זייערע קרומע וועגן...

היינט ווען אין שטוב האָט זיך אָפּגעזעצט דאָס פאַרצאָגטע שווייגעניש, האָט פאַר מרימען זיך אַוועקגעשטעלט די אויפגאַבע דעם וועג צוריק אויסצוגלייכן, נעמען דעם ענין אַריין אין אירע הענט. אמת, זי האָט פאַרשטאַנען, מ׳דאַרף עס טאָן מיט פאַרזיכט, מיט קלוגשאַפט, נישט אויפ־רייצן די מענערישע גאווה, נישט אָנרירן זייער כבוד (געוווסט זיי האָבן דאָס נישט ליב...).און דער עיקר, נישט זי מיינט זיך, נאָר פאַר זייער געזונט.

אין איינעם אַ טאָג ביי דער מיטאָג־שעה, די פּאַסיקסטע צייט און געלעגנהייט צום צונויפרעדן זיך: דאָס געמיט אָפּגערוט, דער הונגער צוביסלעך איינגעשטילט, דאָס וואָרט גייט גרינגער אַראָפּ פון די ליפּן — אין אַזאַ שעה, האָט מרים געמאַכט די ערשטע פּראָבע. זי האָט עס געטאָן אויף איר קלוגן אופן אין דווקא ביי גוטע מאַכלים, ס׳זאָל זיין זיס צום גומען, ווייך צום האַרצן, גרינג פאַרן אויער, זיך איינצוהערן, פאַרנעמען.

— כ׳האָב געהערט סע גייען אַרום קלאַנגען, אַז די אַנדערע הייף, די אין זייט־שטייענדיקע, נייגן זיך שוין צו צום שותפות... — מרים האָט עס געזאָגט זיצנדיק ביים טיש מיט אַלע גלייך, נאָכן אַרומטיילן די פּאַרציעס און אַזוי אגב־אורחאדיק, ווי זי מיינט גאַרנישט; אָט געקומען אויפן

געדאַנק, אַרויסגעזאָגט. געבליבן שטיל. דערנאָך אויך אַזוי ווי צופעליק צוגעגעבן:

— כ׳מיין, זיי טוען גאַנץ גלייך. צוואָס די קעמפעניש, די אייביקע געפעכטעניש. די מענטשן מעגן שוין זיין אַ ביסל קלוגער, אָפּרוען.

געזאָגט און ווידער געבליבן שטיל. די מאַנסלייט פּאַרטאָן אין דער אכילה און מיט גוטן אַפּעטיט, האָבן יאָ־געהערט, נישט־געהערט: די מאַמע זאָגט, מ׳ווייסט שוין. זי האָט ליב שלום, פרידן. נו, מילא, קודם עסט מען איצט... מרים האָט זיך צוגעקוקט צו זייער פּאַרצערן די באַטעמטע געריכטן, פּאַרטאָן מיט זיך. און אַ צופרידענע דערפון, האָט זי גענומען פּאַמעלעך צעבלאָזן דאָס פייערל וואָס זי האָט אָנגעצונדן, מאַכן עס מער אויפפלאַמען און מיט קלוגער האַנט.

און די קלוגע מאַמע־האַנט וואָס איז שטענדיק באַרייט צום אַרויס־העלפן, צום שיצן דאָס הויז, אָפּהיטן די משפחה און הערט זיך צו מיט איר אינערלעך געהער, צו אַלעם וואָס אין שטוב קומט פאָר — האָט אויך איצט דערהערט און זי געמוטיקט: טו וואָס דו דאַרפסט, האָב נישט קיין מורא. פּרוּוו אַרויספירן דעם ענין אויף אַ מער פרייערן וועג. לאָז הערן העכער דיין וואָרט.

— כ׳וועל זאָגן דעם גאַנצן אמת — האָט זי צוריק אָנגעהויבן — כ׳מיין דאָ אויך אונדזער שטוב. כ׳ברויך נישט קיין מלחמות אויף די עלטערע יאָרן, און דו אברהמשי אוודאי נישט. ס׳גיט דיר נישט צו קיין געזונט. בעסער צו האָבן רו און מנוחה. מען דאַרף שאָנעווען די פאָר יאָר...

אברהמען זענען די ווערטער אַריין אין די אויערן. דערהערט אין זיי אַ ריכטיקע נאָטע. און כאָטש זיין מנהג איז געווען, נישט צו כאַפּן, באַלד צופאַלן, האָט עס אים דאָך פון אירע רייד, אַ ריר געטאָן, געמאַכט אים אויפוועקן, צום פּאַרטראַכטן זיך. ער האָט אין דער מינוט דערזען, דאָס וואָס ער זעט שוין פון לאַנג: ער איז צו שוואַך פאַר ד ע ר צ י י ט... ס׳זענען אויפגעשטאַנען שטאַרקערע פון אים, מיט מער יונגערע כוחות, מיט מער מוט און פעסטערן ווילן. זיי זוכן אָנועקשטעלן דאָס לעבן אַנדערש, רווישיקער, האַרמידיקער, מיט ברייטערן שניט, מיט באַווייזן זיך... זיי זענען הונגעריק נאָך דערגרייכן, נאָך ווען אַריינכאַפּן, נאָך אָנזאַמלען

עשירות. איז וואָס וועט ער זיך ראַנגלען אויף זיינע עלטערע יאָרן. ער וועט זיי נישט בייקומען. ס׳איז אַ פאַרפאַלענע זאַך.

און ריכטיק איז אויך וואָס זי מרים זאָגט: אַ שאָד די כוחות. זי איז געדעכט. אין אירע רייד הערט זיך דער אמת. איר האַרץ פילט עס אָפּ עכט און ערלעך. און הגם זי זאָגט נישט אַרויס נאָך אַלץ אָפן, ווייסט ער וואָס זי מיינט: צוטרעטן צום שותפות.

אין דער מינוט האָבן זיך געוויגן די אינערלעכע וואָגשאָלן: אָט האָט די רעכטע, די צורעדנדיקע, געגעבן אַ שווער אַראָפּ מיט מער געוויכט: יאָ, פאָלג! און באַלד האָט די צווייטע געטאָן אַ הייב אַרויף: ניין, האַרך זיך נישט צו. ס׳איז פאַר דיין רעה! און דערנאָך ווידער די ערשטע — אַ באַוועג און דאָס מאָל שוין שטאַרקער, זיכערער. צוגעזאָגט: אויסלייזונג דערלייכטערונג. איז הייסט עס, נאָכגעבן, זיך נישט מער אַנטקעגנ־שטעלן. יאָ?

און דאָך איז אַברהמען נישט געווען לייכט דאָס צו טאָן. דער אַלטער שטאָלץ, זיין אייביק אַזויפיל צוזאָגנדיקער נאָמען, זיין חשובדיק הויז וואָס מ׳וויל דערווייטערן — האָט פּראָטעסטירט, זיך געבונטעוועט, נישט געלאָזט נאָכגעבן. ס׳האָט אים אויסגעוויזן, אַז מיט זיין צו צושטיין צום סינדיקאָט, פאַרלירט ער אַלץ, די גאַנצע מערכה, זיין גאַנצן אַלט־בכבודיקן לעבנס־שטייגער. און דאָס האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקאָנט טאָן. און ווען מרים איז אַרויסגעקומען פונסניי מיט איר גערייד, האָט אברהם אויפגעהויבן די ברעמען הויך. זי אָנגעקוקט מיט אַ בליק כמעט אַ שטרענגען, אַ וואָרנדיקן, ווי ער וואָלט זאָגן: גענוג! וואָס איז דאָס פאַר אַ צושטיין צו מיר!

מרים האָט עס געזען. אָבער ס׳האָט איר נישט אָפּגעשראָקן, און אויך איר נישט געקענט געניאָרן. זי האָט דורך דעם פייכטן בליאַסק פון זיינע אָפּלען, געזען די פ אַ ר ס מ ו ט ש ע ט ק י י ט וואָס קוקט פון דאָרט אַרויס, און דערביי די שוין גאָרנישט פאַרבאָרגענע גינציקייט צו איר, זיין לייבלעכע, וואָס פילט אָפּ יעדן אינערלעכן ציטער פון זיין געמיט, מיט דער דינסטער שפּירונג; איז תמיד גרייט אונטערשטעלן איר אַקסל. אַרויסהעלפן. מיינט דאָס גוטע פאַר אים און פאַר דער גאַנצער שטוב.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויך אַזאַ ליב־לייבלעכן בליק. און דערביי געקריגן פרישן מיטלייד. נייעם מוט.

— אברהמשי, מיינע רייד זענען נישט סתם גערעדט, געשיקט אויפן ווינט... ס׳האָט אַ גרונט. אַז כ׳זאָג דיר ווייס איך וואָס כ׳רעד. און זיי זענען געווענדעט צו דיר. דו ביסט דער קאָפּ פון שטוב, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. און איך וויל די זאָלסט אַדורכטראַכטן גוט די זאַך.

— וואָס איז דאָס אַ דורכטראַכטן. כ׳זאָל אַהינגיין פאַר זיי פאַלן אויף די קני׳, זיך ביי זיי איינבעטן, האַ, דאָס אפשר מיינסטו ? — אין זיין קול האָט זיך געהערט נאָך ווידערשטאַנד, מרידהדיקס, אי קעגן יענע לייט, אי קעגן דער צייט, קעגן אַלץ, און דערביי אויך אַ סך אומבאַהאָלפנס.

— מען דאַרף נישט אַהינגיין זיך בעטן. קניען, חלילה. זיי וועלן אַליין קומען. זיי וואַרטן נאָר אויס אויפן קלענסטן סימן, דו זאָלסט זאָגן דאָס וואָרט: „יאָ.” און מ׳וועט דיך אויפנעמען בכבוד־גדול, מיט אָפענע אָרעמס, ווי דעם טייערסטן גאַסט. וואָרעם ווייניק דרייען זיי זיך, קומען אויסשמעקן, געוואָר ווערן ? מען דאַרף זיי נאָר נישט אָפּטרייבן — און מרים האָט עס געזאָגט אויף אַזאַ אופן ווי זי וואָלט געהאַט זיכערע באַווייזן וואָס אַנדערע אין שטוב האָבן עס נישט, אָדער ווייסן יאָ, און מאַכן זיך נישט וויסן.

אויך דאָ האָט אַברהם געזען, זי האָט אַ גוטן חוש. זיצט אין שטוב, פאַרנומען מיט אירווירטשאַפט, מיט דער באַלעבאַטישקייט, מיינסט זי זעט נישט, ווייסט נישט און צום סוף הערט זי און זעט אַלץ וואָס אַרום טוט זיך. און אפשר האָט מען ווען אונטערגעשיקט צו איר, זי איבער־צייגן און זי זאָל צו רעדן ? ער ווייסט, זיי ווילן אים אַריינציען אין שותפות פאַר יעדן פּרייז. וואָרעם ווי לאַנג אַ קלעפּקע שטייט אָפּ פון פאַס, איז דאָס גאַנצע פאַס נישט זיכער, קאָן זיך צעשיטן... און מיט זיין צושטיין, וואָלט די זאַך געקריגן מער חזקת, האַפטיקייט. אויך די אַנדערע אָפּגעזייטיקטע הייף וואָלטן זיך אַ ריר געטאָן, צוגעשטאַנען.

אָבער ווידער אַמאָל: אין אים ליגט פאָרט אַ פּאַרדראָס אויף זיי, די יונגאַטשעס, פאַר זייער צעבריקעווען זיך, פאַר זייער אויפהייבן די קעפּ הויך און מיט חוצפּה. און פאַרוואָס מוז ער אייגנטלעך זיך בייגן פאַר

זיי, נאָכקומען זייער פאַרלאַנג. ס׳וועט זיכער הייסן, ער האָט זיך „בחרפּתו״ איינגעבראָכן. געמוזט קומען. געמוזט זיי נאָכגעבן. יאָ, אַזוי וועט עס הייסן...

ער האָט אין זיין אומבאַהאָלפנקייט אַרויסגערעדט פון די מחשבות:

— עך, אַ ביטערע צייט זיך אָוועקגעשטעלט. יאָ, אַ ביטערע צייט!..

מרים האָט אָפּגעפּילט דעם מאַנס אינערלעכן צער, זיין איבערנעמען זיך. אים אַנטקייגנגעקומען מיט אַ טרייסט וואָרט, מיט דערלייכטערונג.

— אַברהמשי, מ׳דאַרף זיך מיט גאָרנישט איבערנעמען, נישט ערגערן. געזונט איז טייערער פון אַלעם. דאָס איז דער גרעסטער אוצר פאַרן מענטש. און מען דאַרף אָוועקלייגן אַלע אַמביטנע זאַכן, דאָס וועלן אויסשפּילן... ס׳איז שוין נישט פאַר אונדזערע כוחות. מען דאַרף אָפּהיטן ס׳געזונט און באַשיינען די פאַר יאָרן וואָס זענען נאָך אויפגעלייגט; אויסמיידן פאַר־ביטערונג און עגמת־נפש. גאָט האָט דיר ברוך־השם געגעבן וואָס דו האָסט באַדאַרפט האָבן. דיך באַשיינט די גאַנצע צייט. און ס׳איבעריקע זאָל זיך פירן, ווי ס׳פירט זיך... דאָס איז זיין, דעם אין הימלס, זאַך... הער מיך.

און ווידער האָט אַברהם דערהערט אַ גרויסן געטרייען אמת. אַן אמת וואָס קאָן נאָר קומען פון אַ געטריי הארץ: און ריכטיק: וואָס טויג אים אויף דער עלטער די מחלוקתן, צאַנקערייען — האָט ער אין זיך איבער־געחזרט — דיין זעל גאָרט נאָך רו און פרידן. זאָל דיינס איבערגיין. די וועלט איז נישט בלויז דיינע... זיי מוותר. נעם אָן אירע גערעכטע רייד.

— זיי האָבן וועמען אַריינגעשיקט איבערעדן מיט דיר? האָט אברהם אַ פאָרש געטאָן ס׳ווייב.

— אַברהמשי, וואָס איז די נפקא־מינה. אַז כ׳זאָג דיר מעגסטו מיר גלייבן. מ׳וואַרט אויף דיין קומען. מ׳וואַרט אויף דיר אויס יעדע מינוט — און מרים האָט באַגלייט אירע ווערטער מיט אַ רמז׳דיק שמייכעלע, ווי זי וואָלט שוין דערמיט אַליין האַלב אויסגעזאָגט איר סוד.

אברהם האָט אָפּגעגלעטיקט די באָרד. אַ רגע זיך פאַרטראַכט, לייכט אָפּגעזיפצט. אויפגעהויבן די אויגן אויף די אַרומזיצנדיקע. אַ רוף געטאָן:

— קינדער, וואָס זאָגט׳ק, האַ? — און אין דער מינוט איבערגעגעבן די זאַך אין דער שטובס הענט און מער נאָך אין מרימס רשות.

אַ צינד האָבן אויך די קינדער אויפגעהויבן די קעפּ. געעפנט די מיילער.

חיים־אַלטער האָט אויסגערופן דער ערשטער:

— מען דאַרף מיטגיין און פּאַרטיק. נישטאָ זיך וואָס צו חכמהנען. פירן מלחמות...

שמעון דער איידעם, האָט צוגעגעבן געלאַסן אויף זיין שטייגער:

— אַז די זאַך האָט אָנגענומען אַזאַ שאַרפן כאַראַקטער, ווייס איך נישט, צי מען דאַרף זיך מער אַנטקעגנשטעלן, עקשנען. איך מיין אַז נישט...

אויך די צוויי אייניקלעך, עליע און מנשה, האָבן זיך דערפרייט. געהויבן די הענט, צוגעפּאַטשט מיט הסכמה. גערופן:

— יאָ, זיידעשי, מען דאַרף מאַכן שלום. מאַך שלום!

דער מאַמעס פאַרלאַנג האָט באַקומען קראַפט, צושטימיקייט. די זאַך איז ווי איבערגעגעבן געוואָרן אין אירע הענט עס אויסצופירן.

מרים האָט מיט צופרידנקייט גענומען אויף זיך די שליחות.



ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און אין אַ פרימאָרגן איז אַריינגעקומען אַ דעלעגאַציע צו די לעווקינדס אין שטוב, אַ גאַנצע קאַפּעטע פריילעכע לייט, געשיקט פון קאָמיטעט: פאַרבעטן ר' אַברהמען צוטרעטן צום שותפות. אַריינגעקומען איז מען מיט הייטערן ליאַרעם און רויש ווי מען וואָלט דאָס געקומען פאַרבעטן אויף אַ היימיש וויכטיקער שמחה; די פנימער צעשיינט, די מיילער פול מיט שמייכל, מיט גערייד. מ'האָט גערעדט, געפּילדערט, אָפּדערציילט מיט הויכן לשון, די גדולות, די גליקן פון דער פאַראייניקונג: ס'פאַרט זיך ווי אויף אַ גוט אויסגעפּלאַסטערטן וועג, אַזש די רעדער האָצקען אונטער... איצט האָט מען ערשט געעפנט די אויגן, דערזען וואָס די אייניקייט איז — אַ מויער! די „פרעמדע" לייגן זיך ווי די הינטלעך, סע איז פשוט אַ רחמנות אויף זיי... מ'האָט איבערגעגעבן וועגן די געהעכערטע פרייזן וואָס מ'האָט אַרויפגעצויגן אויף די סחורות, פון גוטן פאַרקויף, און אַלץ גייט מיט לייכטער האַנט. אַלע זענען צופרידן. אַ שאָד נאָר וואָס מ'האָט זיך אַזוי שפּעט מיישב געווען, אַזוי לאַנג זיך געקריגט... און יאָ, אויף אים אַברהמען, וואַרט אַ בכבודיק אָרט. וואָרן אַלע ווייסן ווער ס'איז ר' אַברהם, וואָס זיין שטוב איז פאַר דער גאַס,

און אַלע וועלן זיך מיט אים פרייען, ווי מיט אַ טייערן ליבן גאַסט. און ר׳ אַברהם איז דאָך אַ ייד נישט קיין עקשן. דאָס ווייסן אויך אַלע. —

הקיצור אַהין־אַהער, מ׳האָט גערעדט, געשאַרפט די צינגער, געלאָזט פאַלן אַ מבול רייד און אַלץ אויף לשבח פאַר ר׳ אַברהמען, פאַר זיין שטוב, פאַר זיין הויף — כאָטש נעם און זעץ אים אַוועק אין פאַטער־שטול אויבנאָן.

אַברהם האָט פון די אָנגעטראָגענע שבחים, לויבערייען, זיך געפילט אַביסל געגלעט, געהויבן (אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש. מען וואַרעמט אים אונטער, וואַרעמט עס...). ס׳האָט אים געשמייכלט די בכבודיקע דעלע־גאַציע וואָס איז באַשטאַנען פון סאַמע אָנגעזעענע באַלעבאַטים. און אַלע מיט דרך־ארץ פאַר אים, פאַר זיין היים. און כאָטש אַפיציעל האָט ער זיך נאָך געברוגזט, געבלאָזן, געמאַכט פאַרוווּרפן, אויסגעזוכט טענות אויף דאָס־און־יענץ, אויף די „יונגע", אויף די עזות־פּנימער — איז עס אָבער געוועזן שוין אָן קראַפט, אָן ווידערשטאַנד, ווי דעמאָלט ווען די באַליי־דיקטקייט רינט טראָפּנווייז אָפּ און ס׳ווייעט צוריק אויף דאָס באַגיטיקטע, דאָס איבערגעבעטענע. די שליחים האָבן עס דערשמעקט. געזען דער בוים לאָזט זיך שאָקלען... און נאָך מער אַריין אין קוראַזש, נאָך מער געזוכט אים איינצונעמען, מפייס זיין, מיט רייד, געלעכטערן, נישט אַרויס־לאָזנדיק אים מער פון די הענט.

— נו שוין, אין אַ גוטער שעה. ר׳ אַברהם גייט מיט אונדז. מען דאַרף מאַכן אַ „לחיים" — האָט אויסגערופן ווער פון געזעמל אויפן גאַנצן זיכער, ווי אַ געענדיקטע זאַך.

אַברהם אָן איינגעשטילטער, אָן איבערגעבעטענער, איז נאָכגעקומען זייער פאַרלאַנג: זיך אָנשליסן אין דער חברה. און אויך — שטעלן משקה. ער איז אַריין אין צווייטן צימער און צוריקגעקומען מיט אַ פלאַש אַקעוויט (אין אַ גאַרבער־שטוב האָט די ס ח ו ר ה קיינמאָל נישט אויס־געפעלט). אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. מרים האָט צוגעברענגט גלעזלעך און קיכלעך צום פאַרבייסן. מ׳האָט אָנגעגאָסן כוסות. געשטרעקט די הענט צו אַברהמען אויף לחיים.

— לחיים ר׳ אברהם! ס׳זאָל זיין מיט מזל און ברכה פאַר דער

גאַנצער גאַס, פאַר אַלע יידישע שטיבער און פאַר אייך — מיטן רעכטן פוס!...

— אָמן! פאַר אַלע יידן צום גוטן — האָט זיך געהערט מרימס הויך און פרום נאָכזאָגנדיק קול פון ווייטן.

אויסגעטרונקן, אונטערגעוואַרעמט, צופרידן פון דער איינגעגעבענער שליחות, איז מען אַוועקגעגאַנגען מיט אַ ביסל פאַרע אין די קעפּ און מיט אַ גייעם זיג: נאָך געוווּנען איינעם צו דער פאַראייניקונג און אַ גרויסן העכט — אברהם לעווקינד.

גיך האָט זיך דאָס צעטראָגן איבער דער גאַס. און באַלד האָבן אויך די אַנדערע, וועלכע זענען געשטאַנען ביז אַהער מיטן רוקן צום קאָמיטעט, און ביי וועלכע ס'האָט אויסגעפעלט אָטעם, די ווירטשאַפט זיך געטרייסלט — גענומען זיך איינברעכן. בהכרח צוגעפאַלן צום שותפות.

דער סינדיקאַט האָט געפייערט זיין גרויסן נצחון.

## קאַפּיטל דריי
## אַליין אין קאַמף

אין איינציקע שטוב, וועלכע האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן סינדיקאַט, אָנגעהאַלטן דעם קאַמף ביזן לעצט, אַ מלחמה אויף טויט און לעבן — איז געווען מענדל באומס שטוב.

ביי מענדלען אין הויז האָט מען נישט געוווּסט פון קיין פשרות, פון בייגן זיך, נאָכגיין אַ רבים. געבונדן מיט אַן אינערלעך אייזערנעם דיסציפּלין, באַווירקט פון גרויסער אַמביציעזער עקשנות (ביי זיי האָט עס געהייסן: קאַמף פאַר יושר און גערעכטיקייט), איז מען דאָרט געגאַנגען אין יעדן סכסוך ביזן עגד: זיגן אָדער פאַלן. און ווער שמועסט נאָך, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייער אייגענער גאַס, וועגן די „יונגע וועלף" וואָס רוקן זיך אַרויס אין פראַנט, שאַרפן די ציין איינצובייסן די פעטע ביסנס, זיך באַרייכערן אויף אַלעמענס חשבון — אָט דאָ, איז מען שוין אַוודאי געווען גאָר שטרענג און קעגנעריש.

אויף זיי, יענע לייט, האָט געביטערט דאָס האַרץ, געגליט מיט אייפער,

מיט חשד, מיט פיינטשאַפט. די צערייצטקייט אין זייער באַומישע הערצער, האָט נאָך מער זיך איצט פאַרשטאַרקט, ווען זיי האָבן געהערט, די אַלטע באַלעבאַטים, די „קאַזאַקן" האָבן זיך איינגעבראָכן, מכניע געווען, אונטער־געגעבן. דאָס האָט געהייסן ביי זיי, פאַלן מיט בושה, דעם קאָפּ מער נישט אויפצוהייבן. און צו אַזאַ דערנידערונג און פאַרשעמונג האָבן זיי, די באַומס זיך נישט געקענט דערלויבן.

געווען איז דאָ, אויסער זייער געוויינטלעך שטרענגן כאַראַקטער, נאָך אַ סיבה און אַ וויכטיקע, וואָס האָט זיי געטריבן צום דאָזיקן עקסטרע־מען שריט צו בלייבן אַליין אין דרויסן: מענדל האָט ביים אָנהייב גרינדן זיך פונעם שותפות, פאַרלאַנגט מען זאָל אים שטעלן אין דער ערשטער ריי צווישן די אַלטע גאָר אָנגעזעענע הייף; פאַררעכענען זיין סחורה ווי זייערער, צו דער ערשטער קאַטעגאָריע, אַזוי אין פּרייז, אַזוי אין דער קוואַטע. דער קאָמיטעט האָט אים דאָס נישט געקאָנט נאָכקומען. געהאַלטן, ער איז טאַקע אָן אָנגעזעענער באַלעבאָס, מיט שיינע אַרבעט, אָבער אַ קליין טראַפּעלע אַראָפּצי פון דער ערשטער ריי (זיי האָבן דאָס פאַר־ענטפערט: מ׳קען עס נישט טאָן צוליב די אַנדערע הייף פון זיינסגלייכן). מענדל האָט נישט נאָכגעגעבן. נישט אָנגענומען קיין שום פאַרענטפערונג. זיך געפילט באַליידיקט פונעם אָפּזאָג. אַוועקגעגאַנגען צעקריגט. אַריין אין אַ מלחמה מיטן סינדיקאַט.

ביי מענדלען אין שטוב, האָט מען פון דער מינוט אָן, פונעם שותפות שוין מער נישט געוואָלט הערן אין נישט געדענקן. די סחורות וועלכע מ׳האָט אויסגעפּאַרטיקט, האָט מען אַוועקגעפירט אין די פרעמדע שטעט פאַרקויפן און פון ערגעץ אַנדערשוווּ, פון אַ ווייטערן קאַנט, צוריק־געבערענגט רויוואַרג. מ׳קאָן נישט זאָגן ס׳איז געווען אַ לייכט לעבן. אדרבה, זייער שווער. ס׳האָט אָנגעטאָן צרות. געמאַכט אונטערהונקן דער איינ־געשטעלטער סטאַבילקייט אין זייער פריערדיקן נאַרמאַלן סדר. אין די אומשטענדן, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ נייע קאַלקולאַציע: הוצאות, באַגאַזש, אונטערוועגנס־שפּעזן — קאָסטן וואָס מ׳קען קיינמאָל נישט פון פריער אויסרעכענען און וואָס אין דער היים, אונטער דער מזוזה, איז מען דערפון פטור. און איצט ערשט די צייט, וואָס אַזאַ פאַרעכץ, אַזאַ

אַרומשלעפּעניש, האָט פאַרשלינגען, מבטל געמאַכט די הענט פון אַרבעט — גאָלדענע צייט, אַן אוצר! ס׳האָט געמאַכט אַ לאָך אין קעשענע און אויך אין האַרצן.

אָבער שוין ווי דערמאָנט, דאָ ווו אַמביציע קריגט די אויבערהאַנט און ווערט נאָך געקריינט מיט הייליקן פּרינציפּ פון נישט אָפּטרעטן, נישט נאָכגעבן, איז מען אויף אַלעם מוותר — גרייט אַלץ מקריב זיין, נאָר ס׳זייניקע אויספירן.

און ביי מענדלען אין שטוב האָט מען אַ סך מקריב געווען.

אַהיימגעקערט זיך פון אַזאַ נסיעה, איז מען געווען אויסגעמאַטערט, אויסגעקוועטשט פון די כוחות. אַריינגעקומען אין שטוב מיט שווייגעניש. מיט ווייניקער געלט אין טאַש ווי מ׳האָט באַדאַרפט איינלייזן און אין האַרצן מיט אַ גרויסער פאַרביטערונג. מענדל האָט געזען דעם דעפיציט אויבנאויף: דאָס קלענער ווערן פון פדיון, ס׳איינשרומפּן זיך פון דער פּרנסה, דעם היזק. געשוויגן. געבלאָזן מיט די ברייטע נאָזלעכער און די ברעמען־דעכלעך האָבן זיך געקנופּט אין בערגלעך, פאַרשטעלט כמעט די אויגן. אַ סימן: ס׳רודערט זיך אין אים אינעווייניק מיט ביטערן ירגזן. אָבער נאָכגעבן וועט ער נישט, ניין. קדחת מיט ביטערער „רביעית״... זאָלן זיי זיך האַלטן מיט זייער יחוס, מיטן ס י נ ד ר י ק אַ ט. זיך אָנפּרעסן מיט אים...

פאַרפּויסטנדיק די פאַרמאַזאַליעטע פינגער אין פּויסטיקן קנופּ, האָט מענדל גערופן מיט כרופּ און מיט נאָך מער ביטערער איינגעשפּאַרטקייט:

— אַ קרענק זיי אין די ביינער, איך זאָל זיי נאָכגעבן. מ׳וועט זען!...

אין דעם „מ׳וועט זען״, איז געלעגן די גאַנצע האַרטנעקיקייט און פאַרביסענער עקשנות פון באַומישן כאַראַקטער, פון זייער נאַטור.

ווי שטענדיק, האָט מען אין לעצטן טאָג פון דער וואָך, אין דאָנערשטיקן אויפדערנאַכט, געמאַכט דעם חשבון פון וועכנטלעכן איינקונפט. אויס־געציילט דאָס איינגעלייזטע געלט, אַדורכגעפירט דעם קאַסע־באַשטאַנד. מענדל האָט בשעת־מעשה, פירנדיק די בליקן איבער די אָנגעוואָרפענע געלט־פּאַפּירלעך, געמרוזשערט מיט קרום שיפלעכע אַפּלען אויף די פון דער פרעמד געבערענגטע באַנקנאָטן, וואָס האָבן אין זיינע אויגן אויסגעזען

מיאוסער, צעקנייטשטער און פרעמדער ווי די יעניקע, וואָס די היימישע סוחרים פלעגן איבערלאָזן נאָכן איינקויף. געקוקט אויף זיי מיט אַזאַ נישט ביהאדיקייט ווי אויך זיי וואָלטן שולדיק געווען אין דעם שלעכטן מעמד. מיט ביטערער מינע זיי גענומען אין האַנט. באַטאַפּט, געוויגן, מאַרקירט. אָפּגעטיילט פאַרן נייעם רויוואַרג, פאַר מאַטעריאַלן, פאַר אַנדערע נויטיקע אויסגאַבן און די רעשט אַז איינגעשרימפּענער, אַ מאָגערער צעטיילט חלקימווייז פאַר די הויזגעזונטן פון די אויסגעגעבענע זין, און פאַר זיין אייגענער שטוב: וואַכנגעלט אויף אויסצוהאַלטן די הויז־ווירט־שאַפט פאַר דער גאַנצער וואָך.

ס׳איז אויסגעפאַלן פאַר יעדערן פון זיי, מינער און ווייניקער ווי אַלעמאָל.

— קינדער, אַ מלחמה. מען מוז ליידן. וואָס קאָן מען טאָן — האָט מענדל אָפּעלירט צו די פאַרהייראַטע זין, זעענדיק אין זייער שווייגן, די נישט פאַרבאַרגענע באַטריבטקייט — זיי האָבן אויף אונדז אַרויפגעצווינגען אַ קאַמף, אַ גויט. נאָר דעם סוף וועט מען זען!

און איבערקערנדיק די האַנטפלאַך אויף אַרויף, אַנווייזנדיק אויף דער גלאַטיקער זייט, האָט מענדל טראַציק צוגעגעבן:

— אָט זעטס, ווי דאָ קאָן קיין האָר נישט אַרויסוואַקסן, אַזוי וועט יענץ נישט האָבן קיין קיום. ס׳וועט פּלאַצן און פריער נאָך ווי עץ מיינט. איך זאָג ענק און גלייבטס דעם טאַטן. איך קען זיי גוט די גאַרבערלעך, די עכברושים... זיי וועלן דאָס לאַנג אָנהאַלטן אַ שותפות? זיך דאָס פאַרגינען? מ׳וועט לעבן וועט מען זען, ווער ס׳איז געווען דער נאַר און ווער דער קלוגער...

די קינדער האָבן געהאָרכט. שווייגנדיק אַנגענומען זייַנע רייד פאַר גערעכטע. וואָרעם זיי האָבן געגלייבט דעם טאַטן. געהאַט צו אים דעם גרעסטן צוטרוי, מער ווי צו יעדן אַנדערן מענטש אויף דער וועלט. פאַר־ביסן די ליפּן און צוגענומען דעם צמצומדיקן וואַכגלוין, גרייט אויסצו־פאַלגן וואָס נאָר זייער געביטער וועט הייסן: איינציען די פּאַסקעס אויף די בייכער, אַנגורטן זיך מיט געדולד און פירן דעם קאַמף ביזן סוף פון זיג.

די צייט איז געגאַנגען. דער פּראָצעס פון אַרבעט איז געוואָרן אַלץ

מער פאַרשלעפּטער, פאַרפּלאָנטערטער און שווערער. דער אַרויסבּרענג פון דער פּראָדוקציע, געהאַמעוועטער און פאַרשטייט זיך פּרנסה נאָך ווייניקער, באַשרענקטער. אָבער מענדלען האָט מען מיט אַזוינע זאַכן, נישט געקאָנט סטראַשען, נישט איינבּרעכן, דעם מוט נישט אַוועקנעמען. אַדרבה, זיין ווילן איז געוואָרן נאָך מער געשטאָלטער, אויסגעהאַרטעוועטער, ווי ס׳שטאָלט זיך אויס דאָס שווערע אייזן, אויסגעגליט אין קוזשניצע־פייער; אים אָנגעגאָסן מיט נאָך מער קעמפערישער ענערגיע, פלייס צום אויסהאַלטן, צום ווידערשטאַנד.

צוזאַמען מיט דעם איז אויך געוואַקסן די ענגשאַפט, דער קוויל אין שטוב.

אַמייניסטן האָט עס זיך געלאָזט אַפּפילן מיטן אָנרוקן זיך פון סוף־וואָך, מיטן אָנקום פונעם ערב־שבת.

אין דאָנערשטיקן אויפדערנאַכט האָט דער באַקאַויוון מער נישט געפייערט אין מענדלס שטוב מיט היץ און פריילעכן פלאַם ווי תמיד. די ווייבערישע ספּודניצעס — נישט געוויכערט, געפּעכערט איבערן ברייטן קיכנצימער מיט רויש און הייטערקייט; ס׳האָבן זיך אויך נישט געטראָגן די באַקאַנטע ליב־פאַרייסנדיקע געשמאַקן פון די פרישע געבעקסן: חלות, שטריצן, פּוטערקוכנס, געברעזלטע גריסקעלעך און אין זומער — אויך די לענגלעך געפאַרעמטע סטאַניקלעך (יאַגדע־קיכלעך), מיט גלאַנציקע וויערכן, וואָס האָבן געשפּיגלט ווי שפּיגעלעך אין זון. אַלץ איז געווען איצט פאַר־פאַמעלעכט און פאַרשטילט: דאָס פייער אין אויוון קלענער, געדעמפּטער. דאָס געריידט איינגעהאַלטענער. די באַוועגונגען געצוימטער. העגט — מיט ווייניקער רוף, פּנימער — פאַרשאָטנט, פאַרכמורעט, אויף וועלכע ס׳האָט זיך נישט געזען דעם שטענדיק פאַרויטלטן שיין. דאָס געבעקס איז אַרויסגעקומען אויך מינער: חלות קליינע, שטריצן נאָך קלענערע, קוכנס כמעט אינגאַנצן נישט. דערפאַר האָט מען אַרויסגעבּרענגט די ברויטן גרע־סערע און מערערע און צוגעגרייט אַ סך געקעכטס. אין האַרצן האָט געציקט אַ בייזע גריזאָטע. נישט געוווּסט אויף וועמען אויסצולאָזן. די יעניקע אויף וועלכע ס׳האָט זיך געוואָלט אויסגיסן דעם צאַרן, זענען געווען ווייט, אומדערגרייכבאַר — און ווייל מ׳האָט עס נישט געקאָנט

פון זיך אַרויסגעבן, אָפּלערן, האָט אויף דער נשמה געדריקט די משׂא נאָך שווערער.

מענדל האָט אין די דאָזיקע אויפדערנאַכטן זיך דאָרט אַהין אין היימ־לעכן אָרט נישט באַוויזן. אים איז באַזונדערס פאַרשטערט געוואָרן דער נחת־רוח, די גרויסע הנאה, וואָס ער פלעגט אַלעמאָל האָבן, ווען זיצנדיק מיטן עלסטן זון ביים טיש, מאַכנדיק די חשבונות און די געשמאַקן האָבן זיך גענומען אַריינרייסן אַהער, ריזלען, רייצן אין זיינע נאָזלעכער — האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן. איבערגעלאָזט דאָס רעכענען אַ ווייל אין זינס האַנט. אַריינגעגאַנגען אַ קוק טאָן אין דער ווייבערישער מלוכה. אָנגעטראָפן דאָס לעבהאַפטע גערודער, הייטערע רייד, געשמאַקע ריחות וואָס האָבן געווייעט פון אַלע ווינקלען; ר'האָט זיי געשמעקט, געזאָפּט אין זיך ווי גוטע בשמים. ליבלעך זיך אַרומגעקוקט. איבערגעווערטעלט זיך מיט ווערמען פון ווייבערוואַרג, מיט זיין צירלען, מיט דער עלסטער שנור, איטע. ממש אַנגעקוועלט פון זיי. און צוריק איז ער אַוועקגעגאַנגען שוין אַ באַנחתדיקער מיט הרחבת־הדעת, וויסנדיק ער לעבט נישט בחינם אויף גאָטס וועלט: ס'איז דאָ פאַר וועמען! און ר'איז פאַרפלאַנצט מיט אַ הויז צווישן יידישע הייזער, וואָס לאָזט נאָך זיך, אַ ירושהדיקן נאָכוווקס...

היינט איז אים דאָס געוועזן פאַרשטערט. נישט אַריינגעקוקט אַהין. געוווּסט ס'איז דאָרט שטיל, כמורנע, שווייגנדיק. געזעסן מיט ישׂראל־יצחקן דעם בכור זייגעם, פאַרטאָן אין רעכענען. געהאַט זיינע ביטערע מחשבות. געשמאַרעט מיט דער פליישיקער נאָז און אינדערשטיל געבענקט, געצערט נאָך דער פרידלעכער צייט, נאָך יענע פרידלעכע דאָנערשטיקע נעכט, ווען די וועלט איז אים געווען אַזוי ליב און אָנגענעם. געזען אין געדאַנק, ווי די שטוב נידערט, צאַנקט אונטער. מאָרגן וועט זיין אַ פּאָר־שטילטער פרייטיק (פרייטיק פלעגט ביי מענדלען אין שטוב זיין אויך אַ פריילעכער הייטערער טאָג, מיט קאָכן און באַקן, מיט זידענישן און איבערהויפּט מיטן צוגרייטן די פרייטיקדיקע פעט־גערייכטע „יושקע", וואָס ער מענדל האָט באַזונדערס ליב געהאַט); אויך דער שבת וועט אַדורכגיין אַ מאָגערער, נישט הייטערער: ווייניק ווייצנגעבעקס, ווייניק פלייש, ווייניק פיש. דער עיקר, קלוסקעס, רייבעכץ, ריבנצימעס. ס'האָט אים

פאַרקוועטשט אונטערן האַרצלעפל:

— אוך, ס׳זאָל זיי נאָר נישט געשענקט זיין! — האָט ער אויסגע־בורטשעט ביטער אין דער מחשבה אויף יענערס קעפּ.

*

אין שבתדיקן טאָג האָט מענדל אָפּגערוט, ווי ס׳רוט אָפּ דער סמבטיון... אָפּגעטריבן פון זיך אַלע טראַכטעניִשן, ערגערנישן, אַלע בייזע געדאַנקען. אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָט ער אָפּגעטרונקען זיין פּאָרציע הייסן טיי, וואָס שטייט איבערנאַכט אין קאַכאייוועלע. גענומען דעם טלית־זאַק אונטערן אָרעם, אַוועקגעלאָזט זיך אין „חברה־תהילים״, זייער שילעכל. דאָרט שוין פאַרברענגט דעם גאַנצן פרימאָרגן: ביים דאַווענען, הערן לערנען אַ פּרשה חומש, אויסשמועסן פאַרשידענע נייעסן פון זייער גאַס, פון שטאָט. אַהיימגעקומען צוריק, האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש. גאָר־נישט גערעדט. נישט געקרעכצט. אַריינגעגעסן אין זיך די שבתדיקע מאכלים: הייס אויסגעברוינטע טשאָלנט, אַרויסגענומען פון באַקאויוון; געריבענער יאַכצוג אַרומגעבעט מיט גרויסע באָבערס, פאַרטונקלטע מיט האַרטע הויטן וואָס מ׳האָט געקענט מיט זיי שיסן... געפלאַכטענער לאָקשנ־קוגל, אָנגעפילטער מאָגן, קעלבענע פיסלעך, גראַשל. אַריינגעגעסן אין זיך אַ סך, אויף אַ גאַנצע וואָך אַרויס, ווי דער קעמל מיט זיין טרונק ווען ער לאָזט זיך אַוועק אין מדבר...

שפּעטער אַ זאַטער, אַ מידער, האָט ער זיך צוגעלייגט אין שבתדיקן נאָכמיטיק־דרימל. געשלאָפן פעסט, געזונט, מיט שנאָרך. צו דער פּונקט־לעכער שעה זיך איבערגעוועקט. אָנגעטאָן. הויך אָפּגעגעניצט. אָפּגעגאָסן מיט וואַסער הענט־און־פּנים און גענומען זיך צום ביסל יידישקייט. ר׳האָט זיך אַוועקגעזעצט מיטן סידור ביים פענצטער, געזאָגט, געמורמלט, געברומט מאָנאָטאָן ווי תשעה־באב ביי קינות. געזיפצט, געאָכצט און אין געדאַנק זיך געטשעפּעט צום רבונו של עולם, געהאַט צו אים טענות: פאַרוואָס ער פירט אַזוי שלעכט זיין וועלט, לאָזט די פאַריסענע בעלי־גאווהס, די אָנגעבלאָזענע יונגאַטשעס געוועלטיקן, הייבן די קעפּ איבער די עלטערע בעלי־בתים; האָבן אַזויפיל העזה אין זייער האַרצן, עפענען הויך די מיילער. און דערביי איז ער גאָרנישט זיכער, צי זיי זאָגן כאָטש אין

סידור, בעטן צו אים, ווי ער טוט עס דאָ... געקוקט צום דרויסנדיקן טונקלען זיך פאַרן פענצטער. געזען ס׳רוקט זיך אָפּ דער טאָג, לאַנגזאַם פאַלט צו דער פאַרנאַכט. און באַלד וועט זיך אָנצינדן דאָס פייער אין גיהנום. אויך זיין אייגן פייער וועט אויפפלאַמען...

מיטן אָנצינדן פון שפייסצונאַכטיקן ליכט, איז מענדל אַריין צוריק אין זיין אומרואיק, וואָכעדיקן געמיט. געגומען שפּאַנען איבער דער שטוב מיט שווער־בערישע טריט. ס׳פּנים פאַרוואָלקנט, בייז. ער האָט דערזען צוריק די גייע וואָך, די גייע קלאַפּאָטן און מאַטערנישן: דאָס „פאַרעכץ״ מיט דער סחורה, פּלאָגן זיך אונטערוועגנס, אַהיימקומען מיט שאָדן, מיט ווייניקער פאַרדינסט. ס׳האָט אים פאַרקלעמט אונטערן האַרצן. אָנגעהויבן מורמלען מיט ביטערע ווערטער אויף די שלעכטע לייט, אויף די קאָמיטעט־ניקעס, אויף זייערע נאָכלויפערס, מיטהעלפערס. געדראָט מיט פאַרדריקטער פויסט פון נקמה: ער וועט זיי נאָך ווייזן, זיך מיט זיי אָפּרעכענען, האָבן אַ משפּט! אַלץ אין שטוב האָט געשוויגן, איינגעהאַלטן דעם אָטעם. געוווסט מען טאָר נישט רעדן, דעם הויך פון מויל אַרויסלאָזן, דעם טאַטן נישט נאָך מער דערבייזערן. געוווסט אויך, דאָס וועט אַזוי אָנהאַלטן ביז די אויסגעגעבענע קינדער וועלן זיך באַווייזן.

מיטן אַריינקומען פון די זין, איז די לופט געוואָרן גלייך אַן אַנדערע, אַ פרייערע און גרינגערע. די שטוב האָט מיט אַמאָל ווי אָפּגעעטעמט. מענדל דערזעענדיק זיין געטריי געביין, האָט באַקומען אין זיך חיות, אויפלעבונג. זיי האָבן מיטגעברענגט אַ היילענדיקן באַלזאַם פאַר אים, פאַר זיין זעל. זעלטן אַ פאָטער זאָל זיין אַזוי צוגעבונדן, ליב האָבן זיינע קינדער (בפרט די זין), ווי מענדל. און אויך קריגן צוריקגעשענקט אַזאַ זעלבע געטרייע ליבשאַפט פון זיי.

אַרומזעצנדיק זיך אַרומען טיש, האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס. מענדל דערפילנדיק אויף זיך זייערע בליקן, האָט באַקומען נייע קראַפט, נייעם מוט. אַרויס מיט לשון:

— קינדער, נאָר נישט געפאַלן ביי זיך, זאָג איך ענק. צ׳זאָלט מיך הערן — מענדלס טאָן איז געווען איצט באַזונדערס פאָטערלעך וואַרעם, איינעמענדיק — מ׳וועט זען ווער ס׳וועט אַרויס דער גערעכטער, דער

געוויינענער. נאָר געדולד קינדער. גרויס וועט זיין דער „סוואָנד" וואָס זיי וועלן נאָך זיך איבערלאָזן. אַזוי זאָג איך ענק.

די זין פאַרגלייבט אין טאַטן, האָבן צוגעוויגט מיט די קעפּ, געגעבן זייער צושטימיקייט. ווי שטענדיק, זענען זיי פון פאָטערס רייד געווען איבערצייגט, געשטאַרקט. זיינע ווערטער האָבן געהאַט אויף זיי אַן אומ־געוויינלעכע השפּעה, אַ מין סוגעסטיע, אָנגעגאָסן זייערע הערצער מיט מוט, מיט אויסדויער און גלויבן; גרייט געווען אויסצופאָלגן אַלץ, וואָס נאָר דער געבירער זייערער וועט הייסן. זעלטן דערוואַקסענע מענער זאָלן זיין אַזוי געהאָרכזאַם, אַזוי געאיייניקט, צושטימיק צו אַ טאַטן ווי מענדלס זין.

מענדל האָט זיך דאַרויף געקענט. אָפּגעשאַצט. זיך געקוויקט דערמיט. און וועלנדיק זיי פאַרגיטיקן, אויסדריקן זיין פאָטערישער דאַנקבאַרקייט, איז ער זיך פאַרגאַנגען מיט אַלויב צו אים אין הימל, פאַר דעם געשאַנק וואָס ער האָט אים באַשענקט מיט אַזאַ געטריי געביין, גוטן נאָכשטאַם.

— פאַר איינס דאַנק איך דעם ליבן באַשעפער, וואָס ער האָט מיר געשענקט ברוך־השם אַזוינע גוטע קינדער, ז'זאָלן מיר זיין געזונט און מיט אַ סך לעבן! — האָט מענדל געלאָזט הערן זיין קול הויך און מיט דאַנק צו איינעם אָן אומגעזעענעם, אָבער אַ הערנדיקן: צו אים אין הימל.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. געזוכט מיטן בליק. אָנגעטראָפן אויפן ווייב, וואָס איז געזעסן אויפן שטשעשליאָן, געריגגלט פון די יונגע פּרויען, שנורס, טעכטער, און געבעטן ביי איר צושטעלן צום טיש הייסן טיי.

— צירל, זיי אַזוי גוט, ברענג אַריין הייסן טיי — ער האָט צו איר גערעדט מיט עקסטראַ ליבלעכער שטים. געהייסן איר מיטנעמען אַ פּאָר צוהעלפערינס. צוגעגעבן:

— נאָר גוט קאָכעדיקן, מיט שטאַרק פאַרבריטן סענץ. זאָלן די קינדער הנאה האָבן. זיך פילן ווי ביים טאַטן אין ווייגאַרטן...

זופּנדיק דעם הייסן, אין גומען בריענדיקן טיי און מיט גרויסער הנאה, איז אין מענדלען אויפגעגאַנגען דערמאָנונגען, געדענקענישן, אויפ־בליצן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין אייגענער יונגקייט, אין זיין אַמאָליקער היים. געזען זיך אין זעלבן געשטאַלט אין

זעלבן עלטער, ווי זיי הײַנט, די קינדערס; אָט איז ער ערשט אַליין געווען אײנער אַזאַנער, אַ יונגער, מיט נאָך ברידער און שוועסטער. זיך געקנוילט אין טאַטנס ענגער שטוב ביי אַ נישט צופיל זאַטן טיש. צומאָל אַ טראָפּן אונטערגעהונגערט. און אַזוי איז מען געוואַקסן, געוואָרן פּאָלגע מענטשן. יעדער איז זיך געגאַנגען זיין וועג. זיך פאַרשאַפט זיין ברויט, זיין לעבנס־חבר, זיין ווייב, זיין היים. הײַנט איז ער מיט זיין הויזגעזונט. זיי, די זין — שוין אַליין אויך טאַטעס (מיט געזונט און לעבן!) באַשיינט מיט קליינוואַרג. אָט, ווי ס'פליען די יאָרן... אמת, דאָס לעבן האָט אים יונגוויז נישט געפּיעסטעט, נישט געצערטלט. פאַרקנעכטעט, פאַריאָכט. אָבער דערפאַר האָט אים גאָט באַגיטיקט מיט געטריי בלוט־און־פלייש: קינדער, וואָס מיט זיי האָט ער זיך שוין גאָרנישט צו שעמען, טייערע דימאַנטן, זאָלן זיי זיין געזונט און מיט אַ לאַנג לעבן. נישט פאַרשטערט ווערן.

אַ צוואַרעמטער אי פון הייסן טיי, אי פון די וואַרעמע זכרונות, מיט צערויטלעכער פאַרב אויף די באַקן, האָט באַקומען מענדל אַ גליסטע־ניש צום רעדן, צום דערציילן, נישט צום אָפּהאַלטן זיך. אויפהויבנדיק דעם קאָפּ פון דער זיך פאַרעדיקער שאָל, אַרומנעמענדיק אַלע מיט אַ פייכטן בליק, האָט ער אָנגעהויבן:

— ...יאָ קינדער, אַ וועלט אַדורך. איבער מיינע פּלייצעס זענען אַ סך געוויטערס אַריבער. וואָס קען איך ענק זאָגן און דערציילן פון דעם אָנגע־ליטענעם לעבן וואָס מיר האָבן זיך אָנגעליטן אַלס קליינע קינדער ביים טאַטן אין דער היים. אין מיינע יונגע יאָרן האָב איך קיין האָניק נישט געלעקט. אָפּטערס דאָס ברויט נישט געגעסן צו דער זעט. אַ סך זיך אָנגעזען, אָנגעהערט, געגנוג אויף אַ לעבן לאַנג אַרויס. וואָרן ס'איז נישט געווען דאָס וואָס הײַנט. אַ סך אָרעמער. גרויסער ביעדאַ. און איינער האָט ביים צווייטן געוואָלט אָפּגריזשען דעם ביין... און פון אייביק אָן, זענען די גאַרבעלעך געווען גוטע כיטראַקעס, אונטערפירערס און דערצו נאָך נאַראַנים... און די וועלט ווייסט, מיט אַ נאַר איז נישט גוט האָבן צו טאָן. אַ נאַר איז דער גרעסטער קאַלעקע...

מענדל זופּט אָפּ אַ טיפן זופּ פון טעפּל. ווישט אָפּ די וואַנסעס. טוט אַ בליק אין ווייט און גייט איבער, נאָך דער געוויינטלעכער הקדמה, צום

עיקרשטן, צו זיין שוין צום הונדערסטן מאָל אָפּדערציילטע מעשה פונעם סיכסוך מיט איינעם אַ ביטערן פאַרשוין, וואָס האָט צו זייער שלעכטער מערכה, זיך פאַרלייגט אויף זייער שטוב, אויף זייער לעבן, מיט ווען אָפּרייסן אַ שטיק באָדן פון זייער נחלה.

און אַרויסגעקומען איז די געשיכטע, לויט מענדלס דערציילן, אַזוי:

... איינער אַ באַלעבאָס, אַ פּראָסטאַק, מיטן נאָמען פעלטל, אַ בהמה־הענדלער, אַ שטיק עושר, נאָר אַ גראָבער יונג, וועמענס חלק פעלד האָט זיך געגרעניצט מיט זייער הויז, פון יענער זייט אין דער „טילנע" — האָט אָט דער פעלטל זיך פאַרלייגט, מען זאָל אָפּגעבן צוריק אַ פּאַס ערד פון זייער הויף: בכן, ס'איז ביי אים צוגענומען געוואָרן (אַזוי האָט ער געטענהט) און ר'וויל צוריק אָפּ. דאָס האָט געדאַרפט הייסן: איינשמעלערן די גאַרבאַרניע מיט שיינע עטלעכע מעטער. דער פעלטל אַ יונג אַ ריז, אַ גיבור, אַ משחית, וואָס האָט געקענט אָוועקלייגן צען מענטשן פאַר אַמאָל, האָט געברענט, געזאָטן, נישט געלאָזט לעבן. געפאָדערט: מען זאָל אים צוריקגעבן דעם פּאַס באָדן. נו, קאָן מען דאָך פאַרשטיין, וואָס דאָס האָט געמיינט: אָוועקגעבן אַ שטיק הויף — די אייגענע האַנט! ס'האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרודערונג אין דער היים. געוויינען און צער פון די עלטערן, צעשראָקנקייט פון די קינדער. מען האָט זיך מיט דעם פאַרשוין געלאָדנט, געגאַנגען צו דין־תורה'ס, געהאָט פון אים געברענטע צרות, אויפן פּוד צו מעסטן. נישט געלאָזט רוען בייטאָג און ביינאַכט. ביז אין אַ געוויסן טאָג איז מען מיט אים, קוים מיט לייד, אַדורכגעקומען ביים רב. פאַרקויפט פון שטוב וואָס ס'האָט זיך געלאָזט און פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל. איינגעשטילט.

מענדל מאַכט דאָ אַ הפסקה. ווישט אָפּ מיטן גרויסן טאַשנטוך די הייסע טראָפּנס פון געזיכט וואָס קלעפּן זיך אויף זיינע שלייפן, שטערן, ווי אין באָד נאָך אַ שוויץ. און וועקנדיק דעם זכרון אינטענסיווער, טעטי־קער, איז ער ממשיך מיט הויך אויפגעהויבענעם לשון, צו באַפליגלט פון זיין אייגענער צעוואָרעמטער פאַנטאַזיע.

— ... און סע וואָלט אפשר צו דעם אַלעמען נישט געווען געקומען, ווען נישט די גאַרבערלעך וואָס האָבן אים געעפנט דעם מוח, קלוג

געמאַכט, אונטערגעהעצט. וואָרן פון קדמונים אָן, האָט דאָס גאַרבערישע בלוט נישט געקאָנט איינרוען. געזוכט טאָן בייזס און שלעכטס; נאָכגעשליאַ־דעוועט דעם צווייטן, אויסשפּיאָנירט, אַריינגעקוקט דורכן פּלויט, דורך די לאָדנשפּאַלטן, זען וואָס מ׳טוט, וואָס מע קאָכט, וואָס מען עסט; צי מען קריגט זיך, צי מען קושט זיך... נישט געקאָנט צומאַכן די אויגן צום שלאָף, ביז מ׳האָט נישט יענעם גוט אויסגעשמעקט, אויסגעבדקנט, אַדורכ־גענומען אים ביזן ביין...

אויסגעבלאָזן אַ פול מויל מיט פּאַרע פון קאָכעדיקן טרונק וואָס גייט ביי אים איין טעפּל נאָכן צווייטן, אָן צוציילן, אויפהויבנדיק די באַרשטן־ברעמען און אָנשטעלנדיק פאַרגלאָנצטע אָפּלען אויף די אַרומיקע, גייט מענדל צוריק צום המשך פון יענער טרויעריקער געשיכטע מיט פּעלטלען. און שוין מיט געוועקטערן טאָן.

— ... יאָ, ווי האַלט איך? יאָ, איז קוים מיט צרות מ׳האָט אים דעם פּעלטל, דעם כאַכאָל, איינגעשטילט. אָוועקגעגעבן פון זיך ס׳לעצטע וואָס מ׳האָט געהאַט, אַבי פון אים פּטור ווערן. ס׳איז דען געווען אַ ברירה? גיי פאַרשמעלער דעם הויף! ס׳איז דאָך דאָס זעלבע, ווי דו זאָלסט אָפּ־שניידן פון דיר אַ שטיק האַנט, אָדער אַרויסגעבן ס׳ברויט מיטן מעסער פון שטוב... און פון אים ווידער דעם רויבער, איז נישט געווען מעגלעך פּטור צו ווערן. וואָרן געווען איז דאָס אַ גזלן דער פּעלטל, איינער אין דער וועלט, נאָר אין וואַלד אַריינצוגיין מיט דער האַק... געהאַט אַ זאַק מיט געלט, גרעסער פון אים אַליין. מ׳האָט נישט געוווּסט פון וואַנען ער האָט עס גענומען. מ׳האָט געזאָגט, ער איז יונגערהייט געגאַנגען ביינאַכט אין וואַלד, ביים דורכפאָר־וועג ראַבעווען. אָנגערויבט אַ פאַרמעגן. דערפון רייך געוואָרן...

מענדל רוט אָפּ. שווייגט אַוויילע. זעצט פאָר וועגן דעם שטיק חידוש: פּעלטל.

— ... און דערביי זעטס, ס׳וווּנדער: ער האָט זיך געהאַלטן גאָר ווי אַ יידישער מענטש. געקומען אין שיל, זיך געשטעלט הינטער דעם באַלעמער, און גענומען שרייען דאָס דאַוונען הויך אויפן קול, געריטשעט ווי אַ ווילדער אייזל און פאַרשטייט זיך מיט געבראָקטער עברי... און

אין יום־כפור האָט ער געוויינט אויפֿן קול ווי אַ יידינע. און דערביי זעט׳ך ווידער — נישט צו פֿאַרשטיין גאָטס וועלט — האָט ער נישט געהאַט קיין פֿאַרמאַכטער האַנט, קיין פֿאַרמאַכט האַרץ. לייכט געווען צום אַרויסהעלפֿן יענעם. געגעבן צדקה. מהנה געווען אָרעמעלייט. געגעבן הילף אויף התונה צומאַכן יתומים, אָרעמע כלות. געשטיצט אויך די שיל, ס׳בית־המדרש, דעם הקדש — און גיי פֿאַרשטיי דעם מענטשנס נשמה!..

מענדל פֿאַרטראַכט זיך. ציט אָפּ דעם אָטעם. זוכט צו באַשיידן דאָס ריטעניש:

— ... און אפֿשר, קאָן זיין, ער איז פֿון דער נאַטור גאָרנישט געווען קיין שלעכטער, גאָרנישט אַזוי שולדיק אין אונדזער זאַך, ווי מ׳האָט אים אונטערגעהעצט. און דאָס אַלץ איבער די בייזע צינגער, איבער די נישט פֿאַרגינערישע באַלעבאַטימלעך, וואָס קוקן דורכן פּלויט, דורכן לאָדן — טראַסטי זיי אין די ביינער!

די זין אָנגענומען מיטן טאַטנס גערעכטן צאָרן אויף פּעלטלען דעם גזלן, אויף די באַלעבאַטעמלעך וואָס קענען נישט פֿרייער צומאַכן די אויגן צום שלאָף, ביז מ׳האָט נישט יענעם גוט „אויסגעשמעקט", אויסגעבדקנט — זענען שוין אין שטיק פֿייער. שנופּן מיט די נעז, ניוכען, כראַקן, גרייט כאַטש אַרויסגיין מיט שפּיז און שווערד, טאָן וואָס יעקבס זין: חרוב מאַכן שכם... אַ טרייסל טאָן די ביינער פֿון די גאַרבערלעך, זיי זאָלן האָבן צוגעדענקן!

מענדל באַמערקט דאָס פֿייערל אין זייערע אויגן. טוט אַ מאַך מיטן האַנט, מיט טאַטעשער איינרואיקונג:

— מילא. דאָס אַלץ איז שוין פֿאַרביי, קינדער. נישטאָ וואָס זיך איבער־צונעמען לאָמיר פֿאַרגעסן.

— זעט עץ, דאָס וואָס זיי קוקן דורכן פּלויט, וואָלט מיך גאָרנישט אַרן. זאָלן זיי קוקן אויף צופֿלאַצעניש, און מיר זאָלן האָבן אַלדאָס־גוטס און זיי זאָלן טאַקע זען און ס׳זאָל זיי פֿאַרדריסן — לאָזט הערן קאָפּל דער מיטלסטער. אַ ברייטביינעקער, קרעפּקע־אויסגעבעטער, מיט אַ צופֿרידן רונדיק פּנים — איינער פֿון די וואָס זענען צופֿרידן פֿון גאָטס וועלט, פֿון גוטן געזונט און איבערהויפּט פֿון דער גוטער קאָרמע וואָס דאָס ווייב,

אויך אַזאַ רונדיק־אויסגעבעטע, אַ פרידלעכע, אַ גוטע, זעט אים צו און ער איז מיט איר ביז גאָר אַ באַפרידיקטער, לעבט אין פריינטשאַפט.

— מיך אַרט עס יאָ. פאַרוואָס זאָלן זיי קוקן ווו מ׳דאַרף נישט, אַ שטע־כעניש זיי אין די אויגן — קאָן דאָס גישט אַדורכלאָזן כילקע, אַ העפטיקער, וואָס לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע... שפּרינגט אונטער אַ העליש רויטער, מיט אָנגעצינדענע גרין־צעבליצטע אַפּלען. אַ גרייטער אַלעמאָל צום קאַמף.

כילקע איז דעם טאַטנס זינדל, זיין רעכטע האַנט, זיין מיטהעלפער. קומט עפּעס פאָר, איז ער דער ערשטער וואָס שטעלט זיך אים צו הילף. כילקע איז היציק און בייסיק. שטייגט איבער אַלעמען. ער איז ייִנגער פון ישראל־יצחקן דעם בכור, אָבער טראַציק און אַרויסרופעריש, ווי ער וואָלט דאָס געווען דער עלסטער פון די ברידער און נישט יענער.

ער איז אויך שוין אַ באַווייבטער. מיט אים קומט מיט, זיין ווייבל רוכטשע, וועלכע האַלט זיך נאָך אין פּוץ, אין שמוק, ווי אַ כלה־מיידל. זי איז איינע פון פּערל די בעקערינס שיינע טעכטער. האָט ליב פאַרצוקומען אין סטרוי, מיט קאָקעטישן דריי, און מיט „פּיסקלעך" — און דאָס אויף צו להכעיס די אַלע אַנדערע שוועגערינס. און כדי זיי מאַכן מער פאַר־דריסן, זעצט זי זיך צו מיטן מאַן ביים מענערישן טיש און נישט ווי די אַנדערע פרויען אויפן שטשעשליאַן מיט דער שוויגער. זי מישט זיך אויך אַריין אין מאַנסבילישן גערייד. וואַרפט צו אירס אַ וואָרט, באַגלייט מיט צושטימיקייט צום מאַנס אַרויסגעזאָגטן געדאַנק, אָדער עצה. זי טוט עס מיט זיכערקייט און מיט אַביסל הוצפּה, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט ווייזן, זי איז ס׳אויבערשטע פון שטויסל, און אויך דערמיט אונטערשטרייכן זייערביידנס, אירס מיטן מאַנס ווערט און אויסגעטיילטקייט.

איטע די עלסטע שנור, ישראל־יצחקס ווייב, קוקט דאַרויף מיט פאַר־איבל. זי ליידט נישט די שוועגערין, די גרויסהאַלטערקע, וואָס מאַכט פון זיך אַ גאַנצן „יש". איטע זיצט מיט דער שוויגער, ביי איר רעכטער האַנט. שמועסט מיט איר אויס וועגן היימישע ענינים. דערציילט איר פון דער שטוב, פון די קינדער, פון די שכנים און דערביי פאַרשיפט זי אַלעמאָל אויף ס׳קאָס אַן אויג אַהין צום מענערישן טיש און דאָס דווקא אויף איר

רוכטשען. מאַכט איר אין געדאַנק נאָך, דאָס „פּיסקלען" זיך, דאָס דרייען מיטן שנעבל, ווי גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, וואָס פאַרא פֿערזענלעכקייט זי שטעלט מיט זיך פאָר, און דער פאַרדראָס אויף יענער נעמט איר אָרום נאָך מערער: „זעטס נאָר ווי דאָס מאַכט זיך וויכטיק, ווי זי וואָלט געווען ר' צאָץ' טאָכטער — רעדט איטע צו זיך אין פאַרדריסלעכער שווייגעניש — אינגאַנצן איז עס אַ גאָרנישט שבגאָרנישט. אַ לײדיק פּעסל: פּערל די בעקערינס טאָכטער — איין קלײניקייט, ווער ס'זעט נישט! אַ מאַדאַם! אָט דאָס הייסט אָן איינרעדעניש, אַ פּוצן זיך אין פרעמדע פעדערן...

איטע קערט אָפּ דעם בליק פון דאָרטן, צוריק צום ווייבערישן געזעמל. אָבער אינערלעך קאָן זי זיך נישט איינרואיקן. יענע ביים טיש דערלאָזט עס נישט... ניין, זי האָט זיי זייער נישט ליב ביידן, נישט די שוועגערין און נישט דעם שוואָגער. דערמאָנט זיך וועגן זיי אַלדאָס בייז. און זי איטע גלייבט גאָרנישט, אַז דער כילקע זאָל אינדערהיים זיך מיט איר אַזוי צאַצקען, ליובען, ווי זיי ווייזן דאָ אַרויס. ס'איז מער אָנשטעל, ווי אמת. זי מיט איר ישראל־יצחקן, טאַקע ווער נאָר צו גאָט האָפט, אָן אַ בייז אויג, ווי אַ שטיל, ליב און געטריי לעבן זיי פירן צווישן זיך. נאָר אויף לאַנגע יאָרן. אָבער זיי מאַכן זיך נישט וויכטיק, ווייזן נישט אַרויס פאַר פרעמדע אויגן אויף באַרימעניש. און האָט דען אַ זינען אַזאַ באַווייזן זיך פאַר אַלעמענס בליקן. ס'איז נישט שיין אויך. מענטשן זאָגן טאַקע: די וואָס ליבן זיך אָפּן פריי, זענען אינדערהיים שוין גאָרנישט אַזוי געטריי... און ס'איז אמת. און זי וואָלט גאָרנישט געוואָלט האָבן פאַר אַ מאַן אַזאַ כילקען, אַזאַ רויטן האָן, וואָס בלויז מיט די אויגענעס שטעכט ער יענעם אַדורך. עסט אים אויף...

...איר ישראל־יצחק איז אָן אַנדערער, אָן איידעלע נשמה, אַ שטיל פאַרבאָרגענער אין זיך. אָן ערלעכער. ער איז דער בעסטער פון זיי אַלע. ר'איז נישט תמיד אויך מיט זיי איינשטימיק אין די קריגערייען, אין קידעור־ווידער מיט דער גאָס. אַפילו מיט דעם נישט וועלן צושטיין צום סינדיקאַט, איז ער געווען מיט זיי אַביסל אין סכסוך. זיי זענען אָבער די מערהייט, און שטאַרקער פון אים.

אויך אַצינד זיצט ער דאָרט מיט זיי אַלע. האָרכט זיך שטיל איין אין

דעם געררייד, וואָס דער פאָטער פירט מכוח דער פאַרגרייטונג פון די סחורות פאַר דער נייער וואָך, וועגן אַרויספאָרן מיט די פאַרטיע לעדערס און וועמען שיקן. זי איז נייגעריק צו הערן, צי וועט מען נישט אַמאָל פאַרלייגן, ער ישראל־יצחק זאָל זיין דער פאָרער, זיך אַרומשלעפן אונטער־וועגנס, פאַרשוואַרצט ווערן. זי שטרעקט דרינגלעכער דאָס אויער צום איינהערן זיך.

און אָט, דערטראָגט זיך צו איר געהער, גלייך אַזאַ אַנבאָט. און געקומען דווקא פון כילקען, דאָס בייזע מויל, דער שטיק שטן.

— און אפשר וואָלט ישראל־יצחק דאָסמאָל אַרויסגעפאָרן מיט דער סחורה, יאָ? — טוט כילקע, מיטן בליק געווענדעט צום פאָטער, פאַר אים דאָס פאַרלייגן.

איטען גיט אַ ציפּ טיף אין דער ריפּ. שפּיזט אָן די אָפּלען אויפן שוואָגער מיט טענה און אָנגריף: אָט דער „בייזער רוח״, נישט אויסגע־פונען וועמען אָן אַנדערן צו שיקן, נאָר ישראל־יצחקן. זיך פאַרלייגט אויף אים. העצט קעגן אים. רעדט אָן פאָרן פאָטער: בכן, ישראל־יצחק לאָזט פאַלן ווערטער וועגן שותפות, וואָס רייצט אים אויף דאָס בלוט... אַזאַ המן! זוכט אַריינצוברענגען שנאה אין הויז. זי טאָר עס נישט דערלאָזן. נישט פאַרשווייגן. מוז רעאַגירן.

— פאַרוואָס עפּעס ישראל־יצחק גאָר?! — לאָזט איטע הערן איר שטים אַרויסרופעריש, הויך, אַהין צום טיש.

מענדל טוט אַ הויב די שווערע ברעמען. כאַפּט אויף דער שנורס בליק. פאַרשטייט שוין אַלץ.

— לאָז אים אָפּ — גיט דער פאָטער אַ מאַך מיט דער האַנט צום יינגערן זון. אַ סימן, ער איז אויף דעם מוותר, און מיינט דערמיט אויך צו באַרואיקן די שנור.

כילקע לאָזט נישט אָפּ. טוט אַרויס מיט נייעם קטרוג:

— מיט דער סחורה פאָרט ער נישט, דעם רוקן ברעכט ער זיך נישט, ווערט נישט פאַרשוואַרצט. איז וואָס ווידער דאָס געמורמלעריי: מיר האָבן געדאַרפט צושטיין צום שותפות?

— ס׳איז שוין ביי אים אַזאַ טבע, נאָכצוגעבן יענעם. וואָס קאָן מען

טאָן — דער פֿאָטער זאָגט עס רואיק. פֿאַרקוקט זיך זייטיק אויפֿן עלסטן זון און דווקא נישט אָן פֿאָטערלעכער פֿרייטשאַפֿט.

— און אפֿשר מיינט׳ץ, ער איז חלילה אַראָפּ פֿון געדאַנק — קומט אויפֿסניי אָנצופֿליען איטעס ענטפֿער און טראַציקער, גלייך אין פּנים אַריין דעם קטיגור און צום שוץ פֿון איר מאַן און דערביי אויך מיט דער שטילער צושטימונג פֿון די איבעריקע ווײַבער־באַלעבאָסטעס — ער רעדט נישט אויסן וועג. און הלוואַי מ׳וואָלט אים געוועזן געפֿאָלגט.

— אָט, נאָט, טוטס אַ קוק: „קרעוו טאָ ניע וואָדאַ״, בלוט איז נישט קיין וואַסער. קומט שוין צו הילף — הילכט מענדל אויס מיט זיין הייטערן באַס. פֿאַרקוקט זיך אויף דער שנור מיט אַ ווייך באַהאַלטענעם שמייכל, פֿאַר דער געטריישאַפֿט צו איר מאַן, זיין זון.

צירל די מוטער, באַשענקט איר בכור אויך מיט אַ ליבהאַרציקן בליק. העלפֿט צו דער שנור:

— אַז איטע זאָגט, ווייסט זי וואָס זי רעדט. זאָגט נישט פֿון הוילן פֿאָס. און מ׳קען זיך אויף איר פֿאַרלאָזן און צוהערן צו אירע רייד.

— אַ־האַ, די ווײַבערישע מלחמה, הייבט זיך אָן, און באַלד צו דער פֿולער וואָך — מענדל טוט אַ צעפּלעכט מיט די פֿינגער, די פֿון נאָך שבת־רוענדיקער באָרד, וואַרפֿט אַ בליק איבערן ווייבערישן געזעמל, און נישט אינגאַנצן אָן תרעומות. ער קאָן אָבער איצט נישט זיין בייז אין שפּייס־צונאַכט, ווען אין זיין שטוב זאַמלט זיך אַרום אים זיין הויזגעזונט. וואַרעמט זיין פֿאָטער־געפֿיל, זיין טאַטעשן שטאָם. אָן אַנדערשמאָל וואָלט מען אַזוינע ווערטער פֿאַר אים נישט געטאָרט פֿאַרברענגען. ס׳וואָלט אים געוועזן פֿאַרדריסן און אפֿשר גאָר אָנשרייען: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַריינמישן זיך, האַ?״ אַצינד וועט ער דאָס נישט טאָן. כאָטש צוריקגעשמועסט, טוט אים אינערלעך אַליין אויך אַ גוטן ציפּ אונטערן האַרצגריבל. ברענגט אים אַרויף אויף מחשבות: ער האָט דאָך זיי געבונדן די הענט. אַריינגע־ברענגט אַ קווייַלעניש אין זייערע הייזער. זיי קענען נישט פֿירן די ווירט־שאַפֿט ווי געהעריק. ז׳זענען נישט אינגאַנצן אומגערעכט...

ער וויל אָבער דערוועגן איצט נישט טראַכטן, נישט רעדן. זיינע געפֿילן זענען יעצט אַנדערע, אָנגעגאָסן מיט פֿאָטערלעכע שפּירונגען פֿון

פּאַטער־שטאָלץ, וואָס לאָזט אים פּילן אין זיך דעם פעסטן שטאַמוואָרצל: ער — דער בוים. זיי — די צווייגן. געזונטע צווייגן, וואָס געבן ווייטער־דיקע פּרוכט און אויף לאַנג־לאַנגע יאָרן! דערצו ווייסט ער, אין דרינען אין קיך, קאָכט זיך די געשמאַקע שפּייסצונאַכטיקע גריץ, וואָס צירל פאַר־גרייט אויף מלווה־מלכה פאַרן גאַנצן היימישן געזינדל. אויך איז פאַרבליבן נאָך געברוינטער קוגל, געפּילטער מאָגן. מ׳וועט עס אויפוואָרעמען און מאַכן אַ סעודה כיד־המלך. דער טיש וועט לאַכן. גאָט אַליין וועט זיך פרייען. און די וועלט גייט נאָך נישט אונטער. מענדל וועט נאָך זיין — מענדל. שטוב וועט נאָך זיין — שטוב.

— לאָמיר יעצט דערוועגן פאַרגעסן, ווייבער — טוט מענדל אַ שאַר מיטן האַנט אין דערלופטן, ווי ער וואָלט אַלץ יענץ אָפּגעשאַרט, קוקט מפייסדיק אַהין צום ווייבערישן רעדל, איינצושטילן דעם פאַרדראָס און דערמיט אויך באַרואיקן די באַלעבאָסטישע געמיטער — האָטס נישט קיין מורא און קיין עגמת־נפש. ס׳וועט זיך אַלץ אויסהיילן און צום גוטן, מיט גאָטס הילף. צ׳וועט נאָך קאָכן גוטע מאכלים און פולע טעפּ. די וועלט גייט נישט אונטער. איך זאָג ענק צו און זייטס רואיק.

און קערנדיק דאָס געזיכט צו זיין „חלק־שני" און ווי צו דערמאָנען זי וועגן דרינען דער קיך, גיט מענדל אַזאַג און שוין מיט הייטערן קול:

— ווי האַלט עפּעס דאָרט אין דיין קעניגרייך, מיין ווייב, מיט יענע זאַכן?

צירל פאַרשטייט אין וואָס עס גייט. גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ: יאָ, גוט. ס׳קאָכט זיך.

זי שטייט אויף פון איר זיצאָרט. לאָזט זיך אַריין אין קיך אַ קוק טאָן וואָס ס׳הערט זיך טאַקע אין איר „קעניגרייך". איטע גייט מיט איר, מיט.

אין קיך שטייט אַ קוואַקעריי. וואַרעמע גערוכן, קנויליקער פּאַרע, פלייצן פון דער הייסער פּליטע, שפּרייטן זיך איבער די ווינקלען, ווענט, פּולאָפּ, קיצלען אין די נאָז־ווענטלעך. איטע אַנגערעגט אין די גערדאַנקן, נאָך פון דרינען, דער גרויסער שטוב, קאָן נישט אין זיך דערהאַלטן. שיסט אויס, אַנגעצילט אויף וועמען, ווי נאָר יענע פּערזאָן וואָלט אין אַלעם שולדיק געווען.

— געזען דאָס אַ פּיסקלען זיך, אַ דרייען מיטן שנעבל... מנע, מאַמעלעך מיינע! מ'קאָן דאָך טאַקע מיינען ס'איז נישטאָ אירס גלייכן, כאַטש דעם גראַפס טאָכטער... די שוויגער האָט געזען?

צירל, כאָטש די שנור רופט נישט אָן קיין נאָמען, ווייסט גוט אויף וועמען דאָס איז געמיינט: אויף רוכטשען. זי גיט איר אין האַרצן גערעכט. אָבער וויל נישט אַרויסווייזן עס אָפן. נישט אונטערוואַרעמען צו מחלוקתן, אַרויסרופן שנאה צווישן די אייגענע. זאָגט זי ווי צו באַרואיקן און מיט מוטערלעכער ווייכקייט:

— דו ביסט דאָך עלטער פון איר און קלוגער. שוויג. מאַך דיך נישט זען. זאָל זי... זי וועט זיך אויספּריצעווען און ווערן אַנדערש. מ'קען שוין די יונגע העלדינעס...

— אָבער שוויגער...

— שאַ, כ'ווייס אַלעס. דאַרפסט מיר גאַרנישט זאָגן — און ווי נאָך געפעליקער צוגעמען צו זיך די עלטערע שנור, די קלוגע, די ווילגעזענע, וועלכער זי האָט ערלעך ליב, טוט די מענדלעכע אַ שעפּ אָן מיטן גרויסן לעפל פון דער זיך קאָכנדיקער זופּ, איר אָפּגעהיטענע שפּייסצונאַכטיקע גריץ, גיט איטען צו פאַרזוכן אויף מבינות:

—נאַ, פאַרזוך. ביסט דאָך עפּעס אַ „סמאַקאַליצע”, אַ מבינטע. זאָג וואָס ס'פעלט נאָך.

איטע בלאָזט אָפּ די הייסקייט פון שפּיץ לעפל, פאַרזוכט. פאַרשלינגט גלייך ס'גאַנצע.

— טויזנט טעם שוויגער. ס'פעלט גאַרנישט. וואויל ווי די וועלט!

— אפשר נאָך צושיטן אָן אוקצל זאַלץ, אָדער פעפער, ווי מיינסטו?

— כ'מיין ס'איז גענוג. נאָר זאָל זיין נאָך אַ קאָפּעלע פעפער. ס'וועט נישט קאַליע מאַכן. די מאַנסלייט האָבן עס ליב.

צירל טוט צו דאָס קאָפּעלע פעפער. מישט אַדורך. קוקט זיך איבער מיט דער שנור: ביידע פאַר ווייבערישע אויגן בליקן אַרייך זיך טיפער איינע אין דער אַנדערערס, מיט שמייכל, מיט פריינטשאַפט, מיט גוטסקייט. זיי פאַר־שטייען זיך וואויל, איינס ס'אַנדערע. זענען אין די געדאַנקן אייניק, מיט איינ־פאַרשטאַנדיקייט. ביידע אָפּגעהיטענע, מיט ערלעכן וואָרט, מיט אַכטונג צו

אייגענע, מיט דרך־ארץ צום פרעמדן, מיט כבוד צום לייבלעכן מאַן; ביידע מיט די זעלבע ליבשאַפט צו איין און דעם זעלבן נפש, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון מוטערלייב און צוגעבונדן צום ווייבלייב, און ווינטשן אים צוגלייך דאָס אייביקע לעבן — טוען זיי אויך אַצינד מיט די בליקן זיך ווונטשן די זעלבע געגאַד און פרייד און אויף לאַנגע־לאַנגע יאָרן, אין שלום און אין פרידן.

— דו זאָלסט מיר זיין געזונט מיט דיין מאַן און קינדערלעך, מיט דער גאַנצער שטוב — טוט די מאַמע לייענענדיק איטעס געדאַנקן, בענטשן איר פּרוכט.

— אָמן. עץ אויך. די שוויגער מיטן שווער, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

— אָמן! ס׳זאָל ווערן וואָר!

איצט איז שוין אַלץ פאַרגרייט און פאַרטיק, נאָר אַריינצוטראָגן. די אַלטע טוט אַ רוף אויף די איבעריקע ווייבספאַרשוינען צו צוהעלפן. מען צעשטעלט די טעלערס אויפן לאַנגן קיכטיש. מ׳גיסט אָן אין זיי די זופּ. אַ וואַרעמער נעפּל הייבט זיך אויף, הילט די ווייבערישע פּנימער, העלדזער מיט גלעט, אַזאַ מין לאַסקע וואָס ברומט אַריין אין ווייבערישן אויער: ווי גוט איז, מ׳האָט די אייגענע היים, דעם אייגענעם טיש, דעם היימישן טאָפּ, און אין אים וואָס אַריינצולייגן; מען דאַרף חלילה נישט אָנקומען צו קיינעם! דאָס טראַכט זיך פון־זיך אַליין. און די באַלעבאָסטישע הענט ווערן דערפון עפּעס ווי נאָך רירעוודיקער, געשטאַרקטער.

איז וואָס איינע, טוט איצט עפּעס אַנדערש: איינע טראָגט אַריין צום טיש די שיסל געזויערט קרויט, באַווירצט מיט ענגלישע בלעטער און נעגעלעך; אַ צווייטע — מעסער־לעפל־גאָפּל. אַ דריטע — די שוין אָנגעגאָסענע זיך פאַרענדיקע טעלערס. שטעלט זיי אַוועק פאַר די מענער. איטע קומט אָן מיטן גרויסן רונדיקן הויזברויט, אַדורכגעבאַקן אויף ברוין, באַשיט פון אויבן מיט קאָפּער נאָך גאַנצערהייט. טראָגט עס אויף די הענט, ווי אַ קינד צום קוואַטערשאַפט. לייגט אַוועק נאָענט פאַרן בעל־הבית, אויבנאָן. מענדל טוט דאַרויף אַקוק מיט וואַרעמען ווילקאָם. רופט אויס הייטער:

— קינדער, דער „פלאָדן" איז דאָ. די גילדענע יויך גייט שוין אויך...
ס'איז דער מאַמעס מלווה־מלכה. פאַרגעסט אין אַלעם. נעמט עסן מיט געזונט.

אַליין גייט ער, מענדל זיך וואַשן. קומט צוריק מיט אָפּגעווישטע הענט. הייבט אָן דאָס ברויט מיט אַ ברכה. דער עולם נעמט זיך צו דער סעודה. ס'ווייבערוואַרג זיצט אויך שוין אַרומגעזעצט אַרומען טיש און אַלע צוזאַמען טוען זיך אַריין אין לעבהאַפטיקן אַפּעטיטלעכן עסן און מיט גרויס הנאה. די לעפלען טויכן אין טיפענישן. שעפּן די הייסע פליסיקייט וואָס איז וואַרעם און געשמאַק. מע פאַרשלינגט מיט באַלעקעניש און פאַסמאַקעניש, באַגלייט מיט לויבעריי און רומעניש פאַר דער מאַמעס גוט געקאָכטן מאכל:

— אַ ביסל עסן, טויזנט טעם כ'לעבן!

— מ'וועט שוין האָבן אַ גוטע וואָך, מיט געשמאַקע פאַרדינסטן...

— ענקער מאַמע זאָל זיין געזונט, קאַרמעט. יאָ דאָ אין דער טאַרבע, נישטאָ אין דער טאַרבע — אין טאָפּ קאָכט זיך.. — מענדל זאָגט עס מיט עקסטרא לויב פאַרן ווייב, אין אַלעמענס אויגן, צופרידן פון דער זעטיקער מאָלצייט, פון איר זאָרגעוודיקייט פאַר דער שטוב, ווישנדיק זיך דערביי די באָנעצטע וואָנסעס און באָרד.

אין דער צייט פון פאַרצערן דאָס עסן, באַקומט מענדל אַ הרחבת־הדעת'דיקע מראה און אויך אַזאַ געמיט. ס'גליסט זיך אים ווידער צו דערציילן. און דאָס פון אַמאָל, פון יענע ווייטע טעג. ער הייבט אָן מיט אַ פרישע מעשה, פון יענער צייט, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור, געדינט ביי פּאַניען, געלעגן ערגעץ פאַרוואָרפן טיף אין סיביר, אויף טויזנט מייל ווייט. אַ היימגעקומען אַ גאַנצער קאַצאַפּ מיט אַ פּאָר אַראָפּ־הענגנדיקע וואָנסעס ווי ביי אַ טאַטער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אָן עסק מיט שידוכים, מיט אָנשלאָגענישן: איינע, אַ צווייטע, אַ דריטע — ס'האָט נישט אָנגענומען; וואָס ביי איינע איז געווען אָן אַנדערער פעלער, אַן אַנדערער פּגם: אָן אויסקרומעניש, אַ הינקעניש, אַ מיאוסקייט. און אָט אין אַ טאָג האָט מען אים געברענגט צום שויען, אַ יונגע, אַ שיינע (צירל פאַרויטלט זיך. באַקומט פאַרב אין די באַקן, שמייכלט פאַרשעמט. זי ווייסט שוין וועמען...). געווען אמתדיק אַ באַחנטע. נאָר אַ ביסל

אַ שעמעוודיקע. אָבער דאָס איז נישט קיין גרויסער חסרון ביי יידן. אַדרבה, אַ מעלה. מ׳ווייסט אַזאַנע וועט זיך פירן אָרנטלעך, פאָלגן דעם מאַן, אָפּהיטן די שטוב... און אַז ס׳איז אויפגעלייגט, העלפט דאָך נישט — גיט מענדל צו שוין האַפּערדיקער אָנווייזנדיק מיטן בליק אויפן ווייב — מוז עס דיר אַריינפאַלן אין די הענט... און אירע עלטערן האָבן זיך שוין נישט געוואָלט פון מיר אָפּטשעפּען. מיט כוח זי מיר אַריינגעגייט... יאָ. נו, מ׳ילא. זאָל עס זיין אויף לאַנגע יאָרן, מיט נחת און פרייד.

די קינדער לאַכן. די יונגע ווייבער גאָר הויך אויפן קול, מיט גרויס צופרידנקייט פון אַלטנס אויפגעלייגטע רייד. באַשענקען די מוטער מיט ליבלעכע בליקן.

פאַמעלעך בינדט זיך אָפּ די צונג ביי מענדלען נאָך מערער. ער גייט איבער אויף אַנדערע דערמאָנונגען. מעשיות. געשיכטעס, שוין באַלד פאַרגעסענע. דערמאָנט די „אחדות״־צייט אין ניינצן פינף, ווען ס׳איז געוועזן פריילעך אין שטעטל... מענדל איז דאָ אַביסל מער מאריך. דער־ציילט געלאַסן, פאַדראָבנע, מעשהדיק. אַקצענטירט יעדעס וואָרט, מיט אויסדרוק, מיט בילדרישקייט.

— האַ־האַ, האָבן מיר געהאַט דענסטמאָל אַ שטיקל ארבעט... הייבסט זיך אויף אינדערפרי, אַ־וואַ, דערקענסט נישט די שטאָט. וואָס איז געשען ? מ׳וויל נישט מער דעם קיסר. הערטס אַ מעשה, מ׳וויל נישט מער ניקאָלייען, און וועמען ווילט׳ץ יאָ ? זיי ווייסן אַליין נישט. זיי ווילן, זאָגן זיי, פרייהייט, אַ זעלבסטשטענדיק פּוילן, ווילן זיי (כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען צוואָס די יידישע יונגעלייט רייסן זיך אַזוי די העלדזער נאָך דעם זעלבסט־שטענדיקן פּוילן. קליינע אַנטיסעמיטן זענען זיי ? נו, מילא, זיי ווילן...). יידישע יונגען אויסגעפּוצטע ווי צו דער חופּה, מיט רויטע שלייפן אין די לאַצן פון די רעקלעך, לויפן צוזאַמען מיט שקצים, איבער די גאַסן, מיט רויטע פענער אין די הענט, ווילדעווען, שרייען : „זאָל לעבן נאַשאַ פּאָלסקאַ !״ רוישן, בריקעווען ווי ס׳מלכות וואָלט שוין געלעגן אין זייערע הענט, ביי זיי אין קעשענע... מ׳זעט נישט קיין סטראַזשניק, קיין זשאַנדאַר פאַר די אויגן. אַלץ האָט זיך אַפּגעטראָגן, באַהאַלטן אויס מורא. אין דעם טאָג האָבן זיי די „אחדותניקעס״, זיך גענומען צו נאָך אַ מלאכה : אָפּ־

רוימען די גנבים, מוסרים, כות־גייערס. זעליג הערש־מאירס, א ריזיקער יונג, א בריטאן, א גאנצער מאכער ביי די אחדות־לייט, האט זיך אריינ־געריסן צו די קאבעלניקעס און אן א ווארט אויסצורעדן אוועקגעלייגט מיט א שאס יאנקעלע גנב, דעם „צוטראגער". שפעטער נאך אלעמען שוין, נאכן דורכפאל פון אויפשטאנד, האט זיך געטאן חושך. מ'האט געזוכט זעליקן, אים געוואלט דערהרגענען. ער איז שוין נישטא געווען. אנטלאפן איבער דער גרענעץ. אבער זיינע עלטערן האט מען נישט געלאזט צורו, נישט געלאזט לעבן. און צווישן די צוויי משפחות האט זיך אנגעהויבן סכסוכים, געשלעגן, בלוט־פארגיסונגען. ווי־נאר מ'האט זיך אפגעפונען אויף א וועלכן ארט, האט מען זיך שוין געקריגט, געשלאגן; געהויבן שטיינער, געוויכטער, שטעקנס, זיך צעהורגט. און דער בעסטער טאג איז דארויף געווען שמחת־תורה. אויסגעטרונקן, דער קאפ וויגט זיך ס'טרייבט אונטער, די הענט זוכן עפעס צו טאן... האט מען זיך אפגעזוכט. פאר־שטייט זיך, די קאבעלניקעס, הערש־מאירס שטוב. מ'האט זיך צעממיתט. בלוט האט געריגען. שיינע יארן האט עס אזוי אנגעהאלטן. ביז עטלעכע בכבודיקע בעלי־בתים, מיטן רב בראש, האבן זיך אריינגעמישט. געמאכט אן אויסגלייך.

מענדל בלאזט אפ פון זיך ווארעמען אטעם. ווישט אפ מיטן טאשנטוך דאס פארפייכטע פנים און זוכט אויס נאך עפעס. ער קאן זיך גארנישט אפהאלטן. האט גרויסע הנאה פונעם דאזיקן היימישן פאמיליע־אוונט, פון זיין דערציילן. די אויגן זענען ביי אים צעבלאנקט, די באקן פארוויטלט, דער אויסזען צעשיינט; די פארבן שפילן אויף זיין פנים ווי ביי א גוטן טאטן ווען ער זעט נחת ביי די קינדער. ער איז איצט פארגעסן אין אלעם: פון שווערן לעבן, פון סינדיקאט, פון די „גארבערלעד", קאפ־דרייעגישן; ליב און זיס איז אים דאס זיצן אצינד צווישן די לייבלעכע, צווישן זיין בלוט־און־פלייש, וואס ער צוזאמען מיט זיין צירלען, האבן אט די קליינע שטילע נעסט אויפגעבויט, געבערענגט צום לעבן, און וואס גיט זיי, אים מיט איר, א גרויסן לוין און שטארקונג.

— איי, וואס ס'האט זיך אלץ אפגעטאן אין דעם ביסל יארן — רופט מענדל מיט א קול וואס פליסט פון זיך, מיט וואונדער און חידוש — אז די

גיסט זיך אַ דערמאָן אויף צוריק, זעסטו אַ הויכן באַרג, אַ פעלזיקן, וואָס איז דיר שווער אויף אים צו קלעטערן, און דו מוזט דערקלעטערן. האָסט נישט קיין ברירה. פאַלסט, הייבסט זיך, און דו גייסט ווייטער— ווייל דו מוזט גיין. ס'לעבן טרייבט דיך. מילא, וואָס איז שוין דאָ צורעדן. נאָר מיט געזונט. ס'איז נישט אין מענטשנס האַנט. ס'איז אין דעם באַשעפערס ווילן.

צירל הייבט אויף די אויגן, קוקט צו אים, דעם אויפהאַלטער פון הויז. אויך איר געזיכט איז איצט יונגער, ראַזיקער, מיט פרידלעכער באַרוטקייט. די בליקן ווייך, כמעט פאַרבענקט. זי איז אין די מינוטן אויך פול מיט אויפגעגאַנגענע זכרונות, פונקט ווי ער, איר מאַן. זי גיט צו פון איר זייט:

— טאַקע אַ הויכער באַרג. ביסט געדעכט מיין מאַן. שווער געווען דאָס קלעטערן. נאָר ווי דו זאָגסט, וואָס איז שוין דאָ צורעדן: מ'זאָל זוכה זיין צו דערקלעטערן מיט געזונט, מיט פרידן ביזן ענד!

מענדל דערזעט די אויפגעגאַנגענע פייכטקייט אין אירע אַפּלען און ר'איז איבערגענומען. הייבט אויף די אויגן מיט געבעט, מיט שטילער תפילה: גאָט געטרייער, גיב אונדז כוח, מיר זאָלן דאָס אַלץ קענען איבער־טראָגן, איך מיט מיין הויזגעזונט, מיט מיין ווייב און קינדער. אונדזערע פיס זאָלן זיך חלילה נישט אויסגליטשן, נישט שטרויכלען. וואָס וויל איך דען? כ'פאַרלאַנג נישט קיין מאַרציפּאַנעס, קיין פּאַלאַצן. ווייסט אַליין: אַ שטיקל ברויט צו זעט, אַ מלבוש אויפן לייב — דאָס איז עס! דאַריבער ברענג אונדז נישט צו קיין אָרעמקייט, ס'זאָל חלילה נישט אויספעלן אָט דאָס שטיקל ברויט, נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם, צו קיין מתנת־בשר־ודם. נישט פאַרשעמט ווערן. דאָס בעט איך ביי דיר טייערער פאָטער, און טו מיר צוליב. —

דאָס עסן איז שוין פאַרענדיקט. ס'געפּעס צוריק אַריינגעטראָגן אין קיך. די ווייבער פאַרפאַרעט ביים אָפּוואַשן, אָפּווישן און אוועקרוימען. איצט טוט זיך שוין אַלץ גיכער, מיט געאיילטקייט. מע געדענקט אין מאָרגנדיקן טאָג; מען דאַרף אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט, צו דער נייער האַרעוואַניע; דער מאַן אין הויף ביי די פעסער, ביי דער סטויקע, מיטן שאָבמעסער, מיטן ר ע ק א י י ז ן; ס'ווייב ביי דער קיך, ביי דער ווירט־

שאַפט, צוגרייטן עסן פאַר אים דעם מאַן, פאַר די קינדער, אַרומזשומען דעם גאַנצן טאָג ווי אַ בין פון איין אָרט צום אַנדערן אָן אָפּרו, און מיטן אָנקומען פון דער נאַכט אַוועקפאַלן אויפן געלעגער אַ מידע אָן אָפּגעמאַטערטע, ווי דער האַלצהעקער נאָך אַ טאָג אָפּגעהאַקטע קלאָפּטערס האָלץ אין וואַלד. אָבער זאָל כאָטש דאָס נישט געפעלט זיין. —

איז נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיטן געפעס און אַריינקומען צוריק אין שטוב, לאָזן די ווייבערישע שטימען זיך הערן שוין אַביסל אומגעדולדיקער, אונטערגעאיילטער. זיי נעמען אונטעריאָגן די מענער צום אַהיימגיין.

— מאַנסלייט רירטס ענק. גענוג „געבאַטשקעט". הייבטס ענק אונטער, ס'איז שפּעט. צ'וועט דאַרפן באַלד אויפשטיין צו דער אַרבעט. אָט, נעמט באַלד טאָגן...

די מענער הייבן זיך אונטער פוילבלעך פון די ערטער, געניצן אָפּ מיט אייגגעהאַלטענע גענעצן פון אַנגעפאַלענעם שלאָף. רופן אָפּ אויף צוריק:

— נו, יאָ, ווייבער קומטס. שטעלטס אַ פוס. אַביסל רירעווודיקער. געהולכט...

מענדל באַגלייט זיי אַרויס ביזן שוועל פון פעדערהויז. קוקט זיי נאָך אין זייער אַוועקגיין און אַנגענומען מיט נייער האָפנונג פאַר דער נייער וואָך, פאַר די נייע ראַנגלנישן און מיט בטחון אויף הצלחה, אויף אַ מער איינגעגעבענעם פדיון, געזעגנט ער די קינדער, ווינטשט זיי נאָך, יעדן באַזונדער מיט טאַטעשע ברכות: אַ גוט געזונט, מיט לעבן אויף ענק! אַ ווייל וואָרט ער נאָך אָפּ ביז ער פאַרלירט זיי פון זיין אויג. פאַריגלט ער די הויז טיר און לאָזט זיך אַריין אין שטוב אוועקלייגן די אייגענע ביינער צום אויסרוען אויפן געלעגער, פאַרן נייעם מאָרגנדיקן שווערן טאָג.

## ישראל יצחק

סע טרעפט: אין אַ גאָרטן כאַפּט זיך אַריין צווישן די געוויקסן, אַ פרעמדע פאַרבלאָנדזשעטע פלאַנץ, לעבט, אַנטוויקלט זיך מיט אַן אייגן באַזונדער לעבן, מיט אייגענע אייגנשאַפטן און אייגענער טבע. קעמפט פאַר איר קיום, לאָזט זיך נישט באַזיגן.

ישראל־יצחק איז געווען ביי מענדלען אין הויז אַזאַ מין באַזונדערע

פלאַנץ, מיט אַן אייגן לעבן, אייגענער טבע, מיט באַזונדערע אייגנשאַפטן. גראָד ער דער בכור, דער ערשטלינג, צו וועלכן מענדל האָט געטראָגן אַן אויפריכטיקע פּאָטערלעכע ליבשאַפט, פאַרערונג — גראָד ער, האָט זיך אויסגעבראָכן, אויסגעטיילט פון באַומישן הויז, מיט זיין כאַראַקטער, לעבנס־באַנעם און התנהגות. ישראל־יצחק האָט נישט געהאַדעוועט אין זיך דעם ווילדן אימפּעט, טראַציקייט, דעם ווילן זיך איינרייסן מיט מענטשן, ווי די איבריקע ברידער: נישט געווען אַנגעלאָדנט אויך מיט זייער הייס־בלוט, מיט צעהיצטן פייער. אַפילו דער גרין צעגליטער פאַספאָר פון זייערע אויגן וואָס האָט אין דער ערשטער מינוט אַ פרעמדן ווי אָפּגע־שראָקן, האָט אים געפעלט — אַן אַנדער געוויקס ווי געזאָגט, אין אָט דעם באַומישן גאָרטן.

ישראל־יצחק האָט אויך מיט זיין אויסערלעכן אויסזען, זיך עטוואָס אונטערשיידעט פון די אַנדערע ברידער: אַ גלייך געוויקסיקער, שלאַנק־געבויטער, מיט שטיל מילדן שיין אין זיין בליק: די האָר, הגם רויט ווי ביי אַלע אין הויז, אָבער דאָך געלאָשענער, מיט אַ צומיש פון דער מאַמעס טונקעלער פאַרב. ער איז בכלל געווען, אַזוי מיטן אויסזען, אַזוי אין דער נאַטור, געראָטן אין דער מוטער. געהאַט אַפילו איר שטילן טריט און פרידלעכקייט. דאָס איז אויך געווען די סיבה, פון זיין אַזוי צוטרוי־לעכער צוגעבונדנקייט צו דער מאַמען אין אַלע זיינע יאָרן און מיט אַ גרויסער ליבשאַפט. ווי זי צירל האָט ער נישט פאַרליטן די העצערייען, קריגענישן, די באַומישע קשה־עורפדיקייט. און כאָטש ער האָט עס נישט געקאָנט אַרויסווייזן צו אָפן, פריי, כדי נישט ברענגען אויף זיך די פיינטשאַפט, גרינגשעצונג, אַפילו אינטריגע, מצד דעם ברידערישן געזינדל, האָט ער דאָס אָבער אויך נישט געקאָנט אינגאַנצן פאַרבאָרגן. געלאָזט עס דערקענען. זיי האָבן דאָס געוווּסט און געטראָגן צו אים אינדערשטיל נישט קיין איבריק פריינטלעך געפיל.

ער ישראל־יצחק איז פון די יונגע יאָרן געגאַנגען זיין באַזונדערן וועג. שוין אין יונגן פריען עלטער זיך אַנגעשמעקט מיט די היימישע יידישע אותיות און מיט ליבשאַפט צו זיי. פאַר די אָפּגעשפּאָרטע פאַר גראָשנס וואָס ער האָט אַנגעקליבן, האָט ער זיך איינגעשאַפט ביי די פאַקנטרעגערס,

די מיט סוד און רייץ געהילטע מעשה־ביכלעך, אין וועלכע ס׳האָט זיך דערציילט אַזוינע פּלאי־פּלאַימדיקע געשיכטעס פון צדיקים, פון פּרינצן און פּאַסטעכער; באַרעמהערציקע גזלנים וואָס צעטיילן די צוגערויבטע פאַרמעגנס, אָרעמעלייט; פון „יוסף דלי רינה״, וואָס האָט געוואָלט ברענגען משיחן, געווען שוין באַלד נאָענט צום ציל, נאָר דער אַשמדאי, דער מלך פון די שדים, האָט זיך אַריינגעמישט אין אַלץ צעשטערט... אַזאַ שיינע מעשה אויך, פון „יוסף מוקיר שבת״, וואָס האָט אין זיין גרויסער אָרעמקייט, זיך נישט אָפּגעזאָגט פון אויסגעבן די לעצטע פּרוטות אויף שבת, אים צו באַשיינען. און אין דעם זכות, געהאָלפן געוואָרן: געקויפט אין אַ פרייטיקדיקן טאָג, פאַר די לעצטע גראָשנס אַ פיש. אין זיין בויך האָט ער געפונען אַ פּערל, וואָס האָט אים שוין געשפּייזט דאָס גאַנצע לעבן — אַלץ אַזוינע שפּאַנענדיקע, אין פאַנטאַזיע אויסגעשפּונענע מעשהלעך, פול מיט גוטע טאַטן, מעשים, וואָס האָבן געמאַכט אַריינטריפן אין יידישן יינגל, טרוים, פאַנטאַזיע, חכמה, און וואָס האָבן אויך געגעבן דעם יידישן קינד, באַלד אין זיין גאָרער יונגקייט, אַ סך חלום, בענקשאַפט, ליבע צו גוטס טאָן; געטריבן אים צום טראַכטן, פאַנטאַזירן פון אַן אַנדערער שענערער באַגערטער וועלט.

ישראל יצחק איז מיט אייגענע כוחות דערגאַנגען שפּעטער ביים דערוואַקסענער ווערן, צום בעסערן בוך און צו ביסלעך אויך צום ספר־הספרים, צום תנ״ך, וואָס ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך אַלס יינגל אין רבינ׳ס חדר, פון רבינס אַרויסדערציילן פון „פּסוק״, די וווּנדערלעכע געשיכטעס פון יענע צייטן: מלחמות, העלדנטאַטן, שופטים־גבורים, אויפ־געשטאַנענע דורך גאָטס וואָרט, וואָס האָבן זיך אַנגענומען פאַרן פאָלק, מציל געווען עס פון די שונאימס הענט: עמלקים, פלישתים, מדינים, אדום, עמון־ומואב — אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונגען פון דעם אַמאָליק לאַנגען זיך ראַנגלדיקן יידישן קיום. ער האָט געהאַט דערפון אַן אויסער־געוויינלעכע הנאה און דאָס מיטגעטראָגן מיט זיך שוין אין גאַנג פון די יאָרן און אפשר שוין אויף זיין גאַנצן לעבנס־וועג; אין דער שטיל געבענקט נאָך אַן אַנדער לעבן, אַ שענערס, אַ פיינערס. נישט זיין אַזוי פאַרזינקען אין יאָך, אין יאָרזשמע פון דער שווער־האָרעוונדיקער גאַרבער־

מלאכה, פֿאַרזונקן אין אַזאַ חומרישער וועלט וואָס פֿירט צו גראָבקייטן, מחלוקת, צאַנקערייען.

לייכט איז דעם יונגן מענטש צו חלומען, טרוימען, אָבער שווער, זייער שווער צום פֿאַרווירקלעכן.

וואָס שייך ישראל־יצחקן האָט גאָרנישט געקאָנט געמאָלט זיין, דאָס אָפּרייסן זיך פֿון דערהיים, פֿון שטוב, פֿונעם הויף. ווי אַ שטאַרק צוגע־וואַקסענע צווייג צום געזונטן בוים, האָט ער זיך געמוזט האַלטן מיט אַלע צוזאַמען אין הויז. דער אַלטער שטאַם, דער פֿאָטער, האָט צוגעהאַלטן פֿעסט מיט זיין וואָרצלדיקן כוח, יעדעס באַזונדערע צווייגל. נישט געלאָזט זיך אָפּטיילן. יעדן שפּראָץ אונטערגעטעניקט, פֿאַריאָכט. ישראל־יצחק האָט פֿון דער היימישער נעסט נישט געקענט זיך באַפֿרייען. פֿון דער צוזאַמענ־אַרבעט נישט אַרויס. געבליבן. געשטיקט זיך אין דער ענגער שטייג. געליטן.

מיטן דערוואַקסענער ווערן און באַקומען איטען פֿאַר אַ ווייב, און שוין מיט אַן אייגענער שטוב, האָט אויפֿגעלאַכטן אַ ליכטיקערער שיין אין זיין לעבן, אַ טראָפּעלע לייכטער געמאַכט: ער האָט געהאָט צו וועמען אַהיימקומען, צו וועמען אַ היימטראָגן די עגמת־נפשן, אָפּדערציילן זיך פֿון האַרצן און הערן אַ טרייסטוואָרט. איטע אַ פֿאַרנונפֿטיקע קלוגע פֿרוי, האָט פֿאַרנומען זיינע קווילן. געוווּסט ווי זיין געמיט צו לינדערן, פֿאַר־גרינגערן. זי האָט געהאַט אמת, אירס אַן אייגענעם בליק אויפֿן לעבן, אַ ביסל אַן אַנדערשדיקן, אַ מער פּראַקטישן, רעאַלערן ווי ער, איר מאַן. זי איז געווען אין דער נאַטור אויך שטאַרקער פֿון אים, אויסהאַלטעוודיקער, דערפֿאַרענער. אָבער זיין קוויל, זיין אומעט, פֿאַרשטאַנען, אויפֿגענומען. אים געשטאַרקט. משפּיע געווען צום גוטן. און ס'האָט געהאָלפֿן. ער האָט געפֿונען אין איר אַ גוטן חבר, אַ זיכערן אָנלען. זיי האָבן זיך ערלעך ליב געהאַט. געהאַלטן צוזאַמען און אין זייער שטיבל געפֿינען אַ באַרו־איקנדיק, ליב אָפּרו־אָרט.

אין אָוונט ווען ער איז אַהיימגעקומען, באַפֿרייט פֿון דער אַרבעט, פֿונעם טאָגיקן גערודער, האָט זיך ביי אים געשאָפֿן דאָס געפֿיל, ווי ער וואָלט אַרויס פֿון אַ ברויזנדיקן ים, געבליבן רוען אויף אַ שטיל אָפּדער־ווייטערט אינזעלע: זיין היים. זיך צו באַהעפֿט צו איר, זיין לייבלעכער,

די׳ וועלכע האָט פאַר אים אָפּגעהיטן דאָס דאָזיקע רואיקע ווינקעלע. געשענקט אים איר וואַרעמע פּרויאישקייט, אירע ליבשאַפטן.

אָפּגעוואַשן און אָפּגעגעסן, האָבן זיי זיך צוגעזעצט אויף דער קליינער מיט געוואַנד באַדעקטער קאַזעטקע, אַפּרוען. ער האָט פאַר איר אָפּדער־ציילט די געשעענישן פון טאָג, די פאַרלויפעגישן פון הויף, די באַזונדערע פאַרשידן אַריינגעקומענע נייעסן, מערסטנטייל נישט קיין פריילעכע. ס׳האָט אים געצויגן דער פאַרלאַנג וואָס מער זיך אַראָפּרעדן, טיילן מיט איר אויך פון זיינע יונגע יאָרן, פון זיין לעכצן און בענקן עפּעס צו דערגרייכן, דערוועלבן. צומאָל אַרויסגעקומען מיט טענות אויף זיך אַליין: בכן, ער האָט ווייניק געלייגט אַכט אויף זיך, ווייניק געלערנט, ווייניק אַריינ־געגומען אין זיך קענטשאַפט. וואָלט ער געווען אַריינגעטאָן מער אין די קענטעגישן וואָלט ער מעגלעך געפונען אַן אַנדערן וועג אין לעבן, אַן אַנדערער אַרבעט, אין אַן אַנדער שטאָט. נישט געמוזט זיך אַנהאַלטן מיט אַלעמען צוזאַמען אין דער היימיש סטאַדעשער, יאַרזשמעדיקן גאַרבער־הויף.

— כ׳זע ערשט איצט, ווי שלעכט עס איז, אַז מ׳האָט נישט קיין שכל. קיין אָריענטאַציע אין די יונגע יאָרן. כ׳האָב מיך אַליין פאַרנאַכלעסיקט, פאַרזען — האָט ער זיך געקלאָגט פאַר איר, דער ווייב.

— מיטן לערנען מיינסטו? — האָט איטע שטיל איבערגעפרעגט — שכל האָסטו גראָד יאָ געהאַט גלייב איך, נאָר נישט די מעגלעכקייטן. און אין לעבן שפּילט דאָס מאַטעריעלע אַ גרויסע ראָל, מער אָמאָל ווי שכל און ווילן... — זי האָט אויף איר פּראַקטישן אופן געזוכט אים אויפקלערן די רעאַלע שווערע וועלט און דערביי אָפּיאָגן די גריבלעגישן, יאַדעגישן זיינע.

— אמת, דאָס איז טאַקע געווען די הויפּט־סיבה — האָט ער מודה געווען — און איך האָב אַזוי געגאַרט צום לערנען, עפּעס צו דערגרייכן, קאָנסט דיר גאָרנישט פאַרשטעלן. אַפילו נאָך דער חתונה, נאָך געחלומט עפּעס אויפטאָן און אַרויס פון דאַנען.

— איך אַליין, זאָגן דיר דעם אמת, האָב אין אָנהייב דאָס אַלץ ביי דיר באַמערקט. געווען ווילִיק דערצו. נאָר געזען, ס׳איז אויף בחינם, אומזיסטע טראַכטענישן. ס׳וועט נישט גיין. וועסט פון דאַנען נישט אַרויס...

— דער טאַטע האָט אונדז באַלד פון יונגערהייט אַן אַזוי דערצויגן

ווי זעלנער אין קאַזאַרמע. נישט צום אָפּרייסן זיך, נישט צום אָוועקרירן...

— דער טאַטע ריכטיק, איז אַביסל אַ שטרענגער. אָבער נישט דער ערגסטער. ער האָט זיינע מעלות און גרויסע מעלות, וואָס אַנדערע טאַטעס האָבן נישט. איך האָב געקענט אַנדערע פאַטערס, וואָס אין פאַרגלייך מיט אים, זענען זיי געווען שוואַכלינגען, אומבאַהאָלפענע באַשעפענישן. ביי אַ ליאַדע שווערע סיטואַציע, זיך איינגעבראָכן. נישט געקאָנט דערהאַלטן דאָס הויז אין גלייכגעוויכט, אין פעסטע הענט. דיין טאַטע באַווייזט עס יאָ. טראָגט די גאַנצע לאַסט אויף זיינע פּלייצעס און פאַר אַלע. און דאָס איז נישט אַזאַ לייכטע זאַך, ווי ס'דאַכט זיך אויס. מ'קאָן עס נישט גרינג־שעצן. פאַרקערט, מען מוז עס אַכטן.

זי האָט אָפּגערוט. אין עפּעס זיך דערמאָנט. און ווי אים אָוועקפירן פון דער זשמודנער מאַרודעניש, איבערגעגאַנגען פּלוצעם אין ווייבעריש שטיפערישן טאָן. באַוועגט פון איר מונטערער נאַטור, האָט זי גענומען זיך אַ שפּיל טאָן מיט אים, ברענגנדיק אין באַוועגונג אויך אַזוי שפּילעריש אירע פינגער, אויגנוויעס:

— צוריק געשמועס, ווען דו וואָלסט געווען אַן אַנדערער, אַ געביל־דעטער, אַ געלערנטער וואָלסטו דאָך מיך נישט געווען גענומען פאַר אַ ווייב... ריכטיק אַזוי צי נישט? זאָג!

— איך האָב געטראַכט וועגן אַזאַ איינע — ווי דו.

— פּונקט אַזאַנע ווי איך? קוק מיר גלייך אין די אויגן!

— יאָ. — און ער האָט איר געקוקט רואיק, גלייך אין די אויגן.

— דאָס מיינט, האָסט געחלומט פון אַ שיין מיידל, וואָס זאָל צו דיר קומען, זיך אין דיר איינליבן, דיר העלפן, יאָ?

— ווי דו וואָלסט געווען דערביי, געטראָפן מיינע געדאַנקען. און מעגלעך ווען איך באַגעגן דיך אין די ערשטע יונגע יאָרן, וואָלט מיר געווען אַ סך גרינגער, וואָלסט מיר צוגעהאָלפן, פאַרלייכטערט.

— בין איך דאָך געקומען. איז אַ ביסל שפּעטער. סיידווי האָסטו באַקומען וואָס האָסט געוואָלט, ווי דו אַליין זאָגסט. דאַרפסטו זיין צופרידן...

כאָטש דאָס אַלץ איז געווען געזאָגט אין לייכטן, האַלב־שפּאַסיקן, פריילעכן טאָן, האָט עס אים געוואָרעמט געלינדערט. ער האָט אַנגענומען

איר באַוועגלעכן אָרעם, צוגעברענגט צו זיך. צוגעטאָן זיינע ליפּן. געקושט געשעפּטשעט:

— איך דאַנק מיין גורל, וואָס האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט דיר, איטעשי!

זיינע ווערטער האָבן געוועקט אין איר עפּעס רירנדיקס און באַזונדער רחמנותדיקס אויף אים. זי האָט זיך צוגענענטערט. אים געצערטלט. געזאָגט שוין ערנסטער:

— וואָס געוועזן, לאָמיר פאַרגעסן, מיין ליבער מאַן. אין לעבן גייט נישט אַלעמאָל ווי דער מענטש וויל, נאָר ווי דאָס לעבן וויל... און בילדן זיך, דערגיין צו אַ גוטן תכלית, איז כמעט פאַר יעדן יונגן מענטשן אַ טרוים. געווען אויך פאַר מיר... דאַריבער פאַרשטיי איך דיך. אָבער דאָס איז שווער. דאָס קאָנען נאָר דערגרייכן קינדער פון רייכע היימען. פאַר אַ באַלעבאַטיש מיטלשטאַנדישע שטוב, איז דאָס אַ פאַרשלאָסענע טיר. אָוועק־גענומען פון אַלע מעגלעכקייטן. און אַלע אונדזערע שטיבער זענען דאָך באַלעבאַטיש־פאַרהאַרעוועטע, מיטן שטערן אַרויסצוהאַקן דאָס שטיקל ברויט (ס׳זאָל נישט געפעלט זיין!). און וואָס שייך דיר, קענסטו דערווייל מער ווי אַ סך אַנדערע און אַוודאי מער פון דיינע ברידער. דאָס וואָס מיר דאַרפן בעטן היינט־צו־טאָג, איז אויף אַ גוט געזונט, אויף אַ פרידלעך לעבן. מיר זאָלן זיין צוזאַמען. זיך עלטערן אין פריידן. כ׳דאַרף נישט מער.

ער איז פון אירע רייד געוואָרן געמוטיקט, געשטאַרקטער, איינגעזען ס׳רעדט פון איר, דאָס געטריי ווייבישע מויל, דער געזונטער קלאָרער פאַרשטאַנד, די לייבלעכע גוטסקייט און געטריישאַפט און נאָך מער געזוכט אין איר זיך אָנצוהאַלטן.

מיטן אויסברעכן פון סכסוך אַרומען סינדיקאַט און דאָס אָפּאיינזאַמען זיך פון זייער הויף, פון דער גאַרבער־עדה, האָט ישראל־יצחקן אַרייג־געטריבן פּשוט אין אַ מורא. געפילט ס׳רוקט זיך אָן אַ שווערע צייט פאַר דער היים. די זאַך וועט זיך לייגן ווי אַ דריקנדיקע משא אויף אַלעמענס פּלייצעס. ר׳האָט גוט געקענט דעם גאַנג פון זייער שטוביקן כאַראַקטער. געוווסט דער פאָטער מיט די ברידער וועלן נישט נאָכגעבן,

נישט איינגיין אויף קיין פשרות, דערצו נאָך, ווען דער טאַטע האָלט זיך פאַרן געזעכטן. ס׳וועט זיך צעפלאַקערן אַ קאַמף, אַרויסרופן דעם קריגערישן יצר: אַרויסצושטעלן דעם קאָמיטעט מיט דער גאַנצער גאַס צוזאַמען — אַ פייג!

און כאָטש ישראל־יצחק גופא, איז אויך נישט געווען אינגאַנצן פריי פון באַומישן בלוט, פון דער איינגעוואָרצלטער טבע צו קוקן מיט חשד, מיט פאַרדאַכט אויף יענעמס פינגער און מעשים, און אַוודאי נישט גענויגט צו גלייבן אין דער ערלעכער כוונה פון די קאָמיטעט־לייט אין זייער אמת — האָט ער דאָך געהאַלטן בעסער זיין דאָסמאָל פאַרזיכטיק, נישט בלייבן אין לחלוטינדיקער איזאָלירטקייט: זאָל זיין נישט אין דער ערשטער ריי מיט די גרויסע הייף (מענדל האָט דווקא געהאַלטן, ס׳קומט אים יאָ. זיין סחורה קאָן מען שטעלן אין דער וויסטאַווע...). זאָל זיין מיט די ערשטע מיטעלע, די בכבודיקע, נאָר גיין צוזאַמען. וואָרעם אַז מען איז אין דרויסן, איז מען פאַרשטויסן... האָט ער געטענהט צו ס׳זייניקע. אָבער ווי נאָר ער האָט געלאָזט פאַלן דאָס ערשטע וואָרט דערוועגן, האָבן די ברידערלעך שוין געשטערקט צו אים די רויטקופּערנע קעפּ, גרייט זיך וואַרפן אויף אים, פאַרשטיינען... דער פאָטער האָט אויסגעקרימט די גרינע אָפּלען. אויסגעברומט:

— ס׳פאַרגליסט זיך דיר שותפימלעך, האַ? זיי צוהעלפן צו די גניבות?...

דאָס איז געווען געגנוג ישראל־יצחק זאָל פאַרבייסן די ליפּן, שווייגן. ער האָט אַ באַזאָרגטער, אין דער שטיל דערוועגן איבערגערעדט מיט דער מוטער, זיך געקלאָגט פאַר איר. זי צירל, האָט ווי ער, איינגעזען זיין גערעכטיקייט. אָבער אויך ווי ער, איר בכור, — איז זי געווען אומבאַהאָלפן, מיט גאַרנישט געקאָנט ווירקן אַקייגן דעם ברויזנדיקן געזינדל. זי די מאַמע, פון תמיד און שטענדיק, אַ גענויגטע אויף פשרה, אויף דורכקומען, אויף פריינטשאַפט מיט מענטשן, מיט שכנים, האָט זיך אָנגעטראָפן ווי אויף אַ האַרטע וואַנט מצד דעם איבריקן מענערישן געזעמל פון שטוב. זי איז געווען צו שוואַך די וואַנט פון אָרט צורירן...

מיט פאַרלייגטע הענט אויפן האַרצן, האָט זי געזאָגט צו איר ליבן זון:

— וואָס קען איך דאָ העלפן, מיין קינד. דו ווייסט דאָך, קענסט דיין טאַטן און דיינע ברידער זאָלן זיין געזונט. איך האָב דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ס'וועט נאָר אויסגיין צו מיין קאָפּ, צו דער קיך... דאָס ווייס איך יאָ.

צירל, דאָס שטיל רואיקע מענטש, האָט געוווּסט, אַז ביי אַזאַ אָנגעשטאָנענע „קטב־מרירי", אומאָרדענונג, וועט די שווערע דאַליע אין שטוב אויספאַלן אויף אירע שוואַכע פּלייצעס, צו איר געמיט. זי וועט מוזן האַלטן חשבון מיט עול און זאָרג, פאַר דער פאַרקווילט געוואָרענער ווירטשאַפט: גרייטן פאַר די מיילער עסן, כאָטש די שפּייז־טאָרבע וועט ווערן לערער און ליידיקער. אָבער ס'איז נישט געווען קיין עצה. נישט געקענט איבערמאַכן דעם סדר, דעם גאַנג פון הויז. געקאַרגט, געבאָרגט אין קראָם, געשטיקעוועט, געזען ס'זאָל זיין וואָס אַריינצולייגן אין טאָפּ, און געשוויגן.

ישראל־יצחק אוממעכטיק ווי די מוטער, איז מיטגעגאַנגען. געטאָן וואָס דער פאָטער האָט געהייסן. מענדל פון זיין זייט, האָט ביי אַלע שטרענגקייטן, געהאַט אַ באַזונדערן איינזען פאַר אים דעם עלסטן זון. ווי נאָר מעגלעך אים אָפּגעשוינט. ער האָט אים נישט געשיקט מיט די סחורות זיך אַרומשלעפּן אין דער פרעמד, ווערן אויסגעריסן. פאַרמיטן פון אים אַנדערע שוועריקייטן. אונטער די אויגן געלאָזט פאַלן פאַר די איבריקע זין, וועגן אים גוטע ווערטער. אים פאַרענטפערט: „ער איז אַן איידעלער, אַ שטילער, אַ שוואַכער אויסטויגער אין דער פרעמד. לאָזט אים אָפּ..."
מענדל האָט אויך געהאַלטן, ס'איז גלייכער אים צו האָבן אין דער היים ביי זיין זייט, זיך קענען מיט אים באַראַטן אין פאַרשידענע ענינים, האַלטן אַן עצה. וואָרעם מענדל האָט געגלייבט אין ישראל־יצחקס גלייכן שכל, אין זיין פאַרשטאַנדיקייט. געזען ער איז פון געבוירן אָן, אַנדערש פון די איבריקע אין שטוב: אַ רואיקער, געלאַסענער, געלערנטער, און פאַר אַ סך זאַכן מער איינגעגעבענער מיט זיין רואיקן געדאַנק. מענדל האָט דאָס אָפּגעשאַצט, אים אינערלעך גינציק געהאַט.

ישראל־יצחק האָט אין די שווערע טעג, אין דער ענגער לופט פון בויט־אַריינגעברענגטן הויף, און אין זיין אינערלעכן עגמת־נפש — זיך נאָך מער מתקרב געווען צו זיין איטען, זיין ליב פאַרשטענדיק ווייב. אין

די אָוונטן ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט און ווי געוויינטלעך באַלאַדנט מיט שווער־געמיטקייט, מיט גריזאָטעניש אונטערן האַרצן, איז זי געווען די ערשטע און איינציקע צום אויסרעדן זיך פאַר איר. זי האָט ביי זיין אַריינקומען גלייך אויף אים דערקענט. נישט אויסגעפרעגט, נישט באַלאַסטעט מיט קיין רייד, מיט נייגעריקייט; געטריבן אים גיין זיך אָפּ־וואַשן, אַ ביסל איבערפרישן און דערווייל געגרייט צום טיש. ערשט שפּעטער, ביי זיין אַ ביסל איינשטילן דעם הונגער, האָט זי זיך צו אים צוגעזעצט. פּאַמעלעך אַריין מיט אים אין שמועס. אויסגעפרעגט וועגן גאַנג פון טאָג, וועגן די אויסגעאַרבעטע סחורות, וועלכע מ׳האָט פּאַרטיק געמאַכט, וועלכע פּאַרגרייט צום פּאַרקויפן. געהאָרכט זיין דערציילן, זיין ביטערן. באַמיט זיך אָפּצויאָגן זיינע באַטריבעניש, אָפּגלעטיקן די שפּיציקע קווייל־קאַנטן, מיט אירע ווייכע באַאיינפלוסנדיקע רייד.

— ס׳איז נאָך נישט אַזוי שרעקלעך, ווי דו שטעלסט דאָס פאַר. נעם זיך נישט צופיל איבער. און דו ביסט נישט דער איינציקער. מ׳וועט די שוועריקייטן אויך איבערקומען. וועסט זען — האָט זי אים געטרייסט.

— כ׳האָב מורא, מען זאָל נישט האָבן חלילה פאַרשפּילט. דאָסמאָל זענען מיר צו טיף פאַרקראָכן אין זומפּ...

— און אפשר וועט דער טאָטע זיך נאָך באַזינען און נאָכגעבן?

— כ׳גלייב נישט. ער איז נישט פון די מענטשן, ער זאָל נאָכגעבן, ווען ער האַלט זיך פאַרן גערעכטן. און וועט עס נאָך לאַנג אַזוי דויערן, וועט זיין אויס גאַרבעריי...

איטע האָט אָפּגעזיפצט. שטיל געבליבן. און נאָך אַ וויַיל נאָכטראַכטן, איבערגעפרעגט:

— און דער קאָמיטעט האָט נישט געשיקט ווענען, איבערעדן מיטן טאַטן?

— זיי האָבן יאָ געשיקט. ער לאָזט נישט צו זיך צו... אַ סך איז דריַנען שולדיק כילקע...

— אוך, דער רויטער האָן. אַ המן דאָס איז! כ׳האָב אים נישט ליב. כ׳לייד אים נישט!...

זי האָט זיך אין נאָך עפּעס דערמאָנט און גלייך צוגעגעבן:

— אויך מלכה איז אויף אים בייז. זי האָט אירע צרות פון דער אָנגע־שטאָנענער לאָגע אין שטוב.

— צוליבן שידוך ?

— יאָ. זי ליידט זייער. די מויד עסט זיך אויף. קומט צו מיר זיך אויסטענהן, אויסוויינען. איך טרייסט זי, זי זאָל נישט פאַרצווייפלען. זי וויל עס נישט אָנעמען.

אָפּגערוט, זיך פאַרקוקט אויפן מאַן, האָט זי פאָרגעזעצט:

— דאָס זעלבע מיין איך אויך אָקייגן דיר, דו זאָלסט נישט פאַר־צווייפלען, הערסט. דער טאַטע וועט זען ס׳איז נישטאָ קיין עצה, וועט ער סוף־כל־סוף נאָכגעבן. צושטיין.

— ער זעט דאָך שוין... אין פאָס ווערט וואָס אַמאָל ווייניקער... ווי לאַנג וועט עס קענען אַזוי אָנהאַלטן, אַפילו ביי אונדזערע גרעסטע אָנשטרענגונגען, אַפּשפּאָרונגען ? און ס׳איז נישט קיין דרך אָוועקצופירן סחורות אין דער פרעמד. מע ווערט צעריבן...

איטע האָט שטיל באַוועגט מיטן קאָפּ. געוואָרן טרויעריקלעך. געזאָגט:

— אין דער זאַך האָסטו טאַקע אַ ביסל רעכט מיט דיין שרעק. און מען דאַרף בעטן צו גאָט, עס זאָל וואָס גיכער אָן ענדע נעמען צו דעם פּלאָנטער. מען זאָל כאָטש ווי פריער צוריק אַריין מיט אַ לייכטער געמיט אין דער ליבער שווערער יאָרזשמע, וואָס ווי שווער זי זאָל נישט זיין, אַז זי פעלט אויס, זעט מען ערשט ווי שלעכט עס איז אָן איר און ווי גוט און זיס — מיט איר !

זי האָט אָפּגערוט. צוגערוקט זיך נענטער צו אים. אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אָרעם. אַריינגעקוקט אים אין פּנים. געזאָגט שוין מונטערער:

— זאָרג נישט מיין מאַן. די וועלט גייט נאָך נישט אונטער. ביי־אַלעם, איז עס נאָר אַ פאַרגייענדיקע זאַך. דאָס געמיט איז ביי דיר באַטריבט, אָנגערעגט, ווייל דו נעמסט זיך צופיל איבער און זעסט אַלץ אין שוואַרצע פאַרבן. דער טאַטע איז נאָך נישט דער גאַנצער נאַר, ער זאָל נישט פאַר־שטיין. ער איז אַ מענטש מיט האַרץ, מיט פאַרשטאַנד און קעמפט פאַר אַ גערעכטע זאַך. נאָר אַז ער וועט זען, ער האָט נישט קיין עצה, דער וואָגן פאַרקריכט צו טיף אין בלאָטע, ווי דו זאָגסט, וועט ער פאַרקערעווען

אויף צוריק און אַלץ וועט זיין צוריק גוט. איך גלייב אַזוי. און דו זיי קודם־כל מוטיק און שטאַרק.

פון אירע פאַרנונפטיקע רייד, זאַנפטן קול, אונטער די הימלעכע באַרירונגען פון אירע פינגער, וואָס יעדער גלעט פון זיי, ווירקט אויף אים געגעזונדיק, איז ישראל־יצחק געוואָרן אויפגעטייעטער, צו זיך געקומען. געזען ווידער אַמאָל, זי איז פאַר אים אַ פעסטונג. זיין שטוב — אַ היילנדיק אָפרו־אָרט. אַ טייער געשאַנק.

און אַ געמוטיקטער, באַנעמענדיק אירע געוועכטע ווערטער, האָט ער פון דאַנקבאַרקייט, זי צוגעברענגט צו זיך אינגאַנצן. אַנגעלענט זיין פּנים אויף איר אַקסל. אַריינגעאָטעמט די וואַרעמקייט וואָס האָט געשטראַמט פון איר יונג לייב, דאָס פאַר אים אַזוי היימיש, נאָענט־ווייבלעך לייב. אים אַנגעגאָסן מיט באַזונדערן כוח. געברענגט אים שטאַרקונג, זעליש און קערפּערלעך. געוועזן גליקלעך וואָס ער האָט זי פאַר אַ ווייב, וואָס קען אים געבן רו און טרייסט.

— אוי איטעלע, זאָלסט מיר נאָר זיין געזונט. כ׳בין גליקלעך וואָס דו ביסט מיט מיר — האָט עס פון אים אַרויסגערופן.

— אָבי דו האָסט זיך שוין דערמאָנט, האָסט אַ ווייב... — איז זי אים אַנטקייגנגעקומען אַ טראָפּן געפּיעסטעט, מיט ווייבערישן אָנזאָג — נו גיב מיר אַ קוש.

ער האָט זיך אָנגעבויגן, זי אַרומגענומען. צוגעטוליעט צו זיך איר ווייך וואַרעמען האַלדז, אָפּגעדאַנקט מיט אַ ליבלעכן קוש, מיט וואַרעמען שעפּטש, פאַר איר גוטסקייט און גלוסטיקייט צו אים, פאַר איר צוטיילן ליבשאַפט, זאָרג און געטרייקייט.

— איך האָב דיך ליב מיט מיין גאַנץ לעבן — האָט ער אַריינגעשעפּ־טשעט אין איר.

— איך, דיך אויך. מיטן גאַנצן האַרצן. דיינע יאַדענישן, זאָרגן, טוען מיר נאָר ווי, טוען מיר אָן צער. וועסט שוין זיין רואיק, יאָ?

ער האָט גאַרנישט געזאָגט. זי געהאַלטן נאָך אַרומגענומען, געשוויגן. זי האָט זיך פאַרקוקט אויף אים אין באַלכסון. זיך ווי צוגעהאַרכט צו אים. עפּעס אָפּגעפּילט. מיטאַמאָל אָפּגעגלעט אים אין שטערן. געזאָגט :

— ביסט מיד. קום שלאָפן, וועלן מיר זיך אַ ביסל ליבן...
זי איז אויפגעשטאַנען, צוגעלאָזט זיך אויפבעטן דאָס געלעגער.

## מלכה

אַ נאָענט בלוט צו ישראל־יצחקן, נאָענט צו זיין כאַראַקטער און געפילן, איז געווען די שוועסטער מלכה.

מלכה, די יינגסטע פון די שוועסטערן, אַ כלה־מיידל אין שידוכים, האָט ווי ער, דער עלסטער ברודער, נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער שטרענגער פירונג אין הויז, מיט דער שטרענגער דיסציפלין. אליין אַ שטיל געמיט, אַ ביסל פאַרבענקט, האָט זי ווי ישראל־יצחק נישט פאַרליטן דעם אומרו, די שווערע היימישע לופט, דאָס זיין אויסטערלישער פון אַנדערע הייזער. זי האָט זיך צוגעקוקט צו דעם לעבן אין פרעמדע שטיבער, ביי אירע חברטעס, און פשוט מקנא געווען.

אַ חוץ דעם, האָט מלכה אין איצטיקן קריזיס געליטן אירס אַן אייגע־נעם, פערזענלעכן דורכפאַל: דאָס פּלוצלינג פאַרשוויגן ווערן מיטן שידוך. זינט דער איבערקערעניש, האָט מען וועגן דעם שידוך מיט זיינוועלען, יאַנקל ביקלס זון אין שטוב מער נישט גערעדט. דער פאָטער האָט נישט געלאָזט פאַרן מויל ברענגען די ביקלאכס נאָמען. זיי זענען געווען פאַר אים טריף־פסול, ערגער פון שמד — און אַלץ דערפאַר, ווייל זיי זענען מיטגעגאַנגען מיטן סינדיקאַט.

מלכה האָט דאָס גענומען זיך צום האַרצן. זיך געבונטעוועט קעגן די „דעספּאָטן", וואָס האָבן איר גליק, איר חלום צעשטערט. און פאַרוואָס? וואָס האָט מען זי אַריינגעשלעפּט אין סכסוך, וואָס האָט עס צו טון מיט איר לעבן? זי וויל דעם שידוך, זי וויל זיינוועלען. פילט זיך אינערלעך שוין מיט אים געבונדן, האָט אים ליב, הגם ס'איז נאָך נישט געווען קיין אָפיציעל אָפּגעמאַכט „וואָרט".

מלכה האָט פון דער זאַך געהאַט גרויס צער. אַ צעבראָכן געמיט. זי האָט זיינוועלען געוואָלט האָבן פאַר אַ חתן, מיט אַלע אימפּולסן פון איר יונג האַרץ, מיטן גרעסטן פאַרלאַנג. געזען אים אין דמיון אַלס איר ליבן לעבנס־חבר, איר צוקונפטיקן מאַן. ווען ער פלעגט אַדורכגיין די גאַס און

זי איז גראָד געשטאַנען אויפן שוועל פון זייער הויז, באַמערקט אים פון ווייטן, האָט אונטער איר ברוסט גענומען קלאַפּן. נישט געקאָנט איינשטיין אויפן אָרט. זיך אַריינגערוקט טיפער אין פירהויז און דורך אַ שפּאַרע פון טיר, פאַרבאַהאַלטערנערהייט נאָכגעקוקט זיין פאַרבייגיין. געהויבן די וויעס פול מיט פאַרוווּנדערונג און גוטן חידוש פאַר דעם שיינעם שלאַנקן בחורל. געזען זיין פיינע אויפגעשפּראַצטקייט, מיט אַן אַקסל העכער פון די ביקלשע לייט; זיין איידל פּנים, מונטערן לעבעדיקן גאַנג, און ס׳האָט איר פאַר קוועטשט אונטערן האַרצגריבל. זי האָט מיט אַ גאַנגדיקער בענקשאַפט אים נאָכגעשליאַדעוועט מיטן בליק, ביז ער איז איר פאַרלוירן געוואָרן פון אויג. שפּעטער איז זי אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענע, אַ צענומענע, די גאַנצע צייט פון אים געטראַכט, געבענקט. נישט אַרויסגעלאָזט אים פון געדאַנק, פון איר אינערלעכער זעאונג. זיך געפּייניקט.

...„און ס׳האָט דאָך שוין געהאַלטן אַזוי נאָענט — האָט זי גערעדט צו זיך מיט ביטערניש און דריקנדיקן שמערץ, פּשוט זיך צום צעוויינען — נאָר געדאַרפט זיך צוזאַמענקומען און ענטגילטיק אָפּרעדן, מאַכן „תנאים" און שוין. איז פאַרוואָס האָט מען איר דאָס צעשטערט, צו־נישט געמאַכט, געטאָן אַז אַלץ זאָל זיך אָפּהאַקן, ווי ס׳וואָלט קיינמאָל קיין זיינוועלע נישט געווען אויף דער וועלט. און איבער וועמען? אַלץ איבער זיי!...

זיי — האָט געהייסן דאָס מאַנסבילישע געזעמל, דער טאַטע מיט די ברידער. אויף זיי האָט זי געטראָגן אַ האַרץ פול מיט טענה און תרעומת. אויף זיי האָט זי געקריגט, נישט מוחל געווען די עוולה, די קריוודע. נישט געקענט פאַרגעסן. ס׳האָט איר געטריבן פון שטוב. נישט פאַרליטן די קאַזאַרמע־לופט. געוווּסט, אין אַנדערע הייזער, כאָטש דאָס לעבן איז אויך נישט צו־לייכט, געגנוג פאַרהאַרעוועט, פאַריאָכט, דאָך לעבט מען יאַקאָש. ס׳איז היימלעכער, מען פאַרברענגט מיט שכנים, מ׳העלפט זיך אַרויס ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. זומער אין די אָוונטן, זעצט מען זיך אַרויס אין דרויסן פאַרן טיר, מען שמועסט, מע רעדט, מ׳גיט זיך איבער פאַרשידענע נייעסן, געשעענישן, אַ ביסל רכילות, אַ ביסל ערנסט, סע מאַכט היימלעך; אין די ווינטערדיקע נעכט זאַמלט מען זיך צונויף אין אַ וועלכער שטוב, ביים שלייסן פעדערן, אָדער שפּילן „לאָטעריקע". דעמאָלט

איז שוין גאָר פריילעך. מ׳צעעפנט די מיילער, מען דערציילט זיך אָפּ קאָמישע מעשיות, מען מוטלט אויף די שכנים, אויף די אייגענע, אויף פריינט: מע שטעכעלירט זיך צוביסלאַך קעגנזייטיק אין גוטן מוט, מען לאַכט, מע פרייט זיך, און אַזוי גייט אַדורך דער אָוונט.

ביי זיי איז דאָס אַלץ נישט. תמיד ערנסט. שטענדיק נאָר די היימישע פנימער (ס׳זאָל נישט פאַרשטערט ווערן). מען זעט כמעט נישט קיין פרעמדן מענטש איבערטרעטן די שוועל, אויסערן האַנדל. אייביק אין ברוגזן, אין פאַרכמורעטקייט. און דאָס דערפאַר, ווייל דאָס באָומישע בלוט קאָן נישט איינרוען, זיך איינשטילן. זוכט נאָר דעם קידער־ווידער, דאָס פרעטענסיעדיקע.

מלכה, ווי די יונגסטע טאָכטער, האָט זיך צומאָל אָנגענומען מיט מוט, מיט חוצפה. געפּרוווט ווידערשפּעניקן קעגן דעם שטרענג איינגעשטעלטן רעזשים. געטאָן ווען עס פאַרשטעלט, ווען אָפן מיט מרידה. די ברידער האָבן זי אויסגעלאַכט, גערופן: „נאַרישער שעפּס״. דער פאָטער האָט זיך געמאַכט פאַרהערן, אָפּגעברומט: אָט פּלאַפּלט זי די נאַרישע ציג...

אָן אָפן אויער האָט מלכה געפונען ביים עלסטן ברודער אין שטוב. דאָרט האָט מען זיך צו איר צוגעהערט און דאָרט אַהין האָט עס איר געצויגן. זי האָט ליב געהאַט דעם ברודער מיט דער שוועגערין. געזוכט ביי זיי זיך אויסצורעדן, אויסקלאָגן אירע מיידלשע פאַרביטערונגען, טרעומתן; פאַרטרייבן די פרייע שעהן. איטע האָט זי ליבלעך צוגענומען. געהאַלטן זי לעם זיך, טוענדיק איר אַרבעט ביי דער קיך. אויסגעהערט אַלץ וואָס מלכה האָט פאַר איר אָפּגעביטערט, אָפּגעלערט אַלע בייזע רייד, עגמת־נפשן פון איר זעל.

— אין קיין שום הויז איז נישט דאָס וואָס ביי אונדז — האָט דאָס מיידל זיך געקלאָגט פאַר דער שוועגערין אויף איר שווערע דאָליע.

— די וועלט גייט נישט אונטער, צאַפּל נישט, נאַרישע מויד — האָט איטע געפּרוווט זי איינעמען, אָנשרייענדיק מיט מילד גלעטנדיקע רייד — ער וואָס כ׳זאָג דיר, נאָך שווערע כמאַרעס קומט די זון צוריק אויף, און מער נאָך צעשיינטער ווי פריער...

— ביי אונדז קיינמאָל נישט. ביי אונדז איז אַלעמאָל פאַרוואָלקנט מיט

כמאַרעס. כ׳קאָן דאָס מער נישט פאַרטראָגן. ס׳מאַכט מיר ביטער דאָס לעבן.

איטע האָט געוווּסט וואָס דעם מיידל דריקט אויפן האַרצן: דער שידוך. זי וויל זיינוולען פאַר אַ חתן. זי איז אין אים פאַרליבט איבער די אויערן, מיט איר גאַנצער יונגער נשמה. איטע האָט מיט איר מיטגעפילט. אָבער נישט געוואָלט צוליגן קינדלעך צום פייער, נאָך מער מאַכן צעהיצן אירע בייזע געפילן אַקעגן דער היים. אויף די פאַרוואורפן, אויסגערופענע טענות קעגן פאָטער, האָט איטע געזוכט זכותים, פאַרענטפערונגען. זי האָט אויפגעוויזן דער יונגער שוועגערין (אַזוי ווי אָפּטמאָל דעם מאַן), אַז מען קען דעם טאַטן זען אין אַנדער ליכט, אין אַ מער פּאָזיטיווערן, גערעכטיקערן; זען אין אים די רייף, וואָס האַלט פעסט צוזאַמענגערייפט די סטריכעס פון היים־ראָד, לאָזט נישט צעפאַלן... נישט יעדער טאַטע קאָן עס באַוויזן. פאַראַן טאַטעס ביי וועלכע ס׳ראָד פאַלט זיך יאָ פונאַנדער... דאָס הויז גייט וואַקלענדיק ווי אַ נישט גוט אויסגעלאַדעוועטער וואָגן, אָן שליטה, אָן זיכערקייט. אַזאַ פאָטער קאָן אויך נישט אַריינברענגען דאָס שטיקל ברויט אין שטוב. נישט קעמפן קעגן דער גויט. נישט שיצן. זי ווייסט עס. מיט אייגענע אויגן געזען. און נאָך: ביי דעם גאַנצן האַרבן כאַראַקטער פון טאַטן, האָט ער אויך גענוג דאָס גוטע אין זיך: זיין אויסערגעוויינטלעכער געטרייקייט, פאָטערלעכער זאָרג פאַרן גאַנצן הויז־געזונט, פאַר יעדערן באַזונדער; היט אָפּ ווי אַ געטרייער שומר זיין שטוב — אַ זעלטנקייט. מען מוז אים דערפאַר ערן, בכבוד האַלטן.

ריידנדיק צום מיידל, האָט איטע אין דער מחשבה ווידער אַמאָל גע־טראַכט מכוח איר מיין, איר דערפאַרונג. געוועזן פולשטענדיק זיכער, אַז איר אורטייל האָט אין זיך דעם גאַנצן אמת. וואָרעם זי האָט צום אַלטן זיך צוגעקוקט מן הצד, געזען אים אין ריכטיקן ליכט, און וואָס אַמאָל מער באַקומען פאַר אים אַכטונג און דרך־ארץ. מער ווי איינמאָל האָט זי באַוווּנדערט זיין התנהגות, זיין אויפפירן זיך אין הויז. געזאָגט צו זיך: גיב אַקוק, דו הערסט אים נישט שרייען, נישט געבן קיין הויכע באַפעלן, נישט בייזערן זיך, אָדער וועמען באַליידיקן פון שטוב — און אַלץ איז געהאַרכזאַם, אונטערטעניק, פאַרגלייבט אין אים, ווי פאַרגלייבט ס׳זענען קליינע קינדער אין אַ מאַמען; זיין בליק, זיין אַנוועזנהייט איז גענוג,

אַלץ זאָל זיך פילן זיכער, אויספּאַלגן, טאָן ווי ער האָט ליב. און ליב האָט ער: אַקטיוויטעט, טעטיק לעבן, טעטיקער אַרבעט. אויסגעטאָן פון יעדער פוילקייט, אַלץ זאָל קלאַפּן — דאָס דאַרף מען דאָך קענען!

זי אַ פאַרערנדיקע, האָט פילמאָל וועגן דעם געלאָזט פאַלן ווערטער און מיט גרויסן רעספּעקט אויף אים דעם שווער. פאַרגעבערענגט מיט לויב, אַנערקענונג, פאַר זיינע מעשים. געמיט זיך דאָס איבערצוגעבן אַנדערע, נאָענטע. איר איטען האָט צומאָל אויסגעדאַכט, אַז פון דעם אַלטנס קרעמפּן מאַסיוון גוף, מיט דער עטוואָס געבויגענער פּלייצע, שטראָמט אַרויס אַן אומגעהויערער מענטשלעכער כוח, ענערגיע, באַהערשונג, וואָס ס׳ווירקט, גיסט אַן די איבריקע מיט־מענטשן אַרום אים. איצט ערשט זיין געוואַלדיקער ערלעכקייט, דאָס נישט אַנרירן יענעמס אַ גראָשן, דאָס נישט קאָנען פאַר־ליידן קיין פאַלשקייט (דער פאַר קלעבן זיך צו אים אַזוי ווייניק פריינט); דעם רחמנות וואָס ער ווייזט אַרויס פאַר אַ געדריקטן מענטשן, די געפע־ליקייט מיט וועלכן ער זעצט אַוועק אַן אַרעמאַן, אַן אורח ביים טיש, צום הייסן טעלער געקעכטס, מונטערט אים צום עסן, לאָזט אים נישט אַרויס פריער פון שטוב ביז ער איז גוט זאַט; די צדקה וואָס ער גיט און מיט גרויסער באַווייליקטקייט, און אינדערשטיל — דאָס זאָגט דאָך עפּעס. און איר איטען האָט עס אַ סך געזאָגט. מער ווי דאָס אויסערלעכע וואָס פרעמדע מענטשן האָבן אין אים געזען.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָט זי אים טאַקע דערפאַר פאַרטיידיקט. זי האָט אויך אַצינד דאָס פאַרגעבערענגט פאַר מלכהן. באַמיט זיך איר אויפ־ווייזן, זי איבערצייגן:

— דו זעסט נאָך נישט אַלץ אין אַ גענוגנדיק ליכט, קינד־לעב. דו ביסט נאָך יונג, און קאָנסט נישט נאָך אַלץ באַנעמען, אָפּשאַצן און משפטן. אַפילו דיין אייגענעם טאַטן, קאָנסטו נאָך נישט ווי ס׳געהער צו זיין.

— דו פאַרטיידיקסט זיי אַלעמאָל. איך ווייס... און דו ביסט שוין באַלד אַזוי ווי זיי... — און מלכה האָט זיך געברוגזט אויף דער שוועגערין מיט כמורע, פאַרוואָס זי גיט איר נישט גערעכט, האַלט נישט מיט איר, נאָר פאַרטיידיקט זיי.

איטע האָט געשמייכלט. נישט גענומען פאַר אומגוט. זיך נישט באַ־

לײדיקט פון איר פֿאַרוואָרף: זי איז אויפגערעגט, בײז, רעדט זי. און דעם וואָס טוט ווײ, רעדט דאָס מויל פון זיך אַלײן... און דערבײ האָט די מויד אין דעם אַ ביסל רעכט אויך: זי, איטע איז טאַקע שוין ווי אַרײנ־געוואַקסן אין דער לײבלעכקײט מיט זײ ווי אײגן בלוט און פלײש. זי האָט די אַלטע לײט ערלעך ליב, און זײ — אויך איר. און ווי אַן עלסטע שנור, אַ געטרײע, באַציט מען זיך צו איר מיט כבוד, טראָגן איר אַנטקעגן גרויסע פרײנדשאַפט, עלטערן־געגנאַד, וואָס רופט אַרויס צומאָל קנאה בײ די אַנדערע שווערגערינס. מורמלען אונטער: „זי ליבט זיך צו אַביסל מיטן אַלטן...״ איר אַרט עס נישט. זאָלן זײ נאַבלען. זי איטע ווײסט ווי רײן זי איז אין דער נשמה, און וואָס פאַר אַ רײנע געפילן דער שווער טראָגט צו איר. דאָס רעדן זײ פון „זאַזדראַזשטש״, פון אײפערזוכט. די נישט פאַרגינערשקײט רעדט פון זײ אַרויס.

דער אמת איז, די שווער־און־שוויגער האָבן זי ליב פאַר איר גלײכן שכל, פאַר איר פאַרשטײן זײ. דערפאַר פאַרשטײען זײ אויך זי איטען. דער אַלטער האַלט זי פאַר אַ בר־דעת, אַ קלוגע. מ׳קען מיט איר רעדן אַ וואָרט. קײנער אויסער זי, וועט נישט וואַגן און נישט האָבן די דרײסטקײט, רעדן אָפן, פרײ פאַרן שווער, מיט אַ קעגנמײנונג און אַ מאָל מיט אַ לײכט קרײ־טיקירנדיקן פאַרוואָרף אויף זײן חשבון. ער פאַרשוױיגט איר. מאַכט זיך פאַרהערן. ער וועט איר נישט גראָב פאַרקומען. זי איז זײער ליבע שנור. זײ שעצן זי.

איטע האָט דאָס אַרײנגענומען אין חשבון, בעתן שמועס איצט מיט דער פאַרזאָרגטער שוועגערין.

— קודם זײ נישט פאַרצווײפלט. מיט רואיקײט קאָן מען אַלץ לײכטער אַדורכפירן. דער טאַטע איז נישט אַזאַ שרעקלעכער מענטש ווי דיר דאַכט אויס. און מ׳קען געפינען אַן אויסוועג. מען דאַרף נאָר אָפּוואַרטן די גוטע שעה — איטע האָט געפרוווט ווײכער מאַכן מלכהס צער, איר פראָטעסט און דערמיט זי צו באַרואיקן.

— אַנדערשוווּ זענען אויך דאָ געטרײע טאַטעס און ס׳איז נישט אַזוי ענג די וועלט ווי בײ אונדז — איז דאָס כלה־מײדל אַרויס מיט דערווי־דערונג, וויסנדיק וואָס איטע, די שוועגערין טראַכט.

— יעדער מיט זיין נאַטור און כאַראַקטער. און דו ווייסט נישט וועלכעס ס׳איז בעסער און וויכטיקער.

— איך וויל אַרויס פון דער היים...

— מיינסט דערמיט צו זאָגן, ווילסט אַריין אין אַן אַנדערער היים, אַ נייע אַן אייגענע מיט אַ מאַן. יאָ? נישט קיין עוולה מיין קינד — איטע האָט זיך צעלאַכט.

— דו לאַכסט...

— ס׳איז נישטאָ וואָס צו וויינען... און איך לאַך נישט פון דיר, נאָר וואָס ס׳איז גלאַט אַ שיינע מעשה... זאָרג נישט. ס׳וועט צו דעם אויך קומען. בקרוב וועט זיך אַלץ אויסהיילן. האָף.

— ווי אַזוי? איך זע נישט איין.

איטע האָט מיט מיטלייד זיך פאַרקוקט אויף דעם אומבאַהאָלפענעם מיידל, וואָס פילט זיך אַזוי אַנטוישט און אומגליקלעך. זי אַרומגענומען שוועסטערלעך. אַדורכגעפירט מיט די פינגער איבער מלכהס געדיכטן קאָפּ־האָר, געמוטיקט:

— כ׳ווייס האָסט עגמת־נפש. ס׳פאַרדריסט דיך צוליבן יינגל. איך פאַרשטיי דיך גוט. נאָר ס׳איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן. איך וועל פּרוּוון אַ רעד טאָן מיטן טאַטן, ווירקן אויף אים, מען זאָל צוריק אָנבינדן וועגן דעם שידוך. אפשר וועט זיך מיר איינגעבן.

— זאָלסט טאַקע אַזוי טאָן. רעד מיטן טאַטן — און מלכה האָט פון איבערגענומענקייט זיך שיער צעוויינט.

— פּיעשטשאָך! — האָט איטע זי אַ שטויס געטאָן אין אַקסל — כ׳וועל רעדן. כ׳זאָג דיר צו. זיי רואיק. יאָפּע נישט.

מלכה האָט שטומערהייט, פון דאַנקבאַרקייט זיך צוגעטוליעט צו איטען. אָפּגעדרוקט אַ וואַרעמען קוש אויף איר באַק. אַריינגעהויכט:

— ביסט אַ גוטע, אַ געטרייע. זאָלסט לאַנג לעבן!

## קאַפּיטל פיר
# געגומען דעם אַלטן אין קלעם

איטע האָט געהאַלטן וואָרט. מקיים געווען איר צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבן מלכהן: איבערערעדן מיטן פאָטער, וועגן אָנבינדן צוריק דעם שידוך.

אין אַ נאָכמיטאָג ווען מענדל קומט אַריין אין שטוב ווי געוויינטלעך אָפּטרונקען זיין צוגעוווינטן נאָכמיטאָג־טיי און גלייך פון זידיקן סאַמאָוואַרל, איין טעפּל נאָכן אַנדערן, ביז דער שווייס זעצט זיך אים אַרויס אויפן שטערן ווי אין אַ הייסער שוויץ — אין דער שעה איז אַריינגעקומען איטע. זי איז געקומען אַזוי־זיך, סתם, זען וואָס מע מאַכט, וואָס מ׳הערט און דאָס נאָך אַ פריערדיק אָפּרעדן מיט דער שוויגער, זי זאָל זיין צוגעגרייט.

איטע האָט זיך צוגעזעצט אויף איר באַליבט אָרט, ביים ברייטן פענצטער, ווו מ׳קאָן טאָן אַ קוק צום דרויסן, צו דער גאַס. גערעדט האָט זי דערווייל מיט דער אַלטער, וועגן היימישע זאַכן, וועגן ווירטשאַפט־אַנגעלעגנהייטן, שטוב־ענינים, קינדער, און דערביי מיט אַ פאַרשיפּט אויג אַלעמאָל געכאַפּט זייטיק אַ בליק צום שווער, אויף זיין אינטענסיוון טרינקען, אויף זיין צעוואַרעמטער מראה. געזען ער קומט אַריין אַלץ מער אין זיין טיי־שיכּרות, אַכצט אַזש אונטער פון הנאה. איטע פאַרציענדיק דאָס דער־ציילן וועגן די היימישע פאַרלויפעגישן, האָט פאַוואַליע צוגעגענטערט צום ציל. מיטאַמאָל הויך אויסגערופן:

— כ׳האָב געהערט זאָגן, אַז ביי יאַנקל ביקל, דרייט זיך עפּעס אַ פרעמדער שדכן. שלאָגט אָן שידוכים פאַר זיינוולען...

געזאָגט און שטיל געבליבן. זי מיינט גאָרנישט: אָט געזאָגט. איבער־געקוקט זיך מיט דער שוויגער, מיט אַ רעדעוודיקן בליק: דער באַלאָן איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן...

מענדל פאַרטאָן אין זיין פלייסיקער באַשעפטיקונג, האָט זיך נישט געמאַכט הערן: נישט צו אים רעדט מען. געזופּט דעם טיי אויף זיין שטייגער, הויך מיט אויסגעצויגענע שליקן, מיט דער גאַנצער פאַרמעכיעטקייט וואָס דאָס טרינקען ברענגט אים, גלייך ער וואָלט דערמיט אויסגעפילט אַ הייליקע פליכט און אַלץ איבריקע גייט אים איצט נישט אָן. און כאָטש ער האָט מיט אַן אויסגעשפּיצט אויער, אַלץ געהערט פון ווייבערישן שמועס, האָט

ער זיך נישט געטאָן אומקוקן: זאָלן זיי אין גאַס רעדן וואָס זיי ווילן, נישט זיין עסק. און יענע דאָרט אין דער ביקלשער „פּאַראַפּיע", זאָלן אויך טאָן וואָס זיי ווילן; זאָלן זיי רעדן שידוכים, זאָל מען אויסכאַפּן דעם חתן. אים אַרט עס נישט. ער האָט פון וואָס בילכערס צו טראַכטן. און וועט נישט זיין פּאַוועל, וועט זיין גאַוועל... וועט נישט זיין דער חתן, וועט זיין אַן אַנדערער — און אים זאָל מען לאָזן צורו. נישט דרייען דעם מוח.

מענדל האָט זיך ווייטער געֵ׳עוסקט מיט זיין ליבער פּאַרטועקייט: געזופּט אין זיך דעם הייסן טרונק. דאַסמאָל עפּעס נאָך האַסטיקער, נאָך העכער געצויגן דאָס זופּן און אָפּטערס אָפּגעדעכעט, אַרויסלאָזנדיק די פּאַרע, אַ פולן וואָלקן ווי ביי אַ הייפיש...

— מענדל, האָסט געהערט וואָס איטע האָט דערציילט? — האָט צירל נאָך אַ ביסל שווייגן, אויף איר אַרט, מיט געלאַסנקייט און צוגעוווינטן דרך־ארץ, געזאָגט צום מאַן — ס׳גייט אַן אַנדערער שדכן צו יאַנקלען אין שטוב.

ווי די וואַנט רופט זיך נישט אָן, אַזוי האָט זיך מענדל נישט אָנגערופן: ער הערט נישט. ווייטער זיך געטאָן ס׳זייניקע. אָבער דאָך, אַז עס זיצן צוויי ווייבער, מורמלען, פּרעפּלען זיך איבער, שטרעקן צו אים כסדר אויגן, וועלכע ער פילט גוט אָפּ — איז עס נישט אַזאַ אָנגענעמע זאַך, לאָזט נישט רואיק איינזיצן. און מענדלען האָט עס טאַקע נישט געלאָזט רואיק איינזיצן. אַפילו אַ ביסל שוין דערנערווירט, אונטערגעהויבן.

וואָרעם ביי מענדלען, מוז מען וויסן, איז דער נאָכמיטאָג־טיי ,נישט אַבי־וואָס. ס׳איז אַן אינערלעכער באַדערפעניש ווי אַריינגעבן אין גוף אַ בויטיקע רפואה. אין די מינוטן נעמט ער צוזאַמען די געדאַנקן, רעיונות, פּלענער; טראַכט אַדורך ענינים, נעמט אָן באַשלוסן און באַדאַרפט דאַריבער האָבן פולשטענדיקער רו, מנוחה; מ׳זאָל אים מיט גאָרנישט שטערן.

און דאַ האָבן זיך אים אָוועקגעזעצט צוויי ווייבספּאַרשוינען אויפן געניק, זשומען אים איין אין קאָפּ, לאָזן אים נישט דערטראַכטן. פּאַרשטייט זיך, ס׳איז נישט פון די אָנגענעמסטע זאַכן. און ס׳האָט אים טאַקע צו־ביסלאַך בייז געמאַכט. און אַז דאָס זשומעניש האָט סוף־כל־סוף נישט

אויפגעהערט, האָט ער אַ הויב געטאָן די דיקע באַרשטן־ברעמען ווי צוויי אָפּגעדעקטע דעכלעך און צוויי פייכטע הייס־גרינע אַפּלען האָבן פון אונטער זיי אַ בליאַסק געגעבן מיט חלפדיקן שאַרף, גלייך אין די ווייבע־רישע געזיכטער און מיט התראה, וואָס האָט ווי געוואָרנט: גענוג. זאָל זיין שטיל! איך וויל האָבן רו! דעם קאָפּ צוריק אַראָפּגעלאָזט צום שעלעכל און נאָך פּאַרטיפּטער גענומען שליקן.

ס'איז געוואָרן שטיל. אָבער דאָס טראַכטעניש האָט זיך ביי מענדלען שוין נישט געקלעפּט. און אַליין אַ ביסל צערודערט, האָט ער גענומען אונטערברומען, אַרויסשיטן פון זיך רייד, ביטערנישן: ער דאַרף נישט אַזעלכע שידוכים. און וויל נישט מען זאָל זיך מישן; און וואָס שייך די מחותנים, זאָלן זיי גיין צו אַלדע־רוחות מיטן קאָמיטעט צוזאָמען...ער דאַרף נישט קיין מחותן וואָס האַלט מיטן „סאַנדאַג" (סינדיקאַט) ר'וועט קריגן אַן אַנדערן מחותן, אַן אַנדערן חתן, און שוין, גענוג!

צירל דאָס תמיד שווייגנדיקע נאָכגיביקע ווייב, וואָס טוט אַקייגן מאָן קיינמאָל זיך נישט אַנטקעגנשטעלן, נישט ווידערשפּעניקן און וועלכע האָט אַפילו אַצינד אויך נישט דערוואָרט פון אים קיין לייכטערן ענטפער — האָט דאָך אין איר גרויסן באַגער אַרויסצוהעלפן דער טאָכטער, געפעסטיקט אין זיך אַ ווילן, דאָסמאָל נישט אַדורכלאָזן און נישט נאָכגעבן. זי, די דערפאַרענע, אַנגעליטענע, וואָס האָט מיט איר מענדלען שוין מער ווי איין „זעקל זאַלץ" אויפגעגעסן באַנאַנד, אַדורכגעגאַנגען אַלע פייערן און געוויטערן וואָס ס'קומט אויס אַדורכצוגיין אַ יידישע משפּחה אין לעבן, און ווייסט אַלע זיינע פּירעכצן, ווי מען דאַרף זיך מיט אים אומגיין — האָט אים געלאָזט אָפּברומען, אָפּמרוקן, אָפּלערן פון זיך די גריזאָטע. גע־וואַרט ביז ער וועט אַנטשוויגן ווערן און זי וועט דעמאָלט אָנהייבן רעדן.

און ווי נאָר מענדל איז שטיל געוואָרן, גענומען אָנגיסן פּונדאָסגיי אין טעפּל, גלייך פון סאַמאָוואַרל וואָס איז געשטאַנען לעבן אים אויפן טיש און שוויצנדיק שוין ווי אַ ביבער, האָט צירל אָנגעהויבן פּאַרקומען מיט איר טענה. זי האָט ווי איר שטייגער גערעדט געלאַסן, געצווימט, אַפילו מיט הכנעה, אָבער פעסט אין איר דעה, אין איר רצון — און מיט אַן אינערלעכער זיכערקייט, ווי דעמאָלט ווען זי ווייסט די גערעכטיקייט,

דער אמת איז אויף איר זייט, ווי גערעכט און אמת ס'איז גאָט אַליין. זי טאָר נישט פאַרשווייגן.

— דאָס וואָס דו האָסט אויף זיי אַ פאַרדראָס מיין מאַן, ווייס איך נישט — האָט זי אָנגעהויבן שטיל — קאָן זיין ביסט כשר־גערעכט. אָבער מ'קען נישט אויסמישן איינס מיטן אַנדערן. דאָ גייט וועגן אַן אַנדערע זאַך, וועגן שידוך פאַרן קינד. דו ביסט מיט זיי צעקריגט איבער דעם סאַנדאַנג־שמאַנדאַג, ווי דו זאָגסט, גיי נישט מיט זיי צוזאַמען אין שיל... אָבער צעשטערן צוליב דעם אַ שידוך וועלכער געפעלט אונדז אַלע: דיר, מיר, דער כלה — דאָס טאָר מען נישט. ניין. און איך וועל נישט צולאָזן דערצו. מעגסטו אויף מיר זיין בייז, אַנשרייען. איך וועל נישט צו טאָן אַ האַנט צו אַזאַ זאַך, ווו מ'קען זיך חלילה פאַרזינדיקן.

מענדל איז פון ווייבס רייד, פון אירע שטרענגע דעצידירטע ווערטער, געוואָרן אַ ביסל געטראָפן, ארומגענומען מיט פאַרווירונג. און כאָטש איבער־לעך האָט ער געוווּסט, זי איז מאַמעדיק גערעכט, דער אמת איז אויף איר זייט, האָט ער דאָך נישט געקענט איר נאָכגעבן. און אַנשטאָט באַהערשן די געפילן, איז ער גאָר אַריין אין כעס.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין גערעדעכץ, האַ? מ'וויל מיר שוין זאָגן דעות אויך, מיך לערנען וואָס איך האָב צו טאָן, האַ?! — די באָרד האָט זיך אויסגעשפּיצט מיט די צוויי קרומע עקן אויף פאַרנט ווי צוויי סקאָר־פּיאָן־הערנער און מיט אַזאַ תרעומות ווי זי וואָלט אַליין אויך אַריין אין כעס, גרייט אַנצושרייען...

— מיר ווילן דיך נישט לערנען, דיר זאָגן קיין דעות. אָבער די זאַך, קאָן מען אַזוי נישט פאַרבייגיין, נישט מאַכן זיך זען. מיר זענען ביידע די עלטערן ביז הונדערט־און־צוואַנציק יאָר: דו דער טאַטע. איך די מאַמע. ביידע האָבן מיר זיך אַנגעליטן, אַנגעפּייניקט אין אונדזער לעבן, ביז מיר האָבן אויפגעבויט די היים, דערצויגן די קינדער, זאָלן זיין געזונט, און ביידע זענען מיר פאַראינטערעסירט אינעם גליק פון יעדן איינעם פון זיי באַזונדער. און אַז מען האָט דיר געברענגט אַזאַ שיינע מתנה אין שטוב אַריין: דעם שידוך מיט אַזאַ וווּיל בחורל, טאָר מען עס נישט אָפּ־שטויסן, צעשטערן. דו ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. איך דאַרף דיך נישט

לערנען. ביסט קלוגער און געלערנטער פון מיר. נאַר דו ביסט אין כעס, אָנגעזאָטן אויף די מענטשן און דערפאַר די איינגעשפּאַרטקייט, די אויגן־פאַרשטעלעניש...

דאָס שטילע ווייב, די אייביק סבלנותדיקע, וואָס האָט פאַרמאָגט אינזיך אַזויפיל געדולד, אויסדויער, אַלע לאַסטן און עוולות איבערצוטראָגן, האָט אין איר אינערלעכער פליכט, אין איר ערלעך מאַמע־געפיל, זיך אָוועק־געשטעלט מיט איר טענה ווי אַ שטרענגער שופט און מיט אַזאַ שכלדיקייט און מיט אַזאַ שטרענג מאַמעשער פאָדערונג — אַז ס'האָט געקאָנט אַ פאַר־שטיינערט האַרץ איבערצייגן און אָוודאי ערשט אַ בלוט־קרובהש האַרץ. און ווי ס'טרעפט, זי קומט מיט איר גערעכטיקייט, מיט איר פשוט ווייבע־רישן, אָבער געזונטן פאַרשטאַנד, האָט זי מענדלען צו ביסלעך באַצווינגען, געמאַכט אים אַנטוואָפנען. ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך דרייען אויפן בענקל, ווי שפּיזלען וואָלטן אים אונטערגעשטאָכן. גענומען שנויפן־שנופן וואָס האָט אויסגעזאָגט דעם „ויתרוצצו" אין אים, ער קאָן זיך קיין עצה נישט געבן.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים דאָס פאַרשטיקטע מרוקען און דאַסמאָל נאָך טויבער, כמורעדיקער. געקלאַפּט מיט די קלעצלדיקע פינגער אין טיש, זיך געבייזערט אויף אַלע צוזאַמען: אויפן מחותן, אויפן חתן, אויף דער גאַנצער ביקלשער משפחה; צוגעשלעפּט צו זיי אויך די מויד, די כלה, וואָס האָט זיך פאַרלייגט דווקא אויף דעם נאַרישן יינגל; אַרייַנ־געפלאָכטן ס'אייגענע ווייב וואָס העלפט צו; און יאָ, וואָס האָט מען זיך דאָ אַזוי פאַרנומען אויף אים, מען לאָזט אים נישט לעבן. און ווידער: וואָס איז ס'געברענט אַזוי, וואָס מ'האָט זיך קעגן אים אָוועקגעשטעלט, ווי מיט אַ בונט! ס'איז דען חלילה אַ שריפה, וואָס מען דאַרף לויפן לעשן? נישקשה, ער וועט זיך שוין איינשאַפן אַן אַנדערן חתן, אפשר נאָך אַ בעסערן און זיי דאַרטן וויל ער מער נישט קענען. און ער וועט זיי נאָך ווייזן אויך!...

אָבער דאָס אַלץ וואָס האָט פון אים גערופן, איז שוין געווען אָן כוח, נישט געהאַט אין זיך די קראַפט וואָס קומט ביי אים מיטן ערשטן אָנרעג, מיט תקיפות. דאָס האָבן משמעות אויך דערפילט די צווי ווייבער. דעראַנגט

מען דאַרף נישט אַפּלאָזן, קלאַפּן אויפן אייזן, ווי לאַנג ס׳איז הייס און ס׳וועט זיך מוזן נאָכגעבן, בייגן...

די ראַל האָט איצט אויף זיך גענומען איטע די שנור.

איינזעצנדיק זיך באַקוועמער אין בענקל, מיטן פּנים געווענדט צום שווער, און מיט אָנגענומענעם מוט פון איר עלטסט־שנורישן יחוס, איז זי אַרויסגעפאָרן מיט איר פאַרטיידיקונגס־רעדע. זי האָט עס געטאָן אויך ווי די שוויגער, מיט פאַרזיכט, דורך־אַרץ און געלאַסן; צוגעווירצט מיט אַ ביסל ווייבערישער שטילער חנופה, ווייכער צומאַכן דאָס האַרטע מענערישע האַרץ.

— איך מוז זאָגן — האָט זי אָנגעהויבן — און צ׳ווייסט, איך מיש מיך נישט אין אַנדערנס געשעפטן. און אין די מערסטע פאַלן, האַלט איך מיט, מיטן שווער, ווייל איך גלייב אין שווערס גלייכן שכל. אָבער אין דער זאַך, מוז איך גערעכט געבן דער שוויגער. וואָרעם אַ מאַנספאַרשוין ווי געטריי ער זאָל נישט זיין, אַפילו אַ פאָטער, קאָן ער נישט אָפּפילן דאָס וואָס אַ פרויענהאַרץ פילט אָפּ און קען נישט וויסן וואָס אַ מיידל לעבט איבער ביי אַזאַ געשעניש. דאָס קאָן נאָר אַ מאַמע וויסן. און מיר, איך און די שוויגער, ווייסן וואָס מלכה לעבט איבער...

זי האָט אַ קוק געגעבן אויף דער אַלטער מיט גיכן אויגנאַפּל און לויט יענערס אויפגעהעלטן בליק, געזען אירע רייד זענען אויפן אָרט, גוט געצילט און אַ דערמוטיקטע פאַרגעזעצט:

— יאָ, איך ווייס די איבערלעבענישן פון מלכה. זי האָט עס מיר אַליין פאַרטרויט. און עטץ דאַרפט אויך דאָס וויסן.

און איטע האָט איצט גענומען אָפּדערציילן ווי מלכה גייט אַרום אַ טרויעריקע, נעמט זיך צום האַרצן און קאָן נאָך חלילה קראַנק ווערן. וואָרן דאָס בחורל איז איר אַריין אין דער נשמה. זי וויל אים פאַר אַ חתן פאַר אַלעם אין דער וועלט. און פאַרוואָס טאַקע נישט? אַן אָרנטלעך ייִנגל, אַ בכבודיקע שטוב, גוטע עלטערן. יעדעס מיידל פון אונדזער גאַס, וואָלט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. געווען גליקלעך. און דאָס איבער־רייסן, וועט פאַר איר זיין אַ שווערער קלאַפּ, אַ פאַרשעמונג. און אַ שידוך טאָר מען נישט איבעררייסן, ס׳קאָן אַמאָל זיין — ס׳מויל זאָל צו קיין בייז נישט אויסרעדן — צו אַ צווייטן קאָן מען שוין אַזוי לייכט נישט צוקומען...

מען טאָר דאָס אויף זיך נישט נעמען. ס׳איז פונקט ווי מען זאָל צערייסן „תנאים״. אפשר נאָך ערגער...

פאַר מענדלען איז דאָס געווען שוין צופיל. אַ באַרג אויף זיינע פּלייצעס. אַזעלכע שטראָפרייד, אַזויפיל אַרויפלייגן אויף אים אחריות — געוואַלד! און די ווערטער פון דער שנור, זענען דאָך געזאָגט, נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין. זי רעדט דאָך ווי אַ מאַנסביל... אַדורכגעטראַכט מיט קלאָרן פאַרשטאַנד. און אינדער־אמתן: ער ווייסט דען וואָס ער נעמט אויף זיך. אַ שידוך צערייסן, איז טאַקע אַמאָל ווי מ׳זאָל צערייסן חלילה ס׳מזל... ווייבעריש בלוט, פילט עס אַפּ עכטער, וואָרער. און מעגלעך ער קאָן באַגיין אַ גרויסע זינד, אַ חטא!

ס׳האָט אים אַריינגעוואָרפן אין פיבערדיקן געראַנגל. די טענות האָבן אַדורכגעלעכערט זיין מענעריש האַרץ, דאָס האַרטנעקיקע, איינגעשפּאַרטע און ס׳האָט געגומען אין אים זיך עפּעס קרישלען, ברעקלען, אומעכטיק מאַכן.

און דאָך... יאָ, ביי זיין בעסטן ווילן, ביי זיין גאַנץ מאַנענדיק געוויסן, איז אים, מענדלען דאָך נישט לייכט געווען נאָכצוגעבן. וואָרעם נאָכגעבן, אָנקניפּן צוריק מיט די מחותנים, האָט געהייסן, ער גיט אויף דעם קאַמף, גייט אָוועק אַ פאַרשפּילטער, אַ פאַרשעמטער, און נאָך אַזויפיל צרות, אָנפּייניקן זיך. און דאָס האָט ער נישט געקענט ביי זיך פּועלן.

האָט ער זיך געקוועטשט, געדרייט, געפירט די הענט אַרויף־אַראָפּ, זיך נישט געפילט היימלעך. אין זיין יידישן נאמנות, האָט געפּיקט דער ספק, דער שטרייט פון ביידע יצרים: דער גוטער האָט צוגערעדט אויף יאָ: נאָכגעבן. דער בייזער האָט אָפּגערעדט אויף ניין: נישט נאָכגעבן. און דאָס נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז געווען שווער. אָבער דער אייגענער פאַרלוסט — נאָך גרעסער, באַליידיקנדיקער. ס׳איז אים אויסגעקומען, „או לי מיוצרי, או לי מיצרי...״ אויף איין זייט שלעכט, אויף דער אַנדערער זייט ביטער. נישט אַרויסצוקריכן פון דער ענגעניש.

זיצנדיק אין זיין שווער אינערלעכער מחלוקה, האָט אים באַשלאָגן אַ שווייס. דאָס טרינקען איז אים געוואָרן ביטער און איבריק. ער האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס שעלעכל. געגומען מיטן קאַלירטן טאַשנטוך ווישן דאָס הייסע פּנים, די פייכטע האַריקע באַקן, שטערן. אַריין אין פאַרהויקערט־

קייט. אפגעזעסן אזוי געוויסע מינוטן. געקוקט פון הינטער די הויך אויפ־געהויבענע ברעמען ווי מיט לויערונג אויף די צוויי ווייבער. פלוצלינג אויפגעשפרונגען פון אָרט. אַרויס מיט אַ געשריי:

— וואָס ווילטש פון מיר האָבן. וואָס האָט׳ך זיך אַנגעזעצט אויף מיינע יאָרן און צ׳עסט מיך... אַן עסק מיט אַ שידוך אויף מיין קאָפּ! אַ קדחת וועל איך זיי נאָכגעבן! איך האָב זיי געוואָרנט, האָבן זיי געדאַרפט פאָלגן... און עטץ זאָלט אויפהערן דערפון צו רעדן. און שוין!

ס׳איז אַרייַנגעטרעטן אַ שווייגן. מענדל האָט זיך צוריקגעזעצט. דער רונדיק קרעמפּער גוף האָט געזאָטן, זיך געוואָרפן, נישט געקענט איינזיצן. געפויקט מיט די קאָנטיקע קנאָכיקע פינגער איבערן דעק פון טיש מיט אַפּקלאַנג ווי אין אַ פּייקל. בייז צוגעברומט:

— פאַרבינדן זיך מיט די מחותנימלעך... זיי פאַרבעטן אַ הערקומען אין שטוב... ווילן זיי. יאַ, דאָס ווילט׳ך, האַ? — האָט ער געשריגן צו זיך, צו זיי, צו די ווענט, צו אַלעמען.

צירל, רואיק און געלאַסן, האָט דאַרויף אָפּגעענטפערט:

— אין שטוב אַריין זאָגסטו? נו איז וואָס? ס׳איז נישט אונטערן כבוד. נישטאָ זיך מיט וועמען צו שעמען.

— שווער, מ׳קען דאָך נישט אַגדערש — איז אונטערגעקומען גלייך צו הילף די שנור און מיט אַזאַ אויפווייזן, ווי נאָר אין דעם וואָלט עס זיך איצט געהאַנדלט — מען דאַרף דאָך איבערעדן, אָפּשטימען. און ס׳איז נישט דער שטייגער, דער שווער זאָל אַראָפּגיין אַהין דאָרטן...

„ער זאָל נאָך אַראָפּגיין דאָרט אַהין צו זיי, הערט׳ך!״ מנע, אַן אָנשיקעניש אויף זיין קאָפּ! און ווי מ׳האָט זיך צו אים דאָס אַ ביסל גענומען. ס׳ערגסטע, אַז מען פאַלט אַריין אין די ווייבערישע הענט... זיי וועלן דיך שוין נישט אָפּלאָזן!...

אָבער סייווי, מענדל האָט געזען, ער איז אין פּעקל. ער וועט נישט אַרויס פון דער פּאַסטקע, זיך מער נישט אַרויסדרייען. און דעם שווערן זאַק אויף די פּלייצעס מוז ער שלעפּן... ער איז אויפגעשטאַנען פון בענקל. גענומען קריכן איבער דער שטוב מיט שווער־באַוועגלעכע טריט. זיך געדרייט ווי אַ געפאַנגענער בער אין שטייג. צוגעקומען צום פענצטער.

אַרויסגעקוקט. זיך גלייך אָפּגעקערט. ווידער געגומען שפּרייזן. געסאָפּעט. געפּילט מיט יעדן טריט פאַלט פון אים אָפּ אַ שטיק כוח און מיט דעם אויך די זיכערקייט.

צום סוף, ווי ער וואָלט פאַרלוירן ס'געדולד, די מאַכט, האָט ער זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט. באַלד דערנאָך ראַפּטעם צוגעשפּאַנט צום טיר און נישט אומקערנדיק דעם קאָפּ, אויסגעשריען:

— טוטס וואָס צ'ווילט און לאָזט מיך גיין! — ער איז אַרויס.

איטע מיט דער שוויגער האָבן זיך איבערגעקוקט. לייכטע שמייכלען האָבן אויפגעשיינט אויף זייערע פּנימער. ס'האָט געהייסן: אַ העלפט וועגס אָפּגעגאַנגען. איצט דאַרף מען די אַנדערע העלפט דערגרייכן: אַהינשיקן צו דעם, צו וועמען מ'דאַרף, ער זאָל נעמען טאָן דאָרין. איטע האָט דאָס גענומען אויף זיך. זי וועט עס שוין ערלעדיקן, גיין רעדן מיט דעם געהעריקן מאַן, און ס'וועט זיין גוט.

זי האָט אַ צופרידענע זיך געזעגנט מיט דער שוויגער. צוגעזאָגט מיט הבטחה, ס'וועט זיין מיט גאָטס הילף אין בעסטן אָרדנונג. זי זאָל זיין רואיק. זיך נישט איבערנעמען. און אַליין אַ באַרואיקטע אַהיימגעגאַנגען.

אין זעלבן אויפדערנאַכט נאָך, האָט איטע דאָס אַלץ אָפּדערציילט פאַר מלכהן. אויסגעלאָזט מיט אַ חנדלדיקן אָנוווּנק: זאָרג נישט. אַ ליאַדע טאָג וועט עפּעס געשען. איך וועל שוין מאַכן, ס'זאָל זיין גוט...

*

אין דעם טאָג זענען די באַוּמס אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט גאַנץ פרי. די פאַרנעקייט האָט זיך געלאָזט אָפּפילן באַלד אין באַגינען, צווויסן געגעבן ס'וועט אויפגיין דער פרימאָרגן אַ הייסער און מ'וועט עס קאָנען אויסנוצן צום ט ר י ק ע נ ע ן. געוויינטלעך טוט מען דאָס אין די ערשטע שעהן, ווען די זון איז נאָך נישט אַזוי שאַרף, באַקט נישט, פאַרכאַפּט נישט האַסטיק די הויט פון לעדער, וואָס איז אַמאָל אַ סכנה: ס'קאָן ברענגען צום פּלאַצן פון דער ליץ.

ביי מענדלען אין הויף האָט מען געגרייט אַ נייע פּאַרטיע נאָר־וואָס אויסגעאַרבעטע פעלן צום טריקענען. געלעגן שוין אַרויסגעהויבן אויפן „בריקל״ פון פאַס צום אָפּטריפן. באַדאַרף זיי נאָר צופירן מיט דער

טאַטשקע צו די טרוקן־געשטעלן, און היידאַ, אַרויף אויף די דרענגער.

אין דער דאָזיקער אַרבעט נעמט אויך אַנטייל מלכה. זי ספּראַוועט זיך מיט דעם געשיקט און טיכטיק. שטייט מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל ביז איבער די עלנבויגנס, דעם פאַדל פון דער ספּודניצע פאַרשאַרצט אין סטאַן ווי ביי אַ וועשין; די פּיס בלאַנק פאַרשטעקט אין פלאַכע שטוב־לאַטשן און טוט ערנסט איר אויפגאַבע: נעמט אַראָפּ איינע אַזאַ נאַסע פּעל פון דער טאַטשקע, שאָקלט זי אויף ווי אַ שטיקל גרעט, גלייכט אויס די עקן, פאַרוואַרפט זי איבערן דרענגל בריהש און שוין ליגט זי אַ געהאָרכ־זאַמע, אַרויקע ווי אַ פאָלגעוודיק קינד. ביי מלכהן איז די אַרבעט נישט קיין נאַווינע און נישט קיין שווערע. זי טוט נאָך עפּעס אַנדערש און שווערערס: אָנשניידן אַ פּאָר קערב דאָמבע־קאָרע אויף דער שניידמאַשין צום גאַרב; העלפט „אויפשלאָגן" אַ פאַס זיך גאַרבנדיקע לעדערס, אויס־רעקן אַ בינטל בלייזן וכדומה.

בעת איר טאָן, זענען די באַקן ביי איר צעפלאַמט מיט רויטע פייערלעך. פון איר אויסגעקנאָטן קרעפטיק לייב שלאָגט מיט ווייענדיקער וואַרעמקייט ווי פון אַן אונטערגעוואַרעמט אייוועלע. דאָס בלוט שפּראָצט, פולסירט אין אַלע איברים, פון אויערנלעפּל ביז פוסקנעכל, מיט עכט באַומישער קראַפט. ס'איז דעמאָלט אַ קוועלונג אויף איר צוקוקן.

היינט איז די אַרבעט ביי איר נישט געגאַנגען מיט קיין באַזונדערער אויפגעלעבטקייט. נישט געהאַט די רירעוודיקע רוכעס פון איר שטענדיקן טאָן. די באַוועגונגען געהאַמעוועט, פאַרקלערטע. די הענט נישט פאָלגעוו־דיק, כמעט ווידערשפּעניק. די אויגן פאַרטראַכטע, פאַרקוקטע אַוועק פון זיך אין ווייט, ווי זיי וואָלטן געזוכט עפּעס פאַרהוילנס. זי האָט אויס־געזען פאַרסמוטשעט.

יאָ, זי איז נישט געווען היינט מיט זיך. אין אַן אינערלעכן שטרייט. וואָרעם די ליכטיקע האָפענונג וואָס זי האָט מיט טעג צוריק אין זיך געוואַרעמט, גענערט, צוגעזאָגט איר גוטער הבטחה — האָט זיך פאַרטונקלט, געלאָשן. איבערגעלאָזט אַ טריבקייט אין געמיט: מ'האָט זי אָפּגענאַרט.

... ווען איטע די שווערין, האָט איר אין יענעם פאַרנאַכט אָפּדערציילט פונעם שמועס מיטן טאַטן, פון איר איטעס און דער מאַמעס, זיך אַריינמישן

אין דער זאַך, דאָס הייסע געריידּ וואָס איז פאַרגעקומען צווישן זיי, און אַרויסגעקומען איז, אַז דער פאָטער כאָטש אַ צעקריגטער, האָט בעל־כרחו געמוזט נאָכגעבן זייער פאַרלאַנג, אַנצובינדן צוריק דעם שידוך — האָט דאָס אין איר מלכהן אַרויסגערופן אַ גרויסע דערפרייאונג. פון שמחה האָט זי זיך אַזש שיער צעוויינט. אַרויפגעפאַלן אויף דער שוועגערין, זי אַרומגענומען, געקושט. געלויבט זי, פאַר איר חכמה און געטריישאַפט: „ביסט אַ געטרייע, אַ האַרציקע. זאָלסט זיין געזונט, וואָס פאַר אַ טייערע נשמה דו ביסט.״

איטע איבערגענומען פון מלכהס אויפגעברויזטע געפילן, האַרציקן אַרומנעם, האָט געזוכט זי איינשטילן, איינרואיקן. שוועסטערלעך זי אָפּגעשטופּט פון זיך, זאָגנדיק מיט ערנסטן געלעכטער אויף איר שטייגער: „נו, שוין גענוג. זיי נישט צעהעשעט. וועסט מיר אָפּדאַנקן און אויך באַצאָלן שדכנות־געלט, ווען דו וועסט זיך מיט אים שוין קושן אין ענקער אייגן בעט...״ מלכה האָט געפילט ווי אַ רויטער הייסער שטראָם שלאָגט איר אַרויס אויפן לייב, אויף די באַקן. זיך פאַרשעמט. אָבער נישט געהאַט אויף איטען קיין פאַראיבל: זאָל זי רעדן. זי מעג. זי טוט עס פון גוטסקייט. אַליין נאָך צוגעלאַכט און איניזיך געטראַכט: הלוואי דערלעבט זי שוין די שעה...

אין די אַלע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען אַ פריידיקע, מיט אַן אויפּגעהייטערט געמיט, מיט אויפגעפרישטע געפילן, פון דער גוטער דערוואַרטונג, פון דעם גוטן נייעס וואָס דאַרף פאַר איר קומען. אין די פרימאַרגנס איז זי אַראָפּ פון געלעגער מיטן אויפקום פון טאָג צוגלייך, מונטער, לוסטיק. אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דאָס שטובנקליידל און אונטערגעטריבן פון יונג־וואַכיקע אימפּולסן, שוין געשטאַנען גרייט צום טאָן, צו מעשים. אַ נייע ענערגיע האָט אָנגעגאָסן איר גוף, אירע גלידער, זי אָנגעטריפט מיט נײַ לעבן, מיט גוטער קראַפט; געזוכט זיך אויסלאָדענען אין וואָס מער אַרבעט, און צו העלפן אַלעמען, ווי זי וואָלט מיט דעם געוואָלט מאַכן פון זיך, אָפּלערן אַ טראָפּן די איבערגעפלאָסענע געפילן.

אַזוי איז אָפּגערינען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. דאָס דערוואַרטע איז נישט געקומען. מ׳האָט קיינעמען נישט געזען, נישט געהערט, נישט דערמאָנט

צומאָל אין שטוב אַ וואָרט; שאַ־שטיל, ווי מע וואָלט קיינמאָל גאָרנישט דערוועגן גערעדט. מלכה האָט אָנגעהויבן זיך ספקן, אַריין אין צווייפל: האָט איטע איר איבערגעגעבן ריכטיק דעם אינהאַלט פון שמועס מיטן טאַטן? האָט זי נישט אַ מאָל שלעכט פאַרשטאַנען אים, אַז ער איז גאָרנישט גרייט נאָכצוגעבן? און אפשר האָט איטע איר סתם אָנדערציילט מעשיות, נישט־געשטויגן, נישט־געפלויגן, כדי זי באַרואיקן? וואָרן זי זעט דאָך, דוד ראָזנקראַנץ באַווייזט זיך נישט, קומט נישט.

אויפגעוועקט אין איר אַנטוישונג, אין דער אָפּגעזאָרטקייט, האָט די האָפענונג געגומען צוביסלעך אויסוועפּן, אָפּרינען. פונסניי איז זי אַריין אין פאַרביטערונג און נאָך מערער פון פריער. אַ כעס האָט זיך אין איר געזאַמלט אויף דער שטוב, אויפן פאָטער, אויף די ברידער. געטריבן צום בונטעווען, צום קריגן זיך. נאָך מער איז איר מיאוס געוואָרן די היימישע „תפיסה", די מאַנפאַרשוינישע מאַכט, זייער שווערע האַנט וואָס דריקט אויף אַלעם. אויך אויף איר איטען האָט זי זיך געברוגזט, געוועזן מיט תרעומות: זי האָט איר אָנדערציילט ליגנס, באָבע־מעשיות, אָנגעהאַקט אַ קאָפּ, פאַרמאַליעוועט די אויגן. נישט געוואָלט זיך מער פאַר איר באַווייזן.

...„אָבער וועט זי זיך לאָזן, זיי דאָס פאַרשווייגן? ניין. זי וועט זיי אָנלערנען — האָט זי אַרויסגערופן דעם בונט אין זיך נאָך שטאַרקער — זיי האָבן צעשטערט איר גליק, איר פרייד. זי וועט עס נישט איבערטראָגן. און זי וועט זיי אָפּטאָן אַזוינס, וואָס זיי וועלן זי האָבן צו געדענקן אויפן גאַנצן לעבן אַרויס. וויינען אויף אירע יונגע יאָרן...

היינט האָט זי אַ באַזונדער שווערן טאָג, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. זי האָט נעכטן זיך געוואַלגערט אויפן געלעגער לאַנגע שעהן, נישט געקענט איינשלאָפן. זיך געפייניקט אין אירע טרויעריקע זעעכישן, ביטערע געדאַנקען. ס'איז איר אַלץ פאַרגעגאַנגען: זי וועט זייגוועלען שוין קיינמאָל נישט האָבן פאַר אַ חתן. זיינע אויגן וועלן צו איר נישט שמייכלען. זיין האַנט, זי נישט באַרירן. איר זעל וועט זיך נישט פרייען: זי וועט דעם אויסגעהאָפטן טאָג נישט דערלעבן...

הייס און קאַלטס האָט געשטראָמט איבער איר לייב. זי פיזיש אָפּגעשוואַכט. אַ הייס געוויין האָט זיך געריסן פון הינטער אירע אויגנדעקלעך,

מיט געוואַלד עס פאַרשטיקט. קוים איינגעדרימלט. אינדערפרי איז איר שווער געווען דאָס אויפשטיין, אַרויסקריכן פון בעט. זי האָט עס אויך נישט געוואָלט. די מוטער איז צוגעקומען, זי געבעטן, זי זאָל זיך אויפ־הייבן, נישט מאַכן קיין „חתונה״, נישט אָנטאָן צרות: ווייל גראָד דאַרף מען זי היינט ביטיק האָבן צו הילף אין הויף. און ס׳וועט שוין זיין אַ געברומעריי. נישט וועלענדיק אָנטאָן דער מאַמען צער, איז זי לסוף אַראָפּגעקראָכן פון געלעגער, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די יאַקע און אַרויס־געגאַנגען צו דער אַרבעט.

איצט שטייט זי ווי אָן כוחות. אַ פאַרווייסיקטע. אַ טריבע גריזאָטעניש עסט איר אינגעווייד. זי טוט נישט מיט אירע הענט. געצווינגגן. אָן לעבעדיקן באַוועג. יעדעס לעדערל וואָס זי נעמט אַראָפּ פון דער טאָטשקע, ווילט זיך איר אָוועקוואַרפן. פון כעס נעמט זי דערמיט קלאַפּן איבערן אייזערנעם הענטל, ווי זי וואָלט געוואָלט זיך נוקם זיין, כאָטש אין דעם אומשול־דיקן פעלעכל...

ווידער האָבן זיך גענומען אין איר פונסניי שפּינען די בייזע בייזאַכטיקע געדאַנקן. פּלענער: זי וועט פאַרשווונדן ווערן אין אַ שיינעם העלן טאָג פון דער היים, מ׳זאָל נישט וויסן ווו איר געביין איז אַהינגעקומען. זי וועט זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין אַ באַקאַנט דאָרף. נישט געבן פון זיך צוּוויסן, קיין סימן, קיין צייכן: מען זאָל מיינען זי איז אומגעקומען. זיי וועלן זיך דערשרעקן, לויפן זי זוכן, מאַכן אַ רעש, וויינען. דער פאָטער וועט זיין אויסער זיך... יאָ, דאָס וויל זי. דאָס וועט זיין די בעסטע נקמה.

און די מאַמע? אוי, די מאַמע איז איר אַ שאָד. זי קאָן חלילה פון שרעק איינגיין. און זי וויל נישט איר אָנטאָן קיין יסורים. זי איז אַ גוטע, אַ געטרייע און מיט גאָרנישט שולדיק אין דעם אַלעם. האָט אַליין גענוג צער. איז אפשר זיך גאָר מאַכן קראַנק? זי וועט מאַרגן זיך נישט אויפהייבן פון געלעגער, קרעכצן, נישט וועלן עסן, וויינען, אַריינפאַלן אין אָפּצערונג. האַ, ווי מיינסטו? יאָ, דאָס איז גוט. דאָס קען אָנגיין. דער טאַטע וועט שוין דעמאָלט נישט אָפּטרעטן פון איר בעטל. צוקומען, צולייגן זיין האַנט צו איר שטערן, זיך איינהערן אין דער היץ. בעטן, זי זאָל זיך שטאַרקן, עסן, אויפהערן וויינען. זען געזונט צו ווערן. ער וועט איר שוין אין אַלעם

נאָכגעבן. שיקן נאָך דוד ראָזנקראַנץ, ער זאָל אַראָפּגיין צו זיי דאָרט אַהין, איבערעדן... און ס׳וועט אַלץ זיין צוריק אויסגעהיילט.

יאָ, אַ קלוגער געדאַנק כ׳לעבן. זי וועט עס טאָן!...

זי האָט קוים באַוויזן אויסצוענדיקן דעם „קלוגן געדאַנק", ווי ס׳האָבן זיך דערהערט טריט.

מלכה האָט אומגעקערט דעם קאָפּ, און — ס׳בלוט האָט איר מיטאַמאָל אַ זעץ געטאָן אין פּנים: דוד ראָזנקראַנץ איז אַריינגעקומען. פון איבעראַשונג איז איר דאָס לעדערל שיער אַרויסגעפאַלן פון די הענט. זי איז געבליבן שטיין אַ רגע ווי געליימט: אוי, זי האָט דאָך ערשט נאָר־וואָס פון אים געטראַכט. ריכטיק ווי אַ גוטער מלאך וואָלט אים צוגעשיקט. און ער איז זיכער געקומען צוליב דער דאָזיקער זאַך. זי פילט עס מיט איר גאַנץ וועזן.

דוד אַנגעטאָן אין אַ ריינער קאַפּאָטע, צוגעקליבן ווי תמיד ווען ער לאָזט זיך אַרויס אין גאַס, האָט אַלץ מער גענענטערט אַהער. אַרומגעקוקט זיך אין פאַרשידענע זייטן. געזוכט. דערזען מלכהן ביי די טרוקנגעשטעלן, האָט ער פון ווייטן אָהינגעפּרעגט אויפן פּאָטער, וווּ ער געפינט זיך. מלכה האָט אים אָנגעוויזן מיטן האַנט צום הויף־ווינקל וווּ ס׳געפינען זיך די פעסער. גערופן:

— דאָרט ביים גרויסן פאַס שטייט דער טאַטע — איר קול כאָטש אַ ביסל צעטומלט, האָט געקלונגען מיט אומגעוויינלעכן גוטן געפיל צו דעם יידן. דוד האָט אָהינגעשפּאַנט.

מענדל פאַרטאָן ביים צוגעבן אַ צוגאָב־גאַרב פאַר פרישע פעלן, וועלכע האָבן זיך שוין פון פריער געגאַרבט, איז געווען גאָר פאַרפאַרעט. געשטאַנען אָנגעבויגן איבערן גרויסן פאַס און מיט דער לאַנגער דובינע געשאַרט אין איר טיפעניש, געמישט די פריש אַריינגעשאַטענע גאַרב־קאָרע. ס׳פאַס האָט זיך געבלעזלט, געשוימט, אַרויסגעגעבן אַ האַרבן גאַרב־ריח. אָבער פאַר אַ גאַרבערישע נאָז — ליב, נאָענט און געשמאַק ווי באַווירצט געבעקס אַרויסגענומען נאָר־וואָס פון באַק־אויוון. מענדל האָט געשנאַפּט מיט זיינע ברייטע נאָזלעכער, גלייך ער וואָלט לויט דעם גערוך שוין אַליין דערקענט, אויף וויפל די פעלן זענען אויסגעגאַרבט,

וויפל קראַפט זיי האָבן אין זיך, און וויפל ס׳פעלט זיי נאָך. ער האָט אויך געהערט פון ווייטן דאָס פרעגן ביי דער טאָכטער אויף אים און די זיך דערנענטערנדיקע טריט. געוווּסט אַפילו ווער ס׳איז אַריינגעקומען און צו וואָס. זיך נישט געמאַכט זען, הערן: ער ווייסט פון גאָרנישט. אויף דודס אויסרופן נאָך פון ווייטנס דעם „גוט מאָרגן״, איז נישט געקומען דערווייל קיין ענטפער. דוד איז צוגעקומען האַרט צום פּאָס.

— גוט מאָרגן ר׳ מענדל!

מענדל קוים אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט עפּעס אָפּגעברומט וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן צו וועמען ער רעדט, צו דודן, אָדער צו די פּעלן, און גלייך זיך פאַרקוקט נאָך טיפער אין פּאָס. דוד האָט פאַרשטאַנען, מענדל איז אויף אים אָנגעשטויסן: געהערט ער דאָך צום שותפות. און אַלץ וואָס געהערט צום שותפות, איז פאַר אים טריף־פּסול. דוד האָט זיך נישט באַליידיקט. ער קען דעם ייד. מען דאַרף אים נישט נעמען פאַר אומגוט. אַזוי איז זיין טבע. ער האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און מיט אַ קול וואָס האָט געזוכט מענדלען גלייך מפייס זיין, אויסגערופן דאָסמאָל העכער:

— „גוט מאָרגן״, האָב איך געזאָגט, ר׳ מענדל.

— איך האָב געהערט און געענטפערט.

— קאָן זיין. מסתם נישט דערהערט. נו מילא. ר׳ מענדל, איך בין געקומען וועגן אַן ענין...

— אויסשמעקן וואָס עס הערט זיך ביי מיר אין גאַרבערײַ? — איז מענדל גלייך פאַרפאַרן מיטן דישל אויף דובאָם.

— איי, ר׳ מענדל, זאָלט איר זיין געזונט — האָט דוד צו אים גערעדט ווייך מיט היימישקייט ווי צו איינעם וואָס מען דאַרף אים פון פריער אויס אַלץ מוחל זיין, און דערביי זיך באַציען מיט דרך־ארץ — איר זייט דאָך אַ ייד נישט קיין נאַר, אַ פּקח, מיט גראָדן שכל, איז ווי קומט צו אייך אַזעלכע געדאַנקען. מיינט איר טאַקע, מען זוכט אייך חלילה קריוודען, אָנטאָן שלעכטס? זאָל גאָט היטן. אַדרבה, מ׳האָט וועגן אייך די בעסטע מיינונג, וועגן אייער שטוב, וועגן אייערע קינדער. נאָר...

— נאָר... איך בין דאָך נישט קיין חשוב ווי די אַנדערע. מיין סחורה

איז דאָך געמיין. מען דאַרף מיך פאַרשטופּן אין קעלער, כאַטש מיט די קלענסטע „פּאַטשקאַרעס״... — האָט מענדל אויסגעכאַפּט מיט קריטיק, מיט אָנגריף, נישט לאַזנדיק דודן דערענדיקן.

— חס ושלום. זאָגט עס נישט. פאַרקערט, אייער סחורה האָט אַ שם און איז געאַכטעט. נאָר ביי אַ שותפות איז דאָ אַ פלאַנמעסיקייט, געוויסע שטאַפּלען. און מ׳האָט אייך נישט חלילה אונטערגעשעצט. די גרויסע, מילא, ווייסט מען דאָך: זיי קומט דעם אויבנאָן... אָבער דערנאָך גייען די בכבודיקע, און איר צווישן די ערשטע פון זיי. און ס׳איז אַ שאָד ר׳ מענדל...

— ס׳איז נישט קיין שאָד. כ׳וויל זיי נישט קענען. נישט אָנקוקן זייערע פּרצופים, די יונגאַטשעס...

דוד האָט אָפּגעוואַרט. געקוקט אויף מענדלס שאַרן מיט דער דובינע אין פּאַס, און פון די מחשבות אָפּגעקרעכצט:

— שווער מיט אונדז יידן, שווער. און איר זאָלט מיר טויזנט מאָל מוחל זיין ר׳ מענדל, נישט האָבן אויף מיר קיין פּאַראיבל, איר זענט אַ ייד אַן עקשן, האַלט זיך ביי אייער עקשנות. האָט דאָך שוין משה רבינו אונדז געשטראָפט נאָך אין מדבר, אונדז אָנגערופן: טרחנים, סרבנים, עקשנים. געליטן פון דעם ביסל יידן אַ וועלט! געקלאָגט זיך פאַרן רבונו של עולם: וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, ווי וועל איך דערשלעפּן אַזאַ שווערע משא אויף מיינע פּלייצעס, אַזעלכע שווערע יידן! זיי האַלטן דאָך אין איין פרעגן קשיות, שאלות, זוכן זיך צו טשעפּען, צובינדן זיך צו יעדער קלייניקייט, מיט טענות, מיט פאַרוואורפן, מיך צו פאַרמאַטערן... און דאָך — יאָ, דאָך, האָט ער געמוזט בייגן דעם קאָפּ און גיין מיטן פאַלק, פירן עס. געליטן און געשוויגן. פאַרפאַלן, פאַר אַ ציבור מוז מען זיך מכניע זיין, בייגן דעם קאָפּ...

דוד האַלטנדיק די הענט פאַרלייגט איינע אויף דער אַנדערער, האָט זיי באַפרייט, צעוויגט. ווייטער געצויגן די ווערטער און מיט נאָך מער באַלערנטקייט:

—... יאָ, ר׳ מענדל. יידישע עקשנות איז טאַקע אַ מעלה, פון גרויסן ווערט. אָבער ווען איז דאָס געוואָרן געזאָגט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן

ידישקייט, וועגן אמונה. דעמאָלט איז: ייהרג ובל יעבור, ביז קדוש־השם... אָבער סתם ביי היימישע ענינים זיך פאַרעקשנען, זיין פאַרביסן — דאָס טאָר מען נישט, ניין. אין דער אייניקייט ליגט אונדזער כוח, אונדזער קראַפט. און דער וואָס רייסט זיך אָפּ, טוט נישט ריכטיק. ס'איז זיין שאָדן און קאָן זיך חלילה פאַרזינדיקן...

מענדל איז פון דודס שטראָפרייד, מוסר־זאָגן און פון זיינע באַלערנ־דיקע וווילקענטענישן אין דער תורה, געוואָרן אַ ביסל געפּלעפט, פּלאָטשיק. ער האָט נאָך מינוטן נאָכטראַכטן, אויפגעהויבן די שווערע געדיכטע ברעמען, זיי אָנגעשטעלט אויף דודן. מיט שווערן קול געזאָגט:

— איך ווייס, עטץ קענט שיין רעדן. זאָגן אַ פּשטל. די תורה העלפט אייך אַרויס...

— ר' מענדל, ס'איז נישט קיין פּשטל און נישט קיין סתם גערעדעריי. ס'איז דער אמת. די ווירקלעכקייט פון אונדזער וועלט. און בעוונותינו־הרבים — ס'זאָל נישט זיין קיין אויסרייד פאַרן שטן — אונדז ייִדן פעלט עס נישט... אַ ביסל קריגן זיך, איז מען גרייט... און איך וואָלט נאָך געקענט ברענגען אַ סך ראיות, אַ סך זאָגן דערוועגן. נאָר איך בין נישט געקומען אַצינד צוליב דעם. נאָר וועגן אַן אַנדערער זאַך, וועגן אונדזער היימישן ענין: דעם שידוך. אַט וועגן וואָס איך וויל מיט אייך רעדן.

ס'איז אַריינגעטרעטן אַ שווייגן. מענדל האָט דערוויל מיט גאָרנישט רעאַגירט. אָפּגעוואָרט. דוד האָט נאָך אַ ביסל אָפּאָטעמען, ממשיך געווען דאָס ווייטערע.

— ... איז הערט ר' מענדל: בין איך אַנומלטן געגאַנגען אין גאַס און אָנגעטראָפן יאַנקלען. שטעל איך אים אָפּ. זאָג צו אים: וואָס איז די מעשה האַ יאַנקל, ס'איז געוואָרן אַזוי שטיל מיטן שידוך, האָסט חרטה? „ווי פאַלט איר אויס — קוקט ער מיך אָן יאַנקל — ביי מיר איז נישט אַריינ־געטרעטן קיין שום ענדערונג, קיין שום חרטה, חלילה. נאָר דאָרטן איז מען אויף מיר אָנגעברוגזט, וואָס קען איך מיר העלפן.“ זאָג איך צו אים: יאַנקל האָסט אַ טעות, זיי מיר מוחל. ביי מענדלען ווערט מען נישט ברוגז אויף אַזוינע זאַכן. מענדל איז אַ ייד וואָס פאַרשטייט, וואָס ס'הייסט ביי ייִדן אַ שידוך. און ייִדישקייט איז ביי אים אַ טייערע זאַך. און וואָס איז

נאָך טייערער און יידישלעכער ווי פירן אַ קינד צו דער חופה... דאָ מוז שטעקן עפּעס אַנדערש, אַ מיספאַרשטייעניש. איך וועל אַהיגגיין צו ר׳ מענדלען זיך נאָכפרעגן. בין איך טאַקע געקומען זיך נאָכפרעגן, ווי ס׳האָלט מיט דער זאַך. איך שטעק דאָך אויך אַ ביסל אינדערמיטן...

דודס ערגסטע רייד, זיינע אונטערגעוואָרעמטע ווערטער וועגן אָנבינדן צוריק דעם איבערגעריסענעם פאָדעם פון שידוך, די מעשה מיט משה רבינו׳ס קלאָגן זיך אויף די יידן, זיינע שטראָפרייד אויף זיי — האָט אין מענדלען עפּעס אַ ריר געגעבן. געעפנט אַן אינעווייניק טירעלע. געמאַכט דאָס אויער איינהערעוודיקער. ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין דער טענה פון די צוויי ווייבער וועלכע האָבן מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אים געגומען אין דער אַרבעט אַריין, אים צוגעדריקט צום וואַנט... געדענקט אויך אין דער מוידס באַהאַלטענעם ברוגז, וואָס גייט אַרום מיט אַ פרעמד פּנים, די אויגן אַראָפּגעלאָזט, רעדט נישט אויס קיין וואָרט. דערביי ווייסט ער, ר׳איז אַליין אויך נישט איינגאַנצן מיט רו, מיט זיכערקייט.

און אַ ראיה האָט ער אויך פון דער תורה: מה־דאָך, אַזאַ משה רבינו וואָס האָט גערעדט מיט גאָט פּנים־אל־פּנים, האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די יידעלעך, געקלאָגט זיך אויף זיי, ווועט ער גאָר זיין דער שטאַרקער, דער צעלייגער? אמת פון יענער זאַך, פון שותפות האָלט ער נישט און וועט נישט אַריינגיין. אָבער שידוך — איז שידוך, ווי זיין ווייב און שנור טענהן. מ׳קען עס נישט אָפּווישן מיט דער האַנט ווי אַ ביסל פּאָרע פון שויב. און ער דוד איז אַ ייד אַ לערנער. תורה איז אין זיין מויל. און דאָ ווו ס׳איז דאָ תורה, איז דאָ חכמה: ער ווייסט וואָס אין די אותיות שטעקט. און אַז ער זאָגט דאַרפט מען זיך צוהאָרכן. דאָס שליחות האָט געגומען ווערן אָנגענומענער, באַווירקטער.

מענדל האָט אויסגעגלייכט דעם רוקן. אָנגעקוקט דודן מיט אַ מער אָפענעם בליק און מיט אַ ביסל שוין מער צוגעלאָזנקייט, געזאָגט:

— איך זאָג מיך נישט אָפּ פון שידוך. אָבער ווי לאַנג ס׳איז די „קטב־מרירי״ די אומאָרדענונג, האָב איך נישט דעם קאָפּ דערצו. מען מוז אָפּוואַרטן.

— ר׳ מענדל, מיט אַ שידוך וואַרט מען נישט אָפּ. ס׳איז ווי אַ פרוכט

אויפן בוים. סע ווערט צייטיק, מוז מען עס אראָפּנעמען. אַז נישט, אָדער ס׳ווערט איבערגעשטאַנען, אָדער ס׳קומט אַ צווייטער און נעמט אַראָפּ...

ווידער אַ ריכטיקער משל, געזאָגט פון אַ קלוגן מענטש. און מענדל האָט כידוע, ליב געהאַט קלוגע מענטשן און קלוגע משלים. ווידער נישט געקענט ביישטיין דעם אינערלעכן „ויתרוצצו" — און ווי אַלעמאָל ווען ער ווערט באַפאַלן פון אַ שוואַכער מינוט, האָט זיך אָנגעהויבן אין אים אַ שטויסונג, אַ וואַקלעניש אויף יאָ און ניין. אַ שטים געקומען פון דער טיפעניש, האָט צו אים גערופן — יאָ. געלאָזט הערן שאַרפן פאַרוואָרף: מענדל שפּילסט זיך מיט פייער. שטעלסט זיך אויס אויף גרויסע סכנות. געדענק, קאָנסט חלילה פאַקוטעווען. געדענק ס׳איז אַ שידוך!...

ער האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן.

און דאָך — אוי, גרויסע זינד אונדזערע! — ס׳איז אים נישט לייכט געווען נאָכצוגעבן. דער טראַציקער יצר־הרע וואָס איז דער שר פון דער אַמביציע, בייזער עקשנות און ווי דער שטייגער, דער גרעסערער בעל־נצחון, האָט אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון זיינע הענט. אים אונטערגעזאָגט בידידות: די זאַך איז זייער אַ האַרבע. דו שטעלסט אַלץ אין קאָן. און מיטן נאָכגעבן אַוועלכן ס׳איז פּרט, אַפילו מיטן שידוך, שטעלסטו אין סכנה דיין גאַנצן ביז אַהעריקן קאַמף, אין וועלכן דו האָסט אַריינגעלייגט אַזויפיל מי, כוח, צער און געלט. זאָלסטו איצט אַוועק־גיין אַן אָפּגעפּאַטשטער, אַ פאַרשפּילטער, האַ?

מענדלען איז הייס געוואָרן: ניין, ער טאָר עס נישט טאָן. שפּעטער מ׳וועט צו זיך קומען, וועט מען זען, וועט מען רעדן. איצט מוז מען אָפּוואַרטן. ער האָט געפּרוווט מדחה זיין.

— אָפּוואַרטן, אָפּוואַרטן... שפּעטער ס׳וועט ווערן אַ טאָלק, מ׳וועט צו זיך קומען, וועט מען רעדן.

— ר׳ מענדל, מען טאָר נישט אָפּוואַרטן. איך האָב אייך פריער געגעבן דעם משל. מען מוז שוין טאָן פאַרן גוטן פון אייער הויז. האַרכט אַמאָל אויך אַ יינגערן מענטשן...

— אָפּלייגן, אָפּלייגן. ס׳איז נישט חלילה קיין שריפה. לאָמיך אָפּכאַפּן דעם דעך...

און ער וואָלט עס טאָקע אפשר געווען אָפּגעשטופּט, ווען נישט מלכה.

אין דער צייט פון שטרייט צווישן דודן מיט מענדלען, איז מלכה געשטאַנען ביי איר אַרבעט, געטאָן דאָס איריקע און פון ווייטן זיך צוגע־האָרכט צום געראַנגל צווישן דודן מיטן פאָטער. זי האָט אין די מינוטן אַ סך איבערגעלעבט. אַליין אַ באַומיש בלוט, האָט זי אַרויסגעהערט פון טאַטנס שטים, דאָס פעלן פון זיין שטרענגן דערווידער, קעגנערשאַפט. אַדרבה, עפּעס ברעקלדיקס, געפאַלנס, האָט זיך געהערט פון זיין טאָן: „ער ראַנגלט מיט זיך — האָט זי צו זיך געזאָגט — און אויב וועט ער, דוד נישט מיד ווערן, נישט אָפּלאָזן די שטריק פון עמער, וועט ער אים אַרויפציען אַפּולן פון ברונעם... — דעם צוזאָג פון טאַטן. ס׳האַרץ זאָגט עס איר אויף זיכער.

אין אויפרעגונג, האָבן די באַקן זיך ביי איר געצונדן, צעגליט אויף רויט. די אויגן אויפגעבליצט מיט שאַרפן שיין. זיי געשטרעקט צו יענעם ווינקל פון די צוויי מאַנסלייט, וואָס האָבן געפירט צווישן זיך דעם וויכוח און אין האַרצן מיט תפילה געבעטן: גאָט זאָל דודן געבן כוח, אויסדויער, נישט לאָזן אים פאַלן; ער זאָל מצליח זיין, באַזיגן דעם טאַטן.

כדי נאָך בעסער אויפצוכאַפּן די ווערטער, האָט מלכה אָפּגערוקט איינס פון די אַראָפּהענגנדיקע לעדערלעך, געמאַכט אַ „פענצטערל", זי זאָל בעסער קאָנען זען, הערן, און מיט אַן אינערלעך אַרויסגערופענער סוגעסטיווער קראַפט, ווי זי וואָלט דערמיט צוגעגעבן דודן מוט, גערופן צו אים מיט אַזאַ זעלב אינערלעך קול: גייט נישט אַוועק. ווערט נישט ביי זיך שוואַך. לאָזט נישט אָפּ די שטריק...

דער פאָטער באַוויגן פון עפּעס אומרואיקס, האָט באותו־רגע אויפ־געהויבן די אויגן, זיך אָנגעשטויסן מיט דער טאָכטער אין בליק. דערזען אירע מאַדנע אָנגעשאַרפטע אָפּלען אויף אים, ווי געצילטע פיילן — און דאָס גערייד האָט זיך מיט אַ מאָל ביי אים איבערגעהאַקט. ער איז געוואָרן שוואַך, נאָכגיביק. אויפגעהערט זיך אַמפּערן. אָפּגעהוסט, אָפּגעקרעכצט. געזאָגט מיט געפאַלן קול:

— אוי, ווי נעמט מען צו דעם אַלעם אַזויפיל כוח... מען דאַרף דאָך האָבן שמשון הגיבורס גבורה... — אויפגעהויבן די אויגן, אָנגעקוקט דודן און נאָך אַ מינוט שווייגן, זי צו אים געווענדעט:

— און וואָס וויל ער דאַרט דער ביקל. שטעלט ער נישט קיין תנאי, כ׳זאָל מוזן צושטיין צום סאַנדאַג? — מענדלס שטימע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שפּאָט און אומעטיקן ביטערן חוזק.

דוד האָט זיך צעלאַכט פון מענדלס אויסדרוק, פון זיין שווערן הומאָר.

— ר׳ מענדל, איר זענט אַ ייד מיט איינפאַלן, כ׳לעבן. סאַנדאַג איז דאָך אַ פּיש...

— קאָן מען כאַטש פון אים האָבן הנאה. פון יענעם וועט קיין הנאה אויך נישט זיין. —

מענדלס ענטפער איז געווען אַרויסרופעריש, ביטערלעך, גרייט אָנצוגרייפן.

— פונדעסטוועגן ר׳ מענדל האָט איר דאָ אַ שטיקל טעות. ס׳איז נאָך נישט אַזוי ווי איר שאַצט אָפּ — איז געקומען דודס ענטפער ווייך.

— אַזוי גוט איז דאַרט?

— דערווייל ברוך־השם נישט צו פאַרזינדיקן. יעדער פאַרקויפט זיין סחורה און אָן עגמת־נפש. און פאַר אייך ר׳ מענדל וואַרט דאָס אָרט מיטן גרעסטן כבוד. אַלע זענען געגאַנגען, קומט אויך מיט.

— וואַרטס, צ׳האָט נאָך נישט אויפגעגעסן דאָס געקעכטס אינגאַנצן. עטץ וועט נאָך דערשפּירן דעם ביטערן טעם פון אָנגעברענטס... — און פון מענדלס מויל האָט זיך געריסן בייזע נבואה.

— וואָס עס וועט זיין, ווייסט קיינער נישט. דאָס ווייסט נאָר דער יודע־־מחשבות, דער רבונו של עולם. אָבער היינט צוטאָג, היום־הרת־עולם, איז דערווייל נישט שלעכט. די סוחרים שפּילן נישט אויף דער מערכה פון קאָנקורענץ, מיט אויסכיטרעווען די פּרייזן, צוליבן גאַרבערס מוזן פאַרקויפן ס׳ביסל סחורה, ווייל ס׳קוועטשט אים דער גילדן און זיי צאַפּן אים דערפאַר דאָס בלוט. און פאַרוואָס זאָל עס אייגנטלעך ווערן קאַליע. אַז ס׳איז אַ גלייכע זאַך, פאַרוואָס זאָל עס ווערן קרום? כ׳פאַרשטיי נישט. זאָל איך רעדן וועגן אייך ר׳ מענדל?

— רעדסט נישט. איך ברויך נישט זייער חסד און נישט קיין שליחות. מיר טוט מען נישט קיין טובות. און מיר האָט מען נישט געצאַפּט דאָס בלוט. האָבן זיי געוואָלט געבן דעם געהעריקן פּרייז, איז געווען גוט,

האָב איך זיי פאַרקויפט. נישט — האָב איך זיי געשיקט די „גרויסע הערן" (סוחרים) אַ הויז ווייטער. איך דאַרף נישט דעם קאָמיטעט. דאַרף נישט זייער טובה. גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזן. ער וועט זיין מיין היטער.

דוד האָט געזען ער ברענגט אַריין דעם ייד מיטן שמועס צוריק אין אויפרעגונג. געוואָלט עס פאַרמיידן. אוועקגעפירט דערפון:

— נו, גוט. לאָמיר דאָס איבערלאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל. איז וואָס זאָגט איר וועגן דאַרטן. זאָל איך רעדן מיט יאַנקלען?

מענדל האָט געשאַרט מיט די פינגער איבער דער האַריקער געדיכ־טעניש פון פנים. געזוכט עפּעס אין דער מחשבה. אויסגערופן האַלב כמורנע, האַלב נאַכטראַכטנדיק:

— כ׳ווייס אַליין נישט. רעדס איבער מיט מיין יידענע. זיי, די ווייבער זענען קלוגער אין די זאַכן. זאָלן זיי טוען ווי זיי פאַרשטייען.

פאַר דודן איז עס געוועזן אַ גוטער און גענוגנדיקער ענטפער. דאָס האָט ער דאָך געמיינט. סע האָט אים אַפילו אַ שטופּ געטאָן די צונג, זיך אַרויסצוכאַפּן: אַז זיין יידענע מיט דער שנור באַשטייען דאַרויף נאָך פון פריער. דאָס האָבן זיי אים געבעטן, ער זאָל אַהערקומען באַנייען די זאַך. ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן. בעסער נישט דערמאָנען, נישט אַרויסרופן דעם בער פון וואַלד... ס׳קאָן נאָך קאַליע מאַכן. צוגעלייגט מן הצד:

— כ׳פאַרשטיי די מוטער וועט נישט זיין דערקעגן. אַ מאַמע זעט אַנדערש. און כ׳וועל מיט זיי רעדן. און יאָ, ר׳ מענדל, נאָך עפּעס: די מחותנים דאַרפן זיך צוזאַמענקומען אין אַ שפּייסצונאַכט, אַדורכרעדן וועגן אַלעם. איך וועל דאָס בלי־נדר מסדר זיין. יאָ?

— צ׳וועט מיך אַהינשלעפּן אויף די פּלייצעס צו זיי?...

דוד האָט געהערט דעם קטרוג אין די ווערטער. באַלד פאַרכאַפּט:

— ווי פאַלט איר אויס ר׳ מענדל. יאַנקל וועט דאָ אַהערקומען מיטן בני־בית. וואָסי ס׳איז אים נישט צום כבוד? און גלאַט, קומען קומט מען צו דער כלה אין שטוב און נישט צו חתן. און זיי וועלן גערן קומען.

— איך וואַרף קיינעם נישט אַרויס פון מיין שטוב. אַז מען קומט איז מען דאָ...

דוד האָט זיך אַזש צעשמייכלט. אַ פלעכט געטאָן די יונגע באָרד מיט די פינגער. מער האָט ער נישט באַדאַרפט. צופרידן געזאָגט:

— נו גוט. כ׳ווייס שוין אַלץ. איך וועל אם ירצה השם איינאָרדנען ס׳זאָל זיין גוט. אַ גוטן טאָג ר׳ מענדל!

ווען דוד האָט געשטעלט די ערשטע שריט צום אַפגיין, האָט מענדל זיך אין עפּעס דערמאָנט. אים צוריקגערופן, פאַרהאַלטן. ער וויל אים עפּעס פרעגן. צוגעקומען האָט מענדל אָנגעלענט די האַנט אויף דודס אַקסל. געקוקט אים אין די אויגן. שטיל געפרעגט:

— וואָס איז מיט זאַמען, האַ? ער איז אַריין אין שותפות. יאָ? ניין?

דוד איז אויף אַ סעקונדע געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט. נאָכ־געטראַכט:

— גלייבט מיר ר׳ מענדל, כ׳ווייס אַליין נישט קלאָר. אין דער רשימה איז ער פאַרשריבן און פון די ערשטע. אָבער קיין סחורה ברענגט ער נישט. מען זאָגט, ער שיקט זיי אַוועק קיין וואַרשע.

— ווּהין, אויפן גרויסן וואַרשעווער בית־הקברות? מילא, וואָס זאָל מיין צונג רעדן. הלוואי זאָלן די מיילער האָבן געזאָגט ליגנס. אַ גוטן טאָג. גייט געזונט.

— וואָס איז ר׳ מענדל. איר ווייסט עפּעס?

— כ׳ווייס גאָרנישט. מיר האָבן גאָרנישט גערעדט. צ׳האָט פון מיר גאָרנישט געהערט. אַ וואָרט פאַרן מויל נישט ברענגען. אָבער אָן אויער דאַרף מען יאָ האָבן: אַ האָרך צו טאָן אין דער שטיל, וואָס הערט זיך ביי יענעם... דאָס איז עס. פאַרשטאַנען?... גייט געזונט!

מענדל האָט אים אָפּגעשטופּט אויף צוריק. וויגנדיק מיט דער האַנט מיט אַזאַ באַוועגונג ווי ער וואָלט אים געגעבן אָנצוהערן, דאָס איבריקע דאַרף ער אַליין פאַרשטיין. דוד האָט דעראָנט, אַז מענדל איז מיט דעם אויף עפּעס מרמז. ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן נאָך אַ מינוטיקער פאַרקלערטקייט, איז מענדל געווען שוין פון אים אָפּגעגאַנגען. אַהינגע־שפּאַנט צוריק צום פּאָס, מיט זיינע שווערע טריט.

דוד האָט אים נאָכגעקוקט. זיך געוווּנדערט; וואָס קאָן דאָס באַטייטן? מענדל איז נישט דער מענטש וואָס זאָל רעדן סתם אין דער וועלט אַריין.

ער וואַרפט זיך נישט מיט קיין רייד. און נאָך קלאָרער איז אים געוואָרן אַז דער פעסט־גופיקער ייד, האָט מיט דעם עפעס מכוון געווען, אים אויף וואָס אָנגעווונקן.

אַרויסגעקומען אין גאַס, האָבן די ווערטער אין דודס אויערן נאָך אַלץ אָפּגעקלינגען מיט רעטעניש. אַריינגעדרינגען טיפער אין מוח: וואָס קען דאָס זיין? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מען זעט טאַקע נישט אין דער לעצטער צייט, אַריינפירן צו זאַמען קיין רוויוואַרג און נישט אַרויס־פירן קיין פאַרטיקס. די מערערע צייט — אַזוי שמועסט מען — איז ער פאַרנומען מיטן וואַרשעווער געשעפט. סע בלייבט אים נישט קיין צייט פאַר דער אייגענער גאַרבעריי, פאַר די היימישע אויסאַרבעטונגען.

אָבער עפעס לאָזן זיך יאָ הערן קלאַנגען אין דער שטיל, אָפּגעריסענע, אונטערגעמורמלטע, נישט דערזאָגטע, וואָס מ׳פאַרשווייגט מער וויפל מען רעדט. ער אַליין ווייסט פון גאָרנישט. האָט נישט קיין אָנונג וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר אַז מענטשן רעדן, מוז דאָך זיין, נישט אויף גלאַט.

פאַרבייגעגאַנגען אַהיים־וועגס, פאַרביי זאַמע שאַרפשטיינס הויף, האָט דוד בכוונה פאַרלאַנגזאַמט די טריט. צוגערוקט זיך נענטער צום פּלויט, אויפגעכאַפּט אַ וועלכן קלאַנג. געשטרעקט שאַרף דאָס אויער צום איינהערן. ר׳האָט גאָרנישט אויפגענומען. אַ טויבע שטילקייט האָט פון דאָרט אַרויס־געהויערט. ס׳האָט זיך נישט געהערט קיין אָפּהילך פון כלים, נישט פון מענטשלעכע קולות, נישט קיין לעדער־ריחות. דער אַרבעטס־אָטעם — פאַרשוויגן.

אין דודס האַרץ האָט אָפּגעשלאָגן עפעס אומרואיקס, פאַרדעכטיקס: זאָל נישט האָבן חלילה דאָרט וואָס פאַסירט נישט־גוטס ביי דעם זאַמען? ער איז דעם איבעריקן וועג געגאַנגען אַהיים, שוין מיט אַ באַזאָרגט געפיל, באַאומרואיקט פון אַ נישט גוטע מחשבה.

## קאַפּיטל פינף
## מ׳זוכט רעטונג

ביי זאַמע שאַרפשטיין אין שטוב האָט די לאַגע זיך מיט גאָרנישט געענדערט. דאָס פאַרווירקלעכט ווערן פון סינדיקאַט, האָט נישט אַריינ־

געבערענגט קיין שום פאַרלייכטערונג, קיין פאַרבעסערטקייט אין שטוביקן לעבן. וואָרעם כאָטש זאַמעס נאָמען האָט פּוגורירט אויף דער רשימה אויבנאָן צווישן די ערשטע, און ס׳איז אים צוגעטיילט געוואָרן אַ גרעסערע קוואָטע, מיט ערשט־סאָרטיקן פּרייז ווי ס׳געהערט אַ חשובן גאַרבער — האָט עס צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן נישט געבראַכט; ווייל כדי אַנטיילצונעמען אינעם שותפות, האָט מען באַדאַרפט ברענגען סחורה, לעדער ממש; כראָמעס, בלייזן, בוקאַטן, יוכטן. אַוועקלייגן אויף די פּאַכן, צוקלעפּן אַ צעטל מיטן נאָמען, קוואַליטעט, פּרייז — פאַרקויפן, און צוריק באַקומען געלט. און דאָס האָט זאַמע נישט געקאָנט באַווייזן. נישט געהאַט מיט וואָס צו דערשיינען. דאָס קליינע ביסל וואָס איז נאָך געלעגן אין די פעסער, די „אייזערנע פּאַרציע״, איז געווען גענוג פאַר די פאַר היימישע שוסטערס, ביסלאַכווייז עס אויסצופאַרטיקן און שטיל דערפון זיך צונערן. אין דער „חברה״, האָט ער נישט געהאַט מיט וואָס צו קומען. נישט געהאַט קיין רעאַלס צו ברענגען.

פאַר דער גאַס האָט זאַמע זיך נאָך אַלץ אויסגעהיטן, זיך געהילט אין געהיימען שלייער, געשפּילט דאָס פאַרבאַהאַלטענע שפּיל, פון מאַכן זיך פאַרהוילן. געלאָזט אַנשוועבן קלאַנגען: ער איז געוואַלדיק פאַרנומען מיטן געשעפט אין וואַרשע, צערייסט זיך פּשוט פון פאַרטאָענקייט. און דאָס איז אויך די סיבה, וואָס ער טוט פאַרנאַכלעסיקן דאָס מסחר אויפן היגן מאַרק. דאָס זעלבע לגבי דעם שותפות: נישטאָ קיין צייט און נישטאָ קיין איבריקע סחורות... זאַמע האָט אויסער די בושה וואָס דאַרף אויף אים קומען ביים מגלה זיין דעם אמת, זיך אויך געשראָקן פאַרן פאַרלירן זיין נאָך איינציקן אַנהאַלט: דעם נאָמען, דעם כבוד. פון דער צווייטער זייט האָט ער נאָך אַלץ געהאָפט, ער וועט זיך אַרויסרייסן פון דער קלעם. אויסגלייכן די בייגער, זיך צוריק אַריינגלידערן אין גאַרבער־ציבור ווי אַמאָל. כאָטש אין אמתן געזאָגט, האָט ער נישט געוווּסט ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען.

צוליב אָט דעם פאַרשטעלן זיך די אויגן, אַריינפירן די מענטשן, און זיך אַליין, אין בלענד, האָט עס אים געברענגט שאָדן, טיפער נאָך צו פאַרקריכן אין בלאָטע. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט זיך צוהערן צום

ווייבס עצה, וואָס זי האָט געראָטן: ס'וואָלט געווען פיל גלייכער אויפ־צו שטעכן דעם „בלאָטער" באַצייטנס... וואָרן דאָס אויפהאַלטן, מאַכט ערגער, מאַכט די וווּנד אָנפילן מיט מער אייטער, געשווילעכץ, וואָס וועט שפּעטער וועד־ווייסט ווי שווער זיין שוין אָפּצוטרייבן... זאַמע האָט זיך נישט געלאָזט איבערצייגן, נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, די גאָס זאָל דערהערן פון זיין אומגליק, דערזען אים אין זיין נעבעכדיק שפּלדיקן מצב. געהאַלטן זיך ביי זיין טאַקטיק: פאַרשווייגן ווי ווייט מעגלעך לענגער. נישט אַרויסלאָזן די פּאַרע פון מויל, וועגן זיין צושטאַנד, וועגן זיין ביטערער לאַגע.

און הגם די רויוואָרג־הענדלער, האָבן יאָ צוביסלעך צעטראָגן ידיעות, אָפּגעריסענע קלאַנגען, אַז ביי זאַמען איז עפּעס נישט אַלץ אין אָרדענונג, ער צאָלט נישט רעגולער די חובות, פּראָלאָנגירט די וועקסלען און לאָזט זיי ווייטער גיין צום „פּראָטעסט" — האָט עס יעדער אויסגעטייטשט אויף זיין אויפנעמענדיקן אופן: סע מאַכט זיך אַמאָל ביי אַ סוחר, ס'געשעפט ווערט פאַרענגט, אַ ראָד קרימט זיך אויס, דער דישל פאַרקריכט אין אַ זייט, די אַקס סקריפּעט... מען דאַרף דעם וואָגן אויסלאַדעווען, די רעדער אויס־שמירן, ברענגען אין אָרדנונג און ווידער וועט אָוועק אַ גאַנג, פאָרן זיך אויפן גלאַטיקן וועג... אַ חוץ דעם: האָט דאָך יעדער זיינע זאָרגן, זיינע קלאָפּאָטן, מיט זיך צו טאָן, ער זאָל אַריינלייגן דעם קאָפּ צופיל אין יענעמס געשעפטן. און אפשר וויל יענער גאָרנישט מ'זאָל וועגן אים נאָכ־טראַכטן, נאָכשפּיאָנירן... האָט מען זיך טאַקע דערמיט נישט צופיל פאַר־נומען. געלאָזט עס גיין מיט זיין־אייגענעם גאַנג.

פאַר זאַמען האָט דאָס אָפּשלעפּן זיין אַנגעווייטיקטן ענין, דאָס הילפ־לאָזע אויסוואַרטן אויף אַ נס, נישט געברענגט קיין טובה. פאַרקערט — אַ גרויסע רעה. פּעשע איז אין דער הינזיכט געווען גערעכט (ווייבער־באַלעבאָסטעס האָבן ביי אַזאַ שווערע הויז־סיטואַציע אָפּטערס אַ שטאַרקערן, רעאַלערן חוש, פאַרן מאַן); ס'האָט געפירט צו אַן ערגערע ווירקונג, צו פאַרטיפערן די וווּנד, ממש ביז געפאַר, ביז שוין נישט זיין מעגלעך אַרויסצוקריכן פון דער זומפּ.

און מאָדנע, דאָס שיקזאַל האָט זיך אַזוי איבערגעקערט, געוואָרן

ווידערשפעניק, אַז וואָס זאַמע האָט געוואָלט אונטערנעמען, טאָן, איז אים נישט געלונגען, ווי דאָס שטיקל מזל וואָלט זיך אַרויסגעגליטשט שוין אין גאַנצן פון זיינע הענט. די האָפנונג אויפן שטילן שותפות מיט תנחום אייזן, האָט אויך צו גאָרנישט דערפירט. תנחום האָט נאָכן געוויר ווערן דעם נאָמען פון דער פערזאָן וואָס וויל אים אַריינעמען אַלס שותף, זיך פאַרקלערט. די זאַך אָפגעשלעפט. נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה. צום סוף אָפגעזאָגט. ער האָט עס פאַרענטפערט — לויט ווי ר׳ נח זינדע־לעוויטש האָט שפּעטער איבערגעגעבן אים זאַמען — אַז אַמאָל אין גרויסער נויט, ווען ער תנחום האָט נאָך געפירט ס׳אַרעמע לעדער־געוועלבל און ס׳האָט אים אויסגעפעלט ס׳ביסל סחורה וועלכעס ר׳האָט נייטיק באַדאַרפט האָבן, און געקומען צו אים אין גאַרבעריי — האָט אים זאַמע אַוועקגעשיקט מיטן ליידיקן: ס׳איז נישטאָ! ער תנחום האָט ברי־לי געוווסט, ס׳איז ביי אים יאָ דאָ די לעדערס. אים מבייש געווען. דעריבער לאָזט אים ס׳האַרץ זיך נישט מיט אים פאַרבינדן אין שותפות. און דאָס, נישט מחמת נקמה, חלילה. נאָר ס׳וועט אים פּשוט נישט זיין אָנגענעם קוקן יענעם אין די אויגן. ס׳וועט אויסקומען: ווי לועג לרש... (שפּאָט פון אָרעמאַן). איז דעריבער בעסער — ניין נישט טאָן.

זאַמע האָט ביים אויסהערן די דאָזיקע ווערטער, טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, מודה געווען פאַר ר׳ נחן, ס׳איז דאָ אין דעם אמת, הגם ער האָט עס געטאָן בשוגג, נישט מיט קיין שלעכטער כוונה און איז אַפילו אומשולדיק. אָבער טאָט — בלייבט טאָט. און אַ מענטש ווייסט נישט וואָס ער טוט און וואָס אונטער אים גייט... זאַמע האָט אָפגעזיפצט. גענומען אויף זיך די שולד און מיט דעם האָט זיך געענדיקט.

אָבער אַ מענטש קאָן דאָך נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, קוקן אין הימל אַריין. ער מוז דאָך עפּעס טאָן. בפרט אין אַזאַ צושטאַנד, ווען ער דאַרף ראַטעווען זיין הויז.

זאַמע האָט געטראַכט וועגן דעם מיט אַלע חושים, און זיך דערטראַכט: ער וועט נאָך אויספּרווון דאָס מיטל — נעמען אַ הלוואה אויף ציגזן און טאָקע ביי דעם געלן עליע־משה, וועלכן ר׳ נח האָט דעמאָלט דערמאָנט: זאָל זיין גרעסערע פּראָצענט, וווכערדיקע. מ׳קאָן דאָך אַמאָל פון דעם

אויף זיך אויסקויפן, אַרויסקריכן, און ווידער זיין גאַנץ. מען דאַרף פּראָבירן.

אין איינעם אַ פּרימאָרגן האָט זאָמע צוזאַמענגענומען דאָס ביסל צירונג, זיינס, דעם ווייבס, די שיינע בוזשיטעריע. איינגעבונדן עס אין אַ ווייסער סערוועטקע אַריינגעלייגט אין לעדערן טעשל; אַרויפגעצויגן אויף זיך די שיינע טוכענע קאַפּאָטע, אַנגעטאָן דעם ברייטן קאַשקעט מיט די קנעפּלעך און זיידענעם בענדל, אין האַנט דעם שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל — און וילך, געגאַנגען. אַפּערגעלאָזט זיך אין שטאָט צום מלווה.

ס'איז אים אויסגעקומען גיין אַ שפּאַר שטיקל וועגס. דערנאָך אַרויפּ־קריכן אויף אַ הויכן גאָרן ווו טיף אין ווינקל, אין אַ קליינע דירה, האָט זיך געמיעסטעט דער געלער עליע־משה מיט ווייב און קינדער. אַליין איז ער געווען אַן איינגעדאַרטער פּאַרשוין מיט געלבלעכער הויט אויפן פּנים, שיטער באַוואַקסן בערדל, שמאָל אין גוף, אויסגעטריקנט ווי אַן איינגעדאַרטער לולב — אַן אַנגעזיכט פון נישט קיין גאַנץ געזונטן מענטש. אָבער אין זיינע עסקים, האָט דער עליע־משה זיך גוט אויסגעטויגט, געטאָן גאַנץ טיכטיק און אַקטיוו: געטוישט, געבאָרגט, גענומען משכנות, אָפּגע־געבן און ווידער גענומען און פונסביי דערלאַנגט זיינע הלוואות. אין שטוב ביי אים האָט געהערשט אַ שווייגנדיקע שטילקייט, אַן איינגעהאַל־טענער אָטעם, מחמת מורא פאַר דעם נערוועזן טאַטן, וועלכער פאַרליידט נישט קיין גערודער, קיין הויך גערייד, געלעכטער. דאָס ווייב, מיט אַן אייביקער שרעק אויפן פּנים, איז געווען מיט פולסטער הכנעה צו אים דעם מאַן. דער געלער עליע־משה האָט זי אַזוי אויסגעלערנט.

דאָס דערשיינען פון זאָמען האָט אַרויסגערופן ביים מלווה גרויסער חידוש, ברייט צעעפנטע אויגן. עליע־משה איז נישט געווען געוווינט צו אַזעלכע חשובע געסט, אַנגעזענע בעלי־בתים. געוווינט געווען צו קליינע מענטשן און צו קליינע הלוואות: אַ נויט־באַדערפטיקער וואָס האָט באַ־דאַרפט אָפּצאָלן אַ חוב, נישט געהאַט אויף דער מינוט קיין באַר־געלט און געמוזט נעמען ערגעץ אַ הלוואה; אַ שטוב ווו ס'איז עמעצער אַוועק־געפאַלן אין שלאַפקייט, נישט געווען מיט וואָס צו היילן, קויפן רפואות, פלעגן דאָס קראַנקע האַרץ; אַן אָרעמע הענדלערקע, וועלכע האָט זיך געמאַטערט מיט די פּאָר אָרעמע גילדן אין איר אָרעמען האַנדל און ס'האָט

איר אויסגעפעלט איינצוקויפן ס׳ביסל סחורה; אַ פאַרקווײלט געוואָרענער קרעמער אין דער צייט פון שלעכטער לייזונג, שניט־צייט, ס׳גאָיעס באַוויזט זיך ווייניק אין שטאָט און גראָד האָט זיך אונטערגערוקט דער זמן צו באַצאָלן אַ וועקסל, אָדער אַריינטראָגן דעםווירט ס׳קוואַרטל דירה־געלט און קיין מזומן איז נישט געווען — און נאָך אַנדערע אַזוינע פאַרקווײלט, פאַרענגט געוואָרענע שטיבער.

דאָס משכון האָט מען געבראַנגט באַהאַלטן אונטערן בגד און באַשטאַנען איז עס פון: לייכטערס, אַ שבתדיק טישטעך, אַ זיידענער שאַל, זילבערנער בעכער, אַ פּאָר אויערינגלעך; צומאָל אויך, אַ גוט מלבוש, אַ פוטערל, אַ לייטישער סאַק. עליע־משה האָט דאָס צוגענומען, באַטראַכט, אָפּגעשאַצט דעם ווערט. געגעבן די קליינע פּאָר גילדנס. אַריינגעלייגט אין קופערט. געוואַרט ביז מ׳וועט קומען אויסלייזן, ברענגען דעם קרן מיט דער פּראָצענט.

אַזוי האָט זיך ביי אים געפירט דאָס וואָכעדיקע געשעפט מיט זיין גאַנצן סדר. —

און דאָ מיטאַמאָל, האָט זיך באַוויזן אַ רייכער ייד, אַ בעל־הבית פון אַ הויז אין גאַרבער־גאַס, אַ גוט אַוועקגעשטעלטע גאַרבערניע, אַן אָנגעזענער נאָמען, אַ באַקאַנטע שטוב; ברענגט ווערטזאַכן אין ממשותדיקער ווערט: גאָלדענע פינגערלעך, האַלדזקייטן, דימאַנטענע אויערינגלעך, און נאָך אַנדערע אַזוינע ווערטיקע קייגנשטאַנדן. עליע־משה איז געבליבן שטיין אַ טראָפּעלע צעטומלט. אַ וואָרעמער הויך איז אים פאַרלאָפן איבער דער ראיה. גענומען דאָס צירונג אין האַנט. געקוקט דאַרויף פון אונטער די געל פאַרקוועטשטע ברעמען מיט פאַרשנדיקן בליק, געשאַצט מיט מבינות: געוויגן, געמאָסטן, געאַרבעט מיטן מוח, וויפל ס׳האָט די ווערט, וויפל מ׳קען דערפאַר געבן און דער עיקר — ער זאָל זיך נישט אָפּנאַרן, נישט איבערשאַצן. פון אומזיכערקייט האָט ער געהאַלטן אין איין שנופּן מיט דער נאָז. געווישט די פייכטקייט פון שטערן. אונטערגעברומט פון שווערן שטיקל אַרבעט: המם... המם...

זאָמע איז געזעסן אויפן בענקל. די הענט אָנגעשפּאַרט אויפן זילבערנעם הענטל פון שטעקן, זיך צוגעקוקט צו יענעמס תנועות, העוויות. אַ געצווים־

טער ביטערער שמייכל האָט געשפּילט צווישן זיינע מויל־ווינקלען. געזען צו וועמען אין די הענט ער איז אַריינגעפאַלן: „צום ריכטיקן סוחר..." געזען איצט אויך זיין שטראָף — אַ שטראָף וואָס איז אין דער מינוט פאַר אים אויסגעוואַקסן טויזנטמאָל גרעסער, עונשדיקער. דער אינערלעכער צער האָט געקלעמט זיין זעל. פאַמעלעך, איבער־עפּעס, זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בייז געפיל צו דעם גזל איינגעדאַרטן ייד, וואָס שוין דאָס זיצן ביי אים אין שטוב, האָט באַליידיקט, געמאַכט אַ לאַך אין האַרצן. געטאָן אַרויסהייבן דעם גאַנצן בזיון זייגעם אויף דער אויבערפלאַך.

זאַמע, אָבער אַ מענטש פון מתינות, פון געדולד, וואָס ווייסט ווי זיך נוהג צו זיין אַפילו אין שווערער מינוט, האָט זיך געמיט צו האַלטן רואיק, אין זיין גלייכגעוויכט, גאַרנישט אַרויסווייזן. ער האָט ווי קיינמאָל גאַרנישט, געגעבן דעם פראָצענטניק רואיק צו פאַרשטיין דעם ענין: ער דאַרף די הלוואה נאָר אויף אַ קורצער צייט, צוליב אַ סיבה, וואָס האָט זיך געמאַכט ביי אים אין מסחר און דערמיט אים פאַרענגט. ער וועט אם־ירצה־השם גיך אויסלייזן, אַרויסנעמען, געבן אים זיין באַפרידיקטן לוין.

דעם געלן עליע־משהן האָט מען נישט באַדאַרפט שטעקן קיין פינגער אין מויל. ער קען זיך גוט אויס אויף די זאַכן. ווייסט אויסגעצייכנט: אַז מען קומט צו אים, קומט מען נישט פון קיין נחת. קוועטשט יענעם אין שוך, זוכט רעטונג. און פאַר צווייטנס, וואָס איז אים די נפקא־מינה פון וואָס און פון ווען: מעג עס זיין פון רב אַליין... ער טוט עס פון פּרנסה־וועגן, ווי יעדער איינער אין זיין געשעפט. ער דאַרף נישט אַריינקריכן יענעם אין דער נשמה. אַז מען קומט צו אים, דאַרף מען אים.

עליע־משה האָט נאָכן לאַנגן באַטראַכטן, מאַרקירן, אויסחשבנען, אָנגעשטעלט די געלזיכטיקע אויגן אויף זאַמען, מיט שטומען פינטל געפרעגט: כמה, וויפל געבן? זאַמע האָט אָנגערופן אַ סומע, עליע־משה האָט גלייך פאַרקרימט ס׳פּנים ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלינגען אַזויערע לימענע: אַזוי־פיל?! נישקשה, מיט מטבע קאָן מען דאָך שוין באַלד קויפן אַהויז... ער האָט אָפּגעוואָרפן. אָנגערופן זיין סכום: אַ קלענער, אַ נעבעכדיקער. צוגעלייגט נאָך עפּעס, פאַרעכנט גלייך די פּראָצענט, געמאַכט אַ קיילעכדיקן ציפער, אַ גלאַטיקן...

זאַמען זענען די אויגן פאַרגאַנגען מיט אַ שטעכיקייט, ווי רויך וואָלט אין זיי אַריין. געוואָרן אויך עפּעס דערשראָקן, אַרומגעכאַפּט מיט בושה: ער רעכנט אים צווישן די קבצנים, געמיינע לייט, נישט זיכערע. וואָרעם אַנדערש, פאַרוואָס אַזאַ נעבעכדיק געלט? ס'האָט אויפגעזאָטן אין אים אַ בייז געפיל, אַנצופאַלן אויף דעם געל־הויטיקן פאַרסאַכניעטן ייד, אָנ־שרייען: שנאָרזאַק, קום צו מיר דעם הויף קערן. אין איין ווינקל ליגט ביי מיר נאָך מער, ווי ביי דיר אין דיין גאַנץ האָב־און־גוטס! זאַמע האָט זיך תיכף אָפּגעקילט, באַהערשט. זיך דערמאַנט, ס'איז נישטאָ וואָס צו שרייען, און אויך נישט ביי אים וואָס צו קערן... ס'איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל... און עליע משה האָט נישט נאָך אים געשיקט. ער איז אַליין געקומען...

זאַמע איז אין זיין זיצן געוואָרן עפּעס ווי אַראָפּגעזעצטער, פאַרהוי־קערטער. גאָרנישט געזאָגט. געשמייכלט מיט אַ פאַרלעגן שמייכעלע. דאָס הייסט: צו די צרות — צוגעלאַכט.

— ס'איז אַ צו קליינע סומע פאַר אַזויפיל ווערטזאַכן — האָט זאַמע ענדלעך געפּרוּווט זיך אויפהייבן אין געמיט, לאָזנדיק הערן זיין קול אַביסל אין העכערן טאָן, כמעט נאָך אין „פּאַסאָן". אָבער אַ געניט אויער האָט געקענט דערהערן דאָס פאַרקערטע אין זיין שטים. און עליע־משה האָט אַזאַ געניט אויער געהאַט און זיכער דערהערט.

— מער קאָן איך נישט געבן. איך קען נישט נעמען אויף זיך, דאָס וואָס איינער דאַרף האָבן. איך מוז זען דעם ווערט פון דער זאַך און זיין אין גוטער בטיחות — עליע־משה האָט דאָס געזאָגט קאַלט, געשעפטלעך, מיט פּראַקטישער אויסרעכענונג, ווי איינער וואָס קוקט מיט קלאָרע אויגן אויף זיין באַשעפטיקונג, אויף זיין פּרנסה.

זאַמע האָט אויף דעם געשוויגן. זיך נישט גערירט פון אָרט. געזעסן אין אַנמאַכט, ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין כוח אויפצושטיין און אויך, ווי ס'וואָלט אים אויסגעזען אומנוצלעך דאָס אויפשטיין און אַהיימגיין... ער האָט באמת אין דעם מאָמענט נישט געוווּסט וואָס טאָן. געהאַט פאַרלוירן די כוחות, דעם רעיון, דאָס לשון, דעם ווילן. די צונג ביי אים איז געווען פאַרטריקנט, געליימט, נישט געוואָלט זיך באַוועגן. געקוקט אויפן צירונג

שטום מיט פרעמדע אויגן. און מאָדנע, ס׳האָט ביי אים אַליין אויך אין דער מינוט געהאַט פאַרלוירן יעדער ווערט און חשיבות. ס׳האָט אים נאָר געוווּנדערט, פאַרוואָס ער האָט די גאַנצע צייט דאָס נישט באַמערקט. גע־מיינט ער פאַרמאָגט עפּעס: ער און פּעשע פלעגן זיך דאַרין צירן, סטרויען, חנדלען; געגאַנגען אָנגעטאָן אין די שבתים, יום־טובים, אויף שמחות — אַז סך־הכל האָט עס די ווערט פון אַ פּאָר נאַרישע גילדונעס...

— מיט אַזאַ געלט קאָן איך גאָרנישט אויפטאָן — האָט זאָמע מיט שטילער שטים צוריק אָנגעהויבן. געטראַכט אין זיך: סיידן אויפעסן נאָך אַפּאָר מאָלצייטן. ער איז אויפגעשטאַנען און אין לעצטן פּרוּוו, געזוכט נאָכאַמאָל איבערצייגן דעם מלווה, ער זאָל ווי־עס־איז, האָבן איינזען, מיט אים אַדורכקומען אויף אַ גרעסערע סומע.

— גיט אַ גרעסערע סומע, איך זאָל מיך קענען אַ ריר טאָן. אַזאַ געלט איז דאָך ווי גאָרנישט... — האָט זאָמע אַזוי ווי געבעטן.

— מער קען איך נישט געבן, איך האָב גאָרנישט אַזויפיל, וויפל איר פאַר־לאַנגט — און עליע־משה האָט עס איבערגעחזרט מיט קאַלטן קורצן ענטפער.

— מאַ, וועט מען נאָך זען. —

זאָמע האָט צוזאַמענגעבונדן צוריק דאָס בינטל צירונג אין דער ווייסער סערוועטקע. אַריינגעלאָזט עס אין לעדערנעם טעשל. אַוועקגעאַנגגען.

איבערן וועג אַהיים, האָט ער נישט געקאָנט צו זיך קומען פון דעם בזיון: אַ, ווי גאָט האָט אים דאָס אָפּגעטאָן אַ שטיקל... גאָרנישט אויף קיין קאַטאָוועס. דערשפּירט אַ שוואַכקייט אין די פיס, זיי וואַקלען זיך ווי ביי אַ שיכור. געפילט די מראה אויפן פּנים איז ביי אים פאַרענדערט. געוואָרן באַפאַלן פון אַ פאַרלאַנג אַריינקוקן אין אַ שפּיגל, זען ווי ער זעט אויס; מסתם געוווּנג בלייך! אָפּגעקרעכצט: יאָ, וואָס וועט איצט זיין, זאָמע, האַ? זעסט דאָך צוואָס דו ביסט דערגאַנגגען... ווי לאַנג וועסטו נאָך קאָנען אַזוי אָנהאַלטן, בלייבן שטיין אויף די פיס... און וואָס זאָל ער אַצינד טאָן, אַהיימגיין? צוואָס? נעכיי, וואָלט די ערד זיך דאָ געעפנט, אים איינגעשלונגען, אָפּגעמעקט פון דער וועלט — אויס!

נאָר גיי מאַך „אויס״, אַז דאָס לעבן שטעקט אינעווייניק, רייסט זיך מיט אַלע כוחות, וויל דווקא לעבן, זיין, עקסיסטירן —

אַ פאַרמאַטערטער פון זיין אַדורכפאַל און פון זיינע געפּייניקטע מחש־בות, איז ער אַריינגעקומען אין שטוב. ער איז געווען בלאַס, מיט אַרויס־געקומענע טונקעלע קישעלעך אונטער די אויגן, מיט געריינצלטער הויט. אויסגעזען ווי ער וואָלט פּלוצעם אין מיטן וועג פאַרשלאָפט געוואָרן. קוים זיך אַ היים דערשלעפּט.

פּעשע האָט אים כמעט נישט דערקענט. מיט שטוין אויסגערופן:

— ווי ביסטו געווען, וואָס דו זעסט אזוי אויס!

— געווען אין ערגעץ... געדאַרפט עפּעס ערלעדיקן. אין מיטן גיין זיך דערפילט נישט מיט אַלעמען. איצט איז מיר שוין לייכטער. ס׳וועט פאַרגיין, שרעק זיך נישט.

ער האָט נישט געוואָלט איר אויסזאָגן, וואָס ער האָט געפּלאָנט צו טאָן ביי דעם וווכערניק. די בושה האָט אים געגעסן געגנוג אַליין. געדריקט ביז טרערן. נישט געוואָלט זי מצער זיין. ס׳האָט זיך אים געוואָלט צופאַלן צו פּעשען, זיך אויסוויינען פאַר איר.

— פּעשע קרוין, ס׳איז מיר אַזוי שווער אויפן האַרצן, אַזוי שווער... — האָט ער קוים פון זיך אַרויסגעבּרענגט.

— ביסט זיכער אין ניכטערן, דערפאַר. ס׳האַרץ איז ביי דיר אָוועק. גיי זאָמעשי, זעץ דיך צו. איך ברענג דיר שוין אַריין, עפּעס אָפּצועסן, ווערסטו צו זיך קומען — זי האָט געהאָלפן אַראָפּציען פון אים דאָס איבער־מלבוש, אים אָנגענומען פאַרן האַנט, צוגעפירט צום טיש, אים אָוועק־געזעצט. געוווסט פון זיין פּיין, וואָס ער לעבט איבער. געזוכט איינשטילן, לינדערן, אָפּיאָגן פון אים כאָטש אויף אַ ווייל די שלעכטע מחשבות, אַריינטראַכטענישן.

— קלער נישט אַזויפיל אַריין... גאָטעניו, ס׳קאָן דאָך אַ מענטש חלילה פון זינען אַראָפּפירן... כ׳דערלאַנג דיר שוין עסן.

— ניין, ס׳ווילט זיך מיר נישט עסן, פּעשעשי — האָט ער זיך ביי איר אָפּגעבעטן, זי זאָל אים נישט גרייטן צום טיש. אויפגעהויבן די אויגן אויף איר. געזען דאָס אין דער לעצטער צייט פאַרענדערט געוואָרן געזיכט אירס, ווי זי איז אַראָפּ פון פּנים: פּעשע, זיין ליכטיקע פּעשע. ס׳איז זי גאָרנישט צו דערקענען. נישט די אייגענע. אָפּגעמאָגערט, אויסגעמאַטערט,

איינגעפאַלענע באַקן, טרויעריקע טונקעלע פלעקן אונטער די אויגן — נישט גוט־אַנזאָגנדיקע צייכנס; ס׳איז פאַרשווונדן אויך פון איר האַלדז דער מאַמעשער לייכטנדיקער גוידער, דער ליכטיקער שמייכל פון אירע ליפּן, וואָס האָט אַלעמען אין שטוב געהייטערט, געפריידט. זי שווייגט. רעדט נישט קיין וואָרט. קוקט אויף אַלעם מיט שטומען צער, מיט דריי־קעניש, טראָגט די יסורים אין זיך. ער האָט מורא פאַר אַ שלעכטע שעה, זאָל חס־ושלום נישט אויספאַלן פאַר זיין שטוב...

ער האָט געפילט ווי אונטער די אויגנהייטלעך נעמט בריען עפּעס הייס׳, ציקן, קוקנדיק נאָך אַלץ אויף איר. געטראַכט: וואָלט זי כאָטש אויף אים אָנגעשריגן, זיך אויף אים געבייזערט. געשאָטן מיט ביטערע גאַליקע רייד, אַפילו געזידלט — אפשר וואָלט בעסער געווען, ס׳וואָלט איר פאַרלייכטערט. ניין, שווייגט זי. פאַרדריקט אין זיך דעם ווייטיק.

— פעשע קרוין, איך האָב ענק אַלע אומגליקלעך געמאַכט. די גאַנצע שטוב אומגליקלעך געמאַכט. ווי וועל איך האָבן אַ פאַרענטפערונג פאַר גאָט...

— הייבסט שוין ווידער אָן. זאָמע־לעבן, טוסט מיר אָן יסורים און לייד.

— פעשע, מיין טייערע פעשע, וואָלסט נעכיי אויף מיר אָנגעשריגן. מיך געזידלט, מיך באַשולדיקט. אָפּגעלערט אַ ביסל פון זיך...

פעשע האָט שוין איצט נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן. געלאָזט זיי פאַלן. קייקלען זיך אויף אירע באַקן.

— שרייען... וואָס קאָן איך אויף דיר שרייען. אונדזער מזל זאָל שרייען פאַר גאָט. וואָס קען אַ מענטש אַליין זיך העלפן. מיר מוזן בעטן צו אים אין הימל, ער זאָל דערהערן אונדזער געבעט, אונדזער געוויין. זיך אויף אונדז דערבאַרעמען און אונדז אַרויסהעלפן פון דער נויט... ע ר קען עס טאָן.

—איך וואָלט מיך פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט, קאָנען ענק ראַטעווען... שפּייזן... — ער האָט עס געזאָגט מיט פאַרדריקטע טרערן.

— טפוי! אַלדע שונאים זאָלן עס נישט דערלעבן. וואָס נאָך ווּעסטו אויסטראַכטן, וואָס נאָך ווּעט דיר איינפאַלן! ווּעסט נאָך האָבן נחת, זיך פרייען מיט אונדז, ווּעסט זען זאָמעשי. קום מיט מיר אַריין אין קיך. איך וועל דיר דאָרט געבן ס׳האַרץ צו דערכאַפּן. קום זאָמעשי.

זי האָט אים אָנגענומען ביים האַנט. אַריינגעפירט אַהין, אים אָנצוזעטיקן.

*

און ווידער האָט מען ביי זאַמען אין שטוב אָנגעהויבן אַרומגיין מיט שטילע טריט, מיט אינערלעך שטיל געבעט און תפילה. געריפן מיט צעעפנטן האַרץ צום באַשעפער, ער זאָל אַראָפּקוקן צו זיי, דערזען זייער פּיין, זייער עלנטער לאַגע, רחמנות האָבן. אין זיך האָט מען געוואָרעמט דעם לעצטן פונק פון האָפנונג און גלויבן, אַז עפּעס וועט דאָך נאָך געשען אַ נס: מ׳וועט צוריק קריגן די געלטער פון וואַרשע; ס׳וועט אונטערקומען אַ גוטער שותף, אַריינלייגן אַ גרעסערע סומע געלט, קויפן אַ טראַנספּאָרט רויוואַרג, פאַרווייקן אין די פעסער, אויסאַרבעטן, פאַרקויפן, פאַרדינען און פּאַמעלעך אַריין צוריק אין דער אַרבעט, אין דער עקזיסטענץ. אַמאָל האָט מען אויך אַ חלום געטאָן: מעגלעך ס׳וועט צופאַלן אַ גרויס געווינס (אין לעצטנס האָט מען ביי זאַמען גענומען שפּילן אויף דער מלוכה־לאָטעריע, אינטענסיוו). ס׳קאָן אויך אַזאַ גליקלעכע שעה קומען. און חוץ אַלעם, קאָן אַראָפּפאַלן אויף זייער שטוב אַ ישועה, אויף וואָס מ׳האָט זיך גאָרנישט געריכט. ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. פאַראַן ביי אים טויזנטער וועגן און מעגלעכקייטן אויפצוריכטן אַ מענטש. דאַריבער, איז וואָס דאַס גיין מיטן קאָפּ שוין אַראָפּגעבויגן, זיך פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פאַר פרעמדע, און אַלץ אויסזאָגן?

האָט מען טאַקע נאָך נישט אַלץ אויסגעזאָגט. אַ סך פאַרבאַהאַלטן, פאַרשוויגן. געהאַלטן זיך פאַרמאַכט אויף שלעסער.

זאַמע אָנגעלאָדנט מיט אַ ביי אויפגעוועקטן בטחון, האָט געזוכט עפּעס פרייסס אויפצוטאָן. געלאָפן צו זיינע באַקאַנטע טאָרג־שוסטערס, די פאַר־מעגלעכע, איינגערעדט, זיי זאָלן אים געבן געלט אויף פאָראויס, ער וועט פאַר זיי אויסאַרבעטן סחורות, פאַרעכענען ביליקער, ווייל ס׳טרעפט זיך אים גראָד צו קויפן אַ פּאָסיקן קוואַנטום רויוואַרג, בזיל־הזול און ר׳איז איצט אַביסל געענגט אין מזומן און אַ שאָד אַדורכצולאָזן; ס׳קאָן אָפּפאַלן גוטער פאַרדינסט... אַנדערע קונים האָט ער איינגעשמועסט, זיי זאָלן אַריינ־לייגן רויע פעלן ביי אים אין פּאַס, ער וועט דאָס אויסאַרבעטן פאַר לוין, וואָרן ער האָט צופעליק שטיין עטלעכע ליידיקע פעסער: איז פאַרוואָס

זאָלן זיי פּוסטעווען, אַז מען קאָן זיי אויסנוצן אויף אַ דבר־טוב. ער זאָגט צו, ס׳וועט זיך זיי גוט אויסשלאָגן... ער האָט געפּרווט נאָך אַנדערע מיטלען, ווי למשל באַקומען נייע הלוואות, געבן פרישע דעקונגען מיט וועקסלען, מיט הבטחות אויף זיכער אויסצולייזן.

אָבער אַלץ איז געבליבן אָן דערפאָלג, צעקראָכן ווי שפּינוועבס אונטער די הענט. זיינע קונדן האָבן זיך נישט געאיילט מיטן קויפן אויף פּאַראויס, נישט מיטן איינווייקן רויעס אין די פּעסער און נישט מיט עפּעס אַנדערש. זיי האָבן געהאַט פאַרדאַכטן, אַז עפּעס קלאַפּט דאָרט ביי דעם זאַמען נישט ווי געהעריק. געפּאָדערט ער זאָל אָפּדעקן קודם די פריערדיקע קניות, אויף וועלכע מ׳האָט שוין פון פריער געגעבן געלט. דערנאָך וועט מען ווייטער זען, ריידן. זאַמע האָט זיי דאָס נישט געקאָנט צוליב טאָן. נישט געהאַט וואָס צו געבן, מיט וואָס אָפּצודעקן. און ווידער איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן: די הענט מיד, אומעכטיק, אַראָפּגעלאָזט, ס׳פּנים פאַרסמוטשעט.

האָט מען באין־ברירה זיך געשפּייזט מיט דעם נשאר וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין די פּעסער. אויספאַרקויפט פּאַמעלעכווייז די קליינע רעשט־לעך. געלעבט מיט האַנט־צו־מויל. געלעבט מיטן היינט, געלייגט האָפנונג אויפן מאָרגן. זיך איבערגעגעבן דעם גורל אין די הענט.

„דאָס קליינע מיילעכל קאָן אויפעסן אַ וועלט...” זאָגן מענטשן. ס׳איז אמת. און נאָך ערגער: ווי נאָר ס׳דערשפּירט דעם מאַנגל, ס׳ברויט פעלט אויס אין שטוב, ווערט עס מוראדיק הונגעריק, להוט און גיריק. וויל כסדר עסן. און דאָס אומגליקלעכסטע — ס׳ווערט גאַרנישט זאַט. און יעדע פרעמדע האַנט ווערט מיד פון געבן. נאָר די אייגענע געבענטשטע האַנט קען עס שפּייזן, אָנזעטיקן.

זאַמע האָט שוין אָפּגעפּילט די קללה פון דער פרעמדער האַנט: טובות, אויסגעבעטענע קליינע גמילות־חסדים אויף אַ טאָג־צוויי, שווער געגעבענע ווי נדבות; אַ שלעפּ פון דאַ, אַ שלעפּ פון דאָרטן. אָבער אַלץ אָן ברכה. גיך־גיך צערינען, צעשווימען, ווי דער נישט־האָפּטיקער שניי אויפן זון אין פרילינג. דאָס קליינע מיילעכל האָט פאַרשלינגען און באַלד געוואָרן צוריק הונגעריק, אומרואיק. געפּאָדערט, גערופן: גיב עסן, גיב — הב־הב!..

זאַמע האָט אין זיין פאַרצווייפלטער לאַגע, נישט געוווּסט מער וואָס

צו טאָן, ווי אַזוי זיך אַרויסהעלפֿן, אַרויסקריכן פֿון דער ענגעניש. אַלע עצות, אַלע פּרווון האָבן צו גאָרנישט געפֿירט, אויסגעגאַנגען ווי רויך. ער איז אַריין אין אַ געמיט־צושטאַנד, אַ פֿאַרשמאַכטס, אַן אומבאַהאָלפֿנס, ווי איינער וואָס ליידט פֿון אַ פֿאַרבאָרגענער שווערע מחלה, ווייסט ס׳איז האָפֿנונגסלאָז, ס׳בלייבט אים נאָר דאָס טרויעריקע ביטערע מאַטערן זיך. ער האָט מקנא געווען דעם אָרעמאַן מיט זיין איינגעשטעלטער אָרעמקייט, צוגעוווינטן דלות; אַזוי אויך דעם שכיר־יום, מיט זיין אויסגעהאָרעוועטן ווייניקן לוין, מיט זיין אויסגערעכנטן גראָשן: דאָס האָט ער, מיט דעם לעבט ער און מיט דעם האַלט ער זיך אויף. און ער? אוי־ווי, ער האָט דאָך גאָרנישט!

צומאָל פֿלעגט אים אין מוח אויפֿבליצן אַ רעיון, ער זאָל אויף גאָרנישט קוקן, זיך נישט שעמען, גיין צו יענעם אַרבעטן אַלס פּועל. אָבער אויף אַזוי ווייט, האָט ער געוווּסט, וועט די שטוב נישט דערלאָזן. און ס׳איז אים אַליין אויך נישט געווען אַזוי גרינג עס צו טאָן. האָט ער דאָס נישט געטאָן, און אויך נישט געוווּסט וואָס אַנדערש יאָ צו טאָן. געשוועבט צווישן הימל און ערד, אַן עלנטער, פֿון גאָט פֿאַרלאָזט.

איינמאָל אין אַזאַ ענגער שעה, ווען ער איז געזעסן אין זיין פֿאַר־צווייפֿלונג, פֿאַרלוירן פֿון אַלע וועלטן, איז אים געקומען אויפֿן געדאַנק: זיין פֿריינד מרדכי־מיכאל. זיך אַ ווייל פֿאַרטראַכט. געפֿרעגט ביי זיך: פֿאַרוואָס זאָל ער נישט אַראָפּגיין צו אים און פֿאַר אים אַלץ אָפּדערציילן פֿון האַרצן. ער איז דאָך דער נאָענטסטער חבר. ער וועט אים פֿאַרשטיין און מעגלעך מיט וואָס אַנטקייגנקומען, אַרויסהעלפֿן, און אפֿשר גאָר צו עפּעס גוטס דעראָטן. פֿאַרוואָס זאָל ער דאָס נישט טאָן?

ער האָט באַשלאָסן: יאָ, ער וועט עס טאָן. אַראָפּגיין.

דער רעיון אַראָפּצוגיין צו זיין חבר, האָט געהאַט אַן אונטערשלאַק וואָס האָט געדרימלט אין זאָמעס אונטערבאַוווּסטזיין, שטיל באַהאַלטן, און דאָס שוין פֿון אַ לענגערער צייט. זאַמע האָט געדענקט, ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געווען ביי מרדכי־מיכאלן, האָט יענער מיט אים גערעדט וועגן אַ שידוך, אַ ווייב וואָס ער וויל נעמען, אין זיין אַלמנשאַפֿט. געבעטן אים זאָמען, ער זאָל אַ קוק טאָן אין זיין גאַס, ביי זיינע שכנים, ביי זיינע

נאָענטע, אפשר וועט ער עפּעס אויסגעפינען פאַר אים. וואָס אָן אמת, האָט זאָמע דעראָנט זיין חברס כוונה, ער גיט אים דערמיט אויך אָנצוהערן, אויף זיינס אָ טאָכטער. און מאָדנע, אינסטינקטיוו האָט ער טאָקע אָ בלאָנ־דזשע געטאָן אין זיין זכרון, נאָכגעפּאָלגט מיט אינערלעכן בליק צווישן זיינע טעכטער, פון דער עלטסטער ביז דער יונגסטער. אָבער גלייך זיך דערשראָקן, אָפּגעשאָקלט. געוואָרן אָפּילו באָליידיקט; וואָס עפּעס? אַזוי ווייט האָלט עס שוין, ער זאָל אָוועקגעבן זיינס אַ קינד צו אַן עלטערן מאַן, מעג עס זיין אַפּילו דער בעסטער חבר זיינער? ניין, ס'האָלט נאָך נישט דערביי. געהאָט גאָר פאַראיבל אויף זיך אַליין, וואָס ער האָט עס באָלד געגומען אויפן געדאַנק. ער איז אַ שטיק צוליב דעם גיך אָוועקגעגאַנגען פון דאָרט. און דערנאָך לאַנג זיך נישט באַוויזן.

אָבער מיטן אָפּגיין פון די טעג און מיטן שווערער ווערן פון דער לאַגע, האָט די מחשבה זיך געגומען אין אים אויפפרישן, נעסטיקן, וועקן דאָס באַוווסטזיין; געוואָרעמט, אונטערגעברומט: אפשר יאָ? באַטראַכט נאָר רואיק. לאָמיר זאָגן למשל — כייקע... וואָס פאַרא גליק קאָן איר דערוואָרטן אין דעם היינטיקן מצב? אָ היימיש מיידל, אָ שטוב־זיצערקע. קומט נישט אין קיין גרויסער געזעלשאָפט, באַגעגנט זיך נישט מיט קאָ' היימישע בחורים. זי ווערט עלטער. מען דאַרף אָנגרייטן אָ נדן, און דער בייטל איז ליידיק... און זי כייקע וואָלט זיך נישט אָנטקעגנגעשטעלט, ווען זיי די עלטערן וואָלטן איר דאָס אָנגעבאָטן. בפרט זי זאָל וויסן, זי קאָן דערמיט אַרויסהעלפן די שטוב. זי וועט אַלץ טאָן, אויף אַלעם איינגיין, צו פאַרלייכטערן די היים און מיט אָ באַוויליקטקייט. מרדכי־מיכאל ווידער פון זיין זייט, וואָלט ביי אַזאַ געשעניש, אויך נישט געשטאַנען מיט פאַר־לייגטע הענט. געעפנט דעם טייסטער, אַרויסגעהאָלפן מיט אָ גרעסערע סומע. אויפגעבונדן דעם הויף און מ'וואָלט זיך געקענט אָ ריר טאָן, ווייטער פירן די אַרבעט, דאָס היימישע לעבן...

דאָס איז געווען דער אונטערגעדאַנק וואָס האָט אין אים געדרימלט אין נעפּלדיקער אָנונג, און היינט צוריק אין אים אויפגעגאַנגען, געשטויסן צו גיין דאָס אויספירן און געקליבן זיך טאָקע עס צו פאַרווירקלעכן.



גייענדיק איצט איבערן וועג צו זיין פריינד, האָט זאַמע פונסניי זיך אין דעם אַלעם דערמאָנט. נישט ער האָט עס געוואָלט געדענקן. דער צווייטער „איך״ אין אים, האָט אים געוועקט, גענומען זיך רייצן מיט אים, איינטענהן, זיך טשעפען. געפרעגט: „צו וואָס גייסטו דאָרט אַהין, הע, זאַמע ?״ ער האָט זיך פאַרענפערט: כ׳גיי וועגן אַן עצה. אַ חבר, קאָן טאָן אַ טובה, געבן אַ גוטן ראָט און אַמאָל אויך אַרויסהעלפן מיט אַ הלוואה. „דו גייסט דאָך וועגן עפּעס אַנדערש... — איז יענער בעל־דבר אַרויס מיט קטרוג — דו גייסט דאָך וועגן, יענער זאָך דו ווייסט שוין וואָס״... זאַמע האָט זיך דערפילט שוואַך. אַ ביסל פאַרלוירן. אַ וואַרעמע פייכטקייט האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זיין לייב. ס׳איז געבליבן נישט מער ווי זיך מודה זיין: מעגלעך ער גייט טאַקע אויך וועגן ד ע ם, אָבער נישט אינגאַנצן. ר׳וועט זען וואָס פאַר אַ פּנים ס׳האָט... און צוריק געשמועסט, וואָס מיינסטו — האָט זאַמע זיך געמיט מסביר זיין דעם אינערלעכן מאַנער — וואָס וועט זי דאָס אויסשפּילן די טאָכטער. אין פריערדיקן נאָרמאַלן מעמד, מיט אַ גוטן נדן, מיט אַ גוטן אויסשטייער, דירה, מעבל — מילא, וואָלט זיך נאָך אָפּגעזיכט אַ וועלכער ס׳איז שטילער יונגערמאַן, אויך נישט פון ערשטן סאָרט. וואָרעם ס׳איז נישט צו פאַרגלייכן, זי כייקען, מיט די אַנדערע טעכטער, ווי למשל, פאַניע, אָדער ריוול. זי איז אַ היימיש קינד, צוגעוווינט צו דער שטוב, צו דער מאַמעס פאַרטעך. בחורים לאַשטשען זיך אין היינטיקער צייט אויף עפּעס אַנדערש, אויפגעהייטערס. און ביים איצטיקן צושטאַנד, וועט אויסקומען שוין גאָר שווער מיט איר. זי וועט אַריינציען אין די יאָרן (און זי איז דאָך שוין נישט קיין יונג מיידעלע). איז אָדער זי וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון אַן אלמן, צי פון אַ גרוש, אָדער גאָר צו ווּעמען אַן אַלטן איבערגעשטאַנענעם בחור. מרדכי־מיכאל איז טאַקע אַ באַיאַרטער מאַן (אין זיינע זאַמעס יאָרן), אָבער נאָך אַ זשוואָווער, געזונטער ייד, אַן אָנגעביטשעוועטער מיט גוטס, מיט פאַרמעגלעכקייט: פעלד, פלעצער, מסחר. זי וועט ביי אים האָבן אַ גוט לעבן. ער וועט זיין צו איר ווי אַ פאָטער. זי פאַרזאָרגן מיט אַלעם גוטן און זיכער נאָך שענקען קינדער... דערביי וועט ער נישט פאַרגעסן אויך אין אים זאַמען. אויס־שטרעקן אַ חברישע האַנט... איז וואָס דאָס קרומקייט אין דער זאַך ?

פאַסירט דען נישט אַזעלכעס אין לעבן ?

אין שווער׳ער פאַרטראַכטעניש, אין ראַנגלדיקן וויכוח מיט זיך, האָט זאַמע נישט באַמערקט ווי ער איז צוגעקומען צו מרדכי־מיכאלס הויז. געקוקט דאַרויף מיט פאַרוווּנדערטע אויגן: שוין איז ער אָפּגעגאַנגען דעם וועג ?

מרדכי־מיכאלן, האָט זאַמע אָנגעטראָפן אין הייפל, ווו ער איז געווען פאַרטאָן ביי זיין באַשעפטיקונג: מיט אָפּקלייבן וואָל, פלאַקס, חזיר־האָר און אַנדערע רויוואַרגן, וואָס מען ברענגט אים פון דאָרף. דערזען זיין חבר אַריינקומען, האָט דער בעל־הבית זיך דערפרייט. פון וויטן צו אים אויסגערופן הויך דעם „ברוך־הבא״. אָפּגעלאָזט די אַרבעט, אַנטקעגנגע־גאַנגען. צו אים געשמייכלט. דערלאַנגט די האַנט. אַריינגעפירט דעם גאַסט אין שטוב. אַוועקגעזעצט אים אויבנאָן־טיש. גענומען אויספרעגן וואָס מ׳הערט, וואָס מע מאַכט, ווי פילט זיך ס׳בני־בית, ווי גייט עס מיטן געשעפט. פאַרגעהאַלטן פאַרוואָס ער ווייזט זיך אַזוי ווייניק. ער בענקט פשוט אים צו זען.

— פאַרוואָס קומסטו נישט אַהער צו מיר אַ ביסל עפטערס. ס׳פאַר־דריסט מיך אַזש אויף דיר — איז מרדכי־מיכאל אַרויס מיט טענה — אַ חבר, וויל מען אים זען. און דער עיקר: ווי גייט עס דיר מיט אַלעם. דערצייל.

— גאָט צו דאַנק — האָט זאַמע אָנגעצויגן אַ פרידלעכע מינע — אַזוי, מילא, נישקשה. ווייסט דאָך, דערהויפּט מען איז געזונט, דאַרף מען שוין זיין צופרידן. אַמאָל מאַכט זיך, ס׳טוט זיך אַביסל אַ גליטש אין דער זייט... נו, איז מען דאָך שוין צוגעוווינט, אַזוי גייט עס דאָך אין לעבן...

— אמת. אַז ס׳איז נאָר חלילה נישטאָ קיין אויסטערלישס, מ׳איז געזונט, איז שוין גוט, ווי דו זאָגסט — האָט מרדכי־מיכאל דער פריינד צוגעשטימט. באַטראַכט זיין חבר מיט שמייכל. צוגעגעבן:

— און מיטן געשעפט ווי גייט עס ביי דיר ?

זאַמע אָנגערירט פון אַ פילבאַרע סטרונע, האָט זיך געוואָלט בעמען קלאָגן, אַראָפּרעדן פון האַרצן. אָבער דער דערהאַלטונג־אינסטינקט, האָט אים אָפּגעהאַלטן. געוואָרנט: קלאָג זיך נישט. ווייז זיך נישט פאַר קיין

אָרעמאַן, אַ יורד. ס'וועט דיר נאָר ערגער מאַכן. פאַר אַ געפאַלענעם האָט מען מורא, מען פאַרשליסט פאַר אים די טיר. אויך אַמאָל דאָס האַרץ... באַהערש דיך. וואַרט אויס אויפן פּאַסיקן מאָמענט.

זאַמע האָט די פרידלעכע מינע צוריק אָנגעהאַלטן, און אויך אַזוי פרידלעך אָפּגעענטפערט:

— מיטן געשעפט? אויך די זעלבע מעשה. ווייסט דאָך, ס'איז ווי דאָס קוועקזילבער אין גלעזערנעם רערל: אַמאָל לויפט עס אַהין, אַמאָל לויפט עס אַהער, און אַ מאָל שטייט עס גלייך אויפן אָרט איינמיטן. ס'רירט זיך נישט...

— ריכטיק. אַזוי איז טאַקע דער שטייגער אין מסחר. אַזוי גייט עס. וועסט עפּעס טרינקען זאַמע? איך וועל מאַכן אַ הייסע שוואַרצע קאַווע, ווי דו האָסט ליב.

מרדכי־מיכאל איז אַריין אין קיכל. זיך געפּאַרעט ביי דער שפּירט־מאַשינקע. געקלעפּערט מיט בלעכערנע פּושקעס, מיט גלאָזוואַרג. געגרייט דעם טרונק. זאַמע אין זיין בלייבן אַליין, האָט זיך אַרומגעקוקט. געזוכט אין געדאַנק דעם גוטן תירוץ, דעם „פּאַסיקן מאָמענט", ווי אַזוי אַרויסצו־ברענגען פאַר זיין חבר, וואָס ס'ליגט אים אויפן האַרצן: זאָל ער זאָגן אָפן, ער וויל פון אים אַ הלוואה? ניין, ס'טויג נישט. מען גיסט נישט אויס דאָס ריינע אויפן אומריינעם... ער האָט נאָך דעם אַלטן חוב נישט אָפּגעדעקט. ער וועט אַרויסברענגען אויף אַן אַנדערע זאַך. וואָס?

ער האָט נישט געוווּסט: „וואָס". נישט געוווּסט אָנצוכאַפּן דעם פאָדעם. אַלץ אין אים האָט זיך צוזאַמענגעפּלאָנטערט, צונויפגעקנוילט אין איין קנויל. אַריינגעבערענגט אַ היץ אין קאָפּ, אַ שווערקייט אין מוח. נישט געקענט זיך פונאַנדערקלייבן. יעדער אָנגעהויבענער געדאַנק, איז גלייך בטל געוואָרן, צערינען. דאָס וואָס איז פריער געווען מיט קראַפט, מיט האַפט, איז געוואָרן שלאַבעריק, צעווייכט; איינס האָט אָפּגעלייקנט דאָס צווייטע. געוואָרן באַפאַלן פון אַ פלוצעמדיקער חולשה און קנאה: וואָ, וואָס פאַר אַ געמיטלעכקייט דאָ רוט ביי זיין חבר אין שטוב! סע שפּירט זיך אַרויס די זעטיקייט, דאָס רואיקע גוטע לעבן. זיין אויסזען — געזונט, מיט כוחות, מיט פאַרב אין געזיכט פון אַ יונגן מענטשן. אָט ער,

מרדכי־מיכאל מיט וועלכן ר׳איז געווען תמיד אין גלייכן שטאַנד (אדרבה, ער זאָמע מיט זיין שטוב, מיט זייגע קינדער, נאָך אַ שטאָפּל מער אַרויס־געהויבענער), האָט איצט אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי אַ גביר, אַ פעסט־איינגעפונדעוועטער, מיט צעשפּרייטע אָרעמס. און דו? אָך — בעסער נישט דערמאָנען! ער איז דער נעבעכדיקער, דער אָרעמאַן וואָס האָט גאָרנישט. קומט בעטן!... דאָס פאַרשעמטע געפיל, האָט זיך אין אים נאָך מער געשטאַרקט. און ביטערער איז אים געוואָרן, ווען ער האָט זיך דער־מאָנט וועגן וואָס ער וויל נאָך רעדן... וועט ער עס באַווייזן? וועט ער גובר זיין דעם געראַנגל? די אומזיכערע שפּירונג געקומען פון הילפסלאָ־זיקייט, האָט שטאַרקער אויפגעקוואַלט. זיך צעגאָסן מיט הייסקייט איבער זיין נאַקן, אונטער די האַרוואַרצלען.

מרדכי־מיכאל איז צוריקגעקומען מיטן כיבוד. געטראָגן אַ קליינע טאַץ אויף וועלכער ס׳זענען געשטאַנען צוויי גלעזער מיט טונקעלער פליסיקייט, זיך געפּאַרעט. אויף אַ טעלערל — פאַרבייסעכץ. פאַר זאָמעס נאָז האָט אַ פּאַרייס געטאָן דער געשמאַק פון שאַרף פאַרבריטער קאַווע. איינגעזאַפּט אין זיך דעם אָנגענעמען ריח. געמאַכט אים אויפוואַכן. דער גאַסטגעבער האָט אַוועקגעשטעלט ס׳ערשטע גלאָז פאַר זאָמען, דאָס צווייטע פאַר זיך. צוגערוקט זיך בענטער צום גאַסט. אים געמוטיקט צום טרינקען.

— טרינק זאָמע. ס׳איז הייס און קרעפטיק, אַזוי ווי דו האָסט ליב. וועסט דיר דערכאַפּן ס׳האַרץ. מיר וועלן אויך אַ ביסל שמועסן...

ווי תמיד ווען די צוויי חברים קומען זיך צוזאַמען אין דער אָרומיקער שטילער לופט פון מרדכי־מיכאלס וווינונג, האָבן זיי זיך אומגעקערט מיט זייערע זכרונות צום ליבלעכן עבר, צו דער זיסער פאַרגאַנגנהייט, וואָס מער זי גייט אַוועק, מער ווערט אַלץ פאַרבענקטער, נאָסטאַלגישער. זיי זענען אַריין אין דערמאָנונגען פון זייער אַמאָליקע פריילעכע יאָרן, וואָס מ׳קען זיי מיט גאָרנישט פאַרבייטן, נישט פאַרגעסן און נישט צוריק ברענגען... דער בעל־הבית האָט גענומען אַרויסטויכן בילדער, זעאונגען, איינע נאָך דער אַנדערער און מיט פאַרבענקטע טענער, פון יענער געבענטש־טער צייט, ווען זיין זענען ביידע געווען נאָך יונג, צוויי יונגען, ווי צוויי יונגע לייבן... געבערעוועט זיך מיטן לעבן, גרייט געווען זיך שטעלן צום

קאַמף אַפילו מיט דער שטאַרקסטער חיה, מיטן גרעסטן גיבור: בייקומען, באַזיגן. דאָס בלוט האָט געשטראָמט אין די אָדערן ווי אין אַפּאַנטאַן, אונטערגעטריבן, געוואָלט אַלץ דעראָבערן, נעמען. און זיי האָבן גענומען וואָס נאָר ס׳איז זיי געקומען אונטער דער האַנט: געזעלשאַפט, פריינט, סעודהלעך, פלירטן, געלעכטער, מיידלעך, און מיט פרייד. נאָך היינט קלאַפּט אַ לעבעדיק אָדער אין האַרץ ביים דערמאָנען זיך פון יענע טעג און דאָס איז עס, וואָס לאָזט אים מרדכי־מיכאלן נישט איינרוען, אָפּאיינזאַמען די יאָרן; טרייבט אים צום לעבן, צום באַנייען זיך מיט אַ ניי ווייב.

— פאַרשטייסט זאַמע, ס׳איז ריכטיק ווי די וועלט זאָגט: מיט דעם וואָס דער טאָפּ שמעקט זיך אָן, מיט דעם ווערט ער צעבראָכן... איך פיל מיך נאָך היינט אויך יונג. און דאַריבער איז מיר שווער דאָס זיין אַליין. מיט אַ ווייב איז דאָך פריילעכער, אַ לעבעדיק וועזן אין שטוב. האָסט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, אַ געלעכטער צו מאַכן. אָפּדערציילן פון האַרצן. דערביי אַ העלפנדיקע האַנט וואָס פאַרלייכטערט. וואָס זאָגסטו זאַמע?

— אַוודאי, פאַרשטייט זיך, ווי דען אַנדערש. און ווי האַלט עס טאַקע ביי דיר מיט דער זאַך?

— מען האָט מיר אָנגעשלאָגן אַן אָרענטלעכן שידוך, מיט אַ ווייבל, אַ לייטישע. נישט קיין מיאוסע. כ׳וועל די זאַך אַדורכטראַכטן. כ׳וויל פּטור ווערן פון דעם זיצן מיט די פיר ווענט אַליין.

זאַמען האָט אַ ברי געטאָן אין גומען אויסצורופן: וואַרט צו. איך וויל מיט דיר טאַקע רעדן דערוועגן. איך האָב פאַר דיר עפּעס גוטס, גאָר גוטס. מיין... ס׳איז פון קעל נישט אַרויס. עפּעס הייזעריקס האָט זיך אַרויסגעכריפּעט:

— האָסט שוין געהאַט מיט איר אַ זעאונג? — און זאַמע האָט עס געזאָגט מיט אַ פאַרלוירן קול ווי ער וואָלט געהאַט וואָס פאַרשפּעטיקט...

— ניין, זי איז נישט קיין היגע. פון שכנותדיקן זעלעוו. מ׳האָט זי מיר אָפּגעלויבט: אַ באַלעבאָסטע, אַ ריינע, אַ ציכטיקע. אַן אלמנה. ס׳האַלט ביי אַ זעען זיך.

— וואָס איילסטו אַזוי? וואַרט נאָך צו אַ ביסל. אפשר...

— וואָס איז דער אפשר, און פאַרוואָס זאָל איך וואַרטן? האָסט דען פאַר מיר עפּעס אַנדערש, היימישערס?

— כ׳ווייס... ס׳קען זיך מאַכן, אונטערקומען עפּעס יונגערס. האָסט דאָך אַמאָל געזאָגט, וואָלסט געוואָלט אַ ייִנגערע...

— מילא, אַוודאי וואָלט איך געוואָלט. אָבער זעסט דאָך, ס׳קומט נישט אונטער.

— ס׳קומט נישט אונטער זאָגסטו? — און ביי זאַמען איז שוין געלעגן אויפן שפּיץ צונג אויסצורופן: מיין חיהלע. זי וועט פאַר דיר זיין דאָס סאַמע גוטס, ס׳בעסטע... — דאָס וואָרט האָט זיך ווידער ווי עפּעס פאַרשטשעפּעט, נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון די ליפּן. צוריק פאַרשלינגען. ער האָט געזען ס׳וועט נישט גיין. אָפּגעקרעכצט, אָפּמורמלענדיק:

— נו יאָ, ס׳גייט נישט ווי מ׳וויל...

זאַמע איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפּגעקלאָפּט געמיט, פאַרהויקערט. ער האָט די זאַך נישט געקענט אַרויסברענגען לפועל און צוליב דעם פאַרלאַנג אַליין שוין, זיך געגומען שעמען: אַ טאַטע פון אַזאַ שיין הויז־געזונט, אַרומגעגאַנגען שטאָלץ מיט זיינע קינדער, זיך געגרויסט מיט זיי — גייט ער אַוועקגעבן אַ יונגע ליכטיקע טאָכטער צו אַן עלטערן מאַן. און צוליב וואָס? קריגן דערפאַר באַצאָלט. קאָנען זיך ראַטעווען... ס׳איז אים באַפאַלן דאָס זעלבע פאַרשעמטע דערנידעריקטע געפיל, ווי דעמאָלט ביים מלווה אין שטוב. די זעלבע זעלבסט־באַליידיקונג. געבליבן זיצן דערשלאָגן. דער קאָפּ אַראָפּגעהאַנגען, מאַכטלאָז.

— וואָס ביסטו פלוצלונג אַזוי אַריין אין שווייגעניש, אומעטיק גע־וואָרן, האַ, זאַמע? — האָט מרדכי־מיכאל אים געוועקט, זעענדיק זאַמעס פלוצלינגע אָפּהענטיקייט.

— כ׳ווייס אַליין נישט... עפּעס האָב איך נאָך אַלץ צו טאָן מיט יענעמס נערוו... גיט אַ פּיק, אַ שטאָך, פּייניקט. נאָר ס׳וועט גלייב איך פאַרגיין — זאַמע האָט געשפּירט, ער גליטשט זיך אַראָפּ פון וועג. קען נישט צוקומען צו דעם וואָס ער האָט פאַרטראַכט, צו דעם וואָס ער איז אייגנטלעך אַהערגעקומען. אויך אַפילו דאָס ביסל אָרעמע הילף וואָס ער וויל בעטן, גייט נישט אַרויס פון זיין מויל. און אויב וועט ער נאָך

אַ טראָפּן מער פאַרזוימען, וועט זיך אָפּטאָן פון אים אינגאַנצן דער מוט און ער וועט אַהיימגיין מיטן ליידיקן...

און ווי איינער וואָס טרענקט זיך, זוכט מיט לעצטע כוחות אָנכאַפּן זיך ביי אַ ברעג פון אַ שווימענדיק ברעט, זיך ראַטעווען, אַזוי האָט זאַמע געזוכט צוזאַמענעמען זיין לעצט ביסל כוח, ער זאָל נישט לחלוטין פאַלן. און נאָך אַ ווייל ברייען סתם, זייטיקס, פּלאָנטערנדיקס, האָט ער זיך ענדלעך באַפרייט פון די איינגערלעכע שטריק, און אַרויס וועגן זיין גענויטיקטן ענין.

ער האָט גענומען אָפּדערציילן טראָפּנווייז פון זיין מצב (נאָך נישט אַלץ אינגאַנצן אויפגעדעקט). אויסגעזוכט פאַרשידענע סיבות, תירוצים וואָס האָבן אים פאַרענגט און ענדלעך צוגעקומען צום עיקר: מרדכי־מיכאל זאָל מיט אים אַריינגיין אין שותפות. אויפפרישן די גאַרבעריי.

מרדכי־מיכאל האָט דאָס אויסגעהערט מיט שטוינונג. ס'איז אים אויסגעקומען די גאַנצע מעשה עפּעס גאָר מאָדנע. דערשמעקט פון דעם טייג טראָגט זיך נישט קיין גוטער ריח. און מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט וויל קיינער נישט אַריינגיין. ס'האָט אים אויך דערמאָנט אינעם אַלטן חוב, וואָס אים קומט ביי זאַמען. באַקומען אַ שווער געפיל.

אויפהייבנדיק די אויגן, האָט ער געזאָגט מיט פאַרוווּנדערט אַראָפּגעלאָזענעם טאָן:

— וואָס עפּעס פּלוצעם אַריינגיין מיט דיר אין שותפות? און וואָס איז מיטן אַלטן חוב מייגעם — הייסט עס, ער איז דערווייל פאַרקילט?...

— וואָס טראַכסטו וועגן חוב — האָט זאַמע אומגעריכט אויפגעברויזט — ס'וועט קומען די צייט וועל איך דיר אָפּגעבן מיט פּראָצענט. דערווייל העלף אַרויס.

— מיט וואָס קען איך דיר העלפן. וואָס בין איך אַ גביר, אַן אַדיר, האָב אַ באַזונדערע קאַסע? ווייסט גוט, כ'האָב אַ ביסל געלט איז עס פאַרשטעקט, פאַרבראַקט אין דער ווירטשאַפט, אין שטיקל ערד, אין ביסל מסחר. און איך וועל דאָך נישט גיין פאַרקויפן ס'פעלד, דאָס הויז און אַראָפּגיין צו דיר אין דער גאַרבעריי זיך דאָרט אָוועקזעצן.

— נו, וואָס דען טוט מען? זאָג מיר.

— כ׳ווייס דיר באמת נישט וואָס צו זאָגן, וואָס צו ראָטן. גלייב מיר כ׳ווייס נישט. און ס׳טוט מיר אַליין געגוג וויי. כ׳קאָן דיר נאָר געבן וואָס איך האָב אין מיין באַזיץ אין שפּייכלער: אַ ביסל קאָרמע, אַ ביסל קרעפּ־טיקונג און אפשר אויך אַ פּאָר קליינע גילדן.

— דאָס וועט מיר העלפן? מיט דעם וועל איך מיך קענען שטעלן אויף די פיס? האָט ער שוין אָנגעהויבן באַלד אַלץ אויסזאָגן, מיט טרויער, מיט פאַרצווייפלונג און אויך מיט עפּעס אַ תרעומות.

— וואָס קען איך דיר מער טאָן, זאָג אַליין. אָבער פאַר אַלעם פאַר־צווייפל נישט. האָרך זיך איין: נעם דערוויילע וואָס איך האָב. זאָל ווערן אַ ביסל פרייער אין שטוב, אַ ברויט אויפן טיש. וועסט זיך אין עפּעס נאָך נויטיקן, שיק זאָגן. וואָס איך וועל קענען, וועל איך פאַר דיר טאָן. און דורך דער צייט, קאָן גאָט דיך אויפבינדן, דערפרייען. זאָגסט דאָך אַליין, דאָס געשעפט אין וואַרשע קאָן אַ ליאַדע טאָג צו זיך קומען, ווערן אויפגעבינדענער, געראַמער; צ׳וועט אָפּקריגן די אַלע פאַרהאַלטענע געלטער, חובות, נישט געצאַלטע וועקסלען און צוריק זיך קענען אַ ריר טאָן. איז וואָס זיך מייאש צו זיין. איך וועל דיר צושיקן אַ פאָר זעקלעך ערפּל (קאַרטאָפל), אַ ביסל קרויט, צוויקל, מייערן: זאָל זיין וואָס אריינ־צולייגן אין טאָפּ. אויך אַ וועגעלע האָלץ צום הייצן, ווי מיינסטו? האָסט זיך פאַר מיר גאָרנישט וואָס צו שעמען. איך בין דיר אייגנס ווי אַ ברודער. און אַ מענטש גייט אַדורך פאַרשידנס, וואָס קאָן מען טאָן. מען מוז זיך שטאַרקן. וועסט מיר מיט גאָטס הילף אַלץ אָפּגעבן אין פריידן.

זאָמע שוין נישט דער אייגענער וואָס ביים אַריינקומען, האָט מיט גאָרנישט אָפּגעענטפערט. געשוויגן. געוויגט מיטן קאָפּ וואָס איז געזינקען אין די אַקסלען, מיט טרויעריקער וויגעניש. די פלייצע אַנגעבויגן, פאַר־הויקערט. די וועלט האָט זיך פאַר אים געוואַקלט, איינגעשרימפּן, ווי זיין האַריץ האָט זיך אין אים געשרימפּן; וואָס האָט ער געהאַט נאָך משטיינס געזאָגט צו רעדן. ער זעט דאָך ווי זיין פנים זעט אויס: שוואַרץ און פינצטער. ער איז געקומען זיך ראַטעווען, וויל מען אים מאַכן פאַר אַן אָרעמאַן, אַ קבצן. געבן אים אַ ביסל שפּייז, אַ ביסל ברענעכץ — נדבות. ער האָט נישט געהאַט קיין כוח אַפילו דאָס אָפּצוואַרפן, קייגן דעם זיך

אַנטקעגנשטעלן. קוים אַרויסגעשטויסן די ווערטער פון מויל:

— דאָס וועט מיר קיין סך נישט געבן. נישט צו דעם בין איך געקומען.

מרדכי־מיכאל האָט געזען וואָס זיין חבר לעבט איבער. געפילט זאַמעס האַרץ. מיטגעליטן. געהאַט רחמנות. געוואָלט אים ערלעך העלפן. געזוכט אין געדאַנק עפּעס נוצלאַכס, פּאָזיטיווס. זיך דערמאָנט. אַ רוף געטאָן:

— אַז איך וועל דיר געבן אַ טובה־וועקסל, מיט מיין אונטערשריפט, אויף אַ געוויסע סומע, וועסטו זיך קענען דערמיט אַרויסהעלפן, יאָ?

זאַמע האָט געעפנט די אויגן מיט אויפגעוואַכטן בליק. ס'איז אים מיטאַמאָל ליכטיקער געוואָרן אין קאָפּ: האַ, וואָס, אַ וועקסל מיט אַן אונטערשריפט, אויף אַ געוויסע סומע, ער זאָל זיך קאָנען אַרויסהעלפן? יאָ, דאָס איז עפּעס אַנדערש. ס'איז אַן אויפטו!

— יאָ, דאָס זעסטו איז אַן אַנדערע זאַך. אַן ענין. כ'וואָלט מיר געקאָנט טאַקע אַרויסהעלפן. יאָ, אַרויסהעלפן — זאַמע האָט געקריגן אַ העלערע מראה. דערזען אין דעם אַ שטיקל הילף. גערעדט מיט אויפגעלעבטערן קול, איבערחזורנדיק פאַרן חבר, פאַר זיך אַליין:

— יאָ, כ'וועל מיר קענען אַרויסהעלפן. יאָ... דאָס איז עפּעס אַנדערש. אַן אויפטו!

— און וועסט אים אויסלייזן אויך, באַצאָלן, יאָ, זאַמע?

— וואָס פרעגסטו נאָך, וואָס! דיינס וועל איך פאַרלאַנגען?

— נו גוט. שיק אַראָפּ ריוולען מיט אַ „בלאַנקע", וועל איך אונטער־שרייבן. און זאָל דיר גאָט העלפן זאָלסט מצליח זיין, אַרויסגיין פון דער ענגעניש. דערוויל נעם צו דאָס ווייניקע וואָס כ'האָב. סע וועט דיר צונוץ קומען. דאַרפסט אינדערהיים גאָרנישט דערציילן דערוועגן, אַ וואָרט נישט — און מרדכי־מיכאל האָט אַרויסגעשלעפּט פון בייטל עטלעכע פּאַפּירלעך, אַריינגעשטעקט זאַמען אין האַנט. געטרייסט:

— זיי נישט געפאַלן. ערגערע פון דיר זענען אַרויסגעקומען פון נויטן. דער רבונו של עולם וועט דיר העלפן. ער וועט דיך פון דער נויט אַרויסנעמען. דיך באַפרייען. ס'איז אַ קליינער גמילת־חסד. נעם. טראַכט נישט.

זאַמע האָט בלינדערהייט צוגענומען די קליינע פּאָר גילדן. נישט

געקוקט אויף זיי, אַריינגעלייגט אין קעשענע. גאָרנישט גערעדט. מיט אַ טויב קול זיך געזעגנט.

— זיי געזונט. ביסט אַ טייערער פריינד. כ׳האָב צו דיר חלילה, גאָרנישט!

אַהיימגעקומען אין שטוב, האָט זאַמע נישט געקענט אין זיך דאָס דערהאַלטן. שווייגנדיק אַרויסגענומען די איינגעלייגטע פּאַפּירלעך פון טאַש, אַרויפגעלייגט זיי אויפן טיש פאַר די אויגן פון ווייב און מיט אַ בלאַס פּנים און אויך מיט אַזאַ בלאַס הייזעריקלעך קול אויסגערופן:

— דאָס איז עס. צו דעם מצב בין איך געקומען. גאָט זאָל זיך אויף מיר אומקוקן. מרחם זיין...

ריוול איז גראָד געווען דערביי. געזען די תהומותדיקע ליידן וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון פאָטערס אויגן. געזען זיין ווייטיק. געוואָלט מיט עפּעס אַרויסהעלפן, דערלייכטערן. אָבער מיטוואָס? — —

*

ריוול האָט אין דער לעצטער צייט פיל איבערגעלעבט. געזען די שרעקלעכע לאַגע אין שטוב. די אומגליקלעך אָנקומענדיקע טעג פאַרן הויז, פאַר די קינדער. זיך שטאַרק איבערגענומען. זי האָט אויך זיך אַרומגעטראָגן מיט רעיונות, מחשבות, פּלענער; געזוכט אַ רעטונג פאַר דער היים, אַן אויסוועג פאַר איר אייגענער צוקונפט.

אויף דער אויסוואַרטונג פון חיים אַלטערס הילף, האָט זי נישט געלייגט שוין קיין סך האָפענונג. זי האָט געזען די זאַך רירט זיך נישט פון אָרט. פאַרשטאַנען זיין היים איילט נישט מיטן בייטל, און אַוודאי נישט מיט אָנפילן די פּעסער פון אַ פרעמדן הויף.

ווען זי האָט דאָס לעצטע מאָל זיך מיט אים באַגעגנט, האָט זי געהאַט מיט אים אַן אָפענעם שמועס. פאַרטרוילעך אָפּדערציילט וועגן דעם צושטאַנד ביי זיי אין שטוב און די הילף וואָס זי דערוואַרט פון אים. חיים אַלטער איז געווען דערשטוינט, פּשוט דערשראָקן, ווי ער וואָלט צום ערשטנמאָל זיך דאָס דערוווּסט. געגאַנגען אַ ווייל אין שווייגן. דערנאָך שטאַרקנדיק זיך, האָט ער אָנגענומען איר האַנט, און מיט הבטחהדיק קול געענימען זי באַרואיקן: זי זאָל נישט פאַרצווייפלען. נישט זיין געפאַלן.

ער וועט טאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעכס; איינאָרדנען אַזוי, זי זאָל פון איר היים גאָרנישט דאַרפן נעמען, אַפילו נישט אַ פאָדעם. ער וועט אַלץ אויסטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, פון אויפשטעלן אַ שטוב, ביז וועש, קליידער, אויסשטייער פאַר זיי ביידן, חתונה־הוצאות — אַלע זאַכן פאַר זייער נײַ לעבן.

— דאָס בלויז? — האָט זי פאַרהאַלטן דעם טראָט, אַנגעשטעלט אויף אים ברייטע צעעפנטע אויגן — און וואָס וועט זיין מיט דער היים?

— מיט דער היים? איז ער אויך געבליבן שטיין, אַנגעהאַנגען דעם בליק אויף איר — וואָס קען איך דאָ העלפן. קאָן איך דען דעם הויף גאַנץ מאַכן?

— אַז דו קאָנסט נישט גאַנץ מאַכן, איז מיין האַרץ צו דיר אויך נישט גאַנץ — זי האָט דאָס געזאָגט אַנטשלאָסן ווי זי וואָלט אים געשטעלט דעם תנאי, די ברירה.

— דו רעדסט צו מיר, ווי ס׳וואָלט אַלץ געלעגן אין מיין האַנט, אין מיין מאַכט, ווי איך וואָלט געווען דער באַלעבאָס פון אונדזער שטוב. דערווייל איז נאָך דאָ דער טאַטע זאָל לעבן, די מאַמע, די שוועסטער, דער שוואָגער. ווי קאָנסטו פון מיר דאָס פאַרלאַנגען? — ער האָט דאָס מיט שטילן פאָרוווּרף איר פאָרגעהאַלטן און אַליין זיך דערמיט געפּרוווט באַרעכטיקן.

זיינע רייד זענען נישט דערגאַנגען צו איר געהער און נישט צו איר האַרץ. זיינע טענות נישט אָנגענומען. אַוועק פון אים אין האַלבן ברוגז.

פון דעמאָלט אָן האָט דער באַנד צווישן זיי פּאַמעלעך זיך גענומען רייסן, ווערן לויזער. די באַציאונגען — קילערע. זי האָט אויסגעמיטן מיט אים זיך צו טרעפן. אַמאָל נאָר צופעליק, אַמאָל דאָס אויך נישט. די פריינטשאַפט — זיך געוואַקלט, געוויגט ווי אַ בלאַט אין הערבסט אויפן בוים, אומעכטיק, אָן כוח, נאָר צום אַראָפּפאַלן... זי האָט דערוואַרט יעדער מינוט דעם ענטגילטיקן ריס צווישן זיי.

ריוול האָט אָנגעהויבן איצט לעבן אין אַן אַנדערער וועלט: חלומות, וויזיעס, זעאונגען, פאַרנעפּלטע, נישט־אויסגעקלאָרטע, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן וואָר און טרוים. אָט האָט זי זיך געזען אויף אַ רייזע

אין אַ ווייט לאַנד. דאָרט טרעפט זי אָן אַ רייכן מאַן. ער פאַרליבט זיך אין איר. נעמט זי פאַר אַ ווייב. מאַכט זי גליקלעך. הייבט אויף אויך די היים... אַמאָל גאָר אַנדערש, ווירקלעכער: זי לאָזט זיך אַוועק קיין פראַנקרייך, אָדער בעלגיע. דאָרטן געפינען זיך היימישע מענטשן, שטאָ־טישע, גוט־סיטואירטע, זיך אַרויפגעאַרבעטע, מאַכן אַ שיין לעבן; זיי נעמען זי אויף פריינטלעך. אָרדענען זי איין ביי אַן אַרבעט. העלפן איר אַרויס. זי דערגרייכט צו עפּעס. שטייגט. מאַכט אָרט פאַר דער שטוב, פאַר אַ נייע היים... און מעגלעך גאָר דאָס בעסטע: זי כאַפּט זיך אַריבער קיין א ר ץ. זי איז דאָך אַן אַקטיווע חברה אין דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע, אַרבעט מיט טיכטיק אין „קרן־קימת". מען באַזאָרגט זי מיט אַ שריפט פון היגן סעקרעטאַריאַט. ווייזט עס דאָרט, מ׳נעמט זי אַריין מיט כבוד אין אַ קיבוץ; ס׳הייבט זיך אָן אַ ניי לעבן, פריי, פשוט און זאָרגלאָז: אַ לייוונט קליידל, אַ לייוונטע ספּודניצע, אויף די פיס אַ פּאָר סאַנדאַלן, צוזאַמען מיט חברה; מ׳זינגט, מ׳טאַנצט „האָראַ". ס׳איז פריילעך, לעבעדיק — איז וואָס דאַרף זי מער! שפּעטער נעמט זי אַראָפּ צו זיך די עלטערן, מיט די איבעריקע קינדער — און דאָס קאַפּיטל איז געענדיקט.

פאַנטאַזיעס האָבן זיך געטויכט, געביטן, אויפגעגאַנגען, אָפּגעגאַנגען, ווי וואַסער־שטראָמען, ווו איין פאַליע יאָגט די אַנדערע. זי אַוועקגעטראָגן אין אַנדערע ספערן, אין אַנדערע רוימען. זי צוגעפירט צו אַ גליקלעכע צייט, אַ ליכטיקן עתיד. —

אָבער טראַכטן, טראַכט זיך גרינגער, ווי סע טוט זיך אין דער ווירקלעכקייט. פון מחשבה ביז מעשה — אַ ווייטער מהלך.

און ווער־ווייסט ווי לאַנג זי וואָלט נאָך אַרומגעשוועבט אין די באַ־גערטע דמיונות, לעכצענישן און אפשר יאָ געוווּן עפּעס אונטערגענומען — ווען ניִשט דאָס נייעס וואָס איז פלוצעם אָנגעשווימען און זי געמאַכט אין אַלעם פאַרגעסן, פאַרווישן; געמאַכט פאַרפליען אַלע טרוימען, פרעמ־דע לענדער, ארץ־ישראל, פריילעכע האָראַס... זי אַוועקגעשטעלט פאַר אַ נייע וואָר, וואָס האָט איר געטאָן אַוועקרייסן פון יענע אַלע וועלענישן, אויסגעשפּינענע פּלענער, חלומות, זי צוגעבונדן צוריק צו זייער גאַס, צו זייער היים, צו דעם ווירקלעכן היימישן לעבן.

וואָס איז געשען?

אין גאַס האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעטראָגן דער קלאַנג וועגן דעם שידוך פון זיינוול יאַנקל ביקלס זון, מיט מלכהן מענדל באַומס טאָכטער, אַ זאַך וואָס דאַרף שוין אין די נעכסטע טעג געשלאָסן ווערן — און אַ פלאַמפייער האָט אַרומגעכאַפּט ריוולס האַרץ, מער נישט צום פאַרלעשן; זיינוועלע? געוואַלד, דאָס איז דאָך איר ערשט באַקאַנט יינגל, וועמען אירע ליפּן האָבן די ערשטע קושן געשענקט, מיט אירע אָרעמס צום ערשטנמאָל אַרומגענומען. וועט זי שווייגן, דאָס צולאָזן? ניין!

און אַ גליאיק הייסער שטורעם האָט זיך אַדורכגעטראָגן איבער ריוולס בלוט, איבער איר געביין. געברענט מיט אייפער, מיט ניי אויפגע־וועקטער ליבשאַפט צום בחורל און מיט אַ ביטערער קנאה און אייפערזיכט צו איר מלכהן, דער מויד.

פאַרגעסן אין אַלע פריערדיקע מחשבות, טראַכטענישן, אָנגעפּאַנצערט מיט נייעם מוט, מיט נייעם באַגער, האָט זי זיך גענומען אין די הענט אַריין. צוגעשוווירן: בשום־אופן דאָס נישט צו לאָזן. זי וועט אים נישט אַוועקגעבן אין די אָרעמס פון דער פּראָסטער באַומישער מויד. ניין, זי וועט קעמפן מיט אַלע כוחות, אים צוריקגעווינען, ברענגען אים צוריק צו זיך. וואָרעם זי וויל אים פאַר אַ חתן, פאַר אַ מאַן און שוין אויף אַן אמת, אויף אייביק!

ווידער האָט זי גענומען איבערלעבן טעג מיט ברויז, מיט אויפגע־וועקטע אימפּולסן, ליידנשאַפטן; מיט גליאיקן פאַרלאַנג צוריק ברענגען דאָס יינגל וועלכן זי האָט ליב געהאַט און מיט אירע אייגענע הענט אים דערווייטערט; צוריק גאַנץ מאַכן וואָס זי האָט אומגעוואָרפן. צוריק קריגן זיינוועלען פאַר זיך.

זי האָט מיט אַזאַ אויפגעלעבטער באַנייטער פרישקייט אויפגעברענגט פונסגיי אין זכרון יענע פריע נייגעריקע טעג, ווען זי האָט זיינוועלען צום ערשטנמאָל אָנגעטראָפן. זיך מיט אים באַקענט. באַפריינדעט.

...ס'איז געווען נאָך אין יענע רואיקע צייטן, נאָך פאַניעס אַוועק־

פאַרן פון דער היים. זי ריוול נאָך גאַר אַ יונגע, האָט איבערגענומען די פונקציע פון גיין אין די פרימאָרגנס מיטן קענדל אויף די „גורקעס" נעמען מילך. ביי זיי אין שטוב איז געווען אַן איינגעפירטער מנהג צו־נעמען מילך פון דער ריינער מעלק, ביי די ערשטע פויערישע הייזלעך פון אונטער דער שטאָט. ריוולען איז אויסגעקומען צו גיין מיטן ווידאָווער וועג וואָס פירט פאַרביי דאָס ביקלשע געהייז, וועלכעס האָט גערוט אויף דער זעלבער שטרעקע און פון וואַנען ס'האָט זיך שוין אין גאַנצן פרימאָרגן געטראָגן דער אויפגעוועקטער אימפעט פון אַרבעט און לעבן.

ריוול האָט ליב געהאַט זיך איינהערן אין דעם קוועלנדיקן גערודער וואָס קומט פון די דאָרטיקע אַרומיקע הייזלעך: קליינע פעסטע כאַטעס, אַרומגעצוימט מיט הויכע יוסטע פּלויטן, ווי פעסטונגעלעך. זי האָט מיט אירע אינערלעכע אויגן, געזען די קליינע געפּאַקטע זריזותדיקע ביקלשע לייט, געזונטע אַרבעטס־מענטשן וואָס לעבן מיט אַן אייגן אָפּגעזונדערט לעבן, מיט אייגן פּירעכץ, ווי אויף אַ באַזונדער אינזעלע: מיט פּראַצע, מיט זעט און פאַרזאָרגונג, מיט רו און ערלעכקייט.

„וואָלסט געוואָלט אַריינקומען דאָ אַהער, ווערן איינע פון זיי" — האָט זי זיך געפרעגט. געשמייכלט. אַליין גישט וויסנדיק וואָס פאַר אַן ענטפער זיך געבן. אָבער צומאָל האָט זיך איר אויסגעדאַכט: יאָ, זי וואָלט געוואָלט.

איינמאָל ביי אַזאַ גיין אויפן וועג ווען ס'איז נאָך געווען גאַר פרי, האָט זי געזען אַרויסקומען פון איינס פון די הייזלעך אַ יינגל: גוט געבויט, קרעפּטיק, פיין דערנערט, מיט אַ מילד רואיק פּנים. ער האָט זיך געקליבן אַריבערגיין אין אַן אַנדערן הויף, אויף אַנטקעגנאיבער. ריוול האָט געוווּסט ס'איז זיינוועלע. געקענט אים פון זען. געוווּסט אויך פון זיין באַחנטקייט, פון זיין געראָטענעם שיינעם וווּקס. געגלוסט זיך מיט אים צו פאַרטשעפּען, באַפריינדן.

זי האָט פאַרשטילערט די טריט. געוואַרט ביז ער וועט זיך דער־נענטערן. אים פאַרהאַלטן, אָפּגעשטעלט. זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים און אַן צערמאָניעס, אויף איר דרייסטן שטייגער, געזאָגט צו אים: „מען רופט דיך זיינוועלע, אמת? און מיך קענסטו? יאָ, טאָקע ריוול..." זי

איז געווען צופרידן פון זיין קענען זי ביים נאָמען און באַקומען אַ מאָדנע גוט געפיל צו דעם בחורל. געמאַכט אויפן אָרט מיט אים באַקאַנטשאַפט. אים היימישלעך געבעטן, ער זאָל זי באַגלייטן אַ שטיקל וועגס, זיי וועלן רעדן. זיינוועלע איז געווען אין פאַרלעגנהייט, וואַקלענדיק. נישט געוווּסט וואָס טאָן. אָבער ריוול מיט איר אינערלעכער מאַגנעטישקייט, מיט דעם וואַרעמען בלישטש פון אירע בורשטינענע אַפּלען, האָט דעם ייִנגל צוגעצויגן, באַצווינגען. ער איז מיטגעגאַנגען.

נאָכן אָפּגיין אַ שטיקל מהלך, האָט ער געוואָלט צוריקקערן. זי האָט נישט געלאָזט. אים אָנגעהאַלטן: „אייל דיך נישט זיינוועלע, וועסט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן. און האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן. ביסט נישט ביי קיין פרעמדע, ביי זיך אינדערהיים. קאָנסט נאָך מיטגיין.״ ער האָט ווידער געפאָלגט. מיטגעגאַנגען. זי האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט. געשמייכלט צו אים. אונטערגעקומען מיט חנדל: „איך בין אַ שיינע, יאָ? זעסט, ביסט מודה. און איך וועל דיך ליב האָבן. דו מיך אויך, יאָ?״ זיינוועלע איז געווען צעטומלט, שוואַך אין זיין כוח און נאָך שוואַכער אין זיין קאָנען זיך איר אַנטקעגנשטעלן. אָפּגעענטפערט מיט אַ שטומען שאָקל אויף יאָ: ער וועט זי ליב האָבן.

אין דער קליינער באַקאַנטשאַפט, האָט זי אים אויסגעפרעגט וועגן אַ סך זאַכן: וואָס ער טוט, וואָס ער טראַכט, וועמען ער האָט אין דער משפחה אַמיינסטן ליב און בכלל צי ס׳וועקט זיך אין אים שוין די ליבשאַפט צו אַ מיידל. אָפּדערציילט וועגן זיך אַליין, וועגן אירע ראָמאַנ־טישע געפילן און דערפאָלגן. אָנגערעדט אים, ער זאָל אַרויסקומען אַלע אינדערפרי, אין דער שעה, ווען זי גייט דאָ פאַרביי און מיט איר מיטגיין, זי באַגלייטן. ס׳וועט איר זיין זייער אָנגענעם און אויך אים. ער האָט איר צוגעזאָגט.

— זאָגסט מיר צו אויף זיכער, זיינוועלע?

— יאָ.

— נאָר געדענק, ס׳איז ווי אַ שבועה. זאָלסט נישט אַנדערש מאַכן. מ׳קען דיך דערפאַר באַשטראָפן — האָט זי אים געוואָרנט.

זיינוועלע איז אַרויסגעקומען אַלע אינדערפרי. זי אָפּגעוואַרט. ריוול

האָט זיך באַוויזן אין דער פּונקטלעכער שעה און נאָך פון ווייטנס צו אים געלאַכט, פריילעך צוגעפּאָכעט מיטן האַנט, געווונקן, ר׳זאָל איר נאָכגיין. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. אין אָנהייב אַ ביסל אָפּגערוקט. שפּעטער וועג־אַרויף, צו איר, צוגעשפּאַנט און געשפּרייזט שוין צוזאַמען.

ריוול האָט מיט אַלע אירע מיידלשע קונצשטיקן, ראַפינירטקייטן צוגעצויגן דאָס מילד תמימותדיקע יינגל צו זיך און וואָס אַ טאָג מערער. ער איז געווען מיטן געשטאַלט העכער און אויך עפּעס געאיידלטער פון די איבריקע אין זיין משפּחה. געהאַט אין זיך די ביקלשע רירעוודיקייט, זייער גוטער תמימות און ערלעכקייט. געווען אַ טשוט יינגער פון איר, ריוולען. אָבער דאָס האָט נישט געשאַדט. פאַרקערט, ס׳האָט איר גראָד אימפּאָנירט: זי וועט האָבן איבער אים די השגחה, די שליטה. זי וועט אים לערנען. זי וועט זיין די געליבטע און די לערערין.

ריוול האָט אין די דאָזיקע קורצע פרימאָרגן־שפּאַצירן, אים אָפּדער־ציילט וואָס זי לערנט אין שולע, וואָס זי ווייסט פון די ביכער, פון לעבן. געלאַסקעט אים, געלאָקט מיט איר אימפּולסיווער הייטערער נאַטור. אַריינגעטריפט אין דעם יינגל נייע געפילן וואָס איז פאַר אים ביז אַהער געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. געמאַכט אויפוועקן אינטערעס, יונג־בחורשער אויפוואַכונג, פאַראינטערעגירטקייט. אָנגעטרונקן זיין זעל מיט זיסן געטראַנק, וואָס ער האָט ביז היינט נישט געוווסט דעם טעם און געוואָרן דערפון מלא־חידוש און צוביסלעך שיכורלעך.

אויף אַ צולאָג האָט זי אים אויך צוגעזאָגט און אויף זיכער, זי וועט ווערן זיין כלה. זיי וועלן חתונה האָבן. זי וועט אַראָפּקומען צו זיי ווינען. און דער עיקר: ביי איר וועט ער ערשט וויסן וואָס הייסט ליבע. אָבער איין באַדינג: ער זאָל זיך צו איר צוהערן, אין אַלעם זי אויס־פאָלגן. ער האָט איר צוגעזאָגט.

ביידע זענען זיי געווען נאָך אין יענעם יונגן עלטער, ווען מען ווייסט קוים, וואָס הייסט אַזוינס לעבן, וואָס עס מיינט דאָס דאָזיקע גרויסע געפיל: ליבע. אָבער ריוול איז געווען אַ הייסע נאַטור שוין אין איר גאָרער יונגקייט. גענומען אויף זיך. און יעדער זאַך — פלייסיק, מיט פעסטער באַשלאָסנקייט. געקאָנט אויך יענעם מאַכן גלייבן, אַרויפ־

צווינגען איר ווילן. און אַוודאי ערשט אויף אַזאַ יונג שוואַךביימל, ווי זיינוועלע.

זיינוול אין זיין שטילן כאַראַקטער, האָט זיך צו איר צוגעבונדן. ס'איז געווען ביי אים פשוט, ווי ביידע וואָלטן זיי גיין אַלע יאָרן צוזאַמען אין שקאָלע און איצט ביים דערוואַקסענער ווערן, געוואָרן צו זיך נאָך נענטער, באַקאַנטער, פאַרליבט. ער האָט אויסגעוואַרט שוין דעם פריי־מאָרגן ר'זאָל זי קאָנען זען, באַגלייטן אויפן וועג אַרויס; הנאה האָבן פון אירע רייד, צערטלעכקייטן, קושן. ער האָט באַקומען זיין פּאָרציע געניוי אַזוי יעדן אינדערפרי. דערנאָך דעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרבענקטער, פאַרטראַגן אין די זיסע רעיונות. געטראַכט וועגן ריוולען. געחלומט, געגאַרט צו איר.

ריוול האָט אָנגעהויבן אין די שפּעטערדיקע טעג אויך קומען אין די אָונטן. דערשינען אַן אויסגעפּוצטע, אַ באַשמעקטע, גאָר אַ נייע. ביידע שוין פריי פון טאָג, פון דער באַשעפטיקונג, לייכטער אין געמיט, האָבן זיי זיך אָוועקגעלאָזט מיטן שליאַך וויט־אַרויף. פאַרלוירן געוואָרן אין טונקעלער נאַכט, אונטער שווייגנדיקע הימלען, און דאָס שוין אויף לענגער. זיי האָבן פּאַמעלעך אין זייער ליבשאַפט זיך געריפּט. פון ז י י ו ו ע ל ע, איז געוואָרן ז י י נ ו ו ל (ביי איר: נאָך זיינוועלע). פון אַ יינגל — אַ בחורל. אַליין האָט ער אויך אָנגעהויבן פאַרשטיין מער פון לעבן. אויפנעמען זאַכן שכלדיקער און מיטן געפיל שאַרפער. אין זיין מוח האָבן זיך געעפנט נייע קעמערלעך, געווימלט מיט בילדער, מיט זעאונגען, געריצט, געוועקט פאַרלאַנגען. זיין האַרץ האָט גערופן צאַפּלענדיק צו דער חידושדיקער נייעס: צו פ ר ו י, צו פרויאישער ליבשאַפט. געבענקט נאָך ריוולען. געזוכט טרינקען דעם מיידלשן זאַפט פון אירע ליפּן. מיט יעדן טאָג געוואָרן צו איר צוגעקניפּטער, צוגעבינדענער. נישט געקאָנט זיך מער פאַרשטעלן אָן איר, זיין טייערע פריינדין.

ריוול שוין דעמאָלט ראַפינירט, מיט שטאַרקע מיידלשע טרייב־כוחות, האָט אים אָנגעהאַלטן, געלערנט ווי מען דאַרף זיך פירן, אומגיין מיט אַ געליבטע; אַרויסווייזן מאַנסבילישס, מענערישן כוח, ליבשאַפט וואָס זאָל אונטערטעניק מאַכן, באַגייסטערן, פאַרשקלאַפן — און זי

די פרוי, וועט דעמאָלט וויסן מיט וואָס אָפּצוענטפערן, מיט וואָס אָפּצו־דאַנקען. אַוועקגעבן איר נשמה...

און אַזוי האָבן זיי פּאַוואָליע זיך אַלץ מער געצייטיקט, פּאַרוויקלט איינער אין אַנדערן. געוואָרן אַ שטיק ליבשאַפט. חלום.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסע צייט.

מיטאַמאָל און פּלוצלינג, האָט זיך אַלץ איבערגעריסן. ריוול איז פאַרשוווּנדן פון זיינוולס אויגן. זיך מער נישט געוויזן. ער איז געווען נשתומם, צעמישט. נישט געקאָנט פאַרשטיין די אורזאַך. נישט געקאָנט אויך באַנעמען, זי זאָל אים האָבן דאָס אָפּגעטאָן. זי איז דאָך געקומען צו — אים! געווען די ערשטע וואָס האָט אים גערופן. און פאַרוואָס איז זי אַוועק?

ער האָט זיך נישט געקענט דערקלערן די סיבה, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

ריוול מיטן דערוואַקסענער ווערן, מיטן פאַרגלידערן זיך אין דער שטאָטישער געזעלשאַפט, אין דער אָרגאַניזאַציע, באַקענענדיק נייע פריינט, חברים, האָט פון זיינוועלען, אינערלעך פאַמעלעך זיך אָפּגערוקט. וואָרעם ביי אַלע זיינע מעלות, גוטער גערעכטיקייט, איז ער דאָך נישט געווען פון איר גראַד, צוגעפּאַסט צו איר אינטעליגענץ, צו איר אינטעלעקטועל געמיט. געווען צו אָרעם אין זיין גייסטיקן פאַרמעג, שוואַך אין זיין מענערישן פאַרנעם, יינגלעריש פּריציש. דאָס שפּילן זיך מיט אים, וואָס איז אין אָנהויב געווען אַרויסגערופן פון נייגער, פון איר אומרו־איקער קאַפּריזנער נאַטור, האָט זיך געזעטיקט. געמאַכט אָפּפאַלן דאָס יונג־רייצנדיקע, די צוציאונגס־קראַפט, די לוסט. אין דערווירקלעכקייט, אין וואָרן לעבן, האָט איר געצויגן צו עפּעס רייפערס, דערוואַקסענערס, שטאַרקערס: צו אַ מאַן מיט וויסן, מיט קלוגשאַפט, קולטור, מיט איניציאַטיוו, מענערישער מאַכט — אַ באַצווינגער. דאָס האָט אין איר געוועקט אייגענער גייסטיקער אָנשטרענג, פּרויאישער אַרויסרוף און אינערלעכער זעלבסט־שוץ: צו דערהאַלטן איר „איך", איר זעלבסט־שטענדיקייט וואָס איז געווען נויטיק פאַר איר זעל, ווי בלוט פאַרן קערפּער. ביי זיינוועלען איז אַלץ געקומען לייכט, גרינג, מיט אַבסאָלוטער

געהאַרכזאַמקייט. איבערגעגעבן זיך אין אירע הענט מיט פולן צוטרוי. נאָכגעגאַנגען איר ווי דאָס לעמעלע דער מוטער־שאָף. דאָס האָט גיך געשטילט איר הונגער. אַוועקגענומען דעם רייץ. זי האָט אים פאַרלאָזט.

זיינוול איז פון ריוולס אוועקגיין, אַרומגעגאַנגען צעטראָגן, פאַרלוירן. ער האָט נישט געקענט באַנעמען וואָס דאָ איז געשען. זי נאָך אַלץ אָפּגעוואָרט אין די פרימאָרגנס, אין די פאַרנאַכטן. זי איז נישט געקומען. אַ צער, אַ בענקשאַפט, האָט געקלעמט זיין יונג האַרץ. זי האָט אויפֿגעשלאָגן אין אים אַ פֿייערל, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלעשן. ער איז געוואָרן אויף איר בייז, נישט מוחל צו זיין, ווי ס׳קאָן ווערן בייז און באַליידיקט אַזאַ יונג אין ערשטער־פאַרליבטקייט אַריינגעקומען בחורל — און שוין אָפּגענאַרט.

און כאָטש ער האָט געזוכט אויף איר דעם האַס, איז אין זיינוולען געבליבן פאַרשטעקט אַ שפּליטער פון ריוולס גערעכעניש, פון אירע ברוינע שפּילעוודיקע אויגן, לאָקען. געוואָרעמט אים מיט דערמאָנונגען פון יענע זיסע מינוטן וואָס זי האָט אים געשענקט. נישט געלאָזט זיך אָפּמעקן. נישט פאַרגעסן.

אויך ריוול האָט אים אמת, נישט אינגאַנצן פאַרגעסן, ווי מ׳קען נישט פאַרגעסן דעם ערשטן זאַפּטיקן אויפשפּראָץ פון ערשטער ליבע, דעם קוש פון תמימות שעמעוודיקע ליפּן, וואָס טראָגן אין זיך דעם אָטעם און טוי פון — הגם נישט גאַנץ רייפער — אָבער דאָך גלוסטיקער פרוכט. צומאָל האָט זי לענגער זיך דערוועגן פאַרטראַכט. געהאַט אַ ביסל חרטה, באַדויערט: כ׳וויס, אפשר וואָלט זי זיך יאָ מיט אים איינגעלעבט אין האַרמאָניע, אים צוגעלערנט צו ביסלעך, צוגעפּאַסט אים צו זיך, און וואָלט צום סוף געווען גליקלעך. וואָרעם ער איז דאָך פון אַ גוטער היים, פון גוטע מענטשן, פון ערלעכן שטאַם.

אָבער באַלד האָט זי זיך צוריק באַזיבען: ניין, ס׳וואָלט נישט געמויגט. ס׳וואָלט איר שווער געווען. ער איז נישט דערוואַקסן צו איר. און אַ פרוי, אַז זי שטייט העכער פאַרן מאַן גייסטיק, קאָן נישט זיין קיין האַרמאָניש צוזאַמענלעבן, האָבן אים אַ חבר צו אירע געדאַנקען, צו איר שטרעבן. ס׳וואָלט צוגעפירט צו לאַנגווייל און אויך אפשר צום פאַראַט.

און זי וויל עס נישט. דאָס וואָס זי דערליובט זיך מיידלוויז, וויל זי נישט נאָך דער חתונה. עס טראָגט גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער און אחריות. איז בעסער, וואָס זי האָט נישט צוגעברענגט דערצו.

טעג האָבן זיך געצויגן אין ווירוואַר, אין האַלב־פאַרגעסנקייט און האַלב־דערמאָנונג. אַמאָל מיט ביטערע גריזאָטע און אַמאָל שוין פאַר־דעקט מיט דינעם שטויב־שיכט פון צייט — אויפגעגעבן.

איינמאָל האָבן זיי זיך יאָ אָנגעטראָפן, פּלוצעם אין גאַס, אין זייער היימישער גאַס. זיי זענען זיך אַנטקעגן געקומען פּנים־אל־פּנים. ריוול האָט צו אים געשמייכלט, געוויזן לאַכנדיקע ציין, געמרומשעט מיט די אויגנוויעס ווי זי וואָלט צו אים גערופן: זיינוועלע, זיי נישט בייז, איך בעט דיך, זיי נישט בייז. כ'האָב נישט געקענט אַנדערש... ער איז יאָ געווען בייז. אָפּגעקערט דעם קאָפּ, נישט אויף איר צו קוקן. אינערלעך האָט ער געמיינט, זי וועט דאָך צוקומען צו אים, אים איבערבעטן, זיך פאַרענטפערן. זי איז נישט צוגעקומען. געלאָזט אים גיין זיין וועג. ער איז דערפון געוואָרן נאָך מער געטראָפן. צוגעזאָגט זיך מיט אַ שבועה: מער וועט ער שוין מיט איר נישט רעדן. קיינמאָל אין לעבן נישט!

און ווידער איז די צייט זיך געגאַנגען איר גאַנג מיט אַלע אירע קאָמפּליצירטקייטן, פּלאָנטערנישן, מיט אירע צו־להכעיסן און אַנטוישונגען. נישט אָנגעפרעגט ביי די מענטשן, וואָס זי האָט צו טאָן. פאַרשאַפט צער, אַמאָל פרייד. מער צער ווי פרייד.

ווען ס'האָט אין די לעצטע טעג צו ריוולס אויערן זיך דערטראָגן — און דאָס שוין אין דער צייט פון די אָפּגעשוואַכטע באַציאונגען מיט חיים־אַלטערן — ס'גייעס וועגן שידוך צווישן זיינוולען און מלכהן, האָט אין איר ריוולען אויפגעפלאַמט פון אויפסניי דאָס פייער און מיט דער גאַנצער קראַפט און אייפער: ס'איז דאָ געשען אַ טעות. זי וויל פאַריכטן. זי האָט זיינוולען יאָ ליב. און ער איז דאָך געווען דער ערשטער מיט וועלכן זי האָט פריינטשאַפט געשלאָסן. די ערשטע ליבע־געפילן זיך געטיילט. די ערשטע שמייכלען געשענקט. אַלע חושים האָבן זיך אין איר צוריק אויפגעוועקט צום דאָזיקן בחורל: זי וויל אים פאַר אַ חתן. און אַ צינד שוין זייער ערנסט. זי וועט אים זיין געטריי. וועט אים מער

נישט גרינגשעצן, נישט פאַרלאָזן. זי איז שוין אָנגעלערנט פון לעבן: נישט אַלץ וואָס פינקלט איז גאָלד און נישט אַלץ וואָס אַ מענטש פאַרטראַכט, שטימט אָפּ ביי זיך, איז גוט און אמת...

ווידער האָט דאָס בלוט אין איר זיך אויפגעוועקט, אויפגעברויזט. גענומען טרייבן, העצן. זי האָט דערזען איצט פאַר זיך אויך עפּעס אַ רעטונג. אָנגעהויבן זוכן תחבולותן, פּלענער, ווי אַזוי זיך מיט אים באַגעגענען. אָנקניפּן מיט אים פרישע פאַרבינדונגען. אַריינעמען אים אין אירע הענט.

*

אין איינעם אַ טאָג האָט ריוול זיך באַוויזן צוריק אויף יענעם ווידאַוועער וועג, וואָס האָט געפירט פאַרביי דאָס ביקלשע געהייז. זי האָט געהאַלטן דאָס קענדל אין האַנט, זי גייט נאָך מילך (כאָטש מ׳האָט ביי זיי אין שטוב שוין לאַנג נישט גענומען קיין מילך פון דער ריינער מעלק...). אַדורכשפּאַצירט לענג־אויס שאָסיי. געטשאָטעוועט אויף זיינוולען. אָפּגעוואַרט זיין אַרויסקומען. זי האָט דאָסמאָל לאַנג געוואַרט. אָבער דאָך זיך דערוואַרט. ער איז אַרויסגעקומען, געטראָגן אין האַנט אַן אַרבעטס־געצייג, געוואָלט אַריינגיין אין שכנותדיקן הויז. זי האָט צו אים זיך צו־געיאָגט. אַ פּייף געטאָן און מיט האַסטיקן קול גערופן: ז י י ו ו ע ל ע! ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיך אומגעקוקט. זי דערזען. געבליבן שטיין פאַרגליווערט. נישט געוווּסט אין דער ערשטער רגע וואָס דאָ געשעט. געקוקט צו איר מיט פאַרוווּנדערטע אויגן. עטוואָס דערשראָקן. זי האָט צוגענענט. גוזאָגט מיט צערטלעכן טאָן:

— זיינוועלע, וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי מאָדנע. דערקענסט נישט?

ער האָט געשוויגן. אַ בלאַסקייט איז אויפגעגאַנגען אויף זיינע באַקן.ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט שווייגעניש. ביידע שוין דערוואַקסענערע, רייפערע, צוגעגרייט אַריינצוגיין אין לעבן. ער האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן דעם בליק אויף איר מיט שווייגנדיקער פאַרוווּנדערונג.

— דו קוקסט אויף מיר, גלייך איך וואָלט דיר געווען אַ פרעמדע, אַראָפּגעפאַלן פון הימל... — האָט זי געפּרווּוט צו אים שמייכלען.

ער האָט מיט גאָרנישט רעאַגירט. נישט אָפּגעענטפערט.

— קום מיט מיר אַ שטיקל וועגס. איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן — איר האַנט האָט אָנגעוויזן אויף דער ווייט.

— וואָס ווילסטו רעדן? — האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט.

— קום מיט מיר אַ פּיצעלע מיט. דאָרט וועל איך דיר זאָגן.

— זאָג דאָ. איך וועל אין ערגעץ נישט גיין.

— קום זיינוועלע, איך בעט דיך. ווערסט נישט חרטה האָבן — און אין איר קול איז געלעגן שולד, אָנרעד, גרויס געבעט.

ס׳האָט אָפּגעקלעפּערט אַ טיר אין דער נאָענטער הייזקע. זיינוול האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, אָפּגעטראָטן פון אָרט. געגומען איר נאָכגיין. אָפּגערוקט שוין ווייטלעך פון זייער געהייז, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. אָנגענומען אים פאַרן האַנט. אַרויס מיט העכער קול:

— גייסט ווערן אַ חתן מיט מלכהן?

— וואָס איז דען?

— אָבער ענטפער מיר.

— יאָ.

— פאַרוואָס עפּעס? האָסט נאָך צייט. האָסט נישט וואָס צו איילן.

— נישט דיין זאַך.

— פאַרוואָס רעדסטו צו מיר אַזוי האַרב און ברוגז?

— פאַר אַזוי, ווייל איך וויל...

— ביסט אויף מיר בייז?

— יאָ.

— ס׳קאָן נישט זיין זיינוועלע. איך גלייב נישט דו זאָלסט אויף מיר בייז זיין. איך בין אויף דיר עס קיינמאָל נישט געווען. און דיך אויך נישט פאַרגעסן. און איך בין דאָך געווען די ערשטע, וואָס האָב דיך אָנגעטראָפן און דיך ליב געקריגן.

— ביסטו געווען. מיך אַרט נישט...

— זיי נישט אויפגערעגט זיינוועלע, איך בעט דיך. ענטפער מיר נישט אַזוי שאַרסקע. איך רעד צו דיר ווי אַ פריינדין און דו, אוי... הער מיך אויס. פאָלג מיך: וואַרט צו נאָך מיטן חתן ווערן. וועסט זען, כ׳בין גערעכט. ס׳איז פאַר דיין טובה־וועגן.

— איך וויל נישט וואַרטן, און וויל נישט קיין טובה...

— רעדסט צו מיר מיט כעס, דאַריבער... ווערסט זיך באַרואיקן, וועסטו זען כ׳בין גערעכט. וואַרט צו. איך בעט דיך נאָכאַמאָל.

ער האָט אויפגעהויבן די אַפּלען. געזען דעם צאַפּל אין אירע אויגן. געקוקט אויף איר אַ מינוט לענגער. אָבער די כמורע איז אַלץ פון אים נישט אָפּגעגאַנגען. ער האָט געזאָגט:

— צוואָס ביסטו געקומען, און וואָס אינטערעסירט דיך די זאַך?

— מיך אינטערעסירט עס זייער. איך וויל דו זאָלסט צוואַרטן.

— פאַרוואָס זאָל איך צוואַרטן?

— ווייל וועסט קריגן עפּעס בעסערס.

— ווער איז בעסער?

— איך אַליין בין נישט בעסער? זאָג, ריוול איז נישט בעסער?

דער אַרגומענט האָט אַ שלאָג געטאָן איבער די ברוסט־ווענטלעך פון זיינוולס יונגן גוף. אים אַנטוואָפּנט. דאָס האָט ער שוין נישט געקאָנט אָפּלייקענען: זיכער איז זי ריוול בעסער און שענער פון אַלע אַנדערע מיידלעך. פון דער צווייטער זייט, האָט זיך אין אים אויפגעוועקט צוריק יענער ביטערער פאַרדראָס און צער וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט. געזוכט פאַר איר אַ שאַרף שטראָף־וואָרט. געוואָלט איר ווי טאָן. פאַרשאַפן עגמת־נפש, באַשטראָפן. נישט געקאָנט באַלד געפינען. אויסגעשאָסן:

— דו ביסט אַ שלעכטע, ביסטו!

— נישט אמת, בין נישט קיין שלעכטע. אַ גוטע. — זי האָט אָנגערירט מיט אירע שפּיצן פינגער זיין באַק, די אויערנלעפּלעך. אַדורכ־שפּאַצירט דעם שטערן. צוגעגעבן שוין אַ ביסל קאָקעטיש:

— אָבער זאָג דעם אמת זיינוועלע און אָן כעס: איך בין נישט קיין בעסערע פון מלכהן?

— ניין, ביסט נישט קיין בעסערע, ביסט אַן ערגערע...

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַוועקגעקוקטע בליקן. נישט קענענדיק זיך באַהערשן פון יענע פאַרשאַפטע ליידן. זי האָט אים פאַרשטאַנען. געלאַכט. געשמיצערט מיט די ברוינע אַפּלען אים אין פּנים.

— דו ווייסט יאָ, אַז ריוול איז אַ בעסערע און אַ שענערע פון יענער און אויך אַ פריילעכערע. נאָר זי האָט דיך אַמאָל אָפּגענאַרט, איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן. ביסטו אויף איר ברוגז און אין כעס. אָבער זי וועט שוין מער דאָס נישט טאָן. זי איז געקומען דיך איבערבעטן. און מער קיינמאָל נישט אַנטלויפן, נישט גענאַרן.

— כ׳געדענק נאָך גוט פון דענסטמאָל. יאָ, כ׳געדענק!... האָט ער זיך געברוגזט אַ באַליידיקטער, אָבער שוין אָפּגעלאָזט פון דער אינער־לעכער גריזאָטעדיקער שטרענגקייט. זי האָט דאָס דערקענט. אים אַ טאָרגע געטאָן ביים אַקסל. נישט געלאָזט דערעדן.

— טראַכט נישט וועגן דעמאָלט, זיינוועלע. דעמאָלט זענען מירביידע נאָך געווען קינדער, נאַרישע קינדער... נישט פאַרשטאַנען דאָס לעבן. און אפשר האָב איך עס טאָקע געטאָן פאַר דיין גוטס־וועגן. דו זאָלסט זיין גאַנץ מיט זיך, רואיק. ס׳זאָל דיר נישט שטערן אין דיין אַרבעט, אין דיין אַנטוויקלען זיך. איך האָב געזען, דו ווערסט אַלץ מער אומרואיקער, אויפגעטרייסלטער, ווייל די צייט איז נאָך געווען צו פרי פאַר דיר אויף ליבע... און דאָס האָט נישט געטויגט פאַר דיינע יונגע יאָרן, פאַר דיין אַנטוויקלען זיך.

זי האָט אָפּגערוט. אָנגעקוקט אים מיט דורכדרינגלעכע בליקן. מוסיף געווען מיט פעסטערע שטים:

— היינט איז עפּעס אַנדערש. מיר זענען דערוואַקסענער. מיר פאַר־שטיין בעסער דאָס לעבן... הייב אויף דעם קאָפּ. קוק אויף מיר. איך וויל זען דיינע שיינע אויגן...

מיט דער הילף פון אירע אונטערגעשפּאַרטע פינגער אויף זיין גאָמבע, האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ. געלאָזט זי קוקן אויף זיינע „שיינע אויגן״. אַליין האָט ער זיך אויך אויף איר פאַרקוקט. געזען דעם צעבליט אויפגעוואַכטן מיידלשן גוף, וואָס אָטעמט מיט פרויאישקייט, מיט געשפּראָצטער רייפקייט, מיט צוציאונגס־קראַפט; און ווי פריער האָבן אירע אויגן געבלאַנקט שטיפעריש, אָנרעדנדיק. איר בליק אַ צע־שפּילטער, האָט געלאַסקעט, אָנגעפילט אים מיט צערטלעכקייט, מיט לוסט. ס׳האָט אים אויפגערודערט. נישט געקאָנט ביישטיין אַ קייגן דעם

שיינעם רייצנדיקן ווען, אַ קייגן דעם נייעם נסיון.

— נו, וואָס שטייסטו, רעדסט נישט אויס אַ וואָרט — האָט זי אים אָפּגעשטופּט אויף אַ טריט.

איצט האָט ער זיך צוגעהערט צו זיין אינזיכדיקע שעפּטשנדיקע שטים: יאָ, ס׳איז דאָך אמת, וואָס זי זאָגט, אַז פון איר קוואַלט אַ גרויסע פרייד, וואָס מאַכט אויפשוימען אין אים אַלע גוטע געפילן. אַזוי ווי ער שטייט דאָ, ציט עס אים צו איר מיט געוואַלדיקן געהיימען כוח.

ביידנס פּאָר אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. געשטויסן זיי צו זיך נענטער. אָנגעטרונקן מיט ניי געוועקטן באַגער, מיט אָנגעפּלאָסענער ליבשאַפט. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק צעשמייכלט.

— ביסט געוואָרן נאָך שענער פון פריער — האָט ער געזאָגט אין שטילער פאַרוווּנדערונג.

— דו אויך. ביסט אויפגעוואַקסן אַ שיינער בחור. אַ מעכייע אויף דיר צו קוקן — האָט זי אים צוריק געצאָלט מיט לויב.

ער האָט זיך פאַרקלערט. אָפּגעזיפצט. ס׳איז אים געווען שווער אויפן האַרצן. ער האָט געדענקט אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך. ווי שווער ס׳וועט אים זיין די זאַך צו פאַריכטן. וואָרן ס׳ליגט שוין נישט אין זיינע הענט און ער ווייסט נישט, צי ס׳וועט זיך בכלל לאָזן צוריק דרייען דאָס ראָד...

— כ׳ווייס אַצינד אַליין נישט... — האָט ער זיך געקלאָגט מיט טרויעריקן קול — מיט יענע זאַך האָלט שוין נאָענט. ס׳וועט איצט זיין שווער, האָב איך מורא...

— ס׳וועט גאָרנישט זיין שווער. האָב נישט קיין מורא זיינוועלע. איך וועל שוין זען. מיר וועלן עס ביידע נעמען אין די הענט אַריין. מיר וועלן געפינען אַן עצה, אַן אויסוועג.

— וואָס וועלן מיר טאָן?

— איך וועל שוין וויסן. איך וועל אַלץ גוט אַדורכטראַכטן, אַדורכ־קלערן. פאַרלאָז זיך אויף מיר. באין־ברירה, וועל איך איבערעדן מיט דיין טאַטן.

— אוי, ניין. דאָס טויג נישט. טו עס נישט.

— פּאַרוואָס, האָסט מורא? שרעק דיך נישט זייגוועלע. איך וועל וויסן ווי צו רעדן.

ער האָט זיך פּאַרקוקט אַראָפּ־וועג. אין עפּעס זיך דערמאָנט און אין פּאַרגעסנקייט, איבערגעגאַנגען אויף אַן אַנדערן ענין:

— מען שמועסט דאָך אין גאַס, גייסט אַרום מיט חיים־אַלטערן... ס'איז וואָר?

— אַ נייע באָבע־מעשה... ווער האָט דאָס, אויסגעטראַכט? ביי אונדז אין גאַס, איז ווי אין אַ דאָרף. גיסט אַ ניס, ווערט אַ ווינט... רעדסט מיט אַ מענטש אַ וואָרט, דערטראָגט עס זיך גלייך אין אַלעמענס מיילער: „זי גייט מיט אים...״

— איך האָב באַלד נישט געגלייבט — געהאַלטן עס פּאַר אַ פּלאָטקע, אַ רכילות. ער איז דאָך אַן אַנדערער פון דיר, עלטער, און האָט אַן אַנדער מיידל.

— אָ, זעסטו שוין. ביסט אַ קלוג ייִנגל, האָסט פּאַרשטאַנד, פּאַר־שטייסט אַ זאַך און דערפּאַר האָב איך דיך ליב. און דו זייגוועלע מאַך נישט שווער. דו האָסט מיך ליב, איך וויים. און ביידע צוזאַמען וועלן מיר געפינען אַן אויסוועג און זיין שוין צוזאַמען.

ער האָט געשוויגן. די אויגנדעקלעך האַלב אַראָפּגעלאָזט, האָבן שיער נישט אַרויסגעלאָזט טרערן. באַקומען ראָזע פלעקן אויף די שפּיץ באַקן: אַוודאי האָט ער זי ליב, זייער ליב. נישט געקענט זי פּאַרגעסן. אָבער פּאַרוואָס האָט זי אַזוי געטאָן, אַלץ צעשטערט? און איצט איז ער אינגאַנצן צעמישט: ס'איז שוין פּאַרפּעדעמט מיט יענעם שידוך. און ווער־ווייסט, ווער־ווייסט...

— האָסט אַליין אַלץ קאַליע געמאַכט — האָט ער גערופן פונסניי מיט ביטערניש. געוואָלט זאָגן בייזע שאַרפע ווערטער אויף איר. זי האָט אים פּאַרהאַלטן, איבערגעריסן.

— וואַרט צו זייגוועלע. זעסט, רעדסט ווי אַ קינד. איך האָב דיר שוין געגעבן צו דערקלערן וואָס ס'איז געווען די סיבה. היינט איז אַנדערש. מיר זענען שוין דערוואַקסענער. מיר פּאַרשטייען דאָס לעבן בעסער און וועלן מער נישט קאַליע מאַכן. די זאַך וועלן מיר פּאַריכטן.

איך וועל דיר העלפן. און כ׳וועל דיך ליב האָבן מיט מיין גאַנץ לעבן. וואָס זאָגסטו?

— כ׳ווייס נישט וואָס צו זאָגן. כ׳ווייס נישט צי דער טאַטע וועט באַשטיין. ער וויל דעם שידוך. ער האָט שוין ווי צוגעזאָגט...

— דער טאַטע האָט דאָך נישט חתונה מיט איר, נאַר דו. וואָס האָט ער זיך אַזוי איינצורייסן פאַר איר? און דו זיינוועלע זאָג אַליין, איז נישט מלכה אַקייגן מיר אַ פּראָסטע מויד. בין איך נישט שענער און באַטעמטער פון איר. פאַרוואָס זאָלסטו נישט וועלן מודה זיין. נאַ, גיב אַ קוק אויף מיר!

און ריוול האָט זיך אַ צעפּאָכע געטאָן מיט איר קערפּערלעכער יונג־מוידישער שיינקייט. זיך אויפגעפּוכט ווי אַ פּאַווע ווען זי וויל זיך ווייזן אין איר שיינעם געפעדער. אויפגעגאַנגען פאַר אים אַ נייע אַ קוועלנדיקע, אַ באַצויבערנדיקע.

זיינוול איז געבליבן שטיין אַפּהענטיק, פאַרגאַפט. די ברעמען צו־זאַמענגעצויגן אין פאַרבליפטע בערגלעך, מלא־ווונדער. געזאָגט מיט אַ פאַרשטילט קול, מיט אַ מודה זיין:

— ביסט טאַקע אַ שיינע, כ׳זאָג אַליין. ביסט אַ טעמדיקע, אַ ראָס־קאָשנע — ער האָט מיט די הענט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי זי אַרומ־צונעמען. אין אויגנבליק זיך באַדאַכט. אָפּגעהאַלטן.

ער איז געווען אין אומזיכערקייט, אין געפּייניקטן ספק. אומבאַ־האָלפן ביז טרערן. מורא געהאַט צוריק צו באַגייען. מורא געהאַט פאַר דער שווערער לאַסט וואָס אים דערוואַרט. אויך נישט געוואָלט זי פאַרטרייבן, זי פאַרלירן.

זי האָט דאָס געמערקט. געזוכט אָפּבלאָזן פון אים דעם צווייפל, די וואַקלעניש. אַרומנעמענדיק אים מיט אירע אָרעמס, האָט זי געפּרוווט אַריינאָטעמען אין זיין זעל „אָטוכע”, מוט, זיכערקייט:

— איך זע דיין צווייפלען, דאָס דערשראָקענע אין דיר און ס׳קאָסט מיך געזונט. זיינוועלע שטאַרק דיך. וועסט זען, ס׳וועט אַלץ אַדורכגיין גוט און בשלום. שטעלסט דיר פאָר ערגער, ווי עס איז. מיט מוטיקייט קאָן מען אַלץ אַדורכברעכן. און וועסט זען וואָס פאַר אַ טייער מיידל

איך וועל פאַר דיר זיין. מיט וואָס פאַראַ גוטס איך וועל דיך, שפּעטער נאָך דער חתונה באַשענקן. בעסער נאָך ווי דו האָסט דיר געקענט פאַר־שטעלן. אַלץ וועל איך דיר פון זיך אַוועקגעבן — אַלץ! נאָר האַלט דיך שטאַרק. פאַרשלעפּ די זאַך. גיי נישט אויף קיין „זעעכץ". דורך דער צייט וועלן מיר זיך אָפּטערס זען, טרעפן, באַראַטן, ביז מיר וועלן עס צוברענגען צו אַ ברעג. איינאָרדענען אַזוי, אַז ס'זאָל זיין גוט פאַר דיר, פאַר מיר, פאַר ביידן. זאָגסט מיר צו?

— כ'ווייס נישט צי איך וועל קאָנען...

— אַז דו וועסט וועלן וועסטו קענען. זאָג — יאָ.

— אפשר, מ'וועט זען...

— ס'איז נישט קיין זעען. זאָג שוין: יאָ! — און ריוול איז צו אים צוגעשטאַנען ווי אַ באַצווינגערין. מיט כוח פון אים אַרויסצופּרעסן דעם צוזאָג.

— יאָ. — האָט ער ענדלעך קוים אַרויסגעשטאַמלט.

זי האָט אימפּעטיק פאַרקלאַמערט אירע ביידע הענט אַרום זיין האַלדז. אים צוגעצויגן צו זיך. אָפּגעדריקט אַ הייסן קוש אויף זיינע ליפּן — איבערלאָזנדיק דאָרט אַ פייערל זיך צום צעברענען:

— איצט גיי אַהיים צוריק צו דיין אַרבעט. אין אָוונט וועל איך דאָ זיין. זאָלסט אַרויסקומען.

זי האָט אים צערטלעך אָפּגעשטופּט פון זיך אויף צוריק און אַליין איז זי פאַרשוווּנדן.

## קאַפּיטל פינף
## זייבוול

זיינוועלן איז אויסגעקומען איבערצולעבן נייע טעג, אָבער אויך שווערע. ער האָט אָנגעהויבן צוריק באַגעגענען זיך מיט ריוולען. אַריין מיט איר אין גרויסער פריינטשאַפט, און שטאַרקער ליבעניש. אין אָוונט ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט ער אַריינגעאיילט אין שטוב. זיך אַרומגעוואַשן, אָפּגעגעסן, אָנגעטאָן זיך די גוטע קליידער און אַרויס אויפן וועג. ריוול האָט שוין אויף אים געוואַרט, אויף זייער אָפּגעשטימט

אָרט. זי דערזען — אַריינגעפאַלן אין אירע אָרעמס. דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט מיטן היימישן טראַקט, וועלכער איז געלעגן אַ רואיקער, אַ שטילער, זיך געטובלט אין ריחות פון גרינס און פרוכט, געקומען פון די אַרומיקע פעלדער, סעדער. ריוול צונעמענדיק אים מיט פרייד, האָט געשפּאַנט מיט אים האַנט־ביי־האַנט אַרויף־וועג אין געהילטער איינזיקייט, אין ליבשאַפט.

אין זייער אינטימען שפּאַציר, האָבן זיי ווי געוויינטלעך אָנגעבונדן דאָס גערייד וועגן די נייע צייט זייערע, וואָס זיי דערוואַרט, פּלענער וועלכע דאַרפן זיך אין עתיד פאַרווירקלעכן. זי האָט נישט פאַרגעסן צו דערציילן, וואָס זי האָט שוין אַלץ אַדורכגעטראַכט, אַדורכגעפּלאַנירט, און זי האָפט ס'וועט גיין אויפן גלייכן וועג. זיינוול האָט שווייגנדיק זיך צוגעהערט. ער איז ביי דעם אַלעם, ביי זיין גאַנצער צוריק אויפגעוועקט־קייט צו איר, נישט געווען גאַנץ מיט זיך. ס'האָט אים גענאַגט אַ ביטער נאָגעניש, זאָרגעניש: ער גייט אויף אַ גליטשיקן וועג ווו ער קען ברעכן לענד־און־רוקן, האָבן בושות. געוווסט ער ברענגט אויף זיך אַ צרה. אָבער אויך — ער קאָן נישט ביישטיין דעם נסיון. נישט אַנדערש מאַכן. ער מוז אויספאָלגן, מיט איר מיטגיין.

צומאָל נאָר אין שטאַרקער איבערלעבונג, אומבאַהאָלפענער מינוט, אין דערמאָנונג וואָס אים דערוואַרט, האָט אין דעם ייִנגל געמאַכט צוריק אויפוועקן פּראָטעסט, טענה, בונט קעגן איר; אויסצושרייען אויף איר: דו ביסט שולדיק. האָסט אומגעוואָרפן מיט דיינע אייגענע הענט. אַלץ צעשטערט. איצט ביסטו געקומען, ווען ס'איז שוין באַלד נאָך אַלעם. און איך האָב נישט קיין רו, לייד דערפון.

ריוול האָט בעת אַזאַ מאָמענט, ווי מיט אַ באַזונדערן חוש דער־שפּירט, זיין אומרואיק געמיט. דערהערט זיין אינערלעכן צאַפּל. דאָס איינגעשפּאַרטע שווייגן זיינס. ס'אָפּגעקערטע פּנים, האָט איר אויסגע־זאָגט, מער ווי רייד, אַז אין דעם בחורל רודערט זיך, בונטעוועט זיך. ר'איז אויפגעבראַכט. זי האָט געזוכט אים באַרואיקן. איינעמען. גענומען צו הילף איר סוגעסטיווער קראַפט, באַאיינפלוסנדיקע ווערטער, וואָס האָבן איר געדאַרפט אַרויסהעלפן, אים מאַכן שטאַרקן, אָנהאַלטן.

— הער זיינוועלע, איך פיל ווי דו ליידסט, וואָס דו גייסט אַדורך — האָט זי אָנגעהויבן מיט איינעמענדיקער שטים — אָבער ס'וועט פאַר־גיין, זיך איינשטילן, איינרואיקן. זאָרג נישט. איך טראַכט דערוועגן אַ סך, און כ'גלייב, ס'וועט נישט זיין שווער. דער עיקר, דו זאָלסט זיך האַלטן פעסט, זיין באַשלאָסן. וואָס זאָגסטו?

ער האָט דאַרויף דערוויילן גאָרנישט געזאָגט. געשוויגן. דערנאָך ביי איר ווייטערדיקן צושטיין צו אים, מיט צער און דערווידערונג אויסגערופן:

— ווען דו וואָלסט נישט געווען דעמאָלט אַוועקגעגאַנגען, וואָלט געווען אַלץ אַנדערש, גוט. איצט האָב איך אויף מיר אַ שווער פעקל, אַ הויקער... ס'פייניקט מיך.

— ס'וועט ווידער זיין גוט. ס'וועט זיך אַלץ פאַרלייכטערן. האָב נישט קיין מורא. און וועגן י ע נ ע ם, טראַכט נישט מער. דערמאָן נישט.

— ס'דערמאָנט זיך מיר אַליין. די היים... איך האָב נישט קיין רו.

— אויף דעם ביסטו דאָך אַ מאַנסביל, זאָלסט קאָנען קעמפן. איך בין מער מקריב פון דיר. איך טו עס פאַר אונדזער ליבע.

און כדי צו ווייזן די „ליבע", האָט זי זיך צעעפנט. אַרויסגערופן די פרוי אין זיך, באַשאָטן אים מיט הייסע קושן, מיט הייסע ליידנשאַפטן. געוועקט אין אים די יונגע בחורשאַפט, די יונגע לוסט. אַריינגעהויכט אין אים זיכערקייט, מוט, באַדעקנדיק אים מיט אירע זיכערע נקבהשע פליגל, אונטער וועלכע ער האָט דערפילט וואַרעמקייט, געטוליעטס, זיס', און דערביי אומעכטיקס.

— נו, וואָס זאָגסטו, איך קען ליב האָבן? ריוול קאָן ליב האָבן, יאָ?

צעטומלט און איבערגענומען פון די הייסע גלעטעניש, צערטלעניש אירע, איז זיינוול געווען שוין איינגאַנצן אונטער איר השפעה, אונטער איר כישוף. ער האָט געהערט איר הייס רופן, איר וואָרקען, איר פאָדערן פון אים.

— נו, זאָג. הויך זאָג: וועסט ליב האָבן ריוולען, יאָ?

— יאָ. — האָט ער איר נאָכגעזאָגט ווי אין היפּנאָז.

— און וועסט שוין זיין אויך שטאַרק, זיך נישט לאָזן איבער־רעדן? זאָג!

— יאָ. איך וועל זיין שטאַרק. זיך נישט לאָזן איבערעדן — האָט ער איר נאָכגעזאָגט ווי אַ קינד זאָגט נאָך דער מאַמען.

— זאָגסט עס מיטן גאַנצן האַרצן?

— מיטן גאַנצן האַרצן.

— נו, גיב אַהער דאָס פיסקל!

זי האָט אויסגעשפּיצט אירע ליפּן, שמאָל, שפּיציק, ווי אַ פויגלשער שנאָבל, צוגעלייגט צו זיינע. געבליבן אַ מינוט צוגעקלעפּט. אָנגעטרונקן אים מיט איר מיידלשן וויין.

— אוי! — האָט ער אָפּגעזיפצט ווען זי האָט אים אָפּגעלאָזט, סיי פון שוואַכקייט, סיי פון בגלופיגדיקס.

— ס'איז גוט מיט מיר, יאָ? — האָט זי אַ סמאַטשקע געטאָן מיטן צינגל.

— יאָ.

— קום.

גייענדיק אַ רגע אין שווייגן, האָט זי פּלוצעם אויסגערופן און מיט טריאומף.

— איך האָב געוווסט, דו וועסט צו מיר צוריקקומען, געוווסט. און איצט זעסטו שוין ווער ריוול איז. און וועסט מיר שוין אַלץ גלייבן. גלייבן אין מיינע רייד, אין מיין ליבע צו דיר!

יאָ, ער האָט איר געגלייבט. געפילט עס אויף דער וואָר, אויף דער אייגענער הויט. זיך צו איר צוגעטוליעט, גענענטערט. געהערט אירע שטילע סוגעסטיווע ווערטער, וואָס האָבן פאַרגעזאָגט, אויסגע־מאָלט די הערלעכע צוקונפט, דאָס גוטע לעבן וואָס דערוואַרט זיי ביידן נאָך דער חתונה. אים איינגעוויגט. ער האָט געפילט ריוולס הייסע אָרומנעמונגען, אירע צערטלען, אין וועלכע זי האָט אַריינגעלייגט איר גאַנצער מיידלשער קראַפט, ליידנשאַפט, טעמפּעראַמענט; איר אינער־לעכן פאַרלאַנג אים צו געווינען, באַהערשן, און אויף אייביק...

זיינוול איז נאָך אַזאַ אָוונט אַהיימגעגאַנגען פול מיט בענקשאַפט. אָנגעטרונקן ווי מיט אַ שטאַרקן געטראַנק. זיך אַזש געוויגט אין גאַנג און דאָך. —

יאָ, דאָך קאָן מען נישט זאָגן ער איז געווען גליקלעך, פעסט און זיכער ביי זיך, ווי ער האָט ריוולען צוגעזאָגט. ניין, אַ שרעק איז געלעגן אונטער דעם יינגלס האַרץ פאַר דעם אומבאַוווּסטן, פאַר דעם געהיימען וואָס ליגט אָנגעברייט מיט שטרויכלונג פאַר זיינע פיס... ער איז מיטן גאַנג פון די טעג אַריינגעפאַלן אין שטאַרקער בלאָנדזשעניש, אין פאַר־ווירונג. געוואָרן געהאַמעוועט אין זיין טעגלעכן סדר, אין זיין נאָרמאַלער טואונג. ביינאַכט אויפן געלעגער איז ער געשלאָפן אומרואיק, געשטערט פון טומלענדיקע חלומות, צערייצטע בילדער און צומאָרגנס ביי דער אַרבעט אַרומגעגאַנגען מבולבל, געפייניקט פון זיין אומקלאָר געוואָרן לעבן: וואָס וועט זיין? וועט ער זיך קאָנען אָפּווערן? וועט ער קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן די עלטערן, מאַכן אַן איבערקערעניש? אין שטוב רעדט מען כסדר וועגן שידוך מיט מלכהן. מען רעדט פאַרעקשנט. מען שמועסט אויס ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צום אויסשטייער, חתונה־קליידער, וווינונג — און ער איז אַזוי ווייט געוואָרן דערפון. זיין האַרץ — צוגעבונדן צו ריוולען. שוין דאָס בילד אַליין וואָס ער זעט צומאָל פאַר די אויגן: די שאַרפשטייניקע שטוב מיט די לאַנגע גאַרדינען פאַר די פענצטער, פון וועלכע ס׳ווייעט אַרויס נגידישקייט; זייער אָנזען אין גאַס, די געבילדעטע טעכטער — ווי קאָן מען עס פאַרגלייכן צו מענדל באַומס פראָסטע, שטרענגע הויז: ס׳איז דאָך ווי אַ פּאַלאַץ קייגן אַ דאָרפסכאַטע. און ריוול אַליין? קאָן זיך מיט איר דען פאַרמעסטן מלכה, זיך שטעלן מיט איר אין איין ריי? און כאָטש יענע איז אויך טאַקע אַ ווויל געזונט מיידל, אַ לייטישע, אַן אַרבעטזאַמע — אָבער ס׳איז נישט דאָס וואָס ריוול. ניין, ער וויל ריוולען.

יאָ, ער וויל ריוולען. אָבער ווי אַזוי וועט ער קענען אַדורכברעכן די מויער?

די דערוויילעקע איינגעשטילקייט וואָס איז אַריינגעטרעטן צוליב מענדלס ברוגזן זיך אויפן טאַטן, פאַר זיין צושטיין צום סינדיקאָט. האָט זיינוולען אַביסל פאַרלייכטערט, געלינדערט: קודם־כל, קאָן ער רואיק אָפּעטעמען, באַטראַכטן, זוכן עצות. אין שטוב האָט מען אויך איצט אַ ביסל ווייניקער דערוועגן גערעדט. דער פאָטער האָט וועגן־

נישט־וועז, נאָר געלאָזט פאַלן אַ וואָרט: „גיי האָב צו טאָן מיט די באָומישע חברה, אַז דו ווילסט נישט גיין צוזאַמען מיט זיי אין שפּאַן, ווערט מען ברוגז...” אין פּאָטערס ווערטער האָט זיך געהערט טענה, פאַראיבל אויף די דאָזיקע מענטשן. זיינוול האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען. אדרבה, געפילט דערפון אַ פאַרגרינגערונג. געוועזן צו־פרידן; זאָלן די טעג גיין. מ׳וועט זען צוואָס עס וועט דערפירן. קאָן זיין ס׳וועט ברענגען דערצו, מ׳זאָל איבעררייסן אינגאַנצן מיט מענדלס הויז — אָפּגעפּאַרטיקט אַן עסק און שוין!

און אָט צו זיין ביטער מזל זיינוולס, האָט די זאַך פּלוצעם זיך צוריק אויפגעפרישט און מיט נייער קראַפט.

אין אַ נאָכמיטאָג, און אומגעריכט, איז דערשינען דוד ראָזנקראַנץ ביי זיי אין הויף. אַוועקגערופן דעם פּאָטער אין אַ זייט, און לאַנג מיט אים גערעדט אין דער שטיל. געמאַכט פריילעכע באַוועגונגען, דערציילט מיט התמדה, אויף וואָס דער טאַטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, צוגעשמייכלט. אַרויסגעוויזן צופרידנקייט.

ווען דוד איז אַוועקגעגאַנגען, האָט יאַנקל צווויסן געטאָן פאַר דער שטוב, דאָס נייעס פון זיין דודס זיך באַווייזן: בכן, ער איז געקומען אָנזאָגן, אַז מענדל איז מרוצה צוריק אָנהייבן מכוחן שידוך און דאָסמאָל שוין ענטגילטיק אָפּשליסן. ער וויל מ׳זאָל אַהינקומען צו אים אין שטוב אויף אַ באַזוך.

זיינוול איז ביים דערהערן דאָס נייעס, בלאַס געוואָרן. די וויעס האָבן גענומען פינטלען איבער די אַפּלען, ציטערן. זיך אָפּגעדעקט, צו־ריק פאַרמאַכט. געבליבן זיצן ווי אַ בלינדער. דער פּאָטער האָט עס באַמערקט. געפרעגט מיט פאַרווינדערונג:

— וואָס איז זיינוועלע, וואָס ביסטו דערשראָקן געוואָרן. ביסט נישט צופרידן?

— כ׳וויס אַליין נישט... אַלעמאָל דרייט מען אַנדערש... יעצט אַזוי, שפּעטער אַזוי. דערנאָך וועט מען זאָגן נאָך אַנדערש. כ׳מיין, מ׳קען אָפּוואָרטן...

דעם פֿאָטער האָט עס זייער געחידושט. געקוקט אויפֿן ייִנגל מיט שטוינונג. נישט פֿאַרשטאַנען די סיבה פֿון דער געענדערטער מיינונג, וואָס איז אַריינגעטראָטן ביים זון. געוווּסט, די גאַנצע צייט איז ער געווען מיט באַוויליקטקייט, מיט רצון צום שידוך. וואָס איז דאָ פּלוצעם געשען?

— פֿאַרוואָס עפּעס אָפּוואַרטן זייַנוועלע? אַזויפֿיל זיך שוין אָנגעקלאָפּאָטשעט, אָנגערעדט און איצט גיין צוריק דרייען דאָס רעדל? אַזוי מיינסטו דאַרף מען טאָן?

זיינוול האָט נישט אָפּגעענטפֿערט. נישט געוווּסט צו געבן קיין קלאָרע תשובה. דערציילן די מעשה מיט ריוולען, האָט אים אויסגעזען מאָדנע און ווילד. מ׳וועט זיכער פֿון אים לאַכן: וואָס אים פֿאַלט איין פֿאַראַ נאַרישקייטן... גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג, אויסזוכן אַלע מינערליי תירוצים, וואָס האָבן זיך גאָרנישט געקלעפּט. דער פֿאָטער האָט אויף דעם אַלעם אָפּגעפּרעגט מיט שכל, מיט טאַטעשן פֿאַרשטאַנד, און זיינוול איז געבליבן מיט אַ פֿאַרמאַכט מויל. פֿון עגמת־נפֿש און ערגערניש, האָט ער זיך שיער צעוויינט. אַלץ איבערגעלאָזט. אַרויסגעלאָפֿן אין הויף צו דער אַרבעט.

דער פֿאָטער האָט עס סוף־כּל־סוף אָנגענומען פֿאַר אַ ייִנגלשער שוואַכקייט. אַ יונג בחורל, קאָן זיך נישט די דעה געבן טאָן. האָט אַ ביסל שרעק. איז צעטומלט ביי אַזאַ געשעניש. מילא, ער וועט זיך צוגעוויינען. נאָר געדולד.

אין זעלבן אָוונט ווען זיינוול האָט זיך באַגעגנט מיט ריוולען, האָט ער איר וועגן דעם אַלעם אָפּדערציילט. ריוול האָט נאָכן אויסהערן די געשיכטע, זיך געצונדן, געוואָרפֿן זיך פֿון כּעס, געזאָטן. געזידלט דוד ראָזנקראַנצן, וואָס ער מישט זיך אין פֿרעמדע געשעפֿטן. גערופֿן אים: „פֿאַרדאָסטער חסיד״, אומעטום מישט ער זיך. געדראָט, זי וועט אַהינגיין צו אים אין שטוב און אים דערציילן אַ מעשה, וועט ער האָבן צו געדענקן... אויסגערעדט פֿונדאָסניי אויף מלכהן, אויף אירע ברידער, אויפֿן פֿאָטער; אויף זייער גאַנץ געזינדל. דאַקעגן אַוועקגעשטעלט איר היים, איר טאַטע און מאַמע, זיך אַליין, אין די שענסטע פֿאַרבן, אין

שענסטן ליכט. אויפגעוויזן, אַז ער זיינוול גופא, וועט מיטן אַריינקומען אין זייער שטוב, באַקומען כבוד, אָנזען. צום סוף איז אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען, געקלאַמערט, געטרייסלט:

— איך וועל דיך נישט אַרויסלאָזן פון מיינע הענט מער, הערסט זיינוועלע. כ׳זאָל אַפילו וויסן צו שטאַרבן!

זיינוול האָט געציטערט ווי אַ בלאַט אין האַרבסטיקן ווינט. געפּלאָ־טערט, געווען דערשראָקן.

— וואָס זאָל איך טאָן. כ׳ווייס נישט. זאָג מיר.

— איך וויל וויסן צי דו האָסט מיך ליב. דאָס וויל איך הערן!

— יאָ, איך האָב דיך ליב.

— אַז מען האָט ליב דאַרף מען זיין שטאַרק. פאַר גאָרנישט קיין מורא האָבן. זיין אַ מאַנסביל, ווי איך האָב דיר דאָס שוין אַמאָל געזאָגט. וועסט נישט מורא האָבן?

ער האָט נישט באַלד געענטפערט. געווען פאַרקלערט, אין פאַר־לעגנהייט. אַ ביסל צעטומלט.

— ענטפער מיר. זאָג מיר צו — איז זי צוגעשטאַנען.

— כ׳וועל נישט מורא האָבן — האָט ער בעל־כורחו צוגעזאָגט.

— נאָר געדענק!

זי האָט אים אַ שלעפּ געטאָן פון אָרט. געלאָזט זיך מיט אים אין ברייטערן שפּאַן, גענומען אויפּפרישן נייע הבטחות, נייע צוזאָגענישן: די אַלע גוטסקייטן וואָס זי וועט אים שענקן נאָך דער חתונה; ער וועט אויסגיין פון מתיקות; זי קען עס באַווייזן, ווען זי וויל אַוועקגעבן דאָס האַרץ אירס, דעם וועלכן זי האָט ריכטיק ליב. און אים האָט זי איצט ריכטיק ליב, מיטן גאַנצן לעבן. זי וועט אים אין די שפּעטערע טעג, אין זייער צוזאַמענזיין באַשענקען מיט אַ סך תענוגו. ער וועט אויסגיין פון זיסקייט אין אירע אָרעמס... זי זאָגט אים צו.

זי איז פּלוצלינג שטיל געבליבן. אָפּגעשטעלט דעם טראָט. אַריינ־געקוקט מיט שאַרפן בליק אין זיינע אויגן. אַרויסגעקומען מיט אַ שפּאָגל נייעם פּלאַן, וואָס האָט געדאַרפט איבעראַשן, אַלץ פאַרענטפערן:

— איך האָב אַן עצה, אַ גוטן פּלאַן, הערסט זיינוועלע.

— וואָס ?

— מיר וועלן אַנטלויפן פונדאַנען. מיר וועלן אַוועק אויף אַ געוויסע צייט אין דער פרעמד, ביז די זאַך, וועט זיך איינרואיקן, איינשטילן.

— וווהין וועלן מיר פאָרן ?

— איך ווייס שוין. און נאָך די נאַכט. אין שפּעטער שעה.

— און ווו וועל איך דערווייל איבערנעכטיקן ?

— איך וועל דיך אויסבאַהאַלטן ביי אונדז אין דער שאַפע. דו וועסט דאָרט איבערשלאָפן די ערשטע פּאָר שעה און גאַנץ פאַרטאָגס וועלן מיר אַוועק צום באַן אַוועקפאָרן פון דאַנען. איך האָב געלט אויף די הוצאות. ביסט מסכים ?

— אָבער וווהין וועלן מיר פאָרן ?

— קיין וואַרשע. איך האָב דאָרט קרובים. זיי וועלן מיך נישט לאָזן פאַלן. זאָג מיר, צי דו באַשטייסט ?

ער האָט נישט געוווסט, צי ער זאָל זאָגן יאָ, אָדער ניין. ער האָט בכלל נישט געוווסט וואָס מיט אים טוט זיך. געווען דערשראָקן, אומ־באַהאָלפן. זי האָט אים אַ טרייסל געטאָן: זאָג!

— כ'וועל נאָך איבערקלערן.

— נישטאָ וואָס איבערצוקלערן. זאָג שוין: יאָ.

— נישט היינט. אפשר אַן אַנדערש מאָל וועלן מיר דאָס טאָן.

— נאָר היינט. ס'איז דער פאַסיקסטער מאָמענט. גיב מיר נאָך זיינוועלע, איך בעט דיך.

ער האָט נאָך אַ רגע באַטראַכטן, באונס מסכים געווען:

— זאָל זיין...

ווען די שעה האָט זיך גענומען שפּעטיקן, געגרייכט די צייט פון אַהיימגיין, איז זיינוול אַריין אין געוואַלדיקן אומרו. גענומען פשוט ציטערן אויפן לייב. געווען אומגליקלעך: וואָס גייט ער טאָן, אַנטלויפן פון פון דער היים? וועט ער דאָס קאָנען איבערטראָגן? דער טאַטע וועט אים זוכן, די מאַמע וועט וויינען. די גאַנצע משפּחה וועט זיין אויפגע־רודערט — און אַלץ איבער אים.

— ניין, כ'וועל עס נישט קאָנען טאָן — האָט ער גע'חרטה'ט,

זיך ביי איר אָפּגעבעטן — כ׳קען נישט אַוועקגיין פון דער היים. כ׳וועל נישט האָבן קיין רו, ניין.

זי האָט אין זיינע ציטערדיקע ווערטער געהערט, ער וועט עס נישט בכוח זיין אויסצופירן. און זי טאָר דאָס פון אים אפשר אויך נישט פאַרלאַנגען, נישט נעמען אויף זיך אַזאַ אחריות. זי איז איבער־געגאַנגען אויף אַן אַנדערן אַרט:

— איז נישט אַוועקפאָרן פון דער היים. אָבער דו זאָגסט מיר צו, וועסט זיין שטאַרק, זיך פעסט האַלטן, זיך נישט לאָזן איבערעדן?

— יאָ, כ׳וועל מיך פעסט האַלטן, נישט לאָזן איבערעדן.

— נאָר זאָלסט געדענקען. טאָמער וועסטו מאַכן אַנדערש, וועל איך מיר נעמען ס׳לעבן...

איר קול איז געווען דראָענדיק, אָנגעזאַפּט מיט טרערן. ביי איר איז עס אין דער מינוט געווען, נישט קיין פּאָזע, נישט קיין שפּיל פון ווערטער. נישט אַן אַקט פון איר מיידלשן אַרטיזם — נאָר פון גאָרער אויפריכטיקייט: איינע פון די מינוטן ווען זי שטעלט אַוועק איר לעבן אויף דער וואָגשאָל: אַהין אָדער אַהער!... אַ הייסע נאַטור, האָט זי אַלץ גענומען הייס, אימפּולסיוו און במילא עקסטרעם. זי האָט איצט געגלייבט מיט טיפן גלויבן, אַז פון דעם צוזאַמענבונד מיט זייוולען, מיט איר אַריינגלידערן זיך אין זיין משפחה, איז אָפּהענגיק איר ווייטערדיקע עקסיסטענץ, איר קיום, אויפהאַלט, און זי מוז מיט אַלע כוחות קעמפן דאָס צו דערגרייכן. ס׳האָט איר אויך אויסגעוויזן, זי האָט נאָך קיינעם אַזוי ערלעך נישט ליב געהאַט און מיט אַזאַ געטרייע ליבשאַפט זיין צוגעבונדן, ווי היינט צו אים דעם בחורל. ער איז אַצינד אין אירע אויגן געווען איר אָנהאַלט אין לעבן, איר גליק. און זי מוז פאַר יעדן פּרייז אים באַקומען.

ריוול אין איר גרויסן באַגער און אין איר אייגענער שוואַכקייט און אָנמאַכט, האָט זיך פאַר אים איצט געוויזן קליין, אומבאַהאָלפן, נישט לויט איר מיידלשן פּרעסטיזש. זי האָט זיך פאַר אים מתוודה געווען, אין אירע גייסטיקע נויטן, אין איר קריזיס אין לעבן. צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיין אַקסל, האָט זי אַריינגעפליסטערט איר געבעט, איר פאַרהאַלטן

געווין: זיינוועלע, דאָס איז ביי מיר אַן אַנטשיידנדיקע מינוט. זאָלסט וויסן. ס׳איז אָפּהענגיק מיין געזונט דאַרין, מיין חיות. זאָלסט מיר דאָס נישט טאָן, מיך אַנטוישן, מיך פאַרלאָזן. פאַרזיכער מיר...

זיינוול צעטרייסלט, האָט זי צוגענומען, צוגעזאָגט. פאַרזיכערט: ער וועט אַלץ טאָן, ס׳זאָל זיין פאַר איר גוטן, פאַר זייערביידנס ווויל. זי זאָל זיין רואיק.

אַהיימגעקומען, זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער געפילט דער קאָפּ ברענט, ס׳וואַרפט אים אין היץ, אין פיבער. ער איז אינגאַנצן צעבראָכן, פאַרלוירן פון די כוחות: ניין, ער איז נישט אומשטאַנד צו פירן אַזאַ קאַמף, און אַוודאי נישט מיט דער היים, זיך איר אַנטקעגנשטעלן. ער ברעכט זיך שוין איין. געוווסט סע וועט צו גאָרנישט דערפירן, ר׳וועט נאָכגעבן די עלטערן, טאָן וואָס דער טאַטע וועט הייסן. וואָרעם ביי זיי אין דער משפחה, איז מען פאָלגעוודיק צו פאָטער־מוטער. מען שטעלט זיך נישט אַנטקעגן, און ער וועט נישט זיין קיין אויסנאַם. ריוול איז אים טאַקע אַ שאָד. אַ טייער מיידל. נאָר וואָס קאָן ער זיך העלפן, ר׳האָט נישט קיין עצה. און גלאַט, איז זי אַליין דאַרין אַ סך שולדיק. נישט באַדאַרפט מיט אים דעמאָלט אַזוי האַנדלען: אַנטלויפן.

אין די אַלע טעג האָט זיינוול זיך געראַנגלט. מאָגער געוואָרן. אַראָפּ פון פּנים. געקריגן אַ בלאַסן אויסזען — ביז איינמאָל אין אַ טאָג, איז אַלץ געוואָרן דעצידירט, קלאָר און באַשלאָסן.

אין דעם טאָג, סוף וואָך, האָט יאַנקל דער פאָטער צווויסן געטאָן דעם זון און דער ווייב, אַז אין דעם קומענדיקן שפּייסצונאַכטס נאָך הבדלה, גייט מען צו מענדלען אין שטוב אויף אַ וויזיט; אַלע דריי, ער דער טאַטע, די מאַמע און זיינוול. אַזוי האָט ער אָפּגעשמועסט מיט דוד ראָזנקראַנץ. דאָס איז געווען ווען זיי זענען אַריינגעקומען אָפּטרינקען דעם נאָכמיטאָג־טיי, ווו מען רוט אַ טראָפּן אָפּ.

זיינוול דערהערנדיק דאָס, האָט געקוקט אויפן פאָטער מיט אויפ־ געריסענע אויגן, און זיך אַזש אַ זאַהיקע געטאָן, ווי ער וואָלט זיך געקרעקט: וואָס הייסט? געוואָלט עפּעס זאָגן. ס׳איז נישט אַרויסגעקומען פון זיין קעל, גאָרנישט. ער האָט לאַנג זיך פאַרהיקעט און נישט געקענט

אַרויסברענגען דאָס וואָרט. געמיינט זיך אַנטקעגנצושטעלן. קיין פּיפּס איז נישט אַרויס פון זיין מויל. אַלץ אין אים האָט זיך פאַרקלאַפּט, פאַר־קלעמט. דער פאָטער האָט עס געזען, געפרעגט:

— וואָס איז געשען זיינוועלע? איך באַמערק דאָך ביי דיר אין לעצטנס עפּעס אַ גאַנצע ענדערונג. גייסט אַרום ווי נישט קיין היגער... וואָס איז די סיבה, קאָנסט מיר נישט זאָגן?

— כ׳האָב נישט וואָס צו זאָגן. אָבער פאַרוואָס איז דאָס געאייל?... האָט ער ענדלעך צעשטרייט אויסגערופן.

— וואָס הייסט, געאייל. מען רעדט דאָך שוין אַזוי לאַנג דערוועגן. געהאָט זיך איינגעשטילט צוליב דער צערודערונג פון דאָרטן. איצט איז מען צוריק גינסטיק געשטימט. איז וואָס דאָס אָפּשלעפּן. ווילסט נישט דעם שידוך?

— איך ווייס אַליין נישט...

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט. ווער דען ווייסט. ביסט דאָך דער חתן. און ביסט גערן איינגעגאַנגען אויפן שידוך. ס׳איז דיר געווען געפעלן די כלה. וואָס איז איצט דאָס דרייעניש אויף צוריק, פאַרדרייען יענעם אַ קאָפּ. ס׳איז שיין אַזוי מיינסטו? ניין, ס׳איז נישט שיין. מ׳טוט נישט אַזוינס.

זיינוול האָט אין דעם געהערט דעם פאָטערס זיך פעסט אַנטקעגנ־שטעלן, נישט אָפּצוטרעטן. נישט געקאָנט אָפּשפּאַרן זיינע גערעכטע רייד, און אויך נישט אויסזאָגן זיין סוד. געוווּסט ס׳וועט סייווי זיך נישט לאָזן אַנדערש מאַכן. דער פאָטער איז אַ גלייכער מענטש. ווייסט נישט פון קיין קרומקייטן, פון קיין דרייעניש. ער וועט נישט ברעכן זיין וואָרט. צוגעזאָגט — איז צוגעזאָגט. און אַפילו ער זאָל זיך יאָ מודה זיין אין דער מעשה מיט ריוולען, וועט עס אויך צו גאָרנישט ברענגען. דער טאַטע וועט נישט גלייבן. נאָך לאַכן דערפון. זאָגן: ריוול איז אַ שטיפערקע, געמיינט מיט דיר צו שפּאַסן (אין אָנהייב האָט ער אַליין אויך אַזוי געמיינט). און גלאַט, שעמט ער זיך אַרויס־צוברענגען די גאַנצע געשיכטע. האָט ער צוגעשוויגן. געפילט יעדער ווילן, יעדער באַשלוס אין אים רינט לחלוטין אָפּ.

אין פאַרצווייפלונג איז ער אַ שוויגנדיקער אויפגעשטאַנען. אַרויס

פון שטוב. אַריין אין רעק־קאַמער צו זיין טואונג. צוגעלאָזט זיך צו דער „שטויס מאַשין״, וואָס ברענגט אַרויס דעם גלאַנץ אויף די לעדערס. מיט פאַרדריקטער פויסט אַרומגענומען דאָס הענטל פון דער שטאַנג, און מיט ווילדן כוח גענומען — כאַטש ס׳איז שווער געווען פאַר איינעם אַליין — מיטן רעדל „שטויסן״, אַרויסברענגען דעם בלישטש אויף דער ליק. געטאָן עס מיט אומגעוויינלעכן אימפעט, מיט האַסט, מיט בריקע, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס פון זיך פאַרטרייבן, זיך פאַרטויבן. ס׳האָט געהייסן: אויפגעגעבן!

און אַזוי איז געבליבן: אין מוצאי־שבת, גייט מען אַהין צו מענדלען מיט אַן אָפיציעלן וויזיט, צו פירן די זאַך צו אַן ענטגילטיקן תכלית.

זיינוול האָט פאַר ריוולען זיך מער נישט געוויזן.

## קאַפּיטל זעקס

## דער וויזיט

אין אָפּגעשטימטן שבת־צונאַכטס, אין מיטן אב, נאָך שבת־נחמו, האָט יאַנקל ביקל גענומען ס׳ווייב מיטן זון, אויסגעפּוצטע אין די שבת דיקע בגדים, אויסגערוטע, מנוחהדיקע, און זיך אָפּערגעלאָזט צו מענדל באַאומען אויפן וויזיט. די גאַנצע סוף־וואָך האָט מען זיך דערצו געגרייט ווי צו אַ חשובע געשעעניש. דוד ראָזנקראַנץ האָט פון פריערױס אויס־געגלאַטיקט דעם וועג. געגעבן יאַנקלען צו פאַרשטיין, ווי ער זאָל זיך נוהג זיין, וואָס רעדן, וואָס פאַרשווייגן און וואָס אויפנעמען מיט שמייכל. וואָרעם מיט מענדלען האָט מען באַדאַרפט זיין אַביסל פאַר־זיכטיק, געהיטן מיטן וואָרט און מיט דער אויפפירונג — ווייל מענדל האָט נישט ליב געהאַט קיין איבערגעשפּיצטע רייד, נישט פאַרליטן קיין אויסגעקלוגלטע חכמות און אַוודאי נישט קיין חוצפּה. און יאַנקל מיט עטוואָס פאַרכט פאַר דעם ייד מיט דער שטרענגער באָרד, האָט זיך צו דודס רייד וווּיל צוגעהערט. אַריינגענומען זיינע ווערטער אין זינען.

פון דער אַנדערער זייט, האָט אָבער יאַנקל אויך געוווּסט, אַז

מענדל איז אַ מענטש אָן ערלעכער, טוט נישט קיינעם קיין עוולה, קומט נישט סתם עמעצן גראָב פאַר. און אַ טאַטע — אַ זעלטנהייט; מיט אַ הייס האַרץ. שטעלט זיך איין פאַר אַ קינד מיטן לעבן. און יעדעס צוקומענדיקע נפש אין זיין הויז — אַן אײדעם, אַ שנור — ווערט אייגנס ווי אייגן בלוט. און דאָס איז אַ זאַך פון נישט קליינעם ווערט; איינס פון די גרעסטע מעלות ביי אַ שידוך. די כלה אַליין איז אין יאַנקלס אויגן געווען אויך גאָר צום געפעלן: אַ מיידל אַ געזונטע, אויסגעקנאָטן פון קרעפטיקן באַומישן געביין מיט קרעפטיקייט אין די הענט, פאַרבן אין די באַקן — מענדלס ראַסע. זי וועט זיין אַ געזונט ווייב, אַ געזונטע מאַמע, אַ געטרייע צוהעלפעריִן דעם מאַן, אין שטוב, אין הויף, אין אַלעם. אין אַ גאַרבער־הויז איז דאָס געווען פון די גאָר וויכטיקע זאַכן. אַ גרויסע איינשאַצונג.

גייענדיק איבערן וועג, אַרויס פון זייער טראַקט, אַריין אין דער הויפּטגאַס, ווו ס׳איז אים אויסגעקומען אַדורכגיין כמעט דער גאַנצער לענג הייזער, האָט ער ווי אַ פאָטער געלערנט דעם זון ווי אַזוי זיך צו האַלטן. אָנגעוויזן דעם חתן־בחור, ער זאָל זיין רואיק, אָן מורא פאַר גאָרנישט זיך שרעקן. ער נעמט אים מיט, ווייל מענדל האָט אַזוי פאַר־לאַנגט, ווייל אים זען. און ער אַליין יאַנקל וויל אויך, דער חתן זאָל באַקענען די כלה נענטער, אַדורכוואַרפן מיט איר אַפּאָר ווערטער, זען וואָס אין דעם „טייג" שטעקט — זאָל עס נישט גיין אויף בלינד. קריינדלען דער ווייב, האָט ער אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך נישט איבערנעמען מיטן דאָרטיקן גערודער, נישט מיטן בעל־הבית׳ שטרענגע רייד, נישט מיטן ווייבערישן געטומל — ווייל ווי ער פאַרשטייט וועט דאָרט זיין ס׳גאַנצע געזינדל און ס׳וועט זיין היימלעך... און נאָך אַ זאַך: זי זאָל זיצן אין פרידלעכקייט, אין רו, בכבודיק אָן זשענירונג. זיי קומען חלילה גאָרנישט בעטן, אָדער פאַרלאַנגען, נאָר ווי גלייכע מחותנים.

צופרידן פון זיין באַלערנען דעם זון מיטן ווייב, איז יאַנקל צוגעקומען צו מענדלס הויז.

ביי מענדלען האָט מען אויף די מחותנים שוין געוואַרט. זייער אַריינקומען אויפגענומען מיט גוטן עמפּאַנג, מיט גאָרער פריינטלעכקייט.

ס׳האָט אמת, ווי יאַנקל האָט פּאָרויסגעזען, זיך דאָ געפונען כמעט ס׳גאַנצע באַומישע הויזגעזונד: זין, טעכטער, שנורס, אייניקלעך. די שטוב — מיט נאָך שבתדיקן אָנהויך, מיט ריח פון באַקאויוון, מיט זאַטער אויסגערוטקייט. זי האָט געהאַט אַצינד אין זיך אַ באַזונדערן שלווהדיקן אויסזען: דער טיש באַדעקט מיט ווייסן טישטוך, אויף די בעטן געשפּרייט די שבתדיקע געבלימלטע קאָלדרעס; פון פּולאָפּ האָט אַראָפּגעהאָנגען דער „בליצער״, געשפּרייט איבער דער וווינונג אַ ליכטיק הייטערן פלאַם. די מענטשן נייגעריקע אויסוואַרטנדיקע אויפן משפחה־דיקן נייעס, האָבן געהאַט פריילעכע געזיכטער. ס׳איז נישט געווען קיין צייכן פון דער אָנגעשטרענגטער וואַכעדיקער פאַרזאָרגטקייט, אומרו פון די לעצטע שווערע טעג. רו און פרידן האָט געהערשט אין יעדן ווינקל, אויף יעדער זאַך, אויף יעדן מענטש.

באַזונדערס האָט זיך דאָס געלאָזט דערקענען אויף מלכהן, די כלה. זי איז געזעסן אַן אויסגעפּוצטע, אָנגעטאָן אין אַ געשטרייפט קרעטאָנען קלייד, הויכע פּאַנטאָפל אויף די פיס, דיק־פאַרפלאָכטענע צעפּ אַדורכגענומען מיט רויטן באַנד, ליכטיקע פאַרב אויף די באַקן — האָט זי געשיינט מיט אַ באַזונדערן חן, געמאַכט זי אויסזען ווי אַ יונג דאָרפיש אויסגעסטרויעט שיקסל, ווען זי קומט אויפן „אַטפּוסק״ זיך אַ ביסל פאַרוויילן. זי איז אויך אַזוי געזעסן שטיל, אָבער קאָנצענטרירט, מיט פאַרבאָרגענעם נייגער אין די אויגן, מיט אָנגערעגטער אויסוואַרטונג.

מענדל ווי אַ בעל־הבית, אויבנאָן טיש, איז אויך געווען איצט אַן אַנדערער. געווען געהילט אין שבתדיקן קאַפּטן. די באָרד אויסגעגלייכט. דער ברייטער קאַשקעט פאַרזעצט פעסט אויפן קאָפּ. די געדיכטע ברעמען אויסגעבאַרשט. ער האָט געהאַט אַ הרחבהדיקן טאַטעשן אויסזען. די אַריינגעקומענע געסט, האָט ער אויפגענומען מיט אַ הויכן „גוט־וואָך״. אָנגעוויזן אויף בענקלעך. געהייסן זיך צוזעצן.

— זעצט ענק. מאַכט ענק נישט פאַר קיין געסט. ס׳איז אַלץ היימיש.

אַ וואָרף געטאָן אַ לענגערן בליק אויפן בחורל, געזען דאָס באַחנטע יינגלרישע געזיכט, אָנגעהויכט מיט ביקלשער קרעפּטיקער קאָליר, שיינעם געזונטן אויסזען — און אַ באַהאַלטענער שמייכל איז איבערגעלאָפן

איבער מענדלס פנים. ער האָט אים מכבד געווען מיט אַן עקסטערן ווילקאָם:

— זיינוועלע, זעץ דיך צו. זאָלסט זיך נישט שעמען, הערסט. ביסט נישט ביי קיין פרעמדע. אַזוי ווי ביי אייגענע, ביי משפחה.

יאַנקל מיטן בני־בית האָבן זיך אויסגעזעצט ביים טיש, האָנט־ביי־האַנט, אין איין ריי, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך אָנהאַלטן איינס אין ס'אַנדערע, זיין זיכערער. קריינדל יאַנקלס ווייב, אַ שיין געוויקסיקע, אין דער נאַטור אַ פרידלעכע, אַ שווייגנדיקע, האָט זיך געהאַלטן שטיל בכבודיק, ווי דער מאַן האָט איר אָנגעזאָגט. מעגלעך אַ טראָפּעלע צו „בכבודיק". וואָרעם אין איר אויסזען, האָט זיך געצייכנט עפּעס שטייפּ־לעכס, אָנגעשטרענגטס, נישט אין געמיט פון אַ גאַסט אויף באַזוך, וואָס דאַרף זיך פאַרבינדן אין נאָענטער משפחהדיקייט. און דאָס, נישט מחמת פון גרויסהאַלטערישן מאַניר, ווייזן זיך אויסגעטיילט, נאָר פון פרעמדן געפיל און אויך פון אַ דינער שרעק וואָס האָט אין איר געווירקט, אַליין נישט וויסנדיק די סיבה. אפשר ווייל זי איז נאָך קיינמאָל דאָ נישט געווען (נישט געווען קיין הי־געבוירענע) און די מענטשן פון דער נאָענט נישט געקענט. הערנדיק אָפּטערס אין דער ביקלשער נעסט דאָס באַזונ־דערע באַטאָנען זייער נאָמען: די באָומס, וואָס מ'האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַ ספּעציעלן אַקצענט, האָט זי געמיינט, גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, וואָס פאַראַ סאָרט מענטשן דאָס זענען — עלעהיי באַוואָפנט מיט שפּיזן... איצט זעט זי אַ יידישע שטוב, אַ היימיש, גוט איינגעשטעלטע, מיט היימישער באַלעבאַטישקייט, ריין און ציכטיק אָפּגעהיטן; די מענטשן מיט שמייכלענדיקע לאַכעדיקע פּנימער, צופרידן פון גאָטס וועלט. איז וואָס דאָס אויסזעצן אויף זיי? זי האָט זיך צוביסלעך באַרואיקט.

נייגעריק ווי געווינטלעך אין דער ווייבערישער נאַטור, האָט קריינדל מיט זייטיק דיסקרעטישן בליק, געכאַפּט אַ קוק אויפן אַרומיק ווייבערישן קרענצל: מוטער, טעכטער, די כלה. און ווי יעדע מאַמע פון חתנס צד, האָט זי אין איר מוטער־אינסטינקט געזוכט אַוועלכע חסרונות אין דעם פרעמדן מיידל וואָס דאַרף ווערן איר שנור. נישט קיין סך, כאָטש איין חסרון (מעג זיין אויך צוויי...). און דאָס אויך נישט מחמת שלעכטיקייט,

נאָר גלאַט, מ׳זאָל האָבן אין וואָס זיך אָנצוהענגען, אָנצוטשעפּען. זיך קאָנען פעסטער האַלטן...

דערווייל האָט זי נישט געפונען. מלכה האָט געשפּראָצט מיט איר יונגער שיינער מוידישקייט, מיט פרישן בלוט אין פּנים, פּרויאיש גע־רייפטע רונדעקייטן, גרייט צום שפּרונג, ווי אַ יונגע קרעפטיקע זשרע־באַניצע ווען זי דערפילט שוין אין זיך די געררייפטע ז׳. ס׳האָט געאָ־טעמט פון איר אויסמוסקולירטן גוף, הענט, אַקסלען, ביוסט — מיט גאָרער געזונטקייט, פולבלוטיקייט, אַז ס׳האָט אַלע חשדים, קלערענישן פאַרטריבן. זי איז געזעסן אמת, אַ ביסעלע געשפּאַנט, שעמעוודיק, די אויגן מיט אומרו, וואָס האָבן זיך געהויבן, אַראָפּגעלאָזט. אָבער דאָס האָט נישט געקאָנט מינערן פון איר כלה־חן. אַדרבה, ס׳איז אַ יידישע מידה, צוגעגעבן איר נאָך מער צניעותדיקער באַגיטיקונג.

אין דער ערשטער שעה, איז דאָס פאַרברענגען ביים טיש, צוגע־גאַנגען אַ ביסל שווערלעך, האַמעטנע, מיט געבונדענע צינגער, אָפּגע־האַקטע רייד. מען האָט איבער עפּעס נישט געקענט געפינען דעם פאָ־דעם, וואָס זאָל אָנבינדן דעם געהעריק נויטיקן שמועס, מאַכן אים וויקלען לייכט, היימישלעך. ס׳האָט זיך געשלעפּט ווי אַ וואָגן מיט נישט געשמירטע רעדער אין זאַמדיקער ערד, לאַנגזאַם, סקריפּנדיק. און דאָס איז כידוע, פאַר אַ געזעלשאַפט נישט אַזוי אָנגענעם. ס׳מאַכט מיד און לעסטיק.

אַרויסגעהאָלפן פון דער קווייַלנדיקער סיטואַציע, האָט שוין, ווי דער שטייגער, איטע מענדלס עלסטע שנור, די אשת־חילטע. זי האָט געזען דאָס זיצערייַ ביים טיש גליוועריט, זינקט, ווי אַ נישט גוט אויפגעיוירן טייג, ווירקט צום שלעכטן און מ׳דאַרף עס אַ שאָקל טאָן, מאַכן אויפ־וואַכן... איטע מיט איר עלסט־שנורישן יחוס און באַזונדערן זכות אין מענדלס הויז, האָט עס גענומען אין אירע הענט. אויף הויכן קול אַ רוף געטאָן:

— וואָס עפּעס אַזאַ זיצעניש און שווייגעניש. ס׳וואָלט געפּאַסט מ׳זאָל זיין געקומען פון דער פראָווינץ... טיי ווילט׳ך געסט?

— אַ קראַנקן פרעגט מען, אַ געזונטן גיט מען... איז געקומען דער

ענטפער פונעם בעל־הבית. דאָס איז געווען פאַר מענדלען אַ סך געזאָגט, ס׳זאָל אַ רודער אויפטאָן די לופט.

— דער שווער איז גערעכט — האָט איטע מיט שמייכל צוגעשטימט, צופרידן וואָס האָט שוין געווירקט און ס׳וועט באַלד אַריינברענגען לעבן. זי האָט מיט שטילן געלעכטער צוגעגעבן:

— טיי און תהילים, זאָגט מען, מאַכט נישט קאַליע... ס׳וועט באַלד זיין — און איטע האָט זיך אַ שאַר אַריינגעגעבן אין קיך.

ביים טיש האָט זיך איצט עפּעס ווי אַ ריר געטאָן.

— עץ קינדער, קענטס ענק, פאַרשטיי איך — האָט מענדל זיך געוואָנדן צו ביידע יונגע מענטשן פאַראַמאָל. געפירט דעם בליק פון איינעם צום אַנדערן, פון דער כלה צום חתן, פון חתן צו דער כלה. די טאָכטער אָנגעצונדן מיט פלאַם, האָט זיך פאַרלוירן. אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס יינגל בלאַס, מיט אויך נישט קיין איבריקער דרייסטקייט האָט געקוקט פאַרווירט.

— מילא, ס׳איז דאָך פון דער אייגענער שטאָט פון אייגענער גאַס, פאַרוואָס זאָלן זיי זיך נישט קענען — האָט דער פאָטער פון חתן, פאַר זיי געענטפערט, מיענדיק זיך אַרויסצוהעלפן די צוויי יונגע קינדער, אַרויסנעמען זיי פון דער פאַרלעגנהייט, לייכטער מאַכן.

— אַמאָל האָט מען זיך פאַר דער חתונה אינגאַנצן נישט געזען, אַפילו נישט געקענט. מיין פלוניתטע האָב איך ערשט רעכט דערזען אונטער דער חופה. נו, האָב איך שלעכט געטראָפן? — מענדל האָט זיך צעלאַכט. אויסגעשיפט אַ גרויס ברעמענדיקע אויג צום ווייבערישן רעדל ווי אינמיטן איז געזעסן ס׳ווייב. און דאָס, ווי ער וואָלט איר געוואָלט נחת פאַרשאַפן.

— ס׳איז געגאַנגען אויף בלינד און ס׳איז אויך גוט געווען. אַמאָל זעט מען און מ׳איז דערביי בלינד... איז געקומען די תשובה פון דער קלוגער לעבנס־דערפאַרענער צירל.

— אמת, אמת. אָבער ביי מיינע קינדער, איז ברוך־השם נישט געווען קיין בלינדס. ביי אַלע מיט אָפענע ליכטיקע אויגן... הלוואי ווייטער אַזוי — האָט מענדל זיך אַ באַרום געטאָן, אַ שאַר געגעבן מיט דער

האַנט העכער איבערן שטערן, אויף לויב צו דעם באַשעפער אין הימל.

איטע איז צוריקגעקומען מיטן טיי. אַוועקגעשטעלט גלעזער מיט רויט גלאַנציקע פּנימער פון שאַרף פאַרבריטן סענץ. געטיילט פאַר די געסט, פאַר די אייגענע. מכבד געווען. ס'האָט אָפּגעקלינגען מיט לעפלעך, טעצלעך. אַריינגעבערענגט היימלעכקייט. געמאַכט לייכטער באַוועגן די לופט, דאָס גערייד.

מענדל האַלטנדיק דאָס גלאָז אויפגעהויבן צו זיך ווי אַ כוס ווייַן, האָט געזופּט מיט הויכע שלוקן. געפּירט שיף די אַפּלען איבער אַלעמענס קעפּ. אָפּגעשטעלט זיי אויף יאַנקלען.

— נו, יאַנקל, וואָס זאָגסטו צו מיין „סחורה”. ס'געפעלט דיר. ווילסט עפּעס צוצאָלן ?... זאָג.

מענדלס שווערער הומאָר, האָט יאַנקלען אַ ריר געטאָן פון בענקל. סע האָבן זיך ביי אים געשפּרייט די ליפּן אין שמייכל און אויך אַזוי עטוואָס אין אומבאַהאָלפנקייט: וואָס הייסט צוצאָלן. ער איז דען געקומען מאַכן אַ געשעפט. נישט ר'איז געקומען צוצאָלן און נישט נעמען צוגע־צאָלט. מ'וועט זיך פירן ווי עלטערן פירן זיך. נישט טאָן קיין עוולה די קינדער. ער האָט עס געזאָגט אויף זיין שטיל באַשיידענעם אופן, מיט דרך־ארץ צום בעל־הבית.

—ס'איז דאָך אונדזערע קינדער. וואָס מ'גיט בלייבט אייגנס... נישט אַזוי ? — און יאַנקל האָט מיט ווייכן בליק אַרומגענומען די צוויי קינדער.

מענדל אַרויסלאָזנדיק אַ פול מויל פּאַרע, האָט צופּאַטאַקעוועט, צו־שאָקלענדיק מיטן קאָפּ :

— נו יאָ, אין דעם גייט עס טאַקע. קינדער גיט מען נאָך גדן. און ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס כ'גיב ברוך־השם אויס אַ קינד. און מיט קיין שום מחותן נישט געהאַט חלילה קיין צאַנקערייען. מיט אַלע אַדורכגעקומען בשלום. וואָס זאָגסטו איטע, אַדורכגעקומען מיט דיין טאַטן אין פרידן. נישט אָפּגענאַרט, האַ ?

דאַכט זיך יאָ אַ ביסל אָפּגענאַרט — האָט איטע זיך אַ חנדל געטאָן מיט איר עלסט־שנורישער בכורהשאַפט — דער שווער האָט צוגעזאָגט אַ ליטישן חתן, און וואָס האָב איך באַקומען ?

— אַ־אַ, דאָס מיינסטו. נו מילא, נאָר מיינע אייניקלעך זאָל מען אַזוי אָפּנאַרן, ווי איך האָב דיך אָפּגענאַרט. זיי זאָלן קריגן אַזעלכע אומגעראַטענע מענער ווי דו האָסט געקריגן אין מיין ישראל־יצחקן — מענדל האָט אַ פּאַטשע געטאָן מיט דער באָרד שוין גאָר שטאָלץ, ווי ס׳וואָלט זיך דאָ גערעדט וועגן אַ טייער חפץ וואָס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן און אָפּצוצאָלן.

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר! — איז נאָכגעקומען דאָס קול פון דער מענדלעכע, ביי דער אַנדערער זייט טיש. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אָפּגעשפּיגן אין דער שטיל אין זייט. עפּעס צוגעשעפּטשעט, ווי זי וואָלט מיט אַ שפּרוך אָפּגעיאָגט דעם עין־הרע פון איר הויזגעזונט, פון איר שטוב. אויסגעלאָזט:

— נאָר ביי אונדזערע אייניקלעך טאַקע, פאָטער אין הימל. נאָר חלילה נישט קיין ערגערס...

אָנגעטשעפּעט אין משפּחה־קייט, האָט זיך געדרייט דאָס ראָד פון היימישן ברונעם... געגומען שעפּן פון דאָרט אַלערליי זכרונות, מעשיות, געשיכטעס, פון אַלטע צייטן, פון די אַלטע היימען, פון אַמאָליקע פּירעכצן: חתונות, שידוכים, גוטע זיווגים, דורותדיק־לעבן; זיידעס, באָבעס, און נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, אויך פון שלעכטע מענער וואָס האָבן געפּייניקט די ווייבער, פאַרביטערט זיי די יאָרן... גערעדט און איבער־דערציילט, אָבער צום עיקר, צום וועזנטלעכן איז מען אַלץ נישט צוגעקומען. מענדל האָט נישט געקענט אַריבערשפּרייזן די אומגעזעענע מחיצה וואָס איז געשטאַנען פאַר אים. געפילט, ר׳וועט נישט פריער צוקומען צום תוך, ביז ער וועט נישט פון זיך אָפּלאָדענען, באַפרייען זיך פון יענער לאַסט...

אַ רוק געבנדיק מיט קלינג דאָס גלאָז פון זיך, ווי ער וואָלט אַ שליי־דער אַראָפּגעגעבן פון די פּלייצעס אַ משא, האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— און וואָס הערט זיך, עפּעס מיט ענקער ס י נ ד ר י ק אַ ט, האַ יאַנקל?

יאַנקל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן אויפן אָרט, פּלעמלעך זענען אים אַרויף אויף די שפּיץ באַקן. זיך פאַרויטלט. געוואָרפן אַ טומלענדיקן בליק צום ווייב, ווי ער וואָלט זי גערופן צו הילף. ער האָט דעם בליק צוריק געברענגט. שטיל אויסמיידנדיק, אָפּגעענטפערט:

— וואָס זאָל זיך הערן. אַזוי ס׳טוט זיך...

— ביסט צופרידן?

— וואָס הייסט צופרידן, ווי אַלע...

— וואָס זענט'ץ אַזוי געלאָפן, זיך געאײַלט. צ'האָט מורא געהאָט מ'וועט ענק אויסכאַפּן די מציאה? — מענדל האָט אים מער נישט אָפּגעלאָזט. געגומען ציפּן פון אים. געזוכט מיט אים זיך אויסצוווייזן.

— נישט מיר האָבן מורא געהאָט און נישט מיר זענען געלאָפן. מיר זענען געווען כמעט פון די לעצטע. נאָר אַז אַלץ איז געגאַנגען, האָבן מיר דאָך נישט געקענט בלײַבן אַליין. זענען מיר מיט געגאַנגען.

— און וואָס האָט'ץ געוווּנען?

— נישט געוווּנען און נישט פאַרשפּילט. מיר האָבן אַדאַנקן גאָט אונ־דזער סחורה פריער אויך פאַרקויפט. נאָר אַ ביסל לײַכטער איז געוואָרן דערמיט וואָס מען דאַרף נישט אַזוי אויסוואַרטן אויפן סוחר. מורא האָבן פאַר דער קאָנקורענץ. מען קריגט דערווייל פאַרשוס, רויעס צום ווייקן. שפּעטער געלט. און גלאַט, אייניקייט איז נישט קיין שלעכטע זאַך.

— נו־נו, מ'וועט זען ווי לאַנג די אייניקייט וועט אָנהאַלטן. און וואָס שייך רויעס צום ווייקן, איז הלוואי צ'זאָלט ענק נישט אַמאָל דאַרפן ווייקן אַלדע־גויים אין צרות. איך זאָל בלײַבן דער ליגנער. צ'האָט נאָך דאָס מעסטל קאָרן נישט אויפגעגעסן צוזאַמען...

יאַנקל האָט זיך געפילט גאַרנישט היימלעך. אַ סקרוך איז אים אַדורך איבערן רוקן. דאָס אַרויפּברענגען אויפן דאַזיקן שמועס, האָט אים כלל נישט געפרייט. ס'איז אים געווען איבער דער טבע אויסצוהערן מענדלס ביטערע רייד, בייזע נביאות, שטעכיק און דערנערדיק. ער האָט פריער נאָך דערפאַר מורא געהאָט. און דאָס איז געווען די סיבה וואָס ער האָט זיך געוואַקלט מיטן אַהערקומען. דוד האָט אים אָבער צוגעזאָגט, ער וועט זיך באַווייזן באַצײַטנס, אַרויסהעלפן. אין דודס קייגנוואָרט וואָלט דער אַלטער געווען אַ ביסל צוריקגעהאַלטענער, געצוימטער, נישט געגאָסן כל־חמתו אויף אים און אויפן סינדיקאַט. וואָרן דוד איז דאָך אויך אַ מיטגליד אין דער חברה, וואָלט ער אַראָפּגענומען אַ חלק, און אים, יאַנקלען וואָלט דערפון געוואָרן לײַכטער, באַפרייטער. קומט ער אָבער נישט.

מענדל פאַרזעצנדיק זיין שווער גערייד, האָט זיך געלייגט אויף דעם

שטילן יאַנקלען מיט לאַסט. געדריקט אים ווי אַ שווער שטייניקער באַרג.

— ...און די גרויסע גבאים טיילן זיך כאַטש מיט ענק אין גלייכער חלוקה — האָט דער בעל־הבית אויפסניי אָנגעהויבן, באַגלייט פון די זינס שטילע געלעכטערן און דאָס נאָך אָנגרייפערישער, מיט אָפענעם חוזק, אַז ס׳האָט דעם ביקל שיער נישט אַראָפּגעוואָרפן פון בענקל.

— אַזוי ווי מ׳האָט אָפּגערעדט, לויט דער קוואָטע — האָט יאַנקל געענטפערט איינגעהאַלטן, אָנשפּאַרנדיק זיך פעסטער מיט די האַנטגעלענקן אין ראַנד פון טיש, ווי ער וואָלט געזוכט אַן אָנשפּאַר, אַן אינטערלען.

— מער נעמען זיי נישט ווי די ק—וואָ—טע ? — מענדל האָט דאָס וואָרט אויסגעצויגן לאַנג און שפּאָטיש.

— כ׳מיין, אַז נישט.

— כאַ־כאַ, הערטס מענטשן. אַ קלוגע וועלט מיט נאַרישע יידן. מען האָט זיי איינגערעדט אַ ק—וואָ—קע (קוואָטע). מען קוואָקעט זיי אָן און דאָס גלייבט. עך, נאַרישע טשודאַקעס! זיי וועלן אייך איינשלינגען מיט די קאַפּיטעס און אַליין זיך אָנפּרעסן די בייכער, אָנשטופּן זיך די קעשענעס, און עטץ וועט בלייבן ביים ליידיקן זאַק... צ׳וועט מיך רופן ליגנער, אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן אַנדערש ווי איך זאָג — מענדלס פנים האָט זיך געצינדן מיט רויטן גלי. די נאַזלעכער זיך געשפּרייט געפעכערט ווי ביי אַ צעהיצט פערד אין לויף. אַזש צו געסאָפּעט.

יאַנקל געבאָדן אין הייסן שוויס, נישט געפינענדיק קיין אָרט, האָט זיך געפילט ווי אַ צאַפּלענדיק פליגעלע אין שפּינס פּיסלעך: וואָס וויל ער פון אים האָבן. וואָס האָט ער זיך אויף אים אָנגעזעצט מיט אַ סינדיקאַט, פּייניקט אים, רייסט פון אים די הויט. איז ער דען צו דעם אַריינגעקומען, פירן וויכוחים וועגן שותפות, צו וועגן עפּעס אַנדערשס, זייער ענין. יאַנקל דרייענדיק זיך אויפן בענקל ווי אַ געביסענער, מיט חרטה אויף זיין איילן זיך מיט אַהערקומען, האָט אין דער באַצווינגענקייט, געזוכט זיך אַרויס־העלפן און ווי מיט זיפץ געזאָגט:

— מאַ, מיר זענען דאָך נישט געקומען רעדן וועגן סינדיקאַט. מיר זענען געקומען וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן אונדזערע קינדער. וואָס גייט אונדז איצט אָן יענע זאַך. לאָמיר דאָס אָוועקלייגן — יאַנקל האָט עס

געלאָזט הערן פּשוט מיט געבעט, וועלנדיק סוף־סוף אָוועקפירן פון דעם פּאַר אים אַזוי נישט אַנגענעמען שמועס. זיך באַפרייען פון דעם יידס שווערע הענט...

— וואָס ! ? — איז מענדל אונטערגעשפּרונגען, אויסשטעלנדיק אַ פּאַר אויפגעריסענע אויגן אויפן ביקל — יענץ איז גאָרנישט זאָגט׳ץ, גאָרנישט. אַ גאַנץ ריכטיקע זאַך, האַ ?

מענדל מיט צעשפּרייטע הענט, צעפלאַמטע אַפּלען, האָט זיך געגרייט ערשט אַרויסקומען מיט אַ גרויסער „טיראַדע״, ווי אין דער מינוט האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַריינגעקומען דוד ראָזנקראַנץ.

דוד איז אַריינגעקומען מיט הויך הייטערן „גוט־וואָך !״ דאָס פּנים מיט פריילעכער מראה, אַנגעטאָן אין פּלושענעם שלאַפראָק, אַרומגענומען מיט געפלאָכטענער גאַרטל אין די עקן טראַלדזן, סאַמעטן היטל, חסידיש־מעסיג, לוסטיק ; די באָרד נאָך אין שבתדיקער אויסגעפּוצטקייט, האָט אויך ביי אים געשמייכלט. ס׳איז גלייך אין שטוב געוואָרן עפּעס איבערגעאַנדערשטער, גרינגער, פרייער. מענדל האָט זיך איינגעשטילט. צוריק אָוועקגעזעצט אויפן אָרט. באַגריסט דודס אַריינקומען, אויך מיט אַזאַ הויכן „ברוך־הבא״.

יאַנקל ווי מ׳וואָלט פון אים אַראָפּגענומען אַ שווערן זאַק שטיינער, האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. געקוקט אויפן חסידישן ייד מיט פריינטלעכע אויגן, דאַנקבאַר פאַר זיין באַוויזן זיך, ווונטשנדיק אים ס׳אייביקע לעבן ; ער האָט אים אויסגעלייזט פון דעם אַלטנס הענט. געברענגט אים דערלייכטונג.

— וואָס הערט זיך מחותנים. מ׳האָט שוין אַדורכגערעדט, צוגעפּירט עפּעס צו אַ טאָלק ? — דוד האָט געלאָזט הערן זיין קול מונטער און הייטער. יעדעס וואָרט אויסגעזונגען מיט באַזינדערן שפּייסצונאַכטיקן ניגון.

— יאַנקל וויל נישט זאָגן וויפל ער גיט... — האָט מענדל אָן איבער־

געקערטער איינגאַנצן, אַרויקער, געזאָגט מיט הלצה, אָנווייזנדיק מיטן האַנט אויפן מחותן שוין מיט אַן אַנדערער באַוועגונג, ווייכער, נענטער, ווי פאַרגעסן אין דער פריערדיקער אויפרעגונג.

— כ׳פאַרשטיי, מ׳קאָן זאָגן אויך דאָס פאַרקערטע — האָט דוד גע־שמייכלט — אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. מ׳וועט מיט השם־יתברך׳ס הילף אַדורכקומען אין אַלעם, און בכבודיק פוןביידע זייטן. אַזוי גלייב

איך. דאָס וואָס מען דאַרף יאָ וויסן, איז וואָס חתן־כלה זאָגן. די גמרא זאָגט אַפילו: כלה שעיניה נאות, אין כל גופה צריכה בדיקה... אַז דער כלהס אָנגעזיכט איז שיין, געזונט, דאַרף מען בישט פאַרשן, נאָכקוקן. און דאָס זעט מען דאָך ברוך־השם באַשיינפּערלעך פאַר די אויגן...

— הו־הו! — מענדל האָט פון דודס ווערטער זיך אַזש אַ צעהירזשע געטאָן פון פרייד: אָט אַ דאַנק טאָקע דעם השם־יתברך דערפאַר; גוטע רייד וועגן זיינע קינדער.

און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן אַצינד דאָס ריכטיקע אונטערהאַנדלען. מען האָט עס אַרויפגענומען אויפן טיש אין דער גאַנצער ברייט און מיט גאַרן ערנסט. אויסגעשמועסט ווי אַזוי די זאַך אַוועקשטעלן: צי דאָס פאַר־פאַלק זאָל נאָך דער חתונה שוין גיין פאַר זיך, אָפּגעפינען אַ הייזקע אויף באַזונדער וווינען, אָדער נאָך הויזן דערווייל צוזאַמען מיט איינע פון די עלטערן. ס'האָט זיך אויך גערעדט, דער חתן זאָל נאָך דער חתונה נאָך אַרבעטן אינאיינעם מיטן פאָטער און מלכה וועט אַראָפּגיין צייטווייליק דאָרט מיט וווינען. מ'האָט אויך אַ טאָפּ געטאָן דעם דופּק מכוח נדן פון ביידע צדדים (אין גאַרבער־גאַס האָט דער פאָטער פון חתן געגעבן כמעט אַ גלייכן טייל), וועגן אויסשטייער, ווו אויף וועלכן אַרט דאָס געלט דער־ווייל פאַרלאָקעוועז: אַוועקגעבן עס אין באַנק, אָדער אויף פקדון אין פּריוואַטער זיכערער האַנט, ביז מ'וועט עס דאַרפן פאַר דער אייגענער ווירט־שאַפט. יעדן פּרט האָט מען צעלייגט אויף טעלערלעך, געוויגן, געמאָסטן, צענומען און צוריק גלייכגעשטעלט.

גערעדט האָבן די מאַנסלייט. ס'ווייבערוואַרג האָט צוגעהאָרכט. חתן־כלה — געשוויגן. אויף מענדלס פאַרלאַנג, האָט מען אַריינגעבערענגט פרישן הייסן טיי, מיט פריש פאַרבריטן סענץ, רויט ווי בוראַקעס־זאַפט. די ווייבער האָבן געקריגן צעוואַרעמטע באַקן, געקוקט ווי די מענער פירן די ענינים מיט שכל, מיט באַהאַוונטקייט, מיט קלוגע רייד און חכמה. געקוועלט וואָס זיי האָבן אַדאַנקן גאָט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן, אין וועמענס הענט אָנפאַרטרויען זייערע איניקסטע אָנגעלעגנהייטן, זייער שטוב, זייערע לע־בנס־אינטערעסן; געטרינקען דעם הייסן טיי, צוגעביסן די האַרטגעבאַקענע קיכלעך וואָס האָבן געקנאַקט אונטער די ציין, ברעכנדיק זיך ווי שערבלעך

און פון געשמאַקעניש זיך געקוויקט — ווייל ס'איז פון אייגענעם מולטער, פון היימישן שטוב־איווון, געקנאָטן און געבאַקן מיט די אייגענע הענט, וואָס ס'זאָל קיינמאָל נישט אויסגעפּעלט זיין.... פון טשעקאָוועסט האָט אויך ווער פון ווייבערישן געזעמל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, צו מאַכן הערן די אייגענע דעה. און ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער כלה, איז אַרויסגעטרעטן איטע, ווי איר פירשפּרעכערין, ווייזנדיק דערמיט די אייגענע קראַפט, די אייגענע ווייבערישע קלוגשאַפט.

דוד ראָזנקראַנץ האָט זיך צוגעהערט צו יעדערנס רייד באַזינדער, ווו מסכים געווען, ווו אָפּגעפרעגט. ער איז געשוווּמען ווי אין אָפענעם ים. אַרויסגעוויזן גרויסער בקיאות. געבונדן, געפלאָכטן, צוזאַמענגעקנופּט עקן; איבערגעלאָפן פון איינעם צום אַנדערן, פון מענדלען צו יאַנקלען, פון יאַנקלען צו מענדלען, צוגעגעבן, דערלייגט, אַראָפּגענומען, אויסגעגלייכט. געטאָן אַלץ מיט חריפות, מיט גוטן שכל, מיט חסידישן ברען; געפּלעפּט די האָרעפּאַשנע יידן מיט זיין שאַרפקייט, מיט זיינע ווּילקענטענישן אין די יידישע ענינים, געניט אין זיין פלינקן דיבור, ווו אַלץ האָט זיך ביי אים אָוועקגעלייגט גלאַטיק אין גלייכער שיכט, ווי אַ גוט אויסגעאַרבעט לעדער אויף דער ראָם... ער דוד האָט די שווערע יידן אויסגעלייזט פון אַ סך האַמעטנע איבעריקע רייד, אַמפּערנישן, פון צופיל איינטענהן. ער האָט אַריינגעבראַקט ווו מהאָט באַדאַרפט אַ פּסוק, אַ מימרא, אַ גמרא־ווערטל. געמאַכט עפענען אויגן, עפענען אויערן, הערצער. דערציילט אַ מעשה פון בעל־שם־טוב, וואָס האָט געהאַט שוין שייכות מיט אַ שידוך, ווו דער צדיק האָט מיט כוח פון זיין תפילה אויסגעפּועלט אין הימל, אַז דער בן־זוג, וואָס איז געווען ווייט־ווייט אין דער וועלט, האָט זיך געמוזט צוריק אַהיימקערן, כדי צו נעמען די באַשערטע, די בת־זוג פּאָר אַ ווייב — ווערן אַ פּאָר!... געברענגט צום אויספיר: אַז דאָס וואָס איז אָנגעצייכנט מן־השמים מוז אויסגעפירט ווערן. און זיכער איז אויך דאָ מן־השמים. און דער שידוך וועט עולה־יפה זיין, מיט גאָטס הילף.

דוד האָט פייערלעך געלאָזט הערן אויפן קול:

—פערציג טעג איידער די נשמה ווערט געבוירן, ווערט אויסגערופן אין הימל דער זיווג: פלוני בן פלוני, זאָל נעמען פלונית בת פלוני פּאָר

אַ ווייב. זיי זאָלן זיך פאַרבינדן אין איין גוף און נשמה, אין איין לעבן; ציען די ווייטערדיקע קייט פון יידישע דורות, פון יידישן גאַנג. אַט דאָס מיינט די תורה מיטן פסוק: על כן יעזוב איש את אָביו ואמו ודבק באשתו — דאָס ווייב דאַרף זיין ביי אים איצט — אַלץ!

— אוך, אוך, מען זאָל נאָר זוכה זיין! — האָט זיך געטראָגן פון ווייבערישן קרענצל אַ קרעכצעניש, פריידיקער זיפצעניש. די פרומע מאַמעשע טרער וואָס הייליקט זיך תמיד מיט „אמן", האָט צוגעבענטשט: אמן, ס'זאָל ווערן וואָר. דער שידוך זאָל עולה־יפה זיין, געפעלן אין גאָטס אויגן. ברענגען מזל־ברכה פאַר ביידע הייזער. און ס'וועט מיטן אייבערשטנס הילף זיין גוט. מ'זעט סימנים...

דער חתן און די כלה זענען געזעסן אין זייער שוויגן. זיי האָט מען נישט געפרעגט, נישט געטשעפּעט. זענען געזעסן שעמעוודיק, פאַרווירט. איבערגעקוקט זיך פון מאָל צו מאָל מיט געכאַפּטע בליקן, קייגנזייטיק, איינס צום אַנדערן. אויפגעהויבן אַ ברעם, צוריק אַראָפּגעלאָזט. די כלה אַ לויכטנדיקע, מיט גליק אונטערן האַרצן, ווייל איר חלום ווערט מקוים. דער חתן — אַ ביסל אין אומרו, אין פאַרלוירנקייט, אין צאַפּלניש, נישט וויסנדיק וואָס טוט זיך מיט אים און אַרום אים. און גראָד איז אים מלכה געוועזן זייער צום געפעלן. פאַרגעקומען פאַר אים אַ נייע, אַ שיינע, מיט ליבלעכן אויסזען און אַ נאָענטע אים צום האַרץ. ער האָט זי לענגס נישט געהאַט געזען און זי איז דורך דער צייט ווי אויפגעוואַקסענער געוואָרן, געשטאַלטנער, אַנטוויקלטער און רייפער: אַ שיין געראונדיקטער גוף, מיט צעבליטע עפּל־באַקן, וואָס זיצנדיק אַזוי, האָבן זיי געשפּראָצט. זי קוקט אויף אים באַהאַלטענערהייט, שעמעוודיק, אָבער פאַרליבט און געטריי ווי אַ לייבלעכע. ער פילט עס גוט אָפּ. זיין געמיט איז אין אים וואַך, באַגיטיקט צו איר. זיין אויג ענטפערט איר אָפּ, מיט אַזאַ זעלבע באַגייטיקונג, מיט אַן אינערלעך דערנענטערן זיך צו איר. אָבער...

יאָ, אָבער — אַ שווערער הויקער ליגט אויף זיינע פּלייצעס: ריוול! זי וועט נישט אָפּטרעטן פון אים. אַט שטייט זי אים פאַר די אויגן, מאָנט ביי אים, דערמאָנט. דראָט אים מיט דראָאונגען, און אַזוי בולט, אַז ער הערט איר קול, ווי זי זאָל שטיין אין דרויסן אונטער דער וואַנט און צו

אים רעדן. און אפשר שטייט זי טאַקע דאָרט אונטער דער וואַנט (ס׳איז אמת, אַזוי געוועזן), האָרכט זיך איין צו דעם אַלעם גערייד דאָ? אַ ציטער איז אים אַדורך איבערן לייב. זי האָט אים דאָך בפירוש געזאָגט: זי וועט זיך ס׳לעבן נעמען, אויב ער וועט פון איר אַוועקגיין. און וואָס טוט ער איצט, וואָס פאַרא ראָט גיט ער זיך. אפשר נאָך אָפּהאַלטן? ער האָט אָבער נישט קיין מאַכט, קיין כוח אַרויסצוברענגען אַ וואָרט פון זיין מויל, זיך אַריינמישן, אַנטקעגנשטעלן זיך...

זיינוול האָט אויפגעהויבן די אויגן, זיך פאַרבליקט אויפן פאָטער. געזען זיינע וויכע תנועות, אויפגעהויבענע פריינטלעכע בליקן צו מענדלען און זיין מענדלס פריינטלעך קייגנזייטיקער אויסדרוק צו אים דעם טאַטן; דער אַרויפגערוקטער קאַשקעט אויף מענדלס קאָפּ וואָס האָט אָפּגעדעקט דעם נאַקעטן שטערן ווו ס׳איז געשטאַנען אַ וואַרעמע פייכטקייט, זיינע צעוואַרעמטע אויגן, די וואַרעמע פאַרבן אויף די באַקן — דאָס אַלץ האָט אים אויסגעזאָגט זיינוולען, ס׳האָלט שוין גאָר נאָענט, אָט נאָר צו דערלאַנגען זיך די הענט, ווונטשן זיך: מזל־טוב. ער האָט אויך באַמערקט, ווי דוד איז שטאַרק באַשעפטיקט ביים אָנשרייבן עפּעס אַ פּאַפּירל. דוד איז געלאָפן מיטן פּענדל גיך איבערן פּאַפּיר. די האַנט האָט פאַרצייכנט שורות, און דאָס מויל האָט צוגעניגונט, אונטערגעזאָגט זיך ווערטער אין לשון־קודש, וואָס מ׳האָט נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען. דוד האָט שנעל געענדיקט. צוּ־וויסן געגעבן, אַז דאָס זענען דערווייל די אָנגעצייכנטע ר א ש י ־ פ ר ק י ם. „תנאים” און אָפּשטימען אַ חתונה וועט מען אים־ירצה־השם מיט מזל שפּעטער, ווען ס׳וועט ווערן אַ ביסל געראַמער (געמיינט דערמיט די איצ־טיקע לאַגע ביי מענדלען אין שטוב). און איצט איז עס אַ „וואָרט”. די מחותנים זאָלן זיך געבן די הענט.

— מזל טוב! אין אַ שעה מוצלחת! — האָט דוד מיט שמחה אויסגע־רופן ביים שליסן זיך פון די צוויי מחותנישע הענט — דאָס איז דער תוך פון אונדזער יידיש לעבן: מגדל זיין קינדער, זוכה זיין זיי צו פירן אונטער דער חופה אין פריידן; ציען דעם וויטערדיקן המשך פון דער יידישער קייט, פון דער יידישער היים, יידישע דורות. מזל טוב! — און דוד האָט דערלאַנגט די האַנט די מחותנים, מענדלען, יאַנקלען און דעם חתן.

— דאָס איז טאַקע דער גאַנצער נחת אין זינען פון אַ יידישער היים — האָט צוגעגעבן שטיל פון איר זייט די מענדלעכע, אָפּזיפּצנדיק מיט פריידיקער טרער.

מענדל האָט אויפגעהויבן דעם בליק צו איר. אויפגעכאַפּט די מאַמעשע פרייד אין אירע אויגן, איר פרום צוויגן מיטן קאָפּ. זיין פּנים איז געווען איצט אויך באַשטראַלט מיט אַ באַזונדערער ליכטיקייט — אַ ליכטיקייט פון לאַנג־ירושהדיקן געשפּין, פון אַנגעהאַרעוועטע יאָרן פאַר קינדערס וועגן; אַנגעליטענע טעג; סכנות פון דער בייזער גויאישער וועלט אין דרויסן, וואָס לויערט אויף דער יידישער שטוב, איר שלעכטס צו טאָן; קינדער דערציען, ביטערע זאָרגענישן פאַר פּרנסה, פאַר אַרויסהאַקן דאָס שטיקל ברויט און די פרייד פון אַרויסברענגען קינדער פאַר לייט, פאַר געזונטע און נוצלעכע מענטשן. און אויף וועמענס פּלייצעס איז דאָס אַלץ געלעגן? אויף זיינע מיט אירע, זיין געטרייע צירל, וואָס שלעפּט מיט אים דעם שווערן וואָגן, אַ שטיק לעבן שוין לאַנג...

— או־או, זי איז גערעכט מיינע. זי ווייסט וואָס זי רעדט... — האָט מענדל גערופן פּלוצעם מיט אויסרוף, ווערטער וואָס זענען געלעגן פאַר־קנוילט אין זיין אינגעווייד, געריסן זיך צום דערציילן, סיי פון זיינע ליידן, פון דעם שווער שטיק אָפּגעאַנגענעם לעבן און סיי פון זיין איצטיקן גליק, ווי אַ יעדעס מאָל ווען ס'האָלט ביים אויסגעבן אַ קינד.

צירל האָט אויך דעראַנט דאָס זעלבע וואָס ער דער מאַן. און אויף איר פּנים האָט זיך געצייכנט דער זעלבער ליכטיק באַשיינטער, גליקלעכער אויסדרוק. זי האָט געהאַט איר נחת, איר פאַרגיטיקונג. זי האָט געדענקט אירע באַזונדערע מאַטערנישן, זאָרגענישן, ווייען, קימפּעטן, זייגענישן, וואַ־כעדיקע נעכט ביים קינדס וויגל, מיט פיינענדיקן שלאָף אין די אויגן, מיט מידן שלעפּעריקן געזאַנג איינצושטילן דאָס געוויין פונעם קליינעם נפשל; קינדערישע קראַנקייטן, אָוועקגעגעבענע טעג, יאָרן זיי אָפּצוהיטן. איצט אַ דאַנק דעם באַשעפער, אויסגעהאָדעוועט אין אייגענער היים. נישט באַ־דאַרפט זיי מאַכן פאַרוואָגלען אין דער פרעמד, נישט חלילה צו קיינעם אָנצוקומען — קינדער ווי די שיינע פּרוכטן. גערעכט איז איר מענדל, וואָס טענהט צו איר אין זייער אַלייניקער שטילקייט: דער גאַנצער זינען פון

אַ מענטשלעך לעבן, ליגט אין דעם וואָס ער לאָזט נאָך זיך איבער... וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט דאָס לעבן געהאַט אָן דאַזיקן, אָן ווייטערדיקן נאָכקום? אַ דאַנק דיר גאָט אין הימל דערפאַר!

— איז הייסט עס מיט מזל אָפּגעשטימט — איז אָנגעשוווּמען דודס קול, וועקנדיק מענדלען פון זיינע טראַכטנדיקע מחשבות.

— מיט גאָטס הילף און מיט זיין ברכה — האָט מענדל אָפּגעענטפערט מיט באַהאַרצטער באַשטעטיקונג.

געוועקט אין זיין שמחה, האָט ער זיך אונטערגעהויבן. אויסגעגלייכט זיך. געזוכט מיט די אויגן וועמען. אַ רוף געטאָן צום ווייב מיט הויך פייערלעך קול:

— צירל, גיב אַריין אַלץ, די געהאַקטע הערינג, דעם איבערגעבלי־בענעם קוגל. וואַרעם אויף דאָס איבריקע צימעס. גיב אַריין אַלע קיכלעך. לאָמען זען, אַז ביי מענדלען איז ברוך־השם נאָך דאָ וואָס צו נעמען אין מויל אַריין. און שאַט נישט, וועסט נישט פאַרשעמט ווערן. ס'איז נישט אַזוי רייך, אָבער גוט און באַטעמט, היימיש. די געסט וועלן זיך אונטער־לענען ס'האַרץ. מיר וועלן אויך מאַכן אַ „לחיים". קינדער גייטס מיט־העלפן דער מאַמען.

צירל איז אַוועק מיט די העלפערינס אין קיך, דערפילן דעם מאַנס פאַרלאַנג. און מענדל האָט זיך צוגעלאָזט צום שויבנשענקל אַרויסנעמען דאָס פלעשל אָקעוויט (אַ, לעבן זאָל עס: ביי אַ שמחה, אָדער חלילה ביי אַ שלעכטן טאָג, דאַרף מען עס נייטיק האָבן...). צוגעבערענגט עס צום טיש, צו באַגיסן די גוטע שעה און צו ווינטשן זיך לחיים אויף אַ רעכטן מזל.

*

זיינוולס שפּירונג, אַז ריוול מוז זיך דרייען אין דרויסן, איז נישט געווען קיין געבאַרטער. אין דער צייט וואָס ער איז געזעסן מיט די עלטערן ביי מענדלען אין שטוב, געפראַוועט פריילעכן טיש, האָט זיך ריוול גע־שלייכט אין דרויסן פאַר מענדלס הויז, אויסשפּיאָנירט יעדן קלאַנג, יעדן סלוך, וואָס האָט נאָר געקאָנט פון דאָרט אַרויסדרינגען. געשיקט צו אים אירע געדאַנקען, דורך די ווענט מיט סוגעסטיווער קראַפט, מיט געשריי.

ריוול האָט וועגן זיינוולס הייניטיקן גיין „שאַעז" צו מענדלען אין

הויז, זיך דערוווסט צופעליק. אין פאַרנאַכט איז זי אַרויסגעקומען פון דער היים, קלייבנדיק זיך צו גיין ערגעצווו. געבליבן אַ ווייל שטיין פאַרן טירל, זיך אייַנגעקוקט אין צופאַלנדיקן דעמער. זיך פאַרטראַכט: וווהיַנגיין פאַרברענגען? גראָד האָט פאַרביי שפּאַצירט טעמע, דוד ראָזנקראַנץ'ס טעכטערל. ריוול וויסנדיק אַז דער פאָטער אירער פאַרעט זיך אַרום דעם שידוך מיט זייַנוואלען, האָט זי פאַרהאַלטן. אַנגעבונדן מיטן מיידל אַ שמועס סתם אַזוי, וועגן דעם־און־יענעם און פאַמעלעך זי אַרייַנגעצויגן אין איר פאַראינטערעסירטן ענין, געגומען ביי איר „וואָפּן", וואָס זי ווייסט אין שייכות מיט דער זאַך. טעמע אין איר תמימות, נישט וויסנדיק פון ריוולס געשעפטן פון אירע ליבע־אינטערעסן, האָט פאַר איר אָפּדערציילט דאָס געהערטע אין שטוב; בכן אין היינטיקן שפּייסצונאַכט גייט יאַנקל מיטן זון צו מענדלען אין הויז אויף אַ וויזיט מיטן מיין, אָפּצושליסן דעם שידוך. ריוולען האָט דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן. שיער נישט אויס־צושרייען אויפן קול. קוים זיך באַהערשט.

— וואָס דו זאָגסט. זעטס נאָר און מ'ווייסט גאָרנישט — ריוול האָט מיט פאַרביסענע ליפּן געצויגן די ווערטער, מאַכנדיק זיך וווּנדערן כדי צו פאַרבאַרגן איר אויפרעגונג, איר ווייטיק.

— וואָס איז דאָס וווּנדערן זיך ביי דיר אַזוי גרויס. אַזאַ געוואַלדיקע געשעעניש איז עס? — האָט טעמע עס געמאַכט פאַר קליינגעלט, אַ זאַך וואָס לוינט נישט אַפילו קיין סך דערוועגן צו רעדן.

— ניין, כ'מיין נאָר... זעסט אַ מעשה, די ביקלעך מיט די באָומס... און דו האַלסט ס'איז אַ געפּאַסטער שידוך?

— פאַרוואָס זאָל נישט זיין געפּאַסט? זיי זענען ביידע פון איין שטאַנד, פּראָסטע לייט. זייערע טאַטעס פּשוטע יידן. אַגאַנץ גלייכע זאַך — ביי טעמען איז עס געגאַנגען ווי אין אייַנגעחזרטער מזמור מיט אונטערטענער, וואָס האָט באַדאַרפט דערציילן פון וועמען זי אַליין שטאַמט, פון וועלכער שטוב זי קומט אַרויס.

— אָבער דאָך מ'קען נישט פאַרגלייכן: זייַנוול איז אַן איידל יינגל. און מלכה איז אַ רוי שטיק פלייש, מיט, זאָלסט מיר מוחל זיין, אַ גראָבן הינטן... נישט אַזוי?

— כ׳ווייס נישט! — טעמע האָט זיך פאַרויטלט. מיט פאַראיבל פאַר־קרומט דאָס פּנים אויף די נישט שיינע ווערטער פון ריוולען.

— און דו װאָלסט געוואָלט אַזאַ ייִנגל ווי זיינוועלע? — איז ריוול מיט אַ נאָך מער איבערלעכן להכעיס צו איר צוגעשטאַנען, ווי זי וואָלט דאָס מיידל איבער עפּעס געוואָלט דערקוטשען.

— איך? וואָס כאַפּסטו זיך אָן אין מיר? ס׳האַלט נאָך נישט ביי מיר. און צווייטנס ווי קום איך צו זיי?

„זיי״ — אין ריוולען האָט אַ ברי געטאָן מיט בייזס אויף דער קליינער רביצין. רעדט מיטן לשון פון איר באָבען אין דער טיפער קופּקע. ס׳האָט איר געריצט דער קליינערס פרומע מינע, ס׳פרומע ציען מיט די אַקסלעך, דאָס אויסטיילן זיך פון זיי. געוואָלט איר שטעכן, באַליידיקן. קוים זיך איינגעהאַלטן. געזוכט פון איר נאָך מער אַרויסצוקריגן, ווייטערע פּרטים וואָס זי ווייסט.

— נו אוודאי ווי קומסט דו צו זיי. דו וואָלסט געוואָלט, פאַרשטיי איך, אַ פרומען יונגנמאַן, אַ לערנער, נישט אַזוי?

— ווען מיר וועט שוין דער טאַטע זאָרגן וואָאָס גוט איז. און פאַר צווייטנס, ס׳האַלט נאָך נישט דערביי.

— ס׳וועט נישט לאַנג דויערן, וועסטו האַלטן דערביי... איידער דו וועסט זיך אומקוקן, וועסטו וועלן. אוי וועסטו וועלן!... — און ריוול האָט שוין אַלץ אויסגעשיט.

טעמע האָט פון די פּראָסטע, נישט שיינע רייד זיך באַליידיקט. ס׳איז איר אויפגעגאַנגען אַ פאַרשעמטע פאַרב אויפן געזיכט. זי האָט עפּעס אָפּגעמורמלט אין דער שטיל. איבערגעלאָזט ריוולען און אָוועק.

ריוול האָט נישט געקענט איינרוען: „זיינוועלע גייט היינט אויף אַ זעעכץ...״ דער שבתדיקער בין־השמשות האָט מיט־אַמאָל פאַר אירע אויגן זי געבומען לייגן טונקל מיט מרה־שחורה; געלייגט זיך צופּיסנס די יידישע שטיבער, היימישע שוועלן, היימישע פּלויטן. ס׳האָט איר אַרומגע־נומען אַ טונקעלער אומעט, געהילט זי מיט צער, זאָרג, ביטערניש: „באַלד וועט צופאַלן די נאַכט, האָט זי געהערט איר אייגן קול, און זיינוועלע

וועט דאָרט אַהינגיין”. איז וואָס זאָל זי טאָן? שווייגן, נישט רעאַגירן? ניין, זי קען נישט שווייגן טאָר נישט דערלאָזן. זי מוז אָפּראַטעווען...

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון שמאָלן שטעגל פאַרן טירל, און ווי פייל פון בויגן, אַראָפּ מיטן וועג צום ווידאָוועד טראַקט ווו ס׳הויערט דאָס ביקלשע געהייז. זיך פאַרבאָרגן אונטערן שאָטן פון פאַרצווייגטן בוים, נישט ווייט פון זיינוולס היים און מיטן בליק געלויערט, געטשאָטעוועט אויף זיין אַרויסקומען: זי וועט פון דאַנען נישט פריער אַוועקגיין, ביז זי וועט אים דערזען. צו לויפן צו אים, אַוועקשלעפּן, אַוועקרייסן, אים מער נישט אַהיימלאָזן.

זיינוול האָט זיך נישט אַזוי גיך באַוויזן. ערשט נאָך לאַנגען וואַרטן, שוין אין פולער נאַכט, האָט די טיר פון זייער הייזקע זיך געעפנט און ס׳איז אַרויסגעקומען יאַנקל מיטן ווייב און זיינוועלע אינמיטן. אַלע דריי, אָנגעטאָן אין די שבתדיקע בגדים, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו דער הויפּט־גאַס און עפּעס מיט אַן עקסטראַ באַרוטן גאַנג. זי האָט פאַרשטאַנען וווהין זיי גייען. נאָכגעשליאַדעוועט זיי פון וווייטן אין טריט, ביז זיי זענען אַריין אין מענדלס הויז. פאַרשוווּנדן פון אירע אויגן. זי איז געבליבן אַליין.

פון דער מינוט אָן, האָט זי גענומען רינגלען די דאָזיקע שטוב און וויל פון דאָרט זיך נישט אַוועקרירן. שפּאַנט אַרויף־אַראָפּ, אַהין־אַהער. קריצט מיט די ציין ווי אַ צערייצטע וועלפּעכע פון וועלכער מ׳האָט אַוועקגעריסן דעם פּאַנג פון איר מויל. וואַרטעוועט אין איר לויערונג שפּיזט מיט די אויגן צו די פענצטער פונוואַנען ס׳דרינגט אַרויס אַ גרויסע ליכטיקייט, וויל אויפכאַפּן ס׳געריידן פון דרינען. פּרוּווט צוגיין. בלייבט אַ רגע שטיין, זיך איינצוהערן. אָבער אָט דאַכט איר אויס, מ׳גייט, מע עפנט די טיר און זי שפּרינגט אָפּ, באַהאַלט זיך: יאָ, זי פאַרשטייט זיי רעדן אין דרינען וועגן תכלית...

...און וואָס טוט זי איצט? וועט זי דאָס צולאָזן, רעזיגנירן, זיך אונטערגעבן? ניין, זי וועט נישט רעזיגנירן און נישט אונטערגעבן. זי וועט אויפנעמען דעם קאַמף אַן אָפּגעבן, ווערן זיך מיט אַלע כוחות. וואַרעם זיינוועלע איז פאַר איר ביים היינטיקן טאָג, אַ שטיק פון איר לעבן, פון איר עקזיסטענץ. נישט מער אָפּצוטיילן. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט

אַזאַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט און בענקשאַפט און אַזאַ גרויסע אויפריכטיקע פאַרליבטקייט, ווי איצט צו דעם יינגל. זי בענקט צו אים מיט איר גאַנץ נפש, מיט ערלעכקייט, מיט אמת. ער איז אין אירע אויגן היינט־צו־טאָג אַ גרויס געשאַנק. זי קען זיך פון אים נישט אָפּזאָגן, אים נישט אַוועקגעבן קיינעם, ניין.

אין איר פאַרביטערקייט האָט זי זיך געבייזערט אויף דער גאַנצער וועלט. אויף איר שלעכט מזל, אויף דעם וואָס מ׳פאַרגינט איר נישט דאָס ביסל גליק... אויסגעלאָזט דעם כעס אויף דוד ראָזנקראַנץ, וואָס האָט זיך פאַרלייגט דווקא צונויפירן זיינוועלען מיט מלכהן; בייז געוועזן אויף דער טעמען, זיין טאַטער, די נאַרישע מויד וואָס האָט אַזאַ לייכטע באַציאונג צו זיי די ביקלעך, האַלט זיי פאַר פּראָסטע לייט. „פּראָסטע לייט״, הערט׳ץ! זיי זענען אַדלדיקע, די איידלסטע מענטשן אפשר פון דער גאַנצער גאַס: פול מיט גוטער תמימות, ריינע געפילן, ערלעכע אָפּגעהיטענע נשמות. ערלעך איז דאָס שטיקל ברויט וואָס זיי עסן, דאָס מלבוש וואָס זיי טראָגן. שוין דאָס אַליין, לאָקערט איר געדאַנק, ציט זי דאָרט אַהין אַראָפּ, זיך איינגלידערן אין זייער לעבן, אַריינוואַקסן אין זייער היים, אין זייער געזונטער לופט. זי איז גרייט אויף אַלעם, טראָגן די שווערסטע לאַסט דאָס צו דערגרייכן.

און יאָ, מיט דעם וואָלט זי דערגרייכט נאָך עפּעס, צו וואָס זי בענקט אַזוי: אַרויס פון איר אומרואיקן טומלענדיקן לעבן פון איר אומרואיקן נאַרישן ברויז, ווירוואַר, וואָס פאַרשאַפט איר נאָר צרות און פּיין. איר געמיט וויל זיך איינרואיקן. דאָס בלוט זיך איינשטילן. און דאָרט וואָלט פאַר איר געוועזן דער פעסטער האָפן ווו זיך אַנצואַנקערן. דאָס בעסטע אָרט ווו ס׳וואָלט איר געבערענגט רו און זיכערקייט.

אָבער זעט׳ץ: שטראָמען שלעפּן אים פון איר אַוועק. לאָזן זי נישט דעם ציל דערגרייכן. ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געקומען זיך מיט איר זען, און זיי זענען אַרויס אויפן וועג, איז ער געוועזן אומגליקלעך, אויסגעזען בלאַס, אָפּגעמאָגערט ווי אַ קראַנקער. געערדט מיט פּחד און שרעק פון דעם וואָס עס שטייט אים פאַר: מען רייסט אים מיט אַלע כוחות אַוועק פון איר. ער ראַנגלט זיך. אָבער ווער־ווייסט, צי ער וועט

קאָנען אויסהאַלטן... זיין קול איז געווען געפּאַלן, אָנגעזאָפּט מיט טרערן. און פּלוצלינג, אין מיטן זיין ביטערן, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ אָנגע־קוקט זי מיט שאַרפן בליק און גלייך אויף איר אָנגעפאַלן, מיט פאַרוואורף, מיט כעס, פאַר איר דעמאָלטיקן אַנטלויפן: „ווען דו וואָלסט נישט געווען דענסטמאָל אַנטלאָפן, וואָלט אַלץ געווען גוט. וואָלטן מיר זיך נישט געדאַרפט איצט פּייניקן. דו ביסט שולדיק. יאָ, דו ביסט שולדיק!"

זיינע רייד זענען געפאַלן אויף איר ווי שלאָגנדיקע ריטער. זי האָט מודה געווען אין איר שולד. געבעטן פאַרצייאונג. געבעטן לאָזן איר פאַריכטן: „זיינוועלע, שטאַרק דיך. איך האָב שלעכט געטאָן. כ׳ווייס. אָבער ס׳וועט שוין אַזוינס מער נישט געשען. איך וועל דיך ליב האָבן אויף מיין גאַנצן לעבן. דיך אַפּהיטן, דיר פאַר אַלעם פאַרגעלטן." זי האָט אים אַרומגענומען, געקושט, געהאַלדזט. געבעטן ער זאָל זיך נעמען אין די הענט אַריין. פעסט זיך האַלטן. דערציילט אים פון די גרויסע יסורים וואָס זי לעבט איבער, פּיינלעכע יסורים וואָס נעמען איר אָוועק דעם כוח. זי וויינט אויפן געלעגער אַזוי יעדע נאַכט. ער האָט זי אויסגעהערט. געקריגן אויף איר רחמנות. איר צוגעזאָגט, ער וועט זיך שטאַרקן. באַמיען די זאַך גוט מאַכן.

און אָט האָט אַלץ געפּלאַצט. ער איז שוואַך געוואָרן. נאָכגעקומען די עלטערן. געגאַנגען צו מלכהן.

אָבער זי גיט נאָך נישט אויף. זי וועט פּרווון מיט די לעצטע קרעפטן אים צוריק צוברענגען צו זיך. זי וועט דאָ צוואַרטן ביז ער וועט אַרויס־קומען פון דאָרטן מיט די עלטערן. זיי נאָכגיין. און אין אַ געוויסן מאָמענט, זיך דערנענטערן, אים אָוועקרופן. זי ווייסט, ער האָט זי ליב. ער איז נאָר שוואַך אין זיינע כוחות. קען נישט קעמפן. זי מוז אים שטאַרקן. זי מוז אים העלפן.

...קאָן זיין, זי וועט אויך אָפּטאָן אַזאַ טאַט, וואָס איז איר נאָך קיינמאָל אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען: מאַכן אַ געשעענעם פאַקט! זי וועט אין אָן אָוונט מיט אים אָוועקשפּאַצירן אין פעלד. וועט זיך פאַר אים עפענען אינגאַנצן. אַריינברענגען אין באַרוישונג און דערנאָך זיך אים אָוועקשענקען... שפּעטער וועט זי טענהן אָפן: זי איז דורך אים געוואָרן באַהערשט... און ס׳קאָן שוין אַנדערש נישט זיין. זייגוול מוז ווערן איר

מאָן. יאָ, זי וועט מעגלעך אַזוינס טאָן. —

אָבער פאַרוואָס זיצן זיי דאָרטן אַזוי לאַנג? זי דרייט זיך שוין דאָ אַזאַ לאַנגע צייט, און זיי רירן זיך נאָך אַלץ נישט. וואָס רעדן זיי דאָרט אַזויפיל?

זי האָט זיך צוגעשאַרט ווידער אַמאָל צום וואַנט, צוגעגראַבלט זיך אונטערן פענצטער פאַוואַליע ווי אַ קאַץ, עפּעס אויפצוכאַפּן פון דרינענדיקן געררייד — ווי אין דער סעקונדע האָט זי דערהערט דאָס עפענען די טיר פון שטוב אין פעדערהויז אַריין. ס׳האָבן זיך אָנגעטראָגן קולות, מענערישע טריט. זי איז אָפּגעשפּרונגען. געשווינד זיך פאַרשטעקט אונטערן סלופּ פון דער גאָס־לאַמטערן. פון דאָרט נאָכגעשפּירט. געזען ווי מענדל באַגלייט די געסט צום שוועל. ווונטשט זיי נאָך אַלדאָס־גוטס: זיך פרייען אויף שמחות. דאָס קול ביי אים — האָפערדיק, אויפגערוימט. פאַר איר איז עס געווען נישט קיין גוטער סימן, נישט קיין גוטער אָנזאָג.

די ביקלשע פאַמיליע, באַגלייט פון דודן, זענען אַראָפּ פון דער שיפּוע, זיך געלאָזט מיטן וועג צו זייער היים. זי איז אַ פּער פון דער באַהעלטעניש. נאָכגעשלייכט זיי פון ווייטן אין טריט, אין טונקעלער נאַכט, האַלטנדיק זיי אויפן אויג.

דודן איז אויסגעקומען גיין צוזאַמען אַ שטיקל וועגס, אין דער זעלבער ריכטונג, מיט דער ביקלשער פאַמיליע. גייענדיק, האָט ער איבערן וועג איינגעטענהט נאָך מיט יאַנקלען, אים אויפגעוויזן דעם גרויסן ווערט פון מענדלס שטוב; מענדל ווי אַ פאָטער, האַלט צוזאַמענגערייפט דאָס הויז־געזונט אין איין גאַנצעס ווי מיט אַ פעסטער רייף, לאָזט נישט פאַלן קיין שפּליטער פון דעם בנין. אין אַזאַ משפּחה איז גוט אַריינצוקומען. עס איז דאָ אַ וואַכזאַם אויג, וואָס טוט אַכטונג און מיט ליבשאַפט אויף יעדן נפש באַזונדער. און כאָטש מענדל ווייזט זיך פאַרן דרויסן ווי אַ שטרענגער, איז ער אָבער אַ ייד מיט אַ טיף ווארעם יידיש האַרץ. פול מיט רחמנות און איבערגעגעבנקייט, אַזוי צו די אייגענע, אַזוי צו אַ פרעמדן עלנטן מענטשן. אַ געטרייער טאַטע און אַן ערלעך אָפּגעהיטענער בעל־הבית. ס׳קומט פון זיין מויל קיין וואָרט ליגנס נישט אַרויס. ער קאָן אפשר צוליב

זיין ערלעכקייט, צוליב זיין אמת, נישט שלום מאַכן מיט אַ סך זאַכן און מיט מענטשן פון אונדזער גאַס.

זיינוול איז געגאַנגען פון היגטן. זיך איינגעהאַרכט אין שמועס. ער האָט נישט אַלץ אויפגעכאַפּט גענוי. געהאַט מיט זיך צו טאָן, זיינע צרות און קלערענישן. ער פלאַטערט צווישן פייער און וואַסער. וויל געפינען אַן אויסוועג. ווייסט נישט ווי אַזוי. מלכה איז אים פאַרגעקומען היינט גאָר אַן אַנדערע, אַ ליבליכע. ר׳קען זאָגן, אַריין אים אין האַרצן. און ס׳וואָלט אַלץ געווען גוט און ווויל, ווען נישט יענער האַרב... ריוול איז אַריינגעשפּרינגען אין דער לעצטער מינוט, ווי אַ שפּאַרבער אויף דער טויבנשלאַק; אָנגעפילט אים מיט אומרו, מיט טרייסלעניש. אָוועקגעשטעלט זיך ווי אַ שטן, פאַרשפּאַרט אים דעם וועג. אַ, ווען ער זאָל איצט זיין פריי — אַ פאַרגעניגן וואָלט אים געווען דאָס אַ חתן ווערן מיט מלכהן! ער וואָלט אָפּגעוואַרט פריילעך די צייט ביזן חתונה־טאָג. זיך איינגעאָרדנט ווי אַלע ביי זיי אין דער משפחה. געפירט אַ שטיל רואיק לעבן.

לאָזט זי אים אָבער נישט אָפּ. געקומען מיט פייער, מיט ברען, זידט, קאָכט, דערגייט אים די יאָרן. אין די אָוונטן וואַרט זי אים נאָך אַלץ אָפּ. זוכט אים. וויל אים אָוועקפירן אויף יענעם וועג, כדי פונסניי צו פלאַטערן איבער אים, רעדן, כישופן מיט אירע הייסע אויגן, מיט אירע הייסע רייד, מיט אירע קושן — אַזש ער ווערט שוואַך, אומבאַהאָלפן. און ווען ער גייט אַהיים, פילט ער זיך אין אַנמאַכט ווי אַ קליין קינד וואָס דאַרף זיך אויסרעדן פאַר דער מאַמען, אָדער זיך גאָר אויסוויינען.

...אין די לעצטע טעג באַהאַלט ער זיך אויס. וויל זיך נישט ווייזן פאַר אירע אויגן. ס׳פאַרדריסט אים אויך אויף איר, וואָס זי האָט אַזוי אויסגערעדט אויף מלכהן: „זי איז אַ גראָב שטיק פלייש, מיט אַ...״ פוי, ווי דאָס שעמט זיך נישט אַזוי צו רעדן. אדרבה, זי איז אַ באַחנטע, פולינקע, אויסגעבעט אין איר רונדיקייט, ביז גאָר שיין. ביי זיי אין דער משפּחה האָט מען אַזוינס ליב... זי האָט היינט ביי אים אין די אויגן זייער אויסגענומען. זיך ממש אין איר פאַרליבט. און אויף ריוולען איז ער בייז, פול מיט פאַראיבל. זי איז אַ פלאַטער־קאָפּ, אַ פלאַטקע־מאַכערין, אַ רכילות־ניצע. זי האָט אים שוין איינמאָל אָפּגענאַרט, אַנטלאָפן, אים אַרויסגעשטעלט

אַ פייג... איצט איז זי ווידער געקומען, ווידער אים צו גענאַרן און דערנאָך אַנטלויפן. און דעמאָלט וואָלט ער שוין געבליבן דער גאַנצער נאַר, צום געלעכטער...

ניין, ער וויל נישט מער. ער האָט שוין גענוג. און ר׳האָט נישט אויף איר קיין רחמנות אויך. וואָס זי האָט צוגעגרייט, זאָל זי אויפעסן... ער וויל זיך מיט איר מער נישט זען. זיך נישט איינהערן אין אירע רייד. אָפּגעהאַקט מיט איר — און פאַרטיק. ער וויל מלכהן!

פאַרזינקן אין זיינע געדאַנקן, האָט זיינוול נישט באַמערקט ווי דוד האָט זיך אָפּגעשיידט פון זיי, אַוועקגעגאַנגען. איצט איז ער געווען מיט די עלטערן אַליין. אין זייער וויטערן שפּאַנען זענען פאָטער און מוטער געווען אַריינגעטאָן אין זייער המשכדידקן שמועס. זיי האָבן גערעדט וועגן דער אויפנאַמע, וועגן יענער שטוב, וועגן יעדערן באַזונדער: מענדל, דאָס ווייב, די כלה, די עלטסטע שנור. די ווערטער זענען געפלאָסן פון זיך אַליין. דערגאַנגען צו זיינוולס אויערן.

— ווי מיינסטו קריינדל, האַ? — האָט יאַנקל געפרעגט ביים העכער געוואַקסענעם ווייב, וואָס איז נאָך אַלץ געווען מיט חידוש פון דאָזיקן הויז — ווי מיינסטו? זאָג.

— זיי זענען מיר אויס גאַנץ אָרנטלעכע מענטשן — האָט קריינדל געזאָגט איר מיינונג — נאָר די כלה האָט דאָך די גאַנצע צייט געשוויגן. קיין וואָרט נישט אויסגערעדט.

— וואָס ווילסטו האָבן. אַ מיידל, אַ יידיש קינד, שעמט זיך. און ביי דיר מיינסטו איז געווען אַנדערש? ביסט געזעסן, האָב מיר נישט קיין פאַראיבל, ווי אַ שטומע ציג, ווען כ׳בין געקומען דיך „שאָען״. האָסט שוין פאַרגעסן....

קאָן זיין. אַ מיידל איז דערשראָקן אין אַזאַ מאָמענט. קאָן נישט אַרויס־ברענגען דאָס וואָרט. און האָסט געזען ווי די עלטסטע שנור האָט זיך דאָס אַ ביסל געמענטשלט. זי האָט דאָס וואָרט ביי זיי, זעט אויס.

— זי איז אַ קלוגע, אַ ווויליטשקע. דער אַלטער האָט זי זייער גערן. האַלט פון איר אַ וועלט. און ער האָט זיך אין איר נישט גענאַרט. און זי האָט אויך ליב זיי די שוויגער־עלטערן. איז פאַראינטערעסירט אין אַלעם

פונעם הויז. זי איז אַריינגעוואַקסן אין זייער לעבן, ווי אַ לייבלעך־בלוט.

— מ׳קען זיך צו אַלעם צוגעוויינען.

— צו גוטס איז נישט שווער זיך צוגעוויינען. און דאָס הויז איז דאָרט אַ יוסט, אַ גוטס. מענטשן ערלעכע. אמת, אַ ביסל האַרבע, אָבער דערפאַר נישט קיין פאַלשע. דאָס וואָס זיי מיינען, זאָגן זיי און דאָס איז אַ גרויסע מידה. איך מיין אונדזער קינד, וועט זיך מיט זיי גוט איינלעבן.

זיינוול האָט ביים דערהערן דאָס, אינערלעך פולשטענדיק מסכים געווען.

צוגעקומען צום „סקרענט" (קרייץ־וועג), וואָס פירט אַרויף אויף זייער טראַקט, האָט זיינוול פּלוצעם דערהערט אַ הויכן סוויטש, אַזאַ מין סיגנאַל, איינעם און באַלד אַ צווייטן. ער האָט אַ ציטער געטאָן. געווען אים באַקאַנט. מיט פאַרזיכט זיך אומגעקוקט. געזען פון ווייטן שלייכן אַ שאָטן, נאָכגיין זיי אין פוסטריט, ווייזט עפּעס מיט די הענט, רופט אים. ער האָט אין סילועט דערקענט, ס׳איז ריוול. אַ קאַלט שלענגל האָט דורכ־געשלענגלט זיך זיין חוט־השדרה. אינסטינקטיוו מיט געשפּרייטער האַנט, געשאַרט אונטער זיך, צו ווייזן איר, זי זאָל אַוועקגיין. דער סוויטש האָט זיך איבערגעחזרט און דאָס מאָל נאָך העכער, רופנדיקער. זיינוול האָט געמאַכט אַ שפּרייז אויף פאַראויס. צוגענענט האַרט צו דער מוטער. זיך אַנגעהאַנגען אין איר אָרעם און דערמיט אָפּגעשניטן פאַר ריוולען, איר יעדער דערנענטערונג צו אים.

גיך זענען זיי צוגעקומען צו זייער הייזל. אַריין אין שטוב.

ריוול איז געבליבן שטיין אבל־וחפוי־ראש. אָפּגעקלאַפּט. אַליין מיט דער פינצטערניש. געווען איינזאַם און פאַרשעמט. איר פּלאַן איז דורכ־געפאַלן. זי האָט נישט געקענט צו אים צוקומען, זיך מיט אים אָדורכרעדן. אומזיסט געוואַרט אַזויפיל שעהן, זיך געפּלאָנטערט אין גאַס. און פאַרוואָס האָט ער איר דאָס געטאָן: זי אָפּגעטריבן, צוגעלאָפן צו דער מוטער? האָט ער בכוונה געוואָלט זי אויסמיידן? און אפשר זיך גאָר דערשראָקן? זי האָט נישט געקאָנט זיך דערקלערן די סיבה. נישט געקאָנט אויך איבער עפּעס זיך אָוועקרירן פון אָרט. מיט שטומען בליק געקוקט צו יענעם הייזל וווּ זיי זענען אַריין.

אַהיימגעגאַנגען איז זי אַ טרויעריקע, אַ באַליידיקטע. ס׳האָט געדריקט אונטערן האַרצגריבל. אונטער די אויגנדעקלעך האָבן געבריט טרערן. אַרייג־געקומען אין שטוב, איז שוין געווען שטיל (לעצטנס גייט מען ביי זיי פרי שלאָפן, איינצושפּאָרן ליכט, איינשטילן צו ביסלעך דעם הונגער, די מחשבות). זי האָט גאָרנישט גענומען אין מויל אַריין. די שלונג איז איר געווען פאַרטריקנט. אַראָפּגעוואָרפן מיט גיכקייט פון זיך די קליידער. אַריין אין בעט. זי האָט נישט געקענט איינשלאָפן. געוואָרפן זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער. געטראַכט אירע טראַכטענישן. געזוכט פּלענער. גע־קריצט מיט די ציין. באַשלאָסן: זי וועט דאָס נישט אַדורכלאָזן, ניין. זי וועט אָנעמען שריט. יאָ, זי ווייסט, וואָס זי האָט צו טאָן: מאָרגן אינדערפרי וועט זי אַראָפּגיין צו זיי אין הויף רעדן מיטן פאָטער. דערציילן אים וועגן דעם אַלעם אָפן. זאָל הערן און משפּטן. יאָ, זי וועט דאָס טאָן.

## קאַפּיטל זיבן
## ריוול איז מקיים איר צוזאָג

צומאָרגנס נאָך אַ שלעכט דורכגעשלאָפענער נאַכט, האָט ריוול זיך אויפ־געכאַפּט אַ מידע, נישט אויסגערוטע. געעפנט די אויגן, דערזען דאָס ליכט פון טאָג, זיך דערמאָנט אין נעכטיקן בילד אויפדערנאַכט און אין איר באַ־שלוס, און גלייך געוואָרן וואַכיק. דער ווילן דאָס אַדורכפירן האָט זיך אין איר נאָך מער געשטאַרקט. זי איז אַראָפּ פון געלעגער. געבערענגט זיך אין אָרדנונג. עפּעס איבערגעביסן און אַרויס פון שטוב. געלאָזט זיך אין דער ריכטונג ווו ס׳וווינען זיינוולס עלטערן.

גייענדיק איבערן וועג, האָט זי זיך איינגעחזרט איר טענה, אויס־געסדרט די רייד, זיי זאָלן אַרויסקומען קלוג, ערנסט מיט געוויכט; דער יושר זאָל זיין אויף איר זייט. געוועקט אין זיך נאָך ס׳ביסל פאַרבליבענע מוט, זיכערקייט, וואָס דאַרף זיין אַ גאַראַנטיע אויף אויסצופירן אַ זאַך מיט דערפאָלג.

אַריינגעשטעלט דעם ערשטן טריט אין ביקלשן הויף, איז זי געבליבן שטיין. זיך ווי דערשראָקן: וואָס גייט זי טאָן? איז זי שוין דערגאַנגען

צו אַזאַ מדרגה, זיך מבזה מאַכן צוליב אַט דעם ייִנגל? ס'האָט איר געוואָלט זיך צוריק אַרויסגיין, איבערטראַכטן, נאָכאַמאָל זיך מיישב זיין. נישט געקאָנט אָוועקרירן זיך פון אָרט: נישט אויף פאָרויס און נישט אויף צוריק.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט.

אין הויף איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטיקע באַוועגונג. ס'האָט געשפּרודלט מיט אַרבעט, מיט וואַכיקן אָטעם, אימפּעטיקן כוח: לעבן. פאַרכאַפּט אַ פרישע אַריינגעקומענעם מענטש, שוין ביי די ערשטע פּאָר שפּאַן. ריוול איז געשטאַנען ביים שוועל, באַטראַכט, באַוווּנדערט: אָט וואָס פאַראַ טעטיקייט, וואָס פאַראַ מונטערע קלאַנגען סע הערן זיך דאָ. זי איז דערפון שוין באַלד אָפּגעוווינט... ס'האָט איר צוגעשלאָגן צום האַרץ, די דערמאָנונג פון איר היים, פון זייער הויף. באַפאַלן געוואָרן פון אַ גרויסן אומעט. דערביי האָט דער ווילן, צו דערגרייכן איר פאַרלאַנג, פונסניי זיך אין איר געוועקט, געשטויסן צוגיין ווייטער, געמוטיקט: גיי, האָב נישט קיין מורא, טו וואָס דו האָסט אויף זיך גענומען. ווייז דיין קראַפט, דיין גערעכטיקייט! און דאָ דאַרף זיין דיין אָרט. און דאָ אַהער דאַרפסטו אַריינקומען. ווערן איינע פון זיי; אַ פאַרטונקענע אין דאַזיקן לעבן, אין דער דאַזיקער מי — פאַרגעסן אין אַלעם. גיי!

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון שוועל. אַריינגעשפּאַנט טיפער אין הויף.

יאַנקלען זיינוולס פאָטער, וועמען זי האָט געזוכט, האָט זי נישט געזען. צוגעגאַנגען צו איינעם פון דער משפחה, געפרעגט אויף אים. מ'האָט איר אָנגעוויזן אויף דער רעק־קאַמער: דאָרטן איז ער. זי איז אַוועק אַהין.

יאַנקל אַרומגענומען אין האַלב־לעדערנעם פאַרטעך, איז געשטאַנען ביים רעק־געשטעל, אויסגערעקט בלייזן. געטאָן די אַרבעט רואיק, מיט באַטירלעכער טעמפּאָ, ווי ס'טוט אַ רואיק גלייכגעוויכטיקער מענטש, וואָס ווייסט די מאָס פון יעדער זאַך, פון יעדער זיין טואונג. דאָס אויפעפענען מיט דער שאַרף פון רעקאייזן די פאַרקנוילטע, געקאַרטשעטע פאַרדרימלטע פעל, אויסציענדיק זי אין דער לענג און ברייט, האָט געמאַכט אויפשיינען פאַר די אויגן, אַ ליכטיק אויפגעלעבט לעדער, וואָס האָט געגעבן די הנאה פון שעפערישקייט, ווי דאָס אויסקנעטן פון פראָסטן ליים אַ שיינע

כלי אין טעפערס האַנט. אינעם גאַרבער־מענטש איז די הנאה פון שאַפן, שוין געלעגן אין זיין בלוט, אין זיין ירושה־אינסטינקט.

דאָס האַסטיקע זיך עפענען פון דער טיר, האָט יאַנקלען געמאַכט אָפּהאַלטן פון זיין טוען. ער האָט אומגעקערט דעם קאָפּ, דערזען ריוולען. ס'האָט אים גענומען וווּנדערן: וואָס עפּעס פּלוצעם? איר ענערגישער אַריינקום, ווי זי וואָלט געוואָרן פון־וואָס געטריבן, האָט די פאַרווונדערונג נאָך פאַרגרעסערט. ער האָט געלאָזט די הענט אַ מינוט רוען. געקוקט צו איר מיט שטום נייגעריקן בליק. זי האָט כמעט אויסגעשריען:

— ווו איז זיינוולע? איך וויל אים זען. איך וועל דערציילן אַלץ אָפן: איך וועל זיינוועלען נישט לאָזן פון מיר אַוועקנעמען. איך האָב אים ליב...

יאַנקל האָט געקוקט אויף דעם מיידל מיט שטוינונג. נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, אין וואָס עס האַנדלט זיך. ער ווייסט דאָך פון גאָר־נישט. געמיינט לכתחילה, זי האָט אַ טעות. זי איז אַריין אויפן נישט ריכטיקן אָרט. אָבער דאָס דערמאָנען כסדר זיינוולס נאָמען און די צע־פלאַמטע אויגן פון ריוולען, דער גלי אויף אירע באַקן, האָט אויסגעזאָגט ס'איז געשען דאָ אַן ערנסטע זאַך. דער שטראָם פון אירע ווערטער האָט זיך געשטאַרקט, געפלאָסן אימפּעטיק און מיטן דערציילן די געשיכטע צוגעשמידט דעם פאָטער, אויסצוהערן.

איצט האָט יאַנקל אָנגעהויבן ערשט צוביסלעך באַנעמען אין וואָס עס גייט. געעפנט די אויגן מיט גרויס חידוש פון דער אויסטערלישער מעשה און אויך אַזוי חידושדיק געזאָגט:

— אַ פּלא. כ'הער עס ערשט צום ערשטנמאָל. כ'האָב אינגאַנצן דערפון נישט געוווּסט.

— ער האָט נישט דערציילט, ווייל ער האָט זיך געשעמט. מיך אויך נישט געלאָזט מיט אייך דערוועגן רעדן. און איך האָב נישט געוווּסט צ'וועט שוין כאַפן, אַריינשלעפן אים אַהין דאָרטן אויף אַ זעעכץ...

— דער שידוך איז דאָך נישט אַ זאַך פון היינט, ריוועלע. ס'טוט זיך שוין אַ לענגערע צייט דערוועגן. גאָר אַ לאַנגע צייט — און דער פאָטער האָט געזוכט דערמיט צו פאַרענטפערן, איר טענה רואיק אָפּשלאָגן.

— זיינוועלע האָט מיר דערוועגן דערציילט. כ'האָב געוווסט. אָבער ער האָט מיר צוגעזאָגט זיין מיט מיר. נישט אַוועקגיין. און נישט געהאַלטן וואָרט.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס באַלד פון אים פאַרלאַנגט. ס'איז דאָך שוין געווען אַן איינגעפעדעמטע זאַך און צו שפּעט... — דער ביקל האָט עס געזאָגט מיט אַ ביסל תרעומות, אָבער מיט ווייכער שטים, זי איינצוגעמען.

— ס'איז נישט געווען צו שפּעט און ס'איז איצט אויך נישט צו שפּעט. ער איז מיט מלכהן נאָך נישט געגאַנגען צו דער חופּה — זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ העכער, זיך צעבליצט מיט די אָפּלען — איך וועל אים נישט לאָזן גיין צו דער חופּה מיט אַן אַנדערער...

יאַנקלען איז די געשיכטע מיט דער פאַרליבעניש פאַרגעקומען גאָר עפּעס מאָדנע און קאָמיש (איצט האָט ער ערשט באַנומען די סיבה פאַרוואָס דאָס ייִנגל איז אַרומגעגאַנגען אין די לעצטע טעג אַזוי צעטראָגן, צערודערט). ס'איז אים אגב־אורחא געווען אַ ביסל געפעלן די הייסע ליבעניש פון זאַמעס טאָכטער צו זיין זון. אַזאַ שידוך וואָלט געווען אַ בייעס פאַר דער היימישער גאַס, זיך צעקלונגען אויף גלעקער. אָבער איצט איז שוין צו שפּעט. ס'איז אָפּגעטאָן. פון איר צערייצטקייט, הייס רעדן, האָט ער יאַנקל פאַרשטאַנען, מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק, נישט נעמען עס לייכט. ער האָט געפּרווט זי איינשטילן. געזאָגט ווייך, כמעט פאָטערלעך.

— קודם באַרואיק דיך ריוועלע. וואָס איז דאָ זיך אויפצורעגן. ס'איז נישט אַזאַ געוואַלד. און זאָג אַליין, וואָס קאָן מען איצט טאָן?

— מען קאָן נאָך אַלץ טאָן. און איך וועל מיך נישט באַרואיקן, ביז איך וועל נישט הערן אַ צוזאָג. און וווּ איז זיינוועלע? זאָל ער אַהער אַריינקומען. זאָגן עדות מיר אין די אויגן.

— ער איז אין שטוב. ער קומט גלייך אַהער אַריין. ער העלפט מיר צו דאָ אין דער אַרבעט.

דער פאָטער האָט קוים באַוויזן אויסרעדן די ווערטער, ווי די טיר האָט זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען זיינוועלע.

דערזעען ריוולען, איז אויף זיין פּנים אַרויף אַ שטאַרקע בלאַסקייט.

געוואָרן דערשראָקן. אָפּגענומען פון יעדער באַוועגונג. נישט געקענט זיך אָוועקרירן פון טיר, נישט אַרויסברענגען ס׳וואָרט פון מויל. ריוול האָט זיך פאַרקוקט אויף אים. געזען זיין דערשראָקנקייט. עפּעס האָט זיך אין איר אַ ריס געגעבן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין די אַרבעטס־קליידער. די הויזן פאַרגומען מיט אַ רימענדל, די אַרבל פון דער בלוזע פאַרשאַרצט ביז איבער די עלנבויגנס. דאָס האַרץ אָפּגעדעקט, פון ווו ס׳האָט אַרויסקוקט זיין יונג שיינענדיק לייב. סע האָט פון אים געשפּראָצט מיט געזונטער ביקלשער קראַפט, מיט יונג־בחורישער אויפגעבליט לעבן. ריוולען זענען די אויגן פאַרגאַנגען ווי אַ ליכט־שטראָם וואָלט אין זיי אַדורך, פאַרבלענדט. זיי פאַרמאַכט. צוריק געעפנט. דער צער פון פאַר־לירן דאָס בחורל, איז איר אין דער מינוט געוואָרן נאָך גרעסער און ווייטיקדיקער. זי האָט אַ שפּרייז געטאָן צו אים נאָענטער, שיער נישט אַרויפצופאַלן. מיט פאַרשטיקטער שטים אויסגערופן:

— זיינוועלע!

דער פאָטער האָט באַמערקט ווי דאָס יינגל טרייסלט זיך. ציטערט ממש. געוואָלט אים אַרויסהעלפן. מיט געשטרעקטער האַנט אים גע־רופן צו זיך.

— קום אַהער זיינוועלע צו מיר. וואָס שטייסטו דאָרטן אַזוי דערשראָקן.

— ווייל ער האָט מיך דערזען און ער פילט זיך שולדיק — איז ריוולס קול געקומען אין ענטפער ווי אויפווייזן איר אמת.

זיינוול האָט גאָרנישט געזאָגט. נאָך אַלץ נישט גערירט זיך פון אָרט. געקוקט אויפן טאַטן, געקוקט אויף ריוולען און מיט אַלץ מער שטאַרקער פאַרווירונג. שווער געווען אים עפּעס צו זאָגן.

— ס׳איז וואָר וואָס ריוול דערציילט, עץ קענט זיך שוין פון לאַנג. אין די אָוונטן שפּאַצירט, צוגעזאָגט מיט איר חתונה האָבן? — האָט דער פאָטער באַזאָכט געפרעגט, צו מאַכן דעם יינגל באַריידעוודיקער.

ווי די וואָנט ענטפערט נישט, האָט זיינוול נישט געענטפערט.

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט. איך פרעג דאָך דיך — האָט דער פאָטער איבערגעחזרט — ענטפער מיר. באַרואיק דיך. ס׳איז אמת?

— יאָ. — איז געקומען אַ ציטערדיק אָפּגעהאַקט וואָרט.

— פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל דערוועגן נישט דערציילט?

— כ׳וויס נישט... — און זיין קול שיער נישט צום צעוויינען זיך.

דער פאָטער האָט געזען דעם ייִנגלס אויפרעגונג, זיין געוואַלדיקער צעשטרייטקייט. געזען ס׳וועט פון דעם גאָרנישט אַרויסקומען, פון אים גאָרנישט דערגיין. געהאַלטן בעסער אים אָפּלאָזן. ער וועט מיט ריוולען אַליין אַדורכרעדן. געהייסן אים אַריינגיין צוריק אין שטוב.

— גיי אַריין אין שטוב זיינוועלע. איך וויל מיט ריוולען עפּעס איבערעדן.

זיינוול איז אַרויס ווי אַ ווינט, לאָזנדיק אויפגעפּראַלט די טיר. יאַנקל איז צוגעגאַנגען זי צוריק פאַרמאַכט. אָוועקגעלייגט אויף אַ ווייל דאָס רעקאייזן פון האַנט, און באַטראַכטנדיק אַ סעקונדע דאָס מיידל, אָנגע־הויבן צו איר רעדן פאַרנונפטיק, ווייך, מיט גוטע רייד, ווי צו אַן אייגן קינד.

— זעסט אַליין ריוועלע אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך, ווי ער איז דערשראָקן. אין אַלגעמיין איז ער נאָך אַ ייִנגל. האָט נישט קיין פעסטע דעה. צוואָס טויג דיר די מחלוקה, צוואָס ריוועלע? גלייב מיר, וועסט קריגן אַן אַנדערן, אַ מער דערוואַקסענעם, אַ בעסערן, אַ פּאַסיקערן פאַר דיר, גלייב מיר...

—איך וויל נישט קיין אַנדערן. קיין בעסערן, קיין פּאַסיקערן, איך וויל זיינוועלען — האָט זי איבערגעריסן שוין ביים אָנהויב, האַלטנדיק זיך ביי ס׳איריקע.

— וואַרט צו. לאָז מיך אויסרעדן. דאָס בלוט איז ביי דיר איצט אויפגערעגט, מיינסטו סע מוז אַזוי זיין. אויף דעם שטייט די וועלט. אָבער אין אמתן איז נישט אַזוי. וועסט זיך אָפּקילן, באַטראַכטן, וועסטו זען, איך בין גערעכט. און ס׳איז דאָך נישט קיין קינדערשפּיל, מ׳זאָל איבעררייסן אַ שידוך וואָס מ׳האָט שוין אָפּגעשלאָסן. איך האָב מיט די מחותנים זיך געגעבן די הענט.

ריוול נישט איינשטייענדיק אויפן אָרט, בייטנדיק פון אויפגערעגטקייט די פיס אין אומגעדולד ווי אַ בושל ווען זי גרייט זיך צום אָפּפליען, האָט געוואָלט איבערהאַקן, אָפּענטפערן. יאַנקל האָט נישט געלאָזט. מיטן ווייז־פינגער זי אָפּגעהאַלטן. ווייטער פאַרגעזעצט:

— ... מיינע רייד זענען נישט סתם געזאָגט, געוואָרפן אין דער לופטן. דאָס וואָס כ׳זאָג דיר איז ערנסט, פון טיפן האַרצן. און איך זאָג דיר ווידער אַמאָל: דו האָסט נישט וואָס איינצולייגן וועלטן. וועסט קריגן אַ חתן דעם שענסטן. ביסט אַליין יונג, שיין, אינטעליגענט, אַ לעבעדיק מיידל. יעדער בחור וועט דיך וועלן, זיך לאַשטשען אויף דיר. ער זיינוועלע איז אַ צו שטיל ייִנגל און ער דאַרף האָבן אַ פּשוט מיידל, זיינסגלייכן ווי ס׳איז טאָקע די מלכה. מיט אים וואָלט דיר סייווי געווען שווער (ס׳וווּנדערט מיך אַפילו, וואָס דו האָסט זיך אים אָפּגעקליבן). נאָך דער חתונה ווערט מען מיוּשבדיק, ניכטערער און קלוגער. מ׳זעט אַלץ אַנדערש. און אַוודאי אויך די חסרונות. גלייב אין מיינע רייד. כ׳מיין עס פאַר דיין גוטן. יעדעס טעפּל דאַרף האָבן זיין שטערצל...

—דאָס וואָלט נישט געווען קיין מניעה. איך וואָלט אים צוגעלערנט. ער איז אַן אינטעליגענט ייִנגל פון געבוירן. האָט אַן איידל האַרץ, אַן איידעלע נשמה און איך וויל זיינוועלען — ריוול האָט זיך אַלץ נאָך געעקשנט, נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר פאַרלאַנג, נישט נאָכגעבן.

יאַנקל האָט געהערט אין איר קול ווידערשטאַנד, אַנטשלאָסנקייט, אָנגעזאָפּט מיטן טאָטנס תקיפות: דאָס נעמען אויף זיך. ס׳איז אים אין פלוג אַדורך אין געדאַנק, די שטילע קלאַנגען וואָס טראָגן זיך וועגן זאַמעס הויף. גרייט געווען צו פרעגן. זיך אָפּגעהאַלטן. ער דאַרף עס נישט טאָן. דערביי האָט ער געטראַכט, ווען ער זאָל נישט זיין שוין פאַרבונדן מיט מענדלס הויז, וואָלט אים אַפילו געחנפעט, געווען אַ כבוד צו האָבן זאַמע שאַרפשטיין פאַר אַ מחותן. ריוול וואָלט געווען אַ שיינע כלה, שפּעטער אַ שיינע שנור, געהאַט מיט וועמען זיך פאַרצושטעלן: אַ באַשיינונג. אָבער איצט קען מען שוין גאָרנישט מאַכן. געגעבן אַ וואָרט און דאָס איז הייליק.

דער רחמנות האָט אים יאַנקלען דאָך אַ ביסל אַנגענומען ביים האַרצן פאַר דעם מיידל און נאָכאַמאָל זיך צו איר געוואַנדן מיט פאָטערלעכע האַרציקע ווערטער.

— כ׳גלייב האָסט מיך פאַרשטאַנען ריוועלע. ביסט דאָך אַ קלוג קינד, אַ חכמה. פאַרשטייסט אַליין: געמאַכט אַ „וואָרט״, געגעבן זיך די הענט און דאָס מוז מען אָפּהיטן. חלילה נישט פאַרשוועכן. און איך בעט דיך

דו זאָלסט זיך באַרואיקן. נישט פאַרשטערן זיך, און אים. זאָלסט נישט אומרואיק מאַכן דאָס ייִנגל. און טו אָפּ דעם עגמת־נפש פון דיין האַרץ. דאָס וואָס ס׳איז דיר אויפגעלייגט, וועט קומען און מיט ברכה. מיט זיינוולען איז נאָר געוועזן אַ קינדערשע זאַך, אַ ייִנגל־מיידל שפּיל. און ס׳איז שוין פאַרביי. מ׳קען עס מער נישט צוריק ברענגען. און גאָט וועט דיר העלפן, דיר צושיקן דיין ריכטיקן באַשערטן און וועסט זיין גליקלעך. וועסט זען, כ׳ווינטש עס דיר פון טיפן האַרצן, טייער קינד. ביסט ווערט דאָס גוטע, אַלדאָס־בעסטע.

ריוול איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, אַן אומבאַהאָלפענע, אַראָפּגע־קלאַפּט פון מוט. געזען איר ווידערשטאַנד לעשט זיך אויס, ריינט אָפּ, ווערט שוואַך. זי האָט פאַרשפּילט. געווישט די טרערן פון אירע אויגן. יאַנקלס פאָטערלעכע האַרציקע ווערטער, האָבן אַרויסגעצויגן דאָס לעצטע ביסל ווינט פון אירע זעגלען, געלאָזט זי מאַכטלאָז, איר איבערצייגט, זי וועט שוין דאָ גאָרנישט אַנדערש מאַכן, מיט גאָרנישט ענדערן — ווייל דאָס זענען מענטשן וואָס אַ וואָרט איז ביי זיי הייליק. געזען, זיינוועלע געהערט נישט מער צו איר. דאָס אויסגעהאָפטע גליק, דער „אויסגעהאָפטער האָפן", איז אַרויס פון אירע הענט.

זי האָט אויסגעווישט די פייכטע וויעס. מער גאָרנישט גערעדט. אָפּ־געטראָטן פון אָרט. אָפּגעמורמלט שטיל דעם „גוטן טאָג". אַוועקגעגאַנגען.

אין דרויסן האָט זי צו זיך געזאָגט: „האָסט פאַרשפּילט די מלחמה, ריוול. פאַרשפּילט!"

## קאַפּיטל אַכט
## די ערשטע שפּאַלטן

ס׳זענען געגאַנגען די וואָכן חדשים. אַריינגעצויגן זיך אין הערבסט, אין ווינטער. צוריקגעקומען דער זומער, די אָפענע וועלט. די גאַרבער־גאָס לעבט, פילט זיך מונטער. פרייט זיך מיטן געזונט, מיט דער אַרבעט, מיט דער היים, מיטן דאָ־זיין. ס׳איז טאַקע שווער, די האַרעוואַניע גרויס, אָבער זיס: מ׳קען דאָס שטיקל ברויט עסן ביים אייגענעם טיש, געבערענגט פון

אייגענער האַנט; מען געפינט זיך אין אייגענער שטוב, צווישן די היימישע מענטשן, מיט גרעסערער משפּחה; קינדער שוין אויסגעגעבענע און נאָך אונטערוואַקסנדיקע, ווו מ'וואַרט אויף פרישן נחת. דערצו ערשט, דאָס גע־אייניקטע שותפות פון אַלע הייף: איין־האַנט. מען דאַרף נישט זאָרגן וועגן מאָרגן. נישט הערן קיין טאַדלונגען פון סוחר, נישט מורא האָבן פאַר דער קאָנקורענץ. נישט ציטערן פאַרן פרייז. אַלעמענס סחורות ווערן אויס־פאַרקויפט. נישט — קריגט מען נישט קיין פרישס.

איז דאָך גוט. נישטאָ וואָס זיך צו קלאָגן, וואָס צו ביאַדעווען. דאַרף מען זיך פרייען.

און דאָך איז נישט געווען אַזוי גוט, עפּעס האָט וויברירט אין דער לופט. געלאָזט שפּירן באַהאַלטענעם אַפּציטער אויף דער אויבערפלאַך פון באַדן, וואָס האָט געגעבן אומרואיקע סימנים, אַנגעזאָגט ענדערונג.

אויסערלעך האָט מען נאָך דערוויילע נישט אַזוי דערקענט. ס'האָט געדאַכט אַלץ גייט כשורה: דער גאַרבער ברענגט די סחורות אויף דער פאַרקויף־שטעלע. קריגט אויף־דער־האַנט ערשטן „פאַרשוס". שפּעטער דאָס פולע געלט פאַר די איינגעלייזטע לעדערס. ווידער אַרבעט מען אויס פרישס, און ווידער ברענגט מען, און פונסניי פאַרקויפט מען; דאָס ראָד דרייט זיך.

יאָ, דאָס ראָד דרייט זיך. אָבער אינמיטן בעסטן האַקט זיך אָפּ אַ ציינדל און ט'נעמט סקריפּן, סיקען...

אין גאַרבער־האַרץ האָט געפּיקט אַ מיק, געזשומעט, נישט געלאָזט הנאה האָבן פון דער דערגרייכטער פּרוכט וואָס האָט געקאָסט אַזויפיל מי און שווערע טעג עס אויפצובויען. דעם גאַרבער האָט אָנגעהויבן קווילן פאַרשידענע קוויילענישן, אויסדאַכטענישן. געמאַכט וועקן אין אים אומ־צוטרוי, חשד: מען גענאַרט. אַנדערע לייגן זיך אָן דעם בייטל, ווערן גרעבער און ברייטער... באַרייכערן זיך, קריגן פעטע קעשענעס און אויף וועמענס חשבון, האַ?

צו דעם נאָך, איז אים אויף פּלוצלינג עפּעס ליידיק געוואָרן די וועלט; פאַרלוירן די צאַפּלעניש, די שפּאַנונג וואָס איז ביי אים געוואָרן אַ צווייטע נאַטור, שוין נישט געקאָנט זיך אָן דאָרין באַגיין. נישט לעבן.

פריער ווען ס׳פלעגט זיך שטעלן דער פארקויף־טאג, די „פרעמדע״ האבן באדארף קומען איינקויפן די סחורות, איז דער גארבער־באלעבאס אריין אין צאפלדיקן געמיט, אין געשפאנטן אויסווארטן, אין א מין טראנס; עפעס האט אים ארומגענומען אזא אומרואיק פריילעכע גרייטונג פאר די קומענדיקע שעהן, פארן זיך שטעלנדיקן טאג. ער פלעגט אויפשטיין דעמאלט פריער פון אלעמאל. איבערגעקוקט די פארטיקע ארבעט. אויסגעגלעט, אויסגעגלייכט, איבערגעווישט. איינגעלייגט שיין אין די „טעכערס״, ס׳זאל אויסקומען ריין, גלאטיק, לייטיש פארן אויג. געזאגט תפילה אין הארצן. געבעטן גאט אויף הצלחה, אויף גוטע קונים, אויף גוטן פדיון.

פלעגט ער אויך שוין פון מאל־צומאל, צו לויפן אין זיין אומגעדולד, צום פענצטער. שטעלן זיך אונטערן פוירהעגנגל, א בליק טאן צום דרויסן: זען ווו די סוחרים פארקערן, צו ווען זיי גייען אריין, פון וואנען ארויס און דערביי זיך צוהארכן צו דער אייגענער טיר. ביים דערהערן די טריט ביי זיין שוועל, האט ער געפילט ווי דער פולס נעמט האסטיקער קלאפן. אונטערן הארצן הייבט זיך. צוגעגרייט אויף די ליפן דעם הויכן „גוט־מארגן״. אריינגעפירט דעם גאסט אין שטוב, אוועקגעזעצט אים מיט כבוד ביים טיש. איצט ערשט די הכנות: דאס אפערציען די פעקלעך לעדער פון זייער באהעלטעניש, אויסשפרייטן זיי פארן סוחר; די דינגענישן, רייסן זיך אין פרייז, אראפלאזן, צוגעבן, גרייט יעדער מינוט צוריק פאר־שטופן ס׳פעקל אונטערן בעט, און ענדלעך דאס אדורכקומען, דערלאנגען זיך די הענט. זען ציילן דאס געלט אויפן טיש, עס צונעמען, באגלייטן דעם אפנעמער צום טיר מיט ברכות און ווינטשעוואניעס. שפעטער אויס דאנקבארקייט צום באשעפער אין הימל, פאר זיין חסד, אראפלאזן אפאר גראשן אין ר׳ מאיר בעל־הנס־פושקע און אליין פארטרינקען מיט א גוטע כוסה פון עכטן פינפביינציקער, שטארקן דאס הארץ...

הכלל, ס׳איז געווען וואס צו טאן. ממש א שטיק צאפלדיק לעבן.

היינט איז דאס אלץ נישט געווען. ס׳איז געווארן געמיטלעך און לייכטער (דערפאר אבער אלע טעג גלייך...). און א גארבער־ייד איז נישט געווען געוווינט, ס׳זאל אים זיין לייכט. און דאריבער האט עס אים אויס־געזען שווער. א סך שווערער פון פריער. ממש געליטן.

דאָס איז איינס.

געווען נאָך אַ סיבה און אַן עיקרשטע: די פּלוצלינג אָנגעשטאָנענע העצע, אויפגעוועקטע קנאה, שטילע מורמלערייען אין גאַס. מ׳האָט נישט געוווּסט פון ווו־און־פונוואַנען דאָס האָט זיך גענומען. אָט האָט זיך אָנגע־טראָגן אַ שעפּטשעריי אויפן אויער: מען געגנאַרט. די וואָס שטייען ביי דער „קאַריטע" פּאַשען זיך אָן די בייכער, פילן אָן די קעשענעס, קריגן פולע אויסגערונדיקטע פּיסקעס און פאַר די איבריקע לאָזט מען איבער די מאָגערע ביינער... זיי די קאָמיטעטניקעס האָבן דאָס געשאַפן, שוין גאָר־נישט פון מצווה־וועגן, נאָר פאַרן אייגענעם נוצן, פאַרן אייגענעם געברויך... און אַז מען זוכט, געפינט מען. האָט מען שוין אויסגעפונען: אַז אָט דער פון קאָמיטעט, האָט זיך גאַנץ נישקשהדיק אַרויסגעהאָלפן. זיך אונ־טערגעפיטערט, פעט געמאַכט... יענער ווידער, האָט זיך אויך נישט פאַרדאַרבן דעם מאָגן, אַרויסגעהאָלפן זיך און די קרובימלעך... אַליין טרונקט מען די סמעטענע און פאַר די איבריקע לאָזט מען איבער די פּוטערמילך... און אויף וועמענס קאָנטע, האַ?

צוגעגאָסן אייל צום פייער, האָבן אויך די סוחרים, די אַפּנעמערס. זיי האָט דאָס שותפות שוין גאַרנישט געשמעקט, נישט געקאָנט עס פאַר־דייען. דער סינדיקאַט איז זיי געווען אַ דאָרן אין אויג. קודם, דאָס דיק־טירן זיי פּרייזן. צווינגען צונעמען אַלע „פּלאַכטעס", אַלע באַוולען, נישט לאָזן דערביי צומאָל אַפילו טאַדלען, זיך דינגען. און וואָס ס׳האָט זיי נאָך אַמיינסטן אויפגערעגט: דאָס מאַכן פאַרביטן פאַר זייערע פּיס, איבער־צוטרעטן אַ גאַרבער־הויף. פריער האָט ער זיך געקאָנט פראַנק און פריי באַוועגן אומעטום, אויסקלייבן וואָס ער האָט געוואָלט, געווען אים צום געפעלן, געפינען פאַר פּאַסיק. אין יענע טעג האָט ער געקענט אויך אָנ־טרעפן ווו אין אַ גאַרבעריי אַ פּאַרטיע געפעלערטע סחורות. (געשען אַ מכשול אין גאַרב, אָדער אין קאַלך), פאַר וועלכע מ׳האָט שוין באַצאָלט אַ האַלבן פּרייז, זיך דערביי גוט אויסגעשלאָגן די הוצאות... און אַנדערש מאָל בשעת־הכושר, האָט מען אויך דאָס רעיעלע, אַ גוטן קוועטש געטאָן אין מקח. הקיצור, ס׳האָט זיך געלאָזט גיין אַ גאַנג...

היינט — אַ תפיסה! האָבן זיי די סוחרים טאַקע נישט געקענט

אַראָפּשלינגען דעם ביטערן ביסן. זיך געפּילט באַליידיקט, באַ׳עוולט ביז גאָר. צוגעקלערט תחבולותן ווי אַזוי צעניִשט מאַכן, אָפּרוימען דאָס מיאוסע „באַשעפעניש״ פון דער וועלט, אונטערגראָבן דאָס שותפות. געזוכט עס טאָן מיט כלערליי מיטלען: אונטערגעטראָגן סודותלעך, רכילותן דעם גאַרבער אויפן אויער; אין דער שטיל געהעצט, געזייעט פּרוד צווישן דער גאַרבער־מחנה; אונטערגעבלאָזן דעם פּלאַם, מורד צו זיין אין קאָ־מיטעט, אויפרייסן דעם סינדיקאַט, דאָס שותפות.

זיי די גרויסשטאָטישע, פּיפּיקע לייט, האָבן גוט געקענט די טבע פון גאַרבער־מענטש, זיין קאָנסערוואַטיוון כאַראַקטער, זיין נטיה אויף חשדים, זיין טוליען זיך צום אייגענעם ווינקל, צו דער אייגענער שוועל; זיין באַגער צו זען דאָס געלט געציילט אויפן אייגענעם טיש, נישט באַהויכט פון פרעמדע אויגן... געוווּסט אויף וואָס זיי קענען שפּילן און טאַקע געשפּילט.

האָט פּלוצעם, נישט־מיר, נישט־דיר, גענומען זיך יאָווען באַקאַנטע מענטשן (אונטערגעשיקטע שליחים) אין היימישע שטיבער. דערציילט פּאַר די שטוביקע, מעשיות איינע שרעקלעכער פאַר דער אַנדערער, ממש גרוילן: מען גנבעט, מען שלעפּט. דער קאָמיטעט גיט זיי אַ קיכל אָבער פול מיט סם... זיי וועלן אַרויס פון דעם געשעפט בדלות, אָן הויזן. זיי וועלן שפּעטער דערזען... צומאָל האָט אַזאַ סוחר געפּרוּווט אויף דער אייגענער האַנט עפּעס אויפטאָן: געקומען זיך אַראָפּצושפּאַצירן אין גאַס. געגאַנגען סתם, אַזוי זיך. ער מיינט גאַרנישט. וויל נאָר אַ ביסל זיך אַרומ־קוקן, זען אַ היימישן מענטשן. אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן באַלעבאָס, זיך געפרייט: אַ־אַ, גוט מאָרגן. וואָס מאַכט מען, וואָס הערט זיך ווי גייט עס מיטן געזונט, וואָס מאַכן די קינדער, וואָס מאַכט ס׳ווייב? צו דער גוטער לעצט, מיט אַ דין שמייכעלע: „און די סחורות פירט מען אַהין אין סקלאַד, האַ?״ נו, יאַ, פאַרשטייט זיך מ׳פירט אַהין, קומט דער ענטפער פונעם באַלעבאָס. „אָט דער פאַרשטייט זיך, דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן...״ לאָזט דער פרעמדער אויס שוין מיט אַ באַדויערנדיק זיפצל. דער גאַרבער קוקט אים אָן. ס׳ווערט אים אויפפאַלנד: וואָס איז, איר ווייסט עפּעס? „כ׳ווייס גאַרנישט. כ׳זאָג נאָר מע גייט מיט פערד־דעקעס

פֿאַרשטעלט די אויגן און מ׳זעט נישט ווייטער פֿון דער אייגענער נאָז..."
און דאָס שמייכעלע ביי דעם גרויסשטאָטישן שפּיזלט זיך אויס נאָך
סודותדיקער און מסוכנדיקער, אַז ס׳קען אַריינוואַרפֿן דעם שטאַרקסטן
מענטש אין צווייפֿלעניש. יעגער לאָזט זיך ווייטער גיין אין זיין שפּאַציר.
ער האָט גאָרנישט געמיינט...

דער גאַרבער־מאַן, אָן דעם אויך מיט אַ פּיקעניש אין האַרצן, נעמט
דערנאָך אַריינקלערן, אַריינטראַכטן, אויסטייטשן די רמזים. קומט צום
אויספֿיר, אַז דער סוחר, זיינער אויך אַ קונה, וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט,
מיט אים גערעדט, ווייסט יאָ עפּעס און אפשר גאָר וויכטיקס. סע נעמט
אים היצן, הייבן, טרייבן. לויפֿט אַריין צום שכן אָפּדערציילן, איבערגעבן
דעם פֿרעמדנס רייד. און אויך אים דעם שכן ווערט די מעשה פֿאַרדעכטיק,
נישט צום געפֿעלן. מען הייבט אָן זיך דערמאָנען, אַז אין לעצטנס איז
טאַקע עפּעס גאָרנישט אין אָרדענונג: מען טיילט חלקים... ווּעמענס
לעדער ווערן געשטעלט מיט העכערע פּרייזן (כאָטש זיי זענען גאָרנישט
אַזוי איי־איי...), ווּעמענס נידעריקער; די הויפּט־קעפּ פֿון קאָמיטעט רוקן
אונטער פֿאַר זיך גרעסערע קוואָטעס, גאַנצע פּעק, מיט אַ סך מער גרעסערן
ריווח. זיי גיבן אויך פּריווילעגיעס זייערע נאָענטע קרובים. און אויף
ווּעמענס חשבון, האַ? אויפֿן רבס? ניין, אויף זייערער. מען מוז אַריינ־
קוקן אין דער זאַך טיפֿער. זען וואָס דאָרט שטעקט.

ס׳האָט געפֿירט צו רעדערייען, געמורמלעריי, צו נייער מחלוקה.



אין דער ביקלשער געסט, איז אין די טעג אויך אַריינגעטרעטן אַן
אויפֿרודערונג. קלאַנגען, זאָגעכצן, ברומעניש, האָבן אויך דאָ אַהער גע־
גרייכט, אַריינגעדרונגען אין די אויערן, געפֿונען אָפּהילך. אין אַלגעמיינעם
טומל, האָט מען זיך גענומען אויך דערמאָנען אין אייגענער אומצופֿרידנ־
קייט, פּרעטענסיעס; געדענקט אַז נאָך די ערשטע וואָכן נאָרמאַלער
פֿירונג: ברענגען דאָס פֿאַרטיקע אין סקלאַד, קריגן רויעס צום ווייקן,
שפּעטער ס׳פֿולע געלט און צוגרייטן די נייע נאָרמע צו דער צייט —
האָט איצט אָנגעהויבן עפּעס אונטערהינקן, זיך האַמעווען. די רויע פֿעלן
טיילט מען נישט מיט דער פּינקטלעכקייט. מע פֿאַרשלעפּט מיטן פֿאַרקויפֿן

דאָס פּאַרטיקע און דאָס קריגן מזומן אין האַנט אַריין, אויך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

האָבן טעג זיך גענומען איינקאַרטשען און נאָך אַ געוויסע צייט איז אָוועקגעקומען אַ טייל פאַרדינסט (אַזוי האָט לפּחות זיך שוין אויסגעדאַכט). די ביקלעך צוגעוווינט צו אַ רעגולערן סדר אין זייער אַרבעט, אין דער פּרנסה, וואָס איז געגאַנגען תמיד ווי אַ גוט איינגעשטעלט געווערק און דערצו ערשט די שטילע באַהאַלטענע בענקעניש נאָך זייערע קונים, צום אייגענעם האַנדל און אַנגעשטעקט מיט די אַלגעמיינע ברומענישן, פאַרדאַכטן — האָבן אויך זיי זיך אַנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם כאָר: ס'איז אַ מקח־טעות, אַן אויסגעקרומט פּאַס...

דער רושם האָט זיך ביי זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט, מיטן דערשיינען פון זייער הויפּט־קונה, מרדכי ברויטמאַן, דער שטענדיקער אָפּנעמער פון זייערע סחורות און וועלכער איז הייגט אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזער מיט טענה: זיי מאַכן אים אומגליקלעך, פאַר אויס סוחר. זיין פאַרקלאָגן זיך, האָט זיי אַריינגעבערענגט ממש אין פאַרלעגנהייט, אין פאַרשעמונג. געמאַכט זיי זאָלן אין זיין קייגנוואַרט אַראָפּלאָזן פאַרשעמטע בליקן צו דער ערד.

מרדכי ברויטמאַן איז געווען אַ היגער איינוווינער, אַ בכבודיקער מענטש, אַ שותף צו די לאָדזשער סוחרים — אַן אָפּנעמער אַלע יאָרן פון זייערע די ביקלשע סחורות. ברויטמאַן איז מיט זיי געשטאַנען אין ענגן האַנדלס־קאָנטאַקט און מיט גרויסער רעיעלקייט; צומאָל אָפּגעקויפט די פּאַרטיע נאָך אין פּאַס, אָדער ביים אָנהייב אויספּאַרטיקן, אויף בלינד, אויפן בלויזן וואָרט. זיי האָבן געהאַט צווישן זיך קייגנזייטיקן צוטרוי. געגלייבט איינס דאָס אַנדערע און תמיד גוט אויסגעקומען. געווען געבונדן כמעט מיט פערזענלעכער פריינטשאַפט, אַזוי אַז ס'איז נישט געווען דאָסמאָל, ס'זאָל פאַרקומען אַ שמחה, מ'זאָל זיך נישט פאַרבעטן, קומען, ברענגען מתנות, מיטפרייען זיך. ביי די ביקלעך איז עס געווען אַן ערע און ס'האָט געטראָפן ביי זיי שוין עפּטערס אַזעלכע פאַמיליע־שמחות.

ווען ס'האָט זיך איינגעשטעלט דאָס שותפות און ביי די ביקלס איז מער נישט געווען מעגלעך צו באַקומען קיין סחורה, האָט ברויטמאַן דאָס

נישט איבערגעטראָגן, נישט געקאָנט איינרוען; אָפּטערס זיך באַוויזן, געבונטעוועט, געהאַט טענות, פֿאַרגעוואָרפֿן: זיי באַגייען זיך מיט אים גאָרנישט ווי געהעריק, גלייך ווי מיט אַ פֿרעמדן; אַוועקגעשטעלט אים, אָפּגעשטויסן. און ווער ווייסט, צי ס'וועט נאָך קומען אַמאָל צוריק צו זייער פֿריערדיקער פֿאַרבינדונגען. און יאָ, פֿאַרוואָס האָבן זיי אים דאָס געטאָן?

ער, ברויטמאַן האָט בשום־אופֿן נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זייער אַרבעט און דירעקט זי באַקומען פֿון זייערע הענט. ברויטמאַן ווי אַ דערפֿאַרענער סוחר, וועלכער ווייסט וואָס אין טעפּל קאָכט זיך און וויסנדיק די קלאַנגען אויף די קאָמיטעט־לייט, אַז זיי לעקן אָפּ דעם האָניק — האָט געפּרוּווט ווירקן אויף זיי מיטן דאָזיקן געוועור. געגעבן זיי צו פֿאַרשטיין מיט קלאָרן אויפֿווייזן, דעם פּשוטן חשבון אויף וואָס דאָס שותפֿות שטיצט זיך: אויף שווינדל, אויף אָפּנאַרעריי. וואָרעם ס'איז דאָך צו פֿאַרשטיין מיטן פּראָסטן שכל, אַז די פּ ע ט ע וועלן נישט גיין צוזאַמען מיט די מ אַ ג ע ר ע סתם אויף בחינם; זיי אַנקאַרמענען, אַן דעם זיי זאָלן נישט האָבן זייערע אייגענע נוצן, זייערע פּראָפֿיטן. און דאָס האָבן זיי די קאָמיטעטניקעס אין דער גרויסער מאָס. דאָס קאָן ער אַפֿילו שווערן ביי אַ הייליק ספֿר. עס אויפֿווייזן אויך.

אָבער אַז ס'איז אים נישט געלונגען די ביקלשע האָרעפּאַשנע און ביז־גאָר ערלעכע מענטשן איבערצורעדן, האָט ער גענומען אַנווענדן נאָך אַן אַנדער מיטל, אָנרייצן מיט בעסערע פּרייזן, מיט גינסטיקערע באַדינ־גונגען, געבן געלט פֿאָראויס. ס'האָט אים אין דעם אויך נישט אָפּגעגליקט. די ביקלס האָבן נישט געוואָלט ברעכן זייער וואָרט וואָס זיי האָבן געגעבן דעם קאָמיטעט. אים אַוועקגעלאָזט מיטן ליידיקן.

אַנומלטן איז ער מרדכי ברויטמאַן ווידער דערשינען. אַראָפּגעקומען צעטראָגן, צעשטרייט, אויפֿגערעגט. אַריין צו איטשען דעם עלסטן פֿון די ברידער און מיט אייַלעניש, געבעטן צוזאַמענגרופֿן ס'קרענצל, ער וויל עפּעס זאָגן. צוזעצנדיק זיך צום טיש, האָט ער פֿון אויפֿסניי גענומען פֿאַר זיי אויסלייגן זיינע תּביעות, פּרעטענסיעס. גערעדט צו זיי ווי אַ פֿריינד, אַ קרובֿ, אַן אייגענער, אַ שטענדיק געטרייער אָפּנעמער; גע־

רעדט צו זיי אויך האַרב ווי אַ האַנדלסמאַן וואָס פאָדערט זיינע רעכט און באַלד ווידער ווי אַ לייבלעכער משפחה־מענטש מיט וועלכן מ׳קומט זיך צוזאַמען קייגנזייטיק אויף שמחות און האָט זיינע גערעכטע פאַרוואָר־פּעניש. געזאָגט צו זיי אָפענע דיבורים: אַלע ווייסן שוין פון דער רמאות, פון דער פאַלשער נעץ וואָס דער קאָמיטעט האָט געשפּרייט פאַר די גאַרבערישע פיס. און זיי די גאַרבערס לאָזן זיך נאָך אַלץ פירן ווי בלינדע פערד; באַגראָבן מיט די אייגענע הענט זייער מעמד; און זיי וועלן שוין מער נישט אַרויסקריכן מיט גאַנצע ביינער פון פאַרגאַרטן זאַק; זעען נישט ווי זיי לאָזן אַרויס דאָס געשעפט פון זייערע הענט און וועלן צום סוף אַרויס דערפון בשן־ועין, אָן ציין און אָן אויגן. אָבער ס׳וועט שוין ליידער זיין צו שפּעט.

ברויטמאַן האָט גערעדט מיט הייסן קול. געווישט מיט אַ זאַמשל די גלעזלעך פון די גאָלדענע ברילן, וואָס אַראָפּנעמענדיק זיי פון די אויגן, האָט ער באַקומען אַ נאָך מער פאַרווירטן אויסזען, ווי דער שטייגער אַ קורצזיכטיקער נעמט אויף אַוויל אַראָפּ זיינע שטענדיקע ברילן און קוקט אויס ווי פאַרלוירן; גערעדט מיט האַרץ ווי אַ נאָענט אייגענער וואָס איז געקומען מתרה זיין, וואָרענען פאַר אַ געפאַר, פאַר אַן אומגליק און דאָס פאַר זייער טובה־וועגן. ער האָט מיט אַזאַ זעלבער הסברה געזוכט אַלץ מערער קלאָרער זיי געבן צו פאַרשטיין:

— ס׳איז דאָך אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, זיי קענען אייך נישט געבן דעם פולן ריווח און נישט דעם פולן פאַרנעם פון דער אַרבעט. וואָרן אַנדערש, וואָס וועט פאַר זיי בלייבן? דאָס איז זייער געווינס וואָס זיי רייסן אָפּ ביי ענק, האַלטן אייך איין די הענט, נישט אַרויסצוקומען מיט קיין גרויסער פּראָדוקציע. אויב יאָ — האָבן זיי ביי דעם עסק גאָרנישט וואָס צו טאָן, לוינט זיי נישט... און איר זעט עס נישט. גייט מיט פאַר־בונדענע אויגן, לאָזט זיך פירן, געגאַרן פאַרקנעכטן ווי אָרעמע פויערים־לעך ביים פּריץ. פאַרוואָס? אַדרבה, איך פרעג אייך פאַרוואָס! און אַז צ׳ווייסט שוין יאָ דעם אמת, ר׳איז פאַר אייך אָפּגעדעקט געוואָרן, ווי בוימל אויפן וואַסער, טאָ פאַרוואָס נישט מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעם, פרעג איך אייך, האָ? פאַרוואָס נישט צוגרייטן אינדערשטיל פאַר מיר

אַ פּאַרטיע סחורה. ענטפערטס מיר.

— מיר קענען דאָס נישט טאָן ר׳ מרדכי. מיר האָבן געגעבן די האַנט — האָט איטשע דער בכור פון די ברידער געזאָגט פאַר אַלע און מיט געלאַסנקייט, מיט אַ טאָן ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט, מודה געווען, אַז ער מרדכי איז נישט אינגאַנצן אומגערעכט און ר׳איז טאַקע זייער שטענדיקער קונה. אָבער ס׳איז פאַרפאַלן, מ׳קען נישט אַנדערש מאַכן: געגעבן די האַנט.

— געגעבן די האַנט, הערט׳ך ; — איז ברויטמאַן אַרויס מיט געשריי — און זיי די קאָמיטעטניקעס האָבן נישט געגעבן די הענט און שלעפּן פון אַלע זייטן, פרעסן זיך אָן אויף ענקער חשבון. די פּיסקעס, שטאָפּן אָן די קעשענעס און שפּעטער וועט מען אייך אַרויסשיקן מיטן דלות, מיט צעבראָכענע ציין... געגעבן די הענט הערסטו. שיינע הענט געגעבן !...

— מיר ווייסן נישט אויף וויפל ס׳איז אמת, דאָס אַלץ וואָס מענטשן רעדן. און צוליב גערעדערייען קאָנען מיר נישט ברעכן אונדזער וואָרט — דאָס האָט צוגעגעבן יאַנקל דער ייִנגערער, אַן אָפּגעהיטענער און ערלעכער, אַזוי צו זיך, אַזוי צו יענעם, קומענדיק דערמיט צו הילף דעם ברודער.

— ייִדן, געוואַלד, איצט אַזאַ טייערער סעזאָן. מ׳קען מאַכן אַ פּאָר גילדן, האָבן זיי זיך איינגעשפּאַנט אין אַ פרעמדן וואָגן, אַרויפגעצויגן אַ כאָמעט אויפן האַלדז און שלעפּן : כדי אַנדערע זאָלן זיך פריילעך פאָרן און לאַכן... — האָט ברויטמאַן זיך געהיצט.

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון בענקל. געגומען שפּאַנען איבער דער שטוב מיט ברייטע טריט, גערעדט, געברומט, געטענהט צו זיך, צו זיי, צו די ווענט. געבליבן שטיין. אומגעקערט דעם קאָפּ. זיי אָנגעקוקט מיט אַ באַזונדערן דורכדרינגלעכן בליק. און פּלוצעם מיט פייערלעכער שטים געלאָזט הערן :

— איך גיב צו גילדנס טייערער אויף יעדן טעכער — גוט ! האָט עץ נישט קיין רויעס, וועל איך פאַרשאַפן און מאַכטס מיר פאַרטיק סחורות. איך דערוואַרט פון ענק אין די נאָענטסטע טעג אַ פּאַרטיע סחורה. אַ גוטן טאָג ! כ׳האָב מער נישט קיין צייט. — ער איז אַרויס.

דער הוספהדיקער „גילדן” האָט אָפּגעקלונגען איבער דער שטוב ווי אַ זילבערנער גלאָק, צעטומלט די מוחות. איין קלייניקייט: גילדנס אויף יעדן טעכער — אַ פּאַרמעגנס! אַ נסיון! און דערביי איז ער דאָך גערעכט אויך: אַ שטענדיקער קונה, אַן אייביקער אָפּנעמער און תמיד אַדורכגעקומען מיט אים גוט, אין פריינטלעכקייט, אין שלום. און מיטאַמאָל אים אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט — ער עקזיסטירט נישט מער! איז דאָס, יושר? איז דאָס יאַהאַנדעס?

און אפשר צוריק געשמועסט, האָט זיך פאַרגנבעט באַלד אַן אַנדערע מחשבה: אפשר וויל מען זיי גאָר אונטערשטעלן אַ „פּיסל”, אַפּרייסן פון שותפות און דערנאָך פון זיי לאַכן, האַ? אָבער ניין. מרדכי ברוויטמאַן איז נישט דער מענטש צו טאָן אַזוינס. זיי קענען אים גוט. אַ צו ערנסטער מאַן, מ'זאָל האָבן אויף אים אַ פאַרדאַכט. ער מיינט עס ריכטיק, ערנסט.

יאָ, אמת. אָבער — צרות אונדזערע — מ'האָט דאָך געגעבן די הענט!

סייווי מ'איז געוועזן אַריינגעטריבן אין שפּיל. פון איין זייט האָט געקוועטשט אונטערן האַרצלעפל, געריצט: דער גילדן. אַנגערעדט... פון דער צווייטער זייט: די האַנט. אוי די האַנט! נישטאָ וואָס צו רעדן, דער יצר־הרע האָט געהאַט אַרבעט...

און ווי דער שטייגער, ווען ס'דריקט אונטערן האַרצן, ס'קוטשעט, האָט מען געזוכט אַ שפּאַלט, אַ היתר. מען האָט איינגעזען, אַז מרדכי ברוויטמאַנס ווערטער, זענען נישט אינגאַנצן אויפן ווינט... זיי האָבן אַ יסוד. און ס'איז טאַקע אַ פאַלשע קאַריטע... זיי זעען נישט דאָס גוטע וואָס איז פון דער גאַנצער פּאַרעניש אַרויסגעקומען. אַנשטאָט צו ווערן באַלייבט, ווערט מען גאָר אָפּגעמאַגערט. שטאָט צו קריגן אַ גרעסערע נאַרונג, וויל מען גאָר אַרומשניידן, מיטן תירוץ: „בעסער ווייניקער פראָדוצירן און נעמען העכערע פּרייזן. זיי זעען נישט דאָס, און זעען נישט יענץ. די אַרבעט גייט נישט פון די הענט. מ'זעט נישט קיין ברכה. אַ פאַרשלעפעניש. אַ פאַלן אין מעמד. אַ פּרנסה פאַר די קאָפּ־מענטשן. די בענקעניש צום פריערדיקן שטאַנד, האָט אָנגעהויבן וואַקסן, יערן, פייניקן.

— די זאַך געפעלט מיר נישט, ניין. — האָט איטשע דער עלטערער, דער ראש־המדברים פון הערשקעס הויף, געלאָזט הערן פאַר די איבריקע

ברידער אין אַ נאָענטן פּרימאַרגן. געהויבן דעם פּאַסיק העכער איבער די הויזן, אַ סימן פון אומצופרידנקייט — ניין, ס׳איז נישט קיין אָרדנונג דאָרט. און דאָס וואָס מרדכי ברויטמאַן האָט פאַר אונדז דערקלערט, לייגט זיך מיר אויפן שכל.

— מיר האָבן זייגע ווערטער באַלד אויסגעזען פאַר אמתע. ער איז נישט דער מענטש וואָס זאָלן רעדן פון הוילן פּאַס. ער זאָגט, אַז דאָרט איז נישטאָ קיין ערלעכקייט, דאַרף מען אים גלייבן. מרדכי איז אונדז אַ געגוג היימישער, און ערלעכער מאַן. מ׳קאָן האָבן צו אים צוטרוי. און איך מיין, מען דאַרף אָפּשטעלן דאָס אַהינפירן די סחורות, זען וואָס ס׳טוט זיך ווייטער — דאָס האָט אַרויסגעברענגט דעם פאַרשלאָג, וואָלף דער מיטל־סטער, אַ שיינער יונגערמאַן, אַ ספּריטנער, איינער וואָס האָט ליב שאַרף צו האַנדלען, נעמען אויף זיך.

— און אפשר זאָל מען טאַקע דערווייל אָפּהאַלטן מיטן אַהינפירן די סחורה אויף דער פאַרקויף־שטעלע, און די זאַך אויספאָרשן, זען וויפל ס׳איז דאָ אמת דאַרין — האָט צוגעגעבן יאַנקל, וועלכער האָט ליב געהאַט זייערע קונים און אייגעזען, אַז עפּעס איז דאָ נישט אַלץ אין אָרדנונג, אָבער דערביי דאַרף מען זיין געוואָרנט, פאַרזיכטיק.

— יאָ, מען מוז אָפּוואַרטן. זען וואָס אין אַנדערע הייף טוט זיך. כ׳גלייב, ס׳וועט נישט גלאַטיק אַדורכגיין די זאַך. מע דאַרף זיך נאָכפרעגן, זען וואָס מ׳האָט צו טאָן — אַזוי האָט אָפּגעפּסקנט איטשע, וואָס אַמיינסטן בלייבט ווי ער באַשטימט.

אויפן צווייטן טאָג ווען מ׳האָט באַדאַרפט אָפּפירן די פאַרטיקע לעדערס אין סקלאַד אַריין, האָבן די ביקלס זיך געוואַקלט. נישט געוווּסט וואָס טאָן: אָפּוואַרטן, אָדער נישט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיי זענען נישט מער אין רואיקייט, אין מנוחה. דערצו האָט זיך געלאָזט הערן, אַז אויך אין אַנדערע הייף איז אַן אויפרודער. מ׳האַלט אָפּ.

האָט מען נאָך אַ גיכן זיך באַראָטן, באַשלאָסן: אַז איטשע ווי דער עלסטער ברודער און פאַרשטייער פון זייער הויף, וועט אַהינגיין צו פינטשען אין סקלאַד אינפאָרמירן זיך וואָס דאָ קומט פאָר, צי מענטשן ברענגען סחורות, אָדער נישט. מ׳זאָל וויסן ווי מ׳האַלט אין דער וועלט,

וויסן ווי זיך אַ לענק צו טאָן...

— אפשר איז שוין גאָר אויס, ס'האַלטביים פּלאַצן — האָט איטשע אויסגערופן אַנטוישנדיק זיך דעם פּאַלטן צו גיין אויספירן די שליחות.

— מענדל באָום האָט אָבער באַלד געזאָגט, ס'וועט נישט לאַנג אָנ־האַלטן, ס'וועט פּלאַצן — האָט יאַנקל דערמאָנענדיק זיך אין יענער נאַכט ביי מענדלען אין הויז, זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער מחשבה.

— ע ר האָט געזאָגט... ער וויל שוין פון לאַנג ס'זאָל פּלאַצן... — איטשע האָט אויסגערופן מיט פאַראיבל און מיט עפּעס אַ אַנצוהערעניש, פאַרקוקנדיק זיך אויף יאַנקלען מיט פאַרשיפּטע אויגן.

ביים אוועקגיין האָט ער, איטשע אָפּגעדעקט אינגאַנצן די כוונה פון זיין פריערדיקן זאָג. פאַרקנעפּלנדיק ס'מלבוש, שוין גרייט צו עפענען די טיר, האָט ער אומגעקערט דעם קאָפּ צום ברודער און אַ וואָרף געטאָן:

— און מיטן שידוך, האָסטו אויך נישט געדאַרפט אַזוי זיך איילן, לויפן צו מענדלען אין שטוב. וואָסי, ס'האָט געברענט?

יאַנקל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אַ טראָפּן פאַרשעמט. שטיל געזאָגט:

— ס'איז דאָך נישט פון היינט. מ'רעדט שוין לאַנג דערוועגן. און דער חתן וויל. וואָס האָב איך געקענט טאָן.

— דער חתן וויל... דו ביסט דאָך דער טאַטע!

אָפּגעזאָגט און אַרויס.

יאַנקל האָט פון ברודערס צוגעוואָרפענע ווערטער, געהאַט אַ ביסל עגמת־נפש. געהערט אין איטשעס רייד, פאַרוואָרף, תרעומות. אַנגערירט אַ פּילבאַרע סטרונע וואָס איז געלעגן שטומערהייט פאַרבאָרגן און איצט זיך אָפּגעדעקט.

די סיבה איז געווען דאָס, וואָס איטשע האָט געהאַט זיך אָנגעמאָסטן זיינוועלען פאַר אַ חתן, פאַר זיין טאָכטער שרהקען, און דער פויגל איז אַרויסגעפלויגן פון שטייג...

ביי זיי אין דער ביקלשער משפחה איז געווען אַ מנהג: צוויי קינדער איז זעלבן עלטער, אַ ייִנגל און אַ מיידל, האָט מען געשלאָסן דעם שידוך צווישן זיך, זיי געמאַכט פאַר אַ פּאָרל. אַרויסגעגעבן אין דרויסן האָט

מען נאָר דעמאָלט ווען ס׳איז נישט געווען קיין פּאַסיקס אין די יאָרן. און איטשע האָט געהאַט דאַסמאָל אַ גרייטע טאָכטער פאַר זיינוולען, געראָטן מיט אַלע מעלות פון דער ביקלשער גזע: ביאָדערדיק, פעסט געבויט, פעסט־ביוסטיק, שטאַרקע הענט — הענט וואָס האָבן געקאָנט אַלץ טאָן, אויספירן יעדער אַרבעט, ווי אַ יעדער זייערס אַ מאַנסביל.

ביי איטשען אין שטוב איז עס געווען ווי אַ זיכערע זאַך, אַז די „סחורה" דאַרף פאַרהאַנדלט ווערן איבעווייניק אין דער משפּחה, און נישט אַוועקגעבן אין דער פרעמד. בפרט נאָך, ס׳האָט זיך געפונען אַזאַ וואויל בחורל ווי זיינוול: געפּאַסט אין אַלע הינזיכטן צום מיידל, סיי מיט דער געראָטנקייט, סיי מיטן עלטער. האָט מען שוין אַפילו נישט באַדאַרפט איבערעדן דערוועגן ס׳צווייטע וואָרט, אַזוי קלאָר איז עס געווען.

און דאָ גאָדיר, האָסטו — אַוועקגעפלויגן!

זיינוולען האָט אינדעראמתן, דער היימישער שידוך נישט אַזוי געצויגן, נישט איבריק געלאָקט. און דאָס, נישט מחמת, ער האָט געהאַט אויף איר עפּעס אויסצוזעצן, זאָגן חסרונות, חלילה. נאָר פּשוט, ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן שרהקען פאַר אַ ווייב. אין זיינע אויגן איז זי אים געווען נאָענט ווי אַ שוועסטער. פון קליינווייז אָן זיך געשפּילט צוזאַמען אין זאַמד, אין „קלאַס", „שטראָלקעס". געבראָדזשעט אין די העמדלעך מיט די נאַקעטע נאָפּלס אין דרויסן. געבויט ערדענע „באַק־אויוונס", געבראָטן, געבאַקן, אַריינגערוקט, אַרויסגערוקט, קוכנס, חלות, פאַנען; אין אַ באַזונדער ווינקל פאַרוקט די טשאָלנטער, דינעצעס אָנגע־פילט מיט רייבעכץ, לאָקשנקוגל, געפילטע קישקע — געגוי אַזוי ווי די מאַמעס טוען אין שטוב...

זיינוול האָט אַפילו געדענקט די פלעמלעך אויף איר לייב. דאָס פלעמל אויפן רעכטן שענקל, די שפּרענקעלעך אויפן בייכל אַראָפּצו נאָפּל. ס׳איז אים נאָך כמעט געלעגן אויף דער צונג דאָס להכעיסדיקע זיך רייצן מיט איר, דאָס איבערופן: „שרה כפּרה אינדיטשקע, בורא פּרי פּיעטרישקע..." דאָס דאָזיקע האָט איר שרהקען תמיד אויפגעבראַכט און צוריק גערופן בייז מיט נקמה: „זאַנוול, פּאַנוול, קאַנוול..." ווייטער איז עס ביי איר נישט געגאַנגען, און איר דערפאַר צוגעברענגט שיער צום

געווען. נאָך אַזאַ קייגנזייטיקן זיך באַליידיקן און אָפּקריגן, האָבן זיי ווידער שלום געמאַכט, זיך איבערגעבעטן און אַריין ווידער אין זייער קינדישן לעבן, אין זייערע שפּילערייען, אין זייער זאָרגלאָזער קינ־דערשער וועלט.

און מיט־אַמאָל: שרהקע זאָל ווערן זיין כלה, זיין ווייב! ווי אַזוי?!

אַ חוץ דעם איז דעם בחורס קאָפּ שוין געווען פאַרדרייט מיט אַנדערע מיידלעך. אַריינגעקוקט אין אַן אַנדערע וועלט, אַ שענערע, ווו ס'איז פאַראַן ליבע, בענקשאַפט, צוציאונגסקראַפט צום צווייטן מין. און נאָך יענעם שבת־צונאַכטיקן וויזיט ביי מענדלען אין שטוב, האָט אים אויף אַן אמת שוין געצויגן צו מלכהן. ער האָט אין איר כסדר געדענקט. גע־טראַכט וועגן איר. זי, פאַרגעשטעלט זיך פאַר די אויגן. געזען איר געזונטן קערנדיקן גוף, צעבליטע באַקן, שיין אויסגעפּאַרמטן בוזעם און פונדאַסביי איז אין אים אויפגעגאַנגען דאָס גוטע געפיל, די ליבשאַפט, די גלוסטינג צו איר. ער האָט נאָך אַלץ געדענקט: ווי זי האָט געשיקט צו אים יענע באַהאַלטענע פאַרליבטע בליקן, אין וועלכע ס'איז געלעגן אַזויפיל ווייכקייט און געבעט; די אַפּלען האָבן זיך ממש געפייכט, געבעטן ביי אים און גלייכצייטיק צוגעזאָגט אים גוטס. סע האָט געווייעט פון איר בליק מיט הבטחה, פריינטשאַפט, געטרייקייט צו אים, דעם פאַר איר ליב־קומענדיקן חתן און שפּעטערדיקן מאַן.

דאָס אַלץ האָט זיך איינגעקריצט אים אין הארצן און ער האָט מיט עקשנות געטריבן אַלץ אַנדערשס פון געדאַנק. געוואָלט פאַרגעסן. אויך זי ריוולען האָט ער געטריבן פון זיין זכרון. נישט געוואָלט מער געדענקן: זאָל זי אים נישט אַריינציען אין נייער נעץ, אים ווידער אומרואיק מאַכן.

וואָס ס'האָט אים דאָך יאָ געמאַכט דערמאָנען, נישט אָפּגעלאָזט און צו ביסלעך געטאָן אים אויפרודערן, איז געווען, איר ריוולס דעמאָלטיק נאָכגיין אין יענעם אויפדערנאַכט אויפן וועג ביי זייער אַהיימגיין פון מענדלען, דאָס רופן אים. אוי, ווי ער האָט זיך דערשראָקן. ס'הארץ האָט אים אַ זעץ געטאָן, צום אַרויספאַלן. מיט דער האַנט זי אָפּגעטריבן (ער האָט זיצנדיק דאָרט אין שטוב אָפּגעפילט, זי מוז זיך דרייען אין דרויסן...). צוגעלאָפן צו דער מאַמען, זיך אין איר אַנגעקלאַמערט. צומאַרגנס,

איז זי אַראָפּגעקומען צו זיי אין הויף, און ווידער: ווי ער האָט זיך באַגראָבן פון בושה. דער גוטער טאַטע האָט אים אַרויסגעהאָלפן. שפּעטער מיט קיין וואָרט אים נישט פאַרגעהאַלטן, נישט דערמאָנט. פון דעם טאָג אָן אָבער, באַהאַלט ער זיך אויס, ווייל איר נישט קומען אויף די אויגן, זי זאָל אים נישט אָנרעדן, פאַרפירן. ער איז זיכער, זי קאָן אָנטאָן כישוף. זי האָט עס אים אַליין אַמאָל געזאָגט: זי קאָן ווענען פאַרכישופן, ווען זי וויל...

אָפּטמאָל דאַכט אים אויס — אַפילו אין שלאָף — ער הערט איר סוויטשענדיקן פייף אין דרויסן: זי רופט אים. ער טוט אַ ציטער. קאָרטשעט זיך איין. האַלט אָפּ כמעט דעם אָטעם. שרעקט זיך פאַר איר. זי קאָן אים אָנטאָן שלעכטס. זי האָט אין זיך עפּעס פון אַ טשאַראָווניצע...

ניין, ער וויל נישט האָבן מער מיט איר צו טאָן, קיין שום מגע־ומשא. פאַרגעסן און אויס!

אָבער די מעשה מיט שרהקען, האָט אים זיינוולען דאָך נישט געלאָזט איינגאַנצן רואיק. געשטערט ווי אַ טשוועקל אין שיך, געפּייניקט. געזען דער פעטער גייט אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטער נאָז, ברוגזלעך. קוקט אויף אים מיט אַנדערע אויגן ווי פריער: פרעמדע, פאַרשיפּטע. ברומט צומאָל אָפּ אין זייט. דאָס טוט אים טאָקע אַ ביסל וויי. ער קען שוין אָבער נישט אַנדערש מאַכן. געוועזן אַ „וואָרט". און מלכה איז אים צום האַרצן, נענטער און באַגערטער. ווייל זיך פון איר נישט אָפּזאָגן. און איינ־דעראָמתן, ער מוז דאָס מודה זיין: זי איז פיל שענער פון שרהקען — אַן אָסאָבע. ס'איז דאָ אויף וואָס צו קוקן!...

יאָ, אַלץ ריכטיק. ס'איז אָבער פאַרט משפּחה. נישט אָוועקצומאַכן, נישט אָנגענעם...

זיינוול האָט געהאָט פאַר זיך ווידער אַ שווער נאַכטראַכטעניש.

אין זיין פאַרלעגנהייט, אַרומגענומען מיט זאָרג, האָט ער דאָס פאַר־געבּרענגט פאַר דער מוטער. זיך פאַר איר פאַרטרויט. די מוטער אויך נישט אין התפעלות פון היימישן שידוך, פון פאַרשדכנען זיך מיט משפּחה, האָט אים פאַרשטאַנען. מיט געפילט. געטרייסט: „נעם זיך נישט איבער קינד־לעב. ס'וועט פאַרגיין, פאַרגעסן ווערן. און מלכה איז אַ וווּיל מיידל,

און ס׳איז זיכער אַ באַשערטע זאַך. און זי שרהקע וועט קריגן אַן אַנדערן חתן, איר באַשערטן. זי וועט נישט פאַרזיצן, שרעק זיך נישט..." זי האָט אים אויך צוגעזאָגט, זי וועט איבערעדן מיטן פאָטער, ער זאָל צופירן צו אַ שנעלע ענדע, מאַכן „תנאים", אָפּשטימען אַ חתונה. דעמאָלט וועט ער באַפרייט ווערן פון די ליידן, פון די אַריינטראַכטענישן.

פון דאַנקבאַרקייט האָט ער זיך אַ צי געטאָן צו איר דער מאַמען, זי עטוואָס אָראָפּגעבויגן צו זיך, געקושט איר אין באַק. טרערן האָבן אויפגעגלאַנצט אים אין די אויגן: זיין גוטע טייערע מאַמע! זי האָט דאָס געמערקט. זיך צעשמייכלט. אַ וויש געטאָן מיט די פינגער איבער זיינע וויעס, אַ גלעט געגעבן איבער זיין קאָפּ. אים צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט:

— גיי זייגוועלע. טו דיין אַרבעט אין דרויסן. דאָס וועט דיך מאַכן פאַרגעסן און זאָרג נישט, קלער נישט אַריין. ס׳וועט אַלץ זיין גוט. גיי, גיי מיין קינד. ער האָט געפאָלגט. אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט.

אָבער סוף־סוף, איז עס היינט־צו־טאָג נישט געווען די הויפּט־דאגה. מ׳האָט געהאַט צו טאָן מיט וויכטיקערס: דער ענין פון סינדיקאַט. ווידער איז מען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרדרייטע קעפּ, מיט טענות, פאַר־דראָסיקייטן. געזוכט צוריק דרייען דאָס ראָד, מבטל מאַכן דאָס שותפות: אויפגעלייגט געווען אַ צרה איז עס געקומען אין שטוב אַריין... מ׳האָט געקרעכצט, אויסגעוואַרט אויף אַן ענדערונג, אויף באַרואיקונג.

דאָס איז איצט געווען די זאָרג, די דאגה פון טאָג.

*

איטשע איז אַהיימגעקומען פון פינטשעס הויף מיט גאַרע נייעסן, מעשיות: ס׳האָט זיך געטאָן דאָרט אויף טיש־און־בענק, ממש סכנות.

מיט אים איז מיטגעקומען יהודה־לייב ראָדעס, אַ פריינט פון זיי, כמעט אַ קרוב, אַ שטיק תקיף, אַן אַריינזאָגער. איטשע האָט איבערגעגעבן פאַר די ברידער, געענוי דאָס בילד, דאָס געשעענע פון דאָרטן: ס׳זענען געווען אַ סך מענטשן. אַ קאָכעניש, געוואָלדן. דער עולם האָט געליאַרעמט, געטומלט, פּראָטעסטירט, אַרויס מיט געשרייען, מיט געוואָלדענעס: מען געגאַרט, מען דרייט אַ קאָרבע... דער קאָמיטעט האָט זיך געמאַכט

אַ קרעמל... מ׳וועט נישט ברענגען מער קיין סחורות... אַ פאַרזאַמלונג זאָל זיין. שוין אַ פאַרזאַמלונג.

ער יהודה־לייב איז געווען צווישן די רופערס, אַריינזאָגערס, דער הויפּטרעדלפירער. ר׳האָט געפירט די גרענדע... זיך געהיצט, געהויבן דעם שטעקן, געפּרעדיקט פאַר די מענטשן, מען זאָל זיך צוזאַמענקומען אויף אַן אסיפה, מאַכן אויס, און שוין!

„עץ פאַרשטייט וואָס דאָ טוט זיך. צ׳פאַרשטייט כאָטש! — איז יהודה־לייב אַרויס דאָרט מיט הויך אויפקלערישן קול, פאַרן פאַרזאַמלטן עולם.

אויף דעם האָבן די מענטשן אָפּגעענטפערט:

— מ׳פאַרשטייט. פאַרוואָס זאָל מען נישט פאַרשטיין. מען הערט זיך גענוג אָן אין גאַס: אַז די געטרייע קאָמיטעט־לייט, פאַרדאַרבן זיך גאַרנישט די מאָגנס...

— נו, וואָס דען האָט עץ געמיינט, לשם־מצווה האָבן זיי עס געמאַכט, פון ליבשאַפט צו מענטשן, צו גאָט...

— מ׳האָט שוין לאַנג געהערט גלימלען, מ׳מאַכט שבת פאַר זיך...

— מילא, מ׳האָט נישט געשטעלט מיט זיי קיין חופּה. מ׳קען אָוועקגיין...

— יאָ, יאָ. אָוועקגיין, אָוועקגיין!...

האָט מען אויפן אָרט באַשלאָסן, דערוויייל אָפּהאַלטן מיטן אַהערפירן ס׳פּאַרטיקע, ביז ס׳וועט קומען צו אַ פאַרזאַמלונג, מאַכן אַ טאָלק, באַשליסן און דאָס שוין איינגיכן. און מען איז זיך צעגאַנגען.

ביים אַהיימגיין איז יהודה־לייב געגאַנגען צוזאַמען מיט איטשען אין דער זעלבער שטרעקע. אויפן וועג נאָך איבערגערעדט, איבערגעקייעט ווידעראַמאָל. און אַזוי שמועסנדיק, פאַרגעסנדיק דעם וועג, איז ער אַריינ־געקומען, אומגעזען פאַר זיך אַליין, צו די ביקלס אין הויף.

דאָס דערשיינען פון יהודה־לייבן, האָט אַרויסגערופן נייגיר און אויך אַ שמייכל אויף אַלעמענס פּנימער. מ׳האָט געוווסט, אַז מיט זיין קומען, קומט מיט אַ מעשה־שהיה, אַ שטיקל געשעעניש. האָבן זיי זיך געזאַמלט אַרום אים. און יהודה־לייב נאָך אין קוראַזש פון פינטשעס הויף און זעענדיק די ניייגעריקע אויגן, האָט ער גלייך גענומען שיטן, אָפּדערציילן

אויף אַ סניי ווי ער האָט דאָס רעאַגירס, אַריינגעזאָגט, געדופן, געפּאָדערט מאַכן שוין אַ פּאַרזאַמלונג פון אַלע גאַרבערס, און תיכף זאָל עס זיין!

— צ׳פאַרשטייט קינדער, מען דאַרף מאַכן אַ סוף, ווי לאַנג ס׳איז נאָך נישט צושפּעט. מ׳שטעקט נאָך נישט ביזן האַלדז אין דער בלאָטע... נישטאָ וואָס צו רעדן, מ׳האָט אונדז געפירט אין באָד אַריין... מוז מען זוכן אַ וועג וואָס שנעלער אַרויס — און יהודה־לייב האָט אויף אַ פּריש זיך צעלאָזט מיט היציקע ווערטער, מיט זיין באַסאָווער שטים און מיטן שטעקן צודריזשירט, לאָזנדיק הערן דעם נאָכקלאַנג: „צ׳פאַרשטייט קינ־דער, פאַרשטייט כאָטש וואָס אין דעם שטעקט ?...״

— פאַרוואָס זאָל מען נישט פאַרשטיין — האָבן די ביקלס צוגע־שטימט אין כאָר. דערנאָך האָט אַ יעדער שוין באַזונדער צוגעלייגט עפּעס פון ס׳זייניקע:

— ס׳איז נישט קיין חדר, מ׳זאָל מיט אונדז זיך שפּילן ווי מיט קליינע יינגלעך...

— דער הויקער איז שוין צו גרויס...

— דער קאָמיטעט האָט געמאַכט אַן אייגן שותפות פאַר זיך...

— אָט־אָט, זעט׳ץ, געקומען צום שכל; איך האָב דאָס אַלעס פריער געזאָגט — האָט איטשע, דער קלוגסטער פון די ברידער, זיך אויסגעוויזן.

— קינדער, ס׳איז גאַרנישט צושפּעט און גאַרנישט פאַרשפּילט. אַ שלעכט ווייב גט מען אָפּ. און וויל זי נישט גיין מיטן גוטן, איז דאָ אַן עצה: אַ שטעקן! — און יהודה־לייב האָט אַ הויב געטאָן דעם שטעקן שוין גאָר הויך און מיט התראה, געוואָרנט דאָס שלעכטע אומגעזעצנע ווייב צו פאַרטרייבן: אָפּגעג׳גט זאָל ווערן! דאָס שותפות צעיאָגן און שוין!

אַ הויך געלעכטער פון די ביקלשע לייט, איז געווען דער ענטפער, די הסכמה דאַרויף.

יהודה־לייב האָט אין דעם אַליין שוין געזען, זיין געדאַנק האָט חזקת, קראַפט. מ׳שטימט מיט אים איין, און ביי זיך נאָך פעסטער געוואָרן. ער וועט זיי נאָך ווייזן, אַגלערנען דרך־ארץ!...

ער האָט מיט אַמאָל דערפילט אינערלעך עפּעס נישט מיט־אַלעמען. זיך דערמאָנט ס׳האָרץ איז ביי אים אַוועק. ער דאַרף „פּאַקרעפּלעניע״, אונ־

טערקרעפּטיקען עס. זיך פֿאַרבענקט צו דער היים.

ער האָט זיך געזעגנט. צוגעזאָגט אינגיכן זיך מיט זיי זען אויף דער פֿאַרזאַמלונג. מאַכן אַ טאַלק — און איז אַוועק.

## קאַפּיטל ניין
## יהודה־לייב

יהודה־לייב האָט זיך גערעכנט צווישן די אַלטע איינגעזעסענע באַ־לעבאַטים. געהאַט אַ פֿיינעם הויף, אַ גוט אָוועקגעשטעלטע גאַרבעריי, אַ וואַרעמע שטוב. ער איז נישט געווען פֿון די ערשטע נעמען. אָבער אויך נישט פֿון די לעצטע. אָנגעגאַנגען פֿאַר אַן אָנגעזענעם באַלעבאָס, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿרידיקנדיקע פּראָדוקציע. געפֿירט אַ מנוחה־דיק לעבן, אַ צוגעזעענס, וואָס לאָזט זיך נישט באַעוולען... געלאָזט אויך אַ צווייטן פֿון זיך גהנה זיין. אין דער טבע — נישט פֿון די איינרייסערס. כמעט נישט געהאַלטן קיין פּרעמדע מענטשן. אַמאָל נאָר אין שטאַרקן סעזאָן, צוגענומען צוהעלפֿערס. געטאָן די אַרבעט אַליין מיט זיין זון כאַסקל, אַ בחור, אַ גבר, וואָס איז באַשטאַנען פֿאַר צען אַנדערע פּועלים. אַלע אַרבעטן אַליין אַדורכגעפֿירט.

כאַסקל איז געווען געבענטש מיט אַן אומגעהויערן פיזישן כוח. ווי פֿון אַ ריזיקן בופלאָקס. דאָס גבורהדיקע אין אים, איז געלעגן אין זיין געזונט צעוואַקסענעם גוף, שטאַרק מוסקולירטע הענט און אין זיינע פֿעסט אויסהאַלטעוודיקע פֿיס וואָס האָבן געקאָנט אָפּשטיין אומציילִיקע לאַנגע שעהן אין טאָג ביי דער סטויקע, טאָן די אַרבעט און ס׳זאָל אים אַמונדעסטן נישט אַרן. שוין זיין אויסערלעכקייט האָט אויסגעזאָגט פֿון אַ פֿעסט געוואַרצלטן בוים, אַ צעשפּראַצטער דעמב. זיין אַטלעטישער געבוי, האָט זיך ביז גאָר אַריינגעפּאַסט אין דעם שווערן מיפּולן גאַרבער־פֿאַך. ער האָט עס אויך ליב געהאַט מיט אַלע זיינע אברים. נישט געקאָנט לעבן דעראָן. זיס איז אים געווען די האַרוועקע.

אַזוי שטאַרק ווי ער איז געווען גופיש, אַזוי איז ער געווען תמימותדיק אין נפש; שטיל, געהאַרכזאַם, גוטמוטיק צו יעדן איינעם. נישט פֿאַר־

טשעפּעט קיין פליג אויפן וואַנט. זיך כמעט נישט אַרויסגערירט פון דער היים. דאָס גאָרטן, קאַלכגרוב, שאָבמעסער, רעקאַייזן — זענען געווען זיינע חברים, זיין חיות, אַנהאַלט, זיין פאַרווײַלונג. מיט זיי האָט ער זיך געפילט גוט און היימיש. אָן זיי — טרויעריק, עלנט. אַ זיכערן אָנשפּאַר האָט ער אויך געהאַט אינעם טאַטן.

יהודה־לייב דער טאַטע, האָט געהאַט אין זיך רירעוודיקייט, שוין פאַר זיך מיטן זון צוזאַמען. געווען אַ רוכליוועֿר ייד, פול מיט באַוועגונג אין זיינע גלידער. גערן זיך געלאָזט הערן אויפן קול. געמישט זיך אין די קהלשע ענינים פון זייער גאַס. אין שילעכל ביים מנין איז ער געווען אַ גאַנצער גבאי, אַן אויפרופער, אַרויסהעלפער, אַ כבוד־צוטיילער. דאָס דאַוונען האָט ער געזאָגט הויך. אויסגעלאָזט דער לעצטער. געגעבן דערמיט דעם טאָן. אויף די פאַרזאַמלונגען אין דער „חברה" — פון די ערשטע רעדנערס, צווישנרופערס, דעה־זאָגערס. מען האָט געוווּסט, יהודה־לייב וועט שוין עפּעס זאָגן, לאָזן הערן; ער וועט נישט אַדורכלאָזן אויף גלאַטיק, נישט שווייגן, אַריינזאָגן, אָנשרייען. ער קען אויך ווען מען באַדאַרף וועמען אָפּשייגעצן. ס'איז תמיד מיט אים געווען פריילעכער. ס'האָט גע־מאַכט היימלעך אויפן געמיט, נאָכדעם ווי מ'האָט אַזויפיל שעהן אין טאָג אָפּגעשטומט אין הויף. געלעכצט נאָך אַ ביסל הייטערע טענער.

דאָס אימפּולסיווע אין דעם ברייטפּלייציקן ייד, זיין אימפּעטיקער מאַנס־בילישער כוח, לוסט צו ג י י ס, האָט אים געטריבן צו פאַרשידענע וועלכצן, פאַרלאַנגען; געטריבן צו טאָן גוטע טאַטן, און אויך פעלערדיקע. ווי אַן אלמן וואָס האָט שוין אייניקע יאָר אָפּגעאיינזאַמט אַליין, האָט דאָס ווייַבערישע מין ביי אים פאַרנומען אינדערשטיל אַן אָנגעזוען אָרט. ס'האָט אים געמאַכט וועגן זיי טראַכטן, גלוסטן, בענקן צו געפינען פאַר זיך אַ נייע לעבנס־באַגלייטערין. אים געוואַרעמט. צומאָל האָט ער אַ וועלכער פון זייער גאַס געטראָגן אין דער מחשבה. געגלעט, געצערטלט. געווען אָבער איינע, צו וועלכער ר'האָט זייער שטאַרק געבענקט, זי באַגערט צו באַקומען פאַר אַ ווייב, מיטן גאַנצן לעבן: מאַשע וויטלס. אָנטרעפנדיק זיך מיט איר אין ערגעץ, האָט ער געזוכט זיך אויסצופּיינען, דערשיינען ווי אַ טויגלעכער מאַנסביל, ברייטהאַרציק, אַ פאַרזאָרגער. אין שמחת־תורה אין שילעכל,

בעת די הקפות, ווען מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט אין זיך אַ סך משקה, געזונגען, געטאַנצט; פאַרן טיר־און־פענצטער, האָט זיך געזאַמלט ס׳ווייבערוואַרג צוקוקן צו די פריילעכע אויפן קול זיך צעלאָזטע מענער — ס׳איז געווען דער שענסטער טאָג אין גאַרבער־גאַס, ווען אַלץ האָט זיך געפריידט פאַר אַ גאַנץ יאָר אַרויס — דעמאָלט האָט יהודה־לייב זיך באַוויזן אין זיין גאַנצער אויפגערוימטער צעשיינטקייט. געהילכט מיט זיין שטאַרקער שטים, מיט האַלטנדיק ס׳געזאַנג, פּאַטשנדיק מיט די הענט און נישקשה אינזיך אַראָפּגעלאָזט די „גלעזלעך". ער איז אין דער זעלבער צייט געווען אויך פאַרנומען מיטן טיילן דעם טראַדיציאָנעלן האָניקלעקעך, וועלכן ס׳האָבן באַקומען אַלע, קינד־און קייט. יהודה־לייב ווי דער הויפּט־מחלק, איז געווען שוין אין דער גרעסטער פּאַרע. ס׳פּנים האָט ביי אים געשיינט, געגרויטלט, פאַרשוויצט פון מעכיע. צוגעוואָרפן די ווייבלעך לייטישע פּאָרציעס, באַגלייט מיט ברכות, און דערביי געזוכט אַ וועלכעס שיינע ווייבל, דערלאַנגט איר אַ גרעסערע, פּאָרציע און מער ווי איינמאָל זי אַ ברי געטאָן מיט די הייסע אויגנאָפּלען, אַריינגעברענגט זי אַזש אין פאַרלעגנהייט. ער האָט אָבער דערפון געהאַט אַ הנאה.

יהודה־לייב האָט אויך ליב געהאַט זיך צו באַווייזן אויף אַ היימישער שמחה. זיך באַווייזן אַ פריילעכער. מיטגעברענגט געשאַנקען, זיך פרעזענטירט. געהאַט נאָך אַנדערע „בזשיקעס" און אויסטערלישקייטן.

אַזאַ אויסטערלישקייט איז אויך געווען דאָס פאַרשאַפן פאַרן זון, אַ ווייב פון גאָר אַן אַנדערן סאָרט, און פון אַן אַנדער מקום, נישט פון זיין היימשטאָט; אַנדערש אין כאַראַקטער, אין אויפפירונג און אין איר גאַנצן לעבנס־באַנעם — אַ געהייטערט מיידל פון גרעסערן אָרט. ס׳איז נישט געווען קיין געפּאַסטע זאַך. נישט אויסגענומען אין קיינעמס אויגן און אין דעם זונס אָוודאי נישט. ער האָט דערפון געליטן. געהאַט מיטן ווייב דאָס „דאָמעלע," אַן אינערלעך אָפּגעפרעמדט לעבן. ער אַ האָרעפּאַשנער בחור, מיט ווייניק קענטעניש, מיט ווייניקע פאָדערונגען, האָט געוואָרט אויף אַ ווייב פון זיינסגלייכן, פון זייער גאַס, אַ מויד אַ שטאַרקע, מיט ברייטע געזונטע היפטן, הויך־ברוסטיק, ר׳זאָל האָבן אויף וואָס צו קוקן, זיך פילן מיט איר אייגנס, היימיש. דער פאָטער האָט אים די הנאה פאַר־

שטערט, אָוועקגענומען.

יהודה־לייב געטריבן פון זיינע געהיימע אימפּולסן, ליידנשאַפטן, אָפּ־טערס אומפאַרשטענדלעכע פאַר אים אַליין, איז דאָ אין דעם ענין פאַרפאַרן מיטן דישל אויף דובאָם... איינגעשאַפט אַ באַגלייטערין פאַר זיין גיבורדיקן זון, אַ דינינקע, אַ פיגורל ווי אַ שפּאַן, מיט אַ פאַרשאַרצט נעזל, וואָס שוין פאַר דער פאַריסנקייט פון נעזל אַליין, האָט כאַסקל מורא געהאַט, זיך געפילט אומהיימלעך. פאַר יהודה־לייבן האָט עס אָבער געהייסן: דאָס אַנ־דערשדיקע, אויסנאַמלעכע; מ׳קען עס פאַררעכענען פאַר אַ גרויסשטאָטישן שידוך. ער האָט מיטן דאַזיקן געוואָלט זיך באַווייזן, אַרויסהייבן. איגערלעך זיין באַפרידיקט (ער האָט זיך אָפּילו פאַרענטפערט, ס׳געהערט אים אָן משפּחה. געוואָלט אַרויסהעלפן). נישט געזשאַלעוועט קיין געלט. געגעבן אויף אַלע הוצאותן, נדן, אויסשטייער. אויסגעהאַלטן די חתונה און זי אַראָפּגעברענגט דאָ אַהער אין גאַס.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן דער מקח־טעות. די יונגע פרוי איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו דעם פאַרהאַרעוועטן זשמודנעם גאַרבער־לעבן און בכלל צו דער גאַנצער דאַזיקער געזעלשאַפט. צוגעוווינט צו אַ פרייער לופט, צום נאָענטן שכנותדיקן לאָדזש, וווהין מ׳האָט געקאָנט צופאָרן פון זייער שטאָט מיטן טראַמוויי אין אַ קאַרגער שעה, אַנגעזאַפּט צו ביסלאַך מיטן דאָרטיקן גרויסשטאָטישן ריטם, רויש — האָט זי נישט געקענט פאַר־ליידן די שטילקייט, די גליווערונג, די איינטאָניקע טעג, דעם גאַרבער־ריח. געוואָלט אַרויס פון דאַנען. כאַסקל דער מאַן, וועמען ס׳איז קיינמאָל אַזוינס נישט געקומען אויפן געדאַנק, כמעט זיך נישט אָוועקגערירט פון שטאָט, האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל פון אים, וואָס זי פאַרלאַנגט: וואָס הייסט, ער זאָל אַרויסגיין פון דאַנען? וווהין וועט ער גיין? און ווו איז אים נאָך אַזוי גוט און היימיש ווי דאָ? מנע, אַ בייזער חלום אויף אַלע גוימס קעפּ!...

דער אַלטער האָט געזען וואָס ער האָט אָנגעאַרבעט. פאַרשאַפט צרות. געוווסט ס׳שטעקט דאָ זיינס אַ ביסל זינד, דאָס גענוגנטאָן זיין אייגנליבע, זיין יצר־הרעדיקע תאווה: זיך צו באַווייזן מיט אַ שיינע אינטעליגענטע שנור, פון גרעסערן אָרט, מ׳זאָל רעדן אין גאַס — איצט האָט ער! ס׳איז אָבער

שוין געווען אָפּגעטאָן, פֿאַרפֿאַלן. געזוכט כאָטש צו באַרואיקן, אָפּהיטן דעם שלום־בית צווישן דעם פֿאַרפֿאַלק. איר אַלץ נאָכגעגעבן. זי זאָל נישט פֿאַרשאַפֿן קיין בושות, פֿאַרשטערן ס'לעבן.

סיווי יהודה־לייב האָט שוין געהאַט זיינע געטועכצן, זיינע שטימונגען. תמיד באַדאַרפֿט האָבן עפּעס נייעס, ס'זאָל אונטערהייבן, ס'זאָל אים אונ־טערוואַרעמען, ער זאָל נישט זיצן מיט ליידיקע הענט, זיך נישט לאַנג ווייליקן... די מעשה מיטן סינדיקאַט איז אויך געווען אַן ענין, נישט צום אוועקמאַכן. אַרויסגענומען אים פֿון דער מאָנאָטאָנקייט, פֿונעם שטילן טאָג־טעגלעכן זיין. אַריינגעבראַכט אַ טראָפּן אויפֿלעבונג. אין דער ערשט האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט, געאַרבעט אויף אַלע כלים, געבונטעוועט, גע־פּרעדיקט: אויף ניין. שפּעטער האָט ער זיך איבערגעלייגט, געוואָרן מרוצה. צוגעשטאַנען. צוגעהאָלפֿן. אונטערגעטריבן נאָך אַנדערע. איצט אַז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די מורמלערייען, טענות, איז ער ווידער אַריין אין די פּעדערן — זיך געשטעלט אין פֿראָנט. געוואָרן פֿון די „ניין"־זאָגערס, פֿון די קעגנערס. אין שולכל ביי מנחה־מעריב, גערעדט, געפּרעדיקט פֿאַרן עולם, מען דאַרף מאַכן אַ סוף, אַן עק מיטן סינדיקאַט. אויפֿגעוויזן מיט כלערליי ראיות, אַז ס'טויג אויף כפּרות. אַ פֿאַסקודנער געשעפֿט. מען דאַרף אַרויס דערפֿון. דאָס בריקעווען האָט אים ווידער געדינט צום געמיט. אויפֿ־געוואָרעמט אים אַ ביסל דאָס בלוט אין די אָדערן. אָפּגעפֿרישט. צוגעגעבן נייע פֿאַרע, אַן וועלכער ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַגיין.

היינט האָט ער אויך געהאַט אַ גוטן טאָג; ביי פּינטשען אין הויף זיך צעדרשנט, צעפּאָכעט עטוואָס די פֿליגל. דערנאָך איבערגעחזרט אין דער ביקלשער נעסט. געווען מיט אויפֿגעלעבטקייט, מיט צערוכעוועטע הענט. געקריגן קוראַזש: פֿאַר אים, זייער אַ גוטער טאָג.

אַהיימגעקומען צוריק אין שטוב, האָט יהודה־לייב גלייך געמוזט נעמען אַ שטאַרקן טרונק בראָנפֿן, צוריקברענגען ס'האַרץ צו זיך, אָפּבלאָזן די מידקייט. דאָס מאַכן אַ היימישן „לחיים", האָט קיינמאָל נישט געשאַדט. געווירקט צום גוטן, געשטאַרקט די ביינער (ביי אַ גאַרבער־מענטש איז אַ גוטער טרונק, געווען אַ גרויסע „פּאָקראָפּלעניע", אַ שטאַרקונג. אויך די ווייבער האָבן אינדערשטיל צוגעזינדיקט מיטן גלעזל...). יהודה־לייב דער־

פילנדיק די וואַרעמקייט אין אינגעווייד פון דער אַראָפּגעלאָזטער כוסה, האָט זיך אָטכאַיעט. לייכט אָפּגעזיפצט: מאַ, מ׳וועט דאָס אויך איבערקומען. די וועלט גייט נישט אונטער...

אַריינגעשטעלט די פלאַש צוריק אין שענקל, איז ער אַרויסגעגאַנגען אין גאַרבעריי נעמען זיך עפּעס צום טאָן און אויך איבערגעבן דעם זון די נייעס.

— הערסט מיין זון, ס׳האַלט ביים פלאַצן... — איז יהודה־לייב אַרויס מיט אַנזאָג, צוקומענדיק צום רייניקונגס־אָרט.

— וואָס זאָגסטו טאַטע! — האָט כאַסקל אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן. געקוקט אויפן פאָטער מיט שטוינונג און מיט נישט פאַרהוילענער צופרידנקייט.

— יאָ. ס׳האַלט דערביי.

— נו, זאָל עס גיין!...

כאַסקל איז געווען פּשוט דערפרייט. ער האָט באַלד פון לכתחילה נישט איינגעשטימט מיטן שותפות. אים האָט געצויגן צו דער היימישער אָפענער טיר, ווו ס׳האָט זיך באַוויזן דער קונה, דער סוחר. ווייניק איינדרוקן אין לעבן, האָט אים געווילט דאָס אַריינקומען פון די „פרעמדע״; דאָס אָדורכ־שמועסן זיך פון טאָטן מיט זיי; די דינגענישן, דאָס נישט לאָזן רייסן דעם פרייז און דערנאָך ס׳דערלייגן און צום סוף, דערלאַנגען זיך די הענט: שלום, אָדורכגעקומען. שפּעטער גאָך די סוחרימס אָוועקגיין און נאָכן איבער־ציילן דאָס געלט, עס פאַרשטעקן אין זיין באַהעלטעניש, האָט דער אַלטער אַרויסגענומען פון שענקל די פלאַש אָקעוויט, פאַרמישט מיט שאַרפן וויש־ניאַק, אָנגעגאָסן אַ היפּשן בעכער פאַר זיך, פאַר דעם זון (ווען די אַלטע האָט געלעבט, האָט זי אויך מיטגענאָסן), געוווּנטשן זיך לחיים, אַראָפּ־געלאָזט מיט הנאה אין קעל, אָפּגעפּאַרסקעט: פררר! און אויפגעפרישטע, אונטערגעוואַרעמטע, זענען זיי, טאַטע־און־זון, אַרויס אין הויף צוריק מיט נייע כוחות, צו דער אַרבעט.

מיטן אָפּשליסן פון שותפות, איז פאַרשטילט געוואָרן די שטוב, די גאַרבעריי, איין טאָג ענלעך צום צווייטן. ס׳האָט געפעלט די אָפּוועקסלונג, דאָס נייגעריקע אויסוואַרטן. ס׳איז אַריין אַן איינטאָניקייט אין הויף, אין

דער מלאכה, אין שטוב. אַ מענטש מוז דאָך האָבן עפּעס אַן אָפּענדערונג, מיט וואָס צו פאַרשפּילן די צייט. כאַסקל האָט עס נישט געהאַט. געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג אַנגעבויגן איבער דער קאָזלע, איבער די פּעסער, געשאָבן, געריייניקט פעלן, געגאַרבט. געטאָן אויטאָמאַטיש, מאַנאָטאָן ווי דאָס פערד וואָס דרייט זיך בלינד אין קרייז, צוגעשפּאַנט צום ראָד פון דער איילמיל. געוועזן בייז אויף די גאַרבערס, אויפן טאַטן, אויפן ווייב, אויף זיך אַליין.

ווארעם מיטן ווייב, ווי שוין געזאָגט, האָט ער כאַסקל נישט געהאַט קיין גרויסע מחזקות, קיין גרויסע פריינטשאַפט. נישט געהאַט מיט איר אויך קיין סך וואָס צו רעדן. איר איז ווייניק אַנגעגאַנגען דאָס אַרומיקע. זי האָט געהאַט איר אויפגאַבע; געהילט אין שטובראַק, דינע לעטשלעך אויף די פּיס, האָט זי זיך געדרייט איבער דער וואוינונג, געטאָן אין דער שטוב־ווירטשאַפט, צוגעגרייט עסן, געמאַכט ריין, געזען ס'זאָל זיין אויס־געוואַשענע וועש אין שאַנק, אַ ריין געלעגער און דאָס איבריקע — מיט זיך און פאַר זיך. אין איר אַפּרו־צייט, האָט זי זיך צוגעלעגט אויפן שטשע־שליאָן, געלייענט אירע ביכלעך, אילוסטרירטע זשורנאַלן, וואָס די שוועס־טערן האָבן איר צוגעשיקט פון דער היים. ווייניק געהאַט געמיינזאַמס מיטן הויף, מיטן מאַן, מיט דער סביבה, מיטן גאַנצן אַרומיקן קלאַפּערגע־צייג. געוועזן פאַרטראָגן אין איר וועלט, אין אירע געדאַנקן, חלומות.

פאַר כאַסקלען איז עס געוועזן אין אַ געוויסער מאָס אַ פאַרלייכטערונג: וואָס ווייניקער ר'איז אַריין מיט איר אין שמועסן, אין גערייד, אַלץ געזונטער פאַר אים. וואָרעם ביי די ערשטע פאָר ווערטער, האָט זי שוין געפונען ביי אים חסרונות: ער רעדט צו הויך, לאַכט מיט געריטשעריי, שפּרייט די ליפּן ווי ביי אַ פערד, ווו ס'ווייזן זיך אַרויס די גרויסע ציינער, האַלט זיך נישט ווי מ'באַדאַרף. זי האָט נישט געפונען קיין שום שיינס און גוטס אין זיין שטיין, אין זיין גיין און אין נאָך אַנדערע זיינע מעשים. גענודיעט מיט אירע ווייבערישע פיינשמעקערישקייטן, צוטשעפּענישן, וואָס האָט גע־קאָנט אַרויסברענגען דעם שטאַרקסטן מאַנסביל פון געדולד. דאָס שווייגן איז פאַר אים געוועזן אַ שוץ, אַ טובה.

אין דער אָנגעשטאַנענער שטילקייט, האָט ער אויסגעוואַרט אויף זיינס: אויף דער ענדערונג. ס'זאָל צוריקומען ס'ביסל פריערדיקע היימ־

לעכקייט, דאָס באַווייזן זיך פון אַ סוחרס פּנים.

— גאַנץ גוט אַזוי. הלוואי זאָל עס טאַקע פּלאַצן — האָט כאַסקל נישט געקענט זיך איינהאַלטן. האָפערדיק גערופן צו זיך, צום פאַטער, וואָס האָט זיך געקליבן אויך נעמען צו דער אַרבעט.

— ס'וועט שוין לאַנג נישט אָנהאַלטן. אפשר די טעג נאָך נעמען אַ סוף — האָט דער פאָטער ווידער אַמאָל אים פאַרזיכערט.

יהודה־לייב אָנגעטאָן אין לעדערנעם פאַרטעך, האָט זיך צוגעשטעלט צום פאַלצברעט, גענומען פאַלצן בוקאָטן. ער האָט די אַרבעט געטאָן געניט, מיט קענטשאַפט פון אַן אַלטן גאַרבער־מייסטער. געגאַנגען מיטן פאַלצ־מעסער איבער דער מעזדערע שפּילעוודיק ווי אַ פידלער מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס. ביי דער דאָזיקער מלאכה, האָט דער קאָפּ אַ ביסל אָפּגערוט, געלופטערט. געקענט נעמען טראַכטן וועגן אַנדערע ענינים, פּערזענלעכע, ווייט פון געשעפט, פון האַנדלס־געפילדער, מער נענטער צום האַרצן. ס'האָט זיך אים טאַקע געטראַכט וועגן יענער זאַך, וואָס ער איז אין דער לעצטער צייט אַזוי אַריינגעטאָן מיטן געדאַנק: אַ ווייב, אַ חבר צו זיך. דאָס פּיקט אים אונטערן האַרצגריבל זייער און זייער.

וואָרן אין אמתן, ווי לאַנג וועט ער אַזוי זיצן אַליין אין זיין אלמנ־שאַפט. אין דער ערשטער צייט האָט עס אים נישט אַזוי באַאומרואיקט. יאָ־געדענקט, נישט־געדענקט. זיך דערמאָנט און ווידער אַראָפּ פון זכרון. אָבער מיטן אַריינציען טיפער אין לעבנס־גאַנג, האָט זיך גענומען אין אים וועקן די בענקשאַפט נאָך אַ נאָענט געשטאַלט, אַ נאָענטע באַגלייטערין. געדענקט ר'האָט מיט דער פריערדיקער ווייב, די ברײַנע, געהאַט אַ שטיל לעבן. געמיינט זי איז צו אים צוגעבונדן מיט אומגעזעגנע לייב־פעדעם און אויף אייביק. ווען ס'וועט קומען די צייט פון פאַרלאָזן די וועלט, וועלן זיי ביידע אויך אַזוי צוזאַמען אַוועקגיין. איז זי אָבער אַוועקגעגאַנגען פריער אַליין, אים איבערגעלאָזט. און ווידער בענקט זיך נאָך אַ געטריי איבער־געגעבן ווייבעריש וועזן. זי זאָל זיין אייגן צו אים, צו זיין גוף און נשמה.

היינט ווען זי איז מער נישטאָ מיט אים, פילט ער ערשט אָפּ דעם פאַרלוסט פון דער ברײַנע. זעט, ס'איז נישט ווי ער האָט אַמאָל געמיינט: אַ ווייב, נישט קיין גאָווינע; דרייט זיך אַרום אַזאַ לעבעדיקע זאַך אין

שטוב, צוגעוווינט פאַרן אויג, עלעהיי די היימישע ציג — זאָל עס זיין. הייַנט אין זיין אַלייַנקייט, פעלט זי אים אויס אין אַלע זייטן: ביים אויפשטיין און שלאָפנגיין. אין די הייסע טעג און אין די קאַלטע נעכט. אין ווינטער־דיקער נאַכט ווען דער פראָסט האָט געברענט אין דרויסן, האָט בריינע געזאָרגט דאָס בעט זאָל זיין פאַר אים אויסגעוואַרעמט; אַוועקגעלייגט אַ הייסן ציגל צופיסנס, די פּערענע אויפגעקלאַפּט, אויפגעפּוכט. ווען ער איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דער דעק, האָט אים אַרומגענומען אַ וואַרעמקייט ווי פון אַ געהייצטן אויוון. געפילט ס׳צעגייט זיך אים אין אַלע איברים, גלעט די ביינער; אינדערפרי ביים אויפשטיין, האָט זי אים צוגעגרייט דאָס הייסע גלאָז באַוואַרקע, צוגעטראָגן ר׳זאָל אויסטרינקען, איידער ער טרעט נאָך אַריבער די שוועל צום דרויסן. און ווער שמועסט נאָך ביי אַ נישט געזונט זיין — דעמאָלט איז זי שוין אינגאַנצן נישט אָפּגעטראָטן פון אים. געוואַרטעוועט ביי זיין געלעגער, ווי אַ מאַמע איבער אַ קינד. זיך איינ־געקוקט אין זייַנע אויגן, געהייסן ווייזן די צונג, צי זי איז נישט „באַלייגט". באַטאַפּט די ווייטיקע ערטער, אומאויפהערלעך גערופן: יידע־לייב, ווי פילסטו זיך? אפשר דיך אויסשמירן, צולייגן אַ שפּירט־קאָמפּרעס? שטעלן דיר אפשר באַנקעס, געבן דיר אַ הייסן טרונק, האָ, יידע־לייב? ביים אַוועק־גיין פון אים, געוואָרנט: ריר דיך נישט צופיל, ליג רואיק, ליג גלייך, דאָס וועט דיר פאָלוביען, גרינגער מאַכן. די געטריישאַפט, די ווייבערישע איבער־געגעבנקייט, דאָס כסדרדיקע זיך פאַרען אַרום אים, איר נישט אָפּלאָזן אים פון אויג — האָט אַריינגעטריפט אַ היילונג אין זיין גוף. אים געקרעפטיקט. געמאַכט געזונט. אַרויסגעצויגן אים פון דער קראַנקייט.

הייַנט איז אַלץ אַרום אים שטיל, פאַרשוויגן. מען רופט נישט מער יידע־לייב. די היימישע וועגט הערן נישט מער דעם אָפּקלאַנג פון זיין נאָמען. און אויך נישט, די ליבע פרעגענישן און זאָרגענישן.

אין לעצטנס איז ער געוואָרן אָנגעפילט מיט שטאַרקן באַגער אַריינ־צונעמען אַ ניי ווייב אין שטוב. ער וויל נישט אָפּשוואַרצן די יאָרן וואָס זענען אים נאָך אויפגעלייגט, אַליין אין איינזאַמקייט. ער טראַכט אַ סך וועגן דער צוקונפטיקער פרוי. און געוואָלט וואָלט ער שוין אין איינוועגס, אַ יונגע, אַ לייטישע, אַ שיינע, וואָס זאָל אים זיין צום האַרצן, מיט לוסט

פאַר די אויגן; ברענגען אַ ביסל פרייד, אַוועק טאָן אין אים די מאַנסבילישע כוחות, דאָס איינגעדרימלטע בלוט. דעמאָלט וועט ער נאָך דערפילן אַ טעם אין לעבן. אַז יאָ שוין — פאַרוואָס נישט עפּעס רעכטס? ער וויל נאָך געניסן פון זיינע יאָרן, פון דער שיינער וועלט.

ער האָט געשמעקט, געשנאָפּט אין זיין גאָס. אַדורכגעוואָרפן פאַר־שידענע בעמען, געשטאַלטן. פאַרגעשטעלט פאַר זיין אויג, באַקאַנטע פרוי־אישע געזיכטער. דאָס אויג האָט נישט געוואָלט אָנעמען, נישט באַווילִיקן. באַוויליקט האָט עס נאָר איינע, וועלכע ער באַגערט מיט גרויסער בענק־שאַפט, מיט שטאַרקן מענערישן רצון און וואָס פאַר איר וואָלט ער גרייט געווען אַוועקגעבן אַ האַלב פאַרמעגן: מאַשע־־וויטלס; מאַשע, די יונגע שיינע אלמנה.

אָט צו דער דאָזיקער יונגער פרוי, ציט אים מיט אַלע מאַנסבילישע געבלוטן, און גלוסטן. אינדערשטיל טראַכט ער וועגן איר אַ סך. און כאָטש ס'איז שוין שפּעט־זומערדיקער ליבשאַפט, איז זי אָבער נאָך גענוג קרעפ־טיק, אויסגעצייטיקט, טאַקע ווי אַ האַרבסטיק געזונטע פרוכט וואָס קאָן האַלטן נאָך לאַנג אין זיך די זיסקייט. אויך ער איז נאָך מיט געזונטע זאַפטיקע כוחות, ברוך־השם. ער האָט פאַר זיין מ אַ נ ס ב י ל י ש ק י י ט נישט קיין מורא. זיכער דערמיט. ער זעט אויך נישט קיין שום אויסטערלישס אין דער זאַך, אין זיין פאַרלאַנג.

אַפילו דאָס וואָס ער איז אַריבערגעוואַקסענער פון איר מיט יאָרן, איז נישט קיין געשריי. ביי גאָט אין האַנט ליגט דאָס לעבן: יונגע — שטאַרבן. אַלטע — עלטערן זיך. דער עיקר איז דער בנין, דער פונדאַמענט. און דאָס איז ביי אים אַ דאַנקן גאָט געזונט, אין בעסטן צושטאַנד. לעבנסלוסט איז נאָך דאָ ביי אים אין שפע. אַ ווייב וואָלט אַליין זיך פריילעך וווּנדערן: „אַ־וואַ, גיטס נאָר אַ קוק!...״ און ער ווייסט פון אַזעלכע מענטשן וואָס האָבן אין די זיבעציקער יאָרן נאָך חתונה געהאַט מיט יונגע פרויען, אָדער עלטערע מיידלעך און געמאַכט געבערן קינדער. געמאַכט בריתן, שמחות. עס איז געווענדט אין דער קוואַליטעט פון מענטש, פון זיין מאַנסבילישער גאַטונק, פונקט ווי עס איז געווענדט, אַז אַ גוט לעדער זאָל האָבן אַ „גריף״, כוח אין זיך, בעת אַן אַנדערש — איז שלאַבעריק, פאַלט איבער די הענט.

ער געהערט צום ערשטן סאָרט. און ער איז נאָך נישט אַזוי אַלט. ערשט אינמיטן די זעכציקער. נאָך דאַ יאָרן און יאָרן צום לעבן. וואָס איז ס׳געוואָלד! ער קען איר אַפילו צוזאָגן אויך אַ „קדיש" (פילט נאָך אַ דאַנק דעם באַשעפער כוחות אין די לענדן). און אפשר איר נאָך גאָר שענקען זין און טעכטער.

צוליב איר מאַשען, צו וועלכער ער גאַרט מיטן גאַנצן וועזן, פילט ער זיך ממש געפּייניקט. זי קומט אים אַפּטערס אויפן זינען, אויך אין שלאָף, און מיט אַזאַ באַגערטקייט,אַז ער קרעכצט אַזש אָפּ און כאַפּט זיך איבער. טראַכט דערנאָך לאַנג וועגן איר. זעט דאָס גוטע וואָס וואָלט געבּרענגט סיי פאַר איר און סיי פאַר אים. זי וואָלט דאָך באמת אויפגעלעבט, געפינען ביי אים אַ גוטע היים און רו. אַ טעם אין לעבן. פּטור געוואָרן פון דער שוויגערישער מחלוקה. ער וואָלט זי אַרויסגענומען פון זייערע הענט. געברענגט צו זיך. אָפּגעשריבן אַ גרעסער חלק פון אייגנטום. פאַר־זיכערט איר עקזיסטענץ אויף אַלע אירע לעבנס־יאָרן.

ער האָט שוין אַפילו עפּעס געטאָן דאַרין. אונטערגעשיקט אַ היימישן מענטש, בסוד דאָס איר איבערצוגעבן, פאַרשלאָגן. דערוויל האָט עס נישט אָנגענומען. זי האָט אויסגעהערט און זיך ווי אַרויסגעדרייט דערפון: זי ווייסט הײַנט גאָרנישט וואָס צו זאָגן. האָט מיט זיך צו טאָן און נאָך אַזעלכעס. קאָן זײַן, זי האָט טאַקע איר קאָפּ פאַרדרייעניש מיט יענער צרה, מיט דער חליצה. און אפשר האָט דער שליח נישט גוט גערעדט, נישט געגעבן ריכטיק צו פאַרשטיין, זי זאָל עס קאָנען אויפנעמען. און מעגלעך, זי איז נאָך נישט מיט זיך פאַרטיק, ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז.

אָבער ווי ס׳זאָל נישט זײַן, זי ווייסט פון דער זאַך, פון זיין טראַכטן וועגן איר.

אַנומלטן האָט ער זי אָנגעטראָפן ביים אָפּקלייבן אַ פאַר פעקלעך „אויסטראַלישע" (רויע פעלן) ביי ראובנען, דעם אַגענט, אין סקלאַד. ער איז גלייך געקומען איר צו הילף. געבודקט איינס, אַ צווייטס, אַ דריטס. זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ וועלכעס, אויסגערופן: אָט דאָס, נעם מאַשע. אַ גוט פעקל, אַ גרויס און גאַנץ. זי האָט אים געפאָלגט. גענומען זיין

אויסקלייב. געדאַנקט. ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זי אַ שטיקל וועג באַגלייט. געפּרוווט אַנבינדן אַ שמועס, אויספרעגן ווי ס׳דערגייט די אַרבעט, ווי ס׳האַלט מיט יענע זאַכן, מיט דער שוויגערישער שטוב. זי האָט אים אויף אַלעם אָפּגעענטפערט קורץ, זאַכלעך, מיט אַ ביסל אַוועקגעקוקטע אויגן — און מיט אַמאָל זיך גענומען איילן: זי וויל אַהיימגיין. דער אַלטער זעליק איז אַליין אין הויף, זי דאַרף זיין דאָרט, אים וואָס אָנווייזן, צוהעלפן. ס׳איז אים געלעגן אויפן צונג צו זאָגן, ער וואָלט מיט אַבייגעגאַנגען, אַ קוק טאָן. אָבער איבער עפּעס זיך אָפּגעהאַלטן: מ׳דאַרף נישט צו האַסטיק כאַפּן. ער האָט ביים אַוועקגיין צוגעטראָגן איר אַ פריינטלעכן בליק, אויף וואָס זי האָט, ווי אים דאַכט, מיט אויך אַזוינס ענלעכס אָפּגעענטפערט, אַז ס׳האָט אים אַזש שטאַרק אַ וואַרעם געטאָן. געדאַנקט אים פאַרן צוהעלפן דאָס אָפּקלייבן. זיך אָפּגעקערט אַהיים.

ער האָט איר נאָכגעקוקט, באַוווּנדערט איר יונגן שיינעם גאַנג, דער וויג פון איר שלאַנקן גוף, און ווידער איז אין אים אויפגעגאַנגען דאָס זיס באַגערטע געפיל, זי צו באַקומען פאַר אַ ווייב. ער וואָלט זי אויס־געלייזט. אַן עפּן געטאָן דעם טייסטער, געצאָלט, געשמירט, און זי אַרויס־גענומען פון דער „תפיסה״, פון דעם שוואַגערס הענט. ער אַליין וואָלט אויך נאָך אָפּגעלעבט אַ פּאָר גוטע יאָרן. אָבער ווי אַזוי פירט מען עס אַדורך?

יאָ, ער מוז עס נעמען פונסביי און פעסט אין די הענט אַריין. מיט איר רעדן אַליין אויג־אויף־אויג. אָדער גאָר צושיקן אַזאַ איינעם וואָס ר׳זאָל קאָנען זיך אויף אים פאַרלאָזן, ווי למשל זיין חבר בייניש שאָרף, וואָס וואָלט איר געקענט איבערגעבן דעם ענין גענוי, מיט טעם, מיט שכל. ער וועט מיט אים איבערעדן, אַ בייגיין צו אים היינט.

מיט אים בייגישן פילט ער זיך אייגנס, ווי איין האַנט. און כאָטש בייניש איז פון אים יונגער מיט אַ פּאָר יאָרן, מאַכט עס נישט אויס... אדרבה, ס׳האַלט נאָך שטאַרקער צו די פריינטשאַפט. ווי דער אַלטער בוים האַלט צו לעם זיך דעם ייִנגער אויסוואַקסענעם בוים. ס׳איז אים ליב אַריינצוקומען צו אים, זיין חבר אין שטוב. דאָרט דרייט זיך אַרום זיין קלייניבקע ווייב מינדל, אַ ייִדענע אַ געפּאַקטס, אַ בריהשס, אַ חכמה. אַ נחת מיט איר צו רעדן, זיך איינהערן אין אירע רייד. זי האָט באַלד פון

דער ערשטער מינוט, זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם שותפות. געהאַט איר געערכטע טענה. חוזק געמאַכט פון די מאַנסלייט, די אַלטע בערן, וואָס לאָזן זיך פירן ביי דער נאָז פון אַ פּאָר ייִנגלעך שניעקעס, אויפגעקומענע גבירים, חוצפּהניקעס. זי האָט געוואָרנט, זיי וועלן באַדויערן. איצט איז עס אַרויסגעקומען ווי בוימל אויפן וואַסער...

אמת, זי האָט אויך מיט אים זיך געקריגט. געשטעכעלירט אים דעם אַלטן „קאַזאַק" וואָס האָט זיך געלאָזט אַפּקויפן פאַר אַ שמעק טאַבאַק... ער האָט איר נישט אָפּגעענטפערט. זי איז דאָך גערעכט. האָט ער זיך געטראַכט. שטיל צוגעשמייכלט, צוגענומען די קריטיק און מיט הנאה, ווייל ס'איז געקומען פון מויל פון אַ קלוגע קאַביטע. אָט ביי זיי ביי די ביינישעס אין שטוב רוט ער אָפּ אַ קאָפּ פון דער מידקייט, פון די טראַכטענישן. ליב איז אים די דאָרטיקע היימישע רואיקע לופט. אָבער ווידער אַמאָל — גאָט זאָל אים נישט שטראָפן פאַר די רייד, נישט אָנעמען עס פאַר שלעכטע מחשבות — אַז דו זעסט אַזאַ שטיק באַוועגלעך רוכליוועדיק ווייבל, שוועבט אַרום איבער דער שטוב ווי אַ זומער־פלאַטערל, טוט אַלץ מיט לעבעדיקע רוכעס, זעט יעדער זאַך זאָל זיין אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט און דערביי מיט געלעכטערל, מיט צוואַרפן אַ ווערטל, אַ קלוגס, אַ לאַכעדיקס — גיט עס דיר נישט ווילנדיק, אין דיין איינזאַמקייט, אַ פּיק אין האַרצן. וועקט בענקשאַפט. דערמאָנט דיך וועגן דיין שטוב, וועגן דיין איצטיקער אַליינקייט. און ס'ווערט דיר עפּעס נישט־דאָסיק אויף דער נשמה. אַ טראָפּן אַנגעזאַלצן... ער האָט דאָ חלילה נישט קיין שום שלעכטע כוונות. אָבער די מענטשלעכע טבע איז שוין אַזאַ, ס'וועקט, ס'דערמאָנט. און גאָט וועט אים נישט נעמען פאַר אומגוט, נישט פאַררעכענען פאַר קיין זינד און זיכער אים מוחל זיין. ער אויבן ווייסט, דער מענטש איז נאָר פון בלוט און פלייש. און ס'קומט נישט אַזוי פון שלעכטע געדאַנקען, ווי פון מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט, פאַרלוירעניש...

נאָכן היינטיקן טאָג, ווען ער איז עפּעס באַזונדערס אינערלעך אויפגערודערט, מוז ער אַריינגיין צו זיין פריינד, זיך אַדורכרעדן, אַדורכלופטערן די צונג. און פאַרשטייט זיך ביי אַ געלעגנהייט, מיט אים ביינישן, אַ כאַפּ טאָן אַ גערייד אין דערשטיל וועגן יענער זאַך, וועגן מאַשען. הערן

זיין וואָרט, זיין עצה.

יאָ, ער וועט עס טאָן, הייַנט אין אָוונט, זיכער.

יהודה־לייב אויפגעמונטערט שוין צוליבן באַשלוס אַליין, זעענדיק זיך שוין אין יענער שטוב, רעדן מיטן חבר, האָט צעלאָזט די הענט לוסטיקער, הייטערער, מיטן פאַלצמעסער איבערן לעדער. געטאָן די אַרבעט

*

אין אויפדערנאַכט נאָכן אָפּעסן די מאָלצייט און איבערטאָן זיך, איז יהודה־לייב אַריינגעגאַנגען צו בייַנישן אין שטוב אַ ביסל פאַרברענגען, אָפּרוען. אַריבערגעטרעטן די שוועל, האָט זיך גלייך געלאָזט פילן די אָנ־גענעמע היימישע לופט — אַ היימישקייט, וועלכעס ס׳ברענגט אַריין אַ טיכ־טיקע באַלעבאָסטע, ברענגט היימלעכס אין איר הויז. יהודה־לייב האָט אָן אָטעם געטאָן די לופט, מיט ביידע לונגען, זיך אָנגעזאַפּט מיט דער שטו־ביקער געמיטלעכקייט און ווי געשטויסן פון עפּעס, גלייך אַרויס מיט לשון:

— מינדל איז געווען גערעכט, ווען זי האָט געטענהט אין פאַרויס: אויף בּ י ש ט... איצט זעט מען עס קלאָר.

די בייַנישעכע, אַ קרעפּטיקע געזונטע פרוי, וואָס אירע הענט האָבן געקענט באַאַרבעטן אַ וועלט, און וואָס איז איצט אויך געווען פאַרנומען מיטן ברענגען אין אָרדענונג דאָס געפעס פון נאָכן נאַכטמאָל, האָט געוווּסט וועגן וואָס עס רעדט זיך: וועגן שותפות. פאַרקוקט זיך אַ רגע אויפן אַלטן, נישט אָפּלאָזנדיק די הענט פון טאָן, האָט זי אָפּגעענטפערט:

— עץ מאָנסבילן האָט דאָך מיר נישט געוואָלט גלייבן. אַ צינד וועט׳ץ מיר שוין יאָ גלייבן. צ׳פילט דאָס שוין אויף דער אייגענער הויט...

בייַניש האָט געקוקט צו זיין חבר, געשמייכלט, ווי ער וואָלט דערמיט זאָגן: האַ, מע שמועסט אַ יידענע מיט שכל, זאָל מען גלייבן... יהודה־לייב האָט אויך געשמייכלט און פון עפּעס אַנדערש: אַז מען האָט אין שטוב אַרומגיין אַן עין־הרע, אַזאַ פלייסיק, רירעוודיק ווייבל, אַ פריילעכס, פון וועלכער ס׳שפּאַרט מיט לעבן, מיט באַוועגלעכקייט; מיט הענט וואָס רוען נישט אַ מינוט, און אַזוי באַלד פון פרימאָרגן, ביזן שפּעטער־נאַכט און דערביי מיט אַ ווערטל, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן — מעג מען זיך טאַקע פאַרגינען אַליין אויך אַ שמייכל טאָן, אַ ברייטן שמייכל. זיין צופרידן.

און פון דער מיגדל האָט אמת געשפּאָרט מיט לעבן, מיט חיות, מיט טעטיקייט; אַ קליינע, אַ פלינקע, מיט יוּנגקייט אין איר אויסזען, אין אַלע אירע פּנים־שטריכן, האָט זי ווי אַ וועוורקע זיך באַוועגט פון איין אָרט צום צווייטן, נישט איינגערוט קיין רגע. אירע הענט קוועקזילבערדיקע, זענען געווען תמיד אין באַוועגונג, פאַרנומען מיט טאָן: קאָכן, באַקן, רייניקן, וואַשן, רוימען. און כאָטש זי איז שוין נישט געווען אין דער ערשטער יוגנט, געהאַט אַ שטוב מיט קינדער, פון קליינס ביז דערוואַקסנס, האָט עס זיך אויף איר נישט אָנגעזען, נישט געווירקט צום שלעכטן, צום מיד ווערן, צום אָפּשטיין. מ׳האָט נישט געהערט קיין קרעכץ פון איר מויל. געטאָן אַלץ מיט ווייבערישער לוסט, מיט גוטן שמייכל, מיט פליכט. יהודה־לייב האָט דאָס זייער אָפּגעשאַצט. געזען דערין דאָס גאָר גוטע פון אַ ווייב — אַ ברכה פאַר דער שטוב. אין דער שטיל מקנא געווען מיט מענטשלעכער ערלעכער קנאה.

אין האַרצן האָט ער ביי זיך געטראַכט, ווען ס׳זאָל אים אונטערקומען, אָט אַזאַ מין סגאָל ווייבל, וואָלט ער גאָרנישט געקלערט, באַלד דאָרויף איינגעגאַנגען. ער וואָלט אויפגעפרישט די ווינונג, אַריינגעשטעלט נייע שטיקלעך מעבל, ס׳זאָל זיין צום געפעלן, אַ באַשיינונג פאַרן אויג, ס׳זאָל דאָס ווייבערישע וועזן, הייטערן. און אַליין וואָלט ער זיך אויך אויפגע־הייטערט. פּטור געוואָרן פון די נאָגנדיקע רעיונות, פון די באַפאַלענע פּיי־נענדיקע געדאַנקען, וואָס מאַטערן אים אָפּט.

— נו, וואָס האָט מען דאָרט גערעדט ביי פּינטשען אין הויף? — האָט בייניש נייגעריק פון זייערע ענינים, געוועקט זיין פריינד.

— האָ? יאָ. מ׳האָט גערעדט. דו ווייסט דאָך וואָס מ׳רעדט. וואָס איינער זאָגט עפּעס אַנדערש, און אַלע צוזאַמען זאָגן גאָרנישט...

— הייסט עס, דער עולם וויל צוריק אַרויס?

— וואָסזשע דען מיינסטו, ער וויל אַריין...

גערעדט, געזאָגט, געפרעגט, געענטפערט, און אַלץ מיט האַלבן מויל, מיט האַלבע ווערטער. יהודה־לייב האָט זיך געהאַט זיינע טראַכטעניש, זיינע גריבלעניש. און אַלץ וועגן יענע זיינע זאַכן: ער וואָלט געוואָלט, ס׳זאָל ביי אים אויך עפּעס באַנייטער ווערן, ס׳האַרץ באַרואיקטער, דער

קאָפּ קלאָרער; אין זיין שטוב זאָל אַריינקומען צוריק די היימישע וואַרעמ־קייט, ס׳זאָל זיך אָטעמען מיט געמיטלעכער פרייער לופט, כאָטש אַזאַנע ווי דאָ... דעמאָלט וועט אים גלוסטן זיצן אין דער היים צווישן זיינע פיר ווענט און נישט אים טרייבן אין פרעמדע שטיבער. און דאָ איז טאַקע אַנגענעם, פריילעך. און ביי אים אין דירה וואָס? בעסער נישט רעדן...

—און דו אַליין, יודע־לייב, וואָס זאָגסטו צו דעם אַלעם? — האָט בייניש צו אים גערופן.

— וואָס זאָל איך זאָגן. ס׳ווילט זיך צוריק זען אַ סוחרס פּנים. זיין דער באַלעבאָס איבער די סחורה,, איבערן פּאַרקויפן, איבערן געלט. זען אַ מענטשנס פוס איבערטרעטן די שוועל פון הויף.

אָט מיינע רייד, וואָס איך האָב געזאָגט — האָט די באַלעבאָסטע טרואימפירט, איינסדרגדיק די טעפּלעך אין שענקל — איך האָב באַלד אין אָנהויב געטענהט אַזוי: מען דאַרף עס נישט. האָט מען מיך אָנגעקוקט ווי משוגע. עץ מאַנסבילן רעדטס ענק איין, צ׳האָט די קליגסטע קעפּ. מען דאַרף זיך נישט צוהאָרכן צו אַ ווייבס רייד: ווייסיך, אָט רעדט זי, ווייבעריש זאָגעכץ... און איך זאָג, צ׳מעגט שוין אַ ביסל קלוגער ווערן און לאָזן זיך לערנען...

יהודה־לייב האָט צוגעהערט אירע ווערטער און אינזיך איינגעשמו־עסט: זי איז גערעכט, אַזאַ יאָר אויף מיר! זי רעדט טאַקע ווי אַ מענטש, אַ מאַנסביל. און צו אַזאַ איינע מעג מען זיך צוהערן. און טוטס אַ קוק, ווי ביי דעם אַלעם,ביים רעדן, קריטיקירן, אויסלאַכן, פליען ביי איר די הענט. אַלץ ווערט אָפּגעטאָן. זי גרייט שוין צו אויך פאַרן מאָרגן. אַזאַ איינע איז ריכטיק אַ שותף אין לעבן, אַן אמתע העלפערין... ס׳איז אַ מזל־זאַך. און ביי דיר וואָס? עך, ווייסיך...

...אָבער פאַרוואָס טראַכט ער דאָס אַלץ? גאָט אין הימל, ער איז לעצטנס אַראָפּ פון דער סטעזשקע... זיך אַריינגעטאָן צופיל אין די ענינים: ווייב, פרוי, לעבנס־חבר... ס׳בלוט אין אים איז אויפגערעגט. „ביסט נישט אין אָרדנונג יהודה־לייב. ביסט פאַרבלאָנדזשעט. דו דאַרפסט אַ באַרואיקונג פאַר דיין נשמה״, האָט אַ שטים אין אים איצט מיט וואָרענונג גערופן.

יאָ, ס׳איז אמת — האָט ער מודה געווען — און בולטער קומט עס

נאָך צום אויסדרוק אין דעם טאָג ווען ס׳קומט אים אויפן זינען, און טראַכט אַריין וועגן יענער באַליבטער פּרויענצימער... בענקט, קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. און דערנאָך ווען ער זיצט אין דער היגעקער שטוב, אין נאָענטקייט פון זיין חברס היים, זעט זיין רו, זיין פריילעך הויזגעזונט, זיין באַוועגלעך רירעוודיקער לעבנס־באַגלייטערין, וואָס ברענגט אַריין אין יעדן ווינקל, לעבן, הייטערקייט, ווערט ער דערפון נאָך מער עפּעס אויפגערודערט און אויך אומעטיק. ס׳איז נישט פאַר אים קיין גוטער סימן, ניין. ער האָט קיינמאָל אַזוינס נישט געפילט, נישט איבערגעלעבט.

היינטיקס מאָל פילט ער זיך גאָר מאָדנע. ס׳קוועטשט אים אונטערן האַרצלעפל. לאָזט אים נישט דערוען, דערזיצן. אַ נאָגעניש נאָגט, וויל עפּעס, פאַרלאַנגט; ס׳ווילט זיך אָפּלערן, אָפּדערציילן. יאָ, ער דאַרף מיט זיין פריינד איבערעדן. דאָס וועט אים זיכער לייכטער מאַכן.

אין באַגער זיך אַדורכרעדן מיט ביינישן, איז אים נישט באַקומען דאָס זיצן מער און פאַרברענגען דאָ אין שטוב. ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַרויסגיין מיט זיין חבר. פאַר אים אַלץ אָפּדערציילן, זיך אָפּלערן, הערן זיין עצה, ס׳זאָל אים לייכטער מאַכן.

יהודה־לייב אָפּזיפּצנדיק, האָט זיך גענומען אומרואיק באַוועגן אויפן בענקל. געמורמלט עפּעס אין דער שטיל. ביניש האָט עס געמערקט. אָנגעקוקט אים פאַרוווּנדערט. געפרעגט:

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי אומרואיק היינט, יודע־לייב. ס׳קוועלט דיך עפּעס?

— כ׳ווייס אַליין נישט. אַ שטאַרקע מידקייט, איז מיר אַריין אין גוף. ס׳ציט מיך צום געלעגער...

— ס׳וועט אַדורכגיין. סע מאַכט זיך אַמאָל ביי אַ מענטש. טראַכט נישט אַריין. ווילסט אפשר אָפּטרינקען אַ גלאָז הייסן טיי?

יהודה־לייב האָט אָפּגעזאָגט; ער נויטיקט זיך איצט נישט אין קיין טיי. און נאָך אַ קליין ביסל צושוויגן, דערמאָנענדיק נאָך וועגן דעם־און־יענעם, וואָס האָט זיך אויך שוין נישט געקלעפּט, איז ער אויפגעשטאַנען צום גיין. ביניש האָט אים געוואָלט פאַרהאַלטן.

— וואָס איילסטו. זיץ נאָך אַ ביסל צו. מיר וועלן נאָך אַ טראָפּן שמועסן

— ניין, כ׳פיל מיך נישט מיט אַלעמען. איך וויל גיין. קום מיט מיר אַ שטיקל וועגס. מיר וועלן איבערן וועג נאָך אַ ביסל רעדן — יהודה־לייב האָט דאָס צו אים געזאָגט מיט זייטיקן בליק, ווי ער וואָלט אים געגעבן אָנצוהערן, ס׳ליגט אים דאַרין, ער זאָל מיט אים מיטגיין.

אין דרויסןביים שטעלן די ערשטע טריט, האָט יהודה־לייב אָנגעהויבן פאַר זיין חבר אָפּדערציילן פון אונטערן האַרצן, וואָס קווילט אים. גע־קלאָגט זיך אויף זיין איינזאַמקייט; מודה געווען, אַז ווען ער קומט אַריין צו אים אין שטוב, זעט דאָס היימלעכע שטובנלעבן, זיין ענערגישע טייערע מינדל — ס׳זאָל אים דאָס אַלץ נישט פאַרשטערט ווערן — זעט ער ערשט, ווי עלנט ער איז. און ער וואָלט געוואָלט, אַז אויך אין זיין שטוב, ווען ער קומט אַריין פון גאַס, צי פון דער אַרבעט, זאָל אים אַנטקעגנקומען אַ לאַכנדיק פּנים, אַ פריינטלעך וואָרט. ס׳זאָל אים ווערן היימלעכער אויף דער נשמה.

— מ׳ווייסט גאָרנישט — האָט יהודה־לייב פאַרגעזעצט — וויפל טעם און גוטס שטעקט אין דעם; דאָס אַנטקייגנטראָגן פונעם ווייב אַ שמייכל, איר פרעגן: „ווו ביסטו געווען, פונוואַנען געקומען. כ׳וואָרט אויף דיר". אָדער למשל, דאָס צוברענגען דיר ס׳הייסע גלאָז טיי צום טרינקען אינ־דערפרי. דיר פאַרגרייטן מיט זאָרגעוודיקייט, די ריינע וועש פרייטיק צום באָד..." ער האָט אָפּגערוט און גלייך זיך דערמאָנט:

— ...און יאָ, ערשט ביים שבתדיקן טיש אין ליכטיקן פרייטיק־צונאַכט; אָט דעמאָלטס, זעסטו, איז מיר אַמיינסטן טרויעריק. ס׳נעמט מיך אַרום אַזאַ בענקשאַפט צו האָבן לעבן זיך ס׳ווייב, ברייבעגן. מאַכן מיט איר אַ געלעכ־טערל, זי אַ ביסל קריטיקירן אויסלאַכן, און באַקומען דערפאַר באַצאָלט פון איר מיט אַ שטורך ביים אַקסל, אַ ציפּ ביי דער באָרד — וויפל פאַר־געניגן האָט עס מיר געגעבן. כ׳פיל עס ערשט איצט אָפּ, ווען כ׳האָב עס שוין נישט מער... און מיר איז לעסטיק צו הערן אַזוי פיל מאָל אין טאָג: „שווער". זאָל דער שווער גיין, זאָל דער שווער טאָן, זאָל דער שווער עסן. ס׳מאַכט מיר שווער אויף דער נשמה... האָסט מיך פאַרשטאַנען בייניש?

— כ׳האָב דיך פאַרשטאַנען. פאַרוואָס זאָל איך דיך נישט פאַרשטיין. דאַרפסט האָבן אַ ווייב, אַ חבר — בייניש, האָט זיך אַ רגע פאַרקלערט.

צוגעגעבן — און זיי אין דער היים, דער זון, די שנור, וואָס וואָלטן דערצו זאָגן. זיי וועלן באַשטיין?

—וואָס הייסט, צי זיי וועלן באַשטיין? זאָלן זיי נישט באַשטיין. זיי האָבן מיך נישט געבוירן, נישט געברענגט דאָס פאַרמעגן מיר אין שטוב, דאָס הויז, די גאַרבערײַ, די פרנסה — זיי זאָלן מיר זאָגן די דעה. איך האָב עס מיט מײַנע הענט אויסגעפּראַצעוועט. אָװעקגעגעבן די כוחות און קײנער קאָן מיר נישט זאָגן וואָס איך האָב צו טאָן. דערווייל איז עס מײַנס!

— אמת, ריכטיק דײַנע רייד. אָבער קינדער מײַנען אַנדערש, מײַן פרײַנד. זיי האָבן אַן אַנדערן געדאַנק, אַן אַנדערער מײַנונג דערוועגן.

— זאָלן זיי האָבן. און פאַר צוווייטנס, כ׳גיי זיי עפּעס צונעמען. כ׳גיי נישט אָוועקגעבן קײנעם מײַן פאַרמעג. און וואָס וויל דען אַ ווײַב? מ׳גיט איר אָפּצועסן, אַ מלבוש, אַ שטוב, אַ געלעגער, און זי איז צופרידן. איז וואָס דאָ מורא צו האָבן?

— האָסט וועמען אויפן געדאַנק?

— צי כ׳האָב וועמען אויפן געדאַנק? כ׳וואָלט געמיינט... פאַרשטייט זיך כ׳וואָלט געוואָלט אַן אָרנטלעכע און נישט קיין אַלטע. — יהודה־לייב האָט זיך געוואָרפן מיט דער דעה, צי זאָל ער שוין פאַר בייניש אויסזאָגן זײַן סוד, אָדער נאָך אָפּוואַרטן. נישט געקענט אײַנהאַלטן אין זיך. אויסגעזאָגט:

— אין אמתן, האָב איך יאָ אײנע אויפן געדאַנק... כ׳וועל דיר זאָגן וועמען: מאַשען.

— וועמען זאָגסטו? — בייניש האָט אין טונקלניש געשטרעקט דאָס אויער, ווי ער וואָלט פאַרהערט, אָדער נישט געקאָנט גלייבן. געזוכט זײַן חבר אַרײַנקוקן אין די אויגן — מאַשען האָסטו אָנגערופן? ווי פאַלסטו אויס?

— וואָס איז דער חידוש בײַ דיר אַזוי גרויס, וואָס בין איך אַזאַ אַלטער מאַן, אַ זקן?

— נישט דאָס מײַן איך. אָבער זי איז דאָך אַ צו יונגע פאַר דיר, אַן אויפגעהייטערטע. האָט ליב זיך צו פּוצן, צו באַשמעקן. וואָס טויג דיר דאָס. און דערצו נאָך האָט זי צו טאָן מיט מחלוקות, מיט דער חליצה...

ביניש האָט אָפּגעוואָרט און מיטן זעלבן חידוש מוסיף געווען:

— און זי אַליין, וואָס וועט דאַרויף זאָגן. זי וועט דען דאַרויף איינגיין?

— דאַרף מען פּראָבירן. און דאָס וואָס דו זאָגסט „חליצה" — מיט געלט קען מען אַלץ מאַכן. אויפבינדן דעם שטאַרקסטן קנופּ. און דאָס וואָס דו זאָגסט ווידער, זי פּוצט זיך — פאַרוואָס זאָל זי זיך נישט פּוצן. זי איז אַ יונג מענטש. אַ פּרוויענצימער, וויל זיך האַלטן שיין, ריין. פאַרוואָס נישט. און פאַר אַ מאַן איז עס אַנגענעם אַ פרוי זאָל אויסזען שיין. האָבן אַ שיינער קאָליר, און פאַר די עלטערע יאָרן אוודאי. און ביי מיר וועט איר גאָרנישט פעלן. זי וועט אָפּרוען די ביינער. איז ווי מיינסטו? זאָג מיר אָפּן און ערלעך, דעם גאַנצן אמת. באַהאַלט נישט.

— גלייב מיר, כ׳ווייס דיר נישט וואָס צו זאָגן. מען דאַרף די זאַך גוט אַדורכטראַכטן.

— רעד איבער מיט דיין ווייב. זי איז אַ קלוגע, אַ פאַרשטאַנדיקע. לאָמיר הערן וואָס זי זאָגט דאַרויף. נאָר טו עס מיט חכמה. מיט אַ יידענע, אַפילו די קלוגסטע, דאַרף מען וויסן ווי צורעדן... לייג איר נישט די ווערטער אין מויל אַריין, אַז ס׳זאָל ביי איר אויסקומען פאַרקערט: אויף ניין.

— כ׳וועל רעדן. פאַרשטייט זיך ווי מע באַדאַרף — ביניש האָט אים צוגעפירט ביז איבערן וועג. זיך מיט אים געזעגנט.

— הייסט עס אָפּגערעדט. וועסט מיט איר אַ שמועס טאָן און וויסן ווי אַזוי, יאָ? — האָט יהודה־לייב געהאַלטן לענגער זיין חברס האַנט, געוואָרעמט, אים דערמיט ווי געמאַכט געדענקן זיינע ווערטער: ער זאָל פאַרזיכטיק זיין...

— כ׳וועל וויסן. זאָרג נישט. אַ גוטע נאַכט!

אַריינגעקומען אין שטוב, איז ביניש געווען נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק און אין דער פאַרוווּנדערונג פון דעם אַדורכגעפירטן שמועס מיט יהודה לייבן. גלייך עס אָפּדערציילט פאַרן ווייב:

— הערסט מינדל, יודע־לייב וויל חתונה האָבן. און וואָלט גערן געוואָלט נעמען פאַראַ ווייב: מאַשע וויטלס.

מינדל דערהערנדיק דאָס, האָט אויפגעהויבן אויך נישט ווייניק פאַר־

חידושט אויגן אויפן מאַן. און מיט שטוינונג אין קול העפטיק אויסגעשאָסן:

— וואָס איז ער משוגע געוואָרן דער ייִד, צי פון זינען אַראָפּ, וואָס?

— פאַרוואָס מייגסטו אַזוי. ער איז דאָך אַליין. ר׳וויל האָבן אַ ווייב, אַ חבר — האָט בייניש געפּרוווט פאַרענטפערן זיין פריינד.

— נו, דאַריבער, האָט ער זיך אויסגעקליבן מאָשען פאַר אַ ווייב, פאַר דער חברטע? ער זוכט דאָך אין איר די נקבה און נישט דעם חבר. ס׳האָט אים אָנגעשמעקט זיך אַ ביסל אָנהוליען אויף די עלטערע יאָרן, דער אַלטער נאַר. ווי צו אים!

מינדל האָט אָפּגעלאָזט דאָס אַרומווישן די רייף פון דער פּליטע. אומ־געקערט זיך מיטן פּנים צום מאַן. געזאָגט מיט נאָך תרעומות, אָבער שוין מיט אַ ביסל אָפּגעלאָזענעם רואיקן טאָן:

— וויל ער טאַקע אַ ווייב, אַ פריינד פאַר זיך, ווי ער זאָגט, זאָל ער נעמען אַ באַיאָרטע פרוי. זי וועט אים באַדינען, ערלעך האַלטן. וויסן ווי אָפּצושאַצן, אָפּדאַנקן פאַר דער היים וואָס ער גיט איר. און ער וועט האָבן ביי איר אַ רואיק גוט לעבן.

— ער וויל אָבער אַ יונגע. ער איז נאָך אַ געזונטער מאַנסביל, ביי די כוחות. וויל זיך פרייען מיט אַ יונגע פרוי. פאַרוואָס נישט? — האָט בייניש אים ווידער פאַרטיידיקט.

— כ׳ווייס וואָס ער וויל. דאָס ווילט׳ן דאָך אַלע. ס׳וואָלט ענק ליב געווען אַלע פאַר יאָר נעמען אַן אַנדערע, אַ פרישׂ ווייב, בייטן זי ווי מען בייט די וועש. די ווייבער ווילן אָבער לעבן, ענק צו להכעיס און נישט שטאַרבן.

בייניש האָט זיך צעלאַכט:

— דו ווייסט מינדלשי, איך בין נישט פון די... האָב נישט אַזאַ באַגער. זאָלסט מיר לעבן און זיין געזונט, לאַנגע־לאַנגע יאָרן.

— אָבער אַנדערע ווילן דאָך יאָ. און ער דער אַלטער פּ אַ נ ט אַ ז י אָ ר אויך. און דו האָסט אַוודאי מיט אים איינגעשטימט, גלייב איך, יאָ?

מינדל האָט אַ שמיץ געטאָן מיט שאַרפן בליק איבערן מאַנס געזיכט און מיט אַ פאַרוואָרף ווי זי וואָלט דאָס פאַרגעזן אויף זיכער: ער האַלט מיטן אַלטן אין איין דעה. און אָנגעהויבן פּלוצעם קלאָגן אויפן ווייבע־

רישן גורל:

— ...די ברײַנע האָט זיך אָנגעהאָרעוועט אַלע אירע יאָרן. די כּוחות פון זיך אַוועקגעגעבן. געשפּאָרט אַ שפּענדל, געהיטן דעם גראָשן; נישט געלאָזט חסר ווערן אַ פּעדערל — דאָס אַלץ, כּדי אַ פרעמד שטיק, זאָל אַרײַנקומען, זיך אָנפרעסן מיט איר פּראָצע, מיט איר האָרעוואַניע. און דאָס דערפאַר, ווײַל דאָס לײַדיקגײַן, לאָזט דאָס מאַנספּאַרשויניש בלוט נישט אײַנרוען. אין ער דער אַלטער בײַן רוט זיך צופּיל אָפּ. האָט נישט קיין זאָרגן. די פּאָר קונים — האָט ער אויך אַהינגעשיקט צו פּינטשן אין סקלאַד... איז דאָך נישט קיין וווּנדער, פּליען אים פייגעלעך אין קאָפּ... גלוסט אים צו נאַרישקייטן. גיב אים ליבהאָבערינס, יונגע נקבות. אויסגע־זוכט זיך מאַשעלען... אָבער ער וועט נאָך אַ ביסל צוואַרטן, אַ טראָפּעלע אַרײַן מער אין די יאָרן, וועט ער קומען צום שכל, קלוגער ווערן...

— האָלסט אים פאַר אַ נאַר, מײַן ווײַב?

— וואָס דען, די חכמה רעדט פון אים אַרויס? ס'רעדט פון אים אַרויס דער בעל־תּאווהניק, דער יצר־הרע. אַ מאַן אין די יאָרן, דאַרף זיך קאָנען באַהערשן. רעכענען מיט מענטשן. נישט אַזוי?

— אפשר ביסטו גערעכט מײַן ווײַב. נאָר נעם זיך נישט איבער. מיר האָבן דאַרין גאָרנישט שטעקן. לאָמיר זײַן געזונט. און ווי דו זאָגסט: ער קען נאָך טאָקע קלוגער ווערן און זיך איבערעכענען... —

— אָט אַזוי, זאָלסטו אים זאָגן!

און מינדל האָט עס נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרשווייגן. געטענהט, געביטערט מיט דערווידערדיקע רייד אויף די מאַנסבילישע אומגערעכטי־קייטן, אויף זייערע גלוסטן און שלעכטע תּאוות — און אויף דעם ווײַבערישן ביטערן מזל: אַזוי בײַ זייער לעבן און אַזוי משטיינסגעזאָגט, נאָך זייער טויט.

## קאַפּיטל צען
## שפּעט־זומערדיקע ליבע

דער פאַרלאַנג פון יהודה־לײַבן צו באַקומען מאַשען פאַר אַ ווײַב, איז נישט געווען סתּם אַ קאַפּריז, אָדער גלוסטונג פון אַ מענטש אַ בעל־תּאווה אויף די עלטערע יאָרן, ווען סע שמעקט אים אָן... ס'איז געווען

אַן אויסגעבענקטע ליבשאַפט וואָס האָט זיך געוואָרעמט אין זיין האַרץ צו דער דאָזיקער יונגער פרוי, מיט גרויס בענקעניש און וואָס קומט אַמאָל אויף דער עלטער ווי אַ צווייט אויפגעוואַכטער פרילינג: באַהערשט, גיסט אַן מיט אומרו, מיט פלאַם יעדעס איבר, וועקט דאָס בלוט דעם רצון און מ׳פילט זיך דערביי אַליין אויך יונגער, באַנייטער. אַזאַ עלטערער מאַן דערשפּירט מיט אַמאָל ווי די יאָרן וואָלטן זיך צוריקגערוקט, די זעל אָפּגעפרישט, באַנייט.

אָבער מענטשן קענען עס נישט פאַרליידן. ווילן נישט פאַרשטיין און פאַראורטיילן, אַ ביסל פון קנאה, אַ ביסל ווי זיי דאַכט אויס, ס׳גייט אַרויס פון נאָרמאַלן סדר... מורמלען אונטער: „ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט...״

יהודה־לייב האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון זיין שריט. באַטראַכט די זאַך פון אַלע זייטן. און אים איז אויסגעקומען, ס׳איז נישטאָ קיין שום ווילדס און מאָדנעס אין דעם פאַראַן. געפונען עס פאַר גאַנץ נאַטירלעך און מענטשלעך. געזען דאַרין אַ באַרעכטיקונג, כמעט אַ ווילטאַט: זי איז עלנט, האָט צו טאָן מיט גרויסע שוועריקייטן, מיט באַפרייען זיך פון שוואָגערס הענט, מיט דער פאַרעקשנטער שוויגערישע שטוב; זי קאָן אָפּזיצן אזוי אין איר איינזאַמקייט, אָן חליצה, ווער־ווייסט ווי לאַנג, ביז צו די גרויע האָר...

אַנדערש אָבער, וואָלט ער זיך געמיט די זאַך אַרויסהעלפן, אויפבינדן. און וואָס שייך עלטערע יאָרן, פילט ער זיך נאָך ביי די כוחות, קראַפט אין די ביינער, הלוואי ווייטער נישט ערגער. ער האָפט ר׳וועט מיטן אייבערשטנס הילף, אויספילן זיין מענערישן חוב און זיכער נאָך שענקען קינדער (ער פאַרשטייט, זי באַגערט עס זייער). איז פאַרוואָס זאָל פאַרמיטן ווערן פון אים די הנאה פון לעבן און פון איר די הילף? איי די מענטשן קוקן דאַרויף קרום — זאָלן די אויגן זיי זיך אויסקרומען: מ׳פאַרגינט נישט אַזאַ מענטש דאָס ביסל גליק.

אמת, ער פאַרשטייט, אין פלוג איז איר מאַשען, אפשר אַליין אויך שווער דאָס אויפצונעמען. זי טוט מסתם זיך טראַכטן: אַן עלטערער מענטש. ווייסיך, וואָס קאָן זי שוין דערלעבן, וואָס פאַר אַ פאַרגעלטונג וועט זי האָבן פאַר אירע יאָרן. אָבער אין אַ שמועס מיט איר, וואָלט ער געקאָנט געבן

איר צו פאַרשטיין, דערקלערן (ער האָט אַ דאַנקן גאָט אַ מויל וואָס קאָן רעדן...). וואָלט איר אויפגעוויזן, אַז אין אים נעסטעט זיך נאָך אַ שטאַרקער דראַנג צום לעבן. האָט איינזעעניש פאַר אַ פּרוי, פאַר אַ ליבלעך צוזאַמענלעבן און קאָן איר צוזאָגן נאָך אַ סך גוטס.

באַהערשט פון אָט דעם געדאַנק און מיט זיכערקייט אין זיך, האָט דאָס געפיל אים געטריבן, ער זאָל צו איר אַריינגיין, זיך אַליין מיט איר אַדורכרעדן, ער זאָל הערן פון איר מויל, קליפּ־און־קלאָר, וויסן ווי ער האַלט אין דער וועלט.

אַ דערמוטיקנג וואָס האָט געמאַכט אים גלייבן, צוגעגעבן האָפענונג, איז געווען דאָס געדענקען פונעם לעצטן „שמחת־תורה": אין שילעכל האָט מען געטרונקען, געטאַנצט, געווען פריילעך. אַרום — אַ געדראַנג פון יונג און אַלט. ס׳האָט געהילכט מיט געזאַנג און הויכע קולות, אָנגעפירט פון דעם לעבעדיקן חסידישן ייד, דוד ראָזנקראַנץ, וואָס פירט אָן מיט דעם שיינעם יום־טוב אין דער חברה. מ׳האָט געמאַכט הקפות. די ספרי־תורה׳ס אַרומגענומען אין די יומטובדיקע מענטעלעך, האָבן אויך געשיינט. ס׳וויי־בערוואַרג האָט זיך מיטגעפרייט. באַקלעפּט די פענצטער, ס׳גאַנצע פּעדער־הויז. געקוקט מיט צעלאַכטענע אויגן אויף די טאַנצנדיקע יידן. ער יהודה־לייב אַליין, איז געווען גאָר אויפגערוימט. אי מיטן מיטהאַלטן ס׳געזאַנג, אי מיט טיילן פון קאַסטן די געשניטענע חלקים לעקעך. דערלאַנג איטלעכן ווער ס׳האָט נאָר געבעטן, געשטרעקט אַ האַנט: אַ מענערישע, אַ צנועות־דיק־ווייבערישע, אַ יינגלשע, אַ מיידלשע — אַלע געגעבן מיט דאַנק. און אָט האָט ער דערזען אין דער ווייטן, מאַשען. סע האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. געכאַפּט אַ גרויס שטיק לעקעך. געהויבן איבער אַלע־מענס קעפּ, גערופן מיט הויכן קול: מאַשע, נאַ, נעם! זי האָט זיך אומגעקוקט. געוואָרן עטוואָס פאַרשעמט, פאַרויטלט. געקוקט אַ ווייל אויף זיין אויסגעשטרעקטער האַנט. צוגענומען, געדאַנקט. געווונטשן: „סדערלעבן איבער אַ יאָר אין פריידן..." און ווידער זיך צוגעקוקט צום פריילעכן געטומל.

ער האָט איר נאָכגערופן מיט אַ הויך האָפערדיקער שטים: „אָמן. מ׳זאָל טאַקע דערלעבן איבער אַ יאָר מיט אַלעם גוטן. אויך דו מאַשע!"

דעם גאַנצן טאָג האָט ער דערנאָך געהאַט אַ טאָפּלטן יום־טוב. ס׳האָט

אים געקלינגען אין די אויערן איר ווינטשעוואַניע: **ס׳דערלעבן איבער אַ יאָר אין פריידן...** און אפשר שוין טאַקע מיט איר צוזאַמען, אַ? געפילט ס׳שפּאַרט פון אים מיט שמחהדיקס. געזען פאַר זיך אירע אויפגעשיינטע אויגן, ווי זיי קוקן אויפן אָרום מיט פריידיקייט. איר פּנים, פול מיט חן. די ליפּן צעשמייכלטע. סע האָט אים געדאַכט, אַז אין איר בליק צו אים, איז אויך געלעגן עפּעס ווייך פריינטלעכס. און דערפון אַריין אין נייעם קוראַזש, אין נייעם גלוסט צום לעבן.

דערמאַנענדיק זיך דאָס אַלץ, און אָנגעגאָסן מיט נייעם מוט, האָט ער יהודה־לייב באַשלאָסן, מער קיינעמען נישט שיקן צו איר מאַשען, נאָר ער אַליין זאָל אַריינגיין צו איר אין שטוב, און מיט איר איבערעדן, געבן איר צו פאַרשטיין, אויפקלערן דעם ענין. וואָרעם ס׳איז אינו־דומה מ׳רעדט אַליין פּנים־אל־פּנים מיטן מענטש, ווי דורך אַ שליח. ס׳גייט מער אַריין אין הארצן. באַשלאָסן און געטאָן.

אין אַ פּאַסיקן טאָג, פּאַרמיטאָג־צייט, האָט יהודה־לייב זיך עקסטראַ באַפרייט פון דער אַרבעט, איבערגעטאָן אין גוטן מלבוש און אַריינגעגאַנגען צו מאַשען אין הויף. ער איז געקומען מיט אַזאַ גאַנג, וואָס דאַרף זאָגן, ס׳איז פון געשעפטלעכקייט, וועגן עסק; ר׳האָט איר עפּעס מיטצוטיילן. ער האָט זיך אויך אַזוי פאַראינטערעסירט אַרומגעקוקט. מאַשען האָט ער נישט געזען. דער אַלטער זעליק איז געשטאַנען ביים גאַרב־פאַס, געמישט מיט דער דובינע, אויפגערודערט די זיך גאַרבנדיקע פעלן, זיי זאָלן באַ־קומען באַוועגונג, אַריינזאַפּן אין זיך די גאַרב־קראַפט. אַליין איז ער, דער אַלטער געזעלן, געווען באַשפריצט מיט קאַלך־און־גאַרבפלעקן פון אויבן ביז אַראָפּ, געהאַט דעם אָנבליק פון אַן אַלטן באַשפּרענקלטן באַראַן. יהודה־לייב האָט צוגענענט. געפרעגט:

— ווו איז די באַלעבאָסטע?

דער אַלטער האָט אויפגעהויבן די אויגן. אָנגעקוקט דעם אַריינגעקו־מענעם. געזאָגט מיט דרך־ארץ:

— זי איז אין קאַמער. שניידט אָן קאָרע.

יהודה־לייב איז צוגעגאַנגען. אָנגעקלאַפּט מיטן שפּיץ שטעקן אין טיר, דרויסנזייט. דאָס קרעכצן פון דער שניידמאַשין איז פאַרשטילט גע־

וואָרן. די טיר האָט זיך פּאַמעלעך אָפּגעלענט. מאַשע איז געשטאַנען אין דער עפענונג. געקוקט אויף דעם גאַסט, שטום און פאַרוואונדערט. געקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן. ער האָט זי באַגריסט. געזאָגט:

— דו שניידסט אַן קאָרע? שטער דיר נישט. טו דיין אַרבעט. איך וועל פון דאַנען ביי דער שוועל, מיט דיר רעדן.

— און וואָס גייט עס? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— גיי אַהין צו דיין אָרט. וועסט שוין דאָרט הערן.

זי איז צוריקגעגאַנגען צו דער מאַשין. אָנגענומען דאָס הענטל פון ראָד. געוואַרט צו הערן.

— און גאַס איז אַן אויפגערודער מיטן שותפות, ווייסט דערפון? האָסט געהערט? — יהודה־לייב האָט צו איר גערעדט היימיש, פאַמיליאַר, ווי צו אַ קרובה.

— כ'האָב געהערט. וואָס איז ווידער געשען?

— דער עולם איז נישט צופרידן. שרייט: זיי האָבן געמאַכט אַ קרעמל פאַר זיך. מ'וויל אָפּהאַקן... כ'וויל הערן דיין מיינונג, וואָס דו זאָגסט.

— איך בין נישט געווען פון די וואָס האָבן עס געמאַכט, און נישט פון די וואָס מאַכן אויס.

— הער איך אַ וואָרט. הייסט עס, שטעלסט זיך אויף אונדזער זייט...

— ווו אַלע וועלן גיין, וועל איך אויך גיין.

— גוט. רעדסט ריכטיק, ווי אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש.

ער האָט אָפּגעוואָרט. זיך פאַרקלערט. אויפגעהויבן דעם בליק צו איר פּונסניי.

— איך האָב געוואָלט מיט דיר נאָך עפּעס רעדן, מאַשע. נאָר דאָ איז נישט דאָס אָרט. בעסער איז דערוועגן צו רעדן אין שטוב.

זי האָט אים אָנגעקוקט שווייגנדיק. געפרעגט מיט אַ שטומען וויג פון קאָפּ: וועגן וואָס?

— איך האָב געזאָגט, אַז דאָ איז נישט דאָס אָרט — האָט ער פאַר־שטייענדיק דעם רמזיקן פרעג, איר אָפּגעענפערט.

מאַשע האָט ווי דעראָנט זיין מיין. אָפּגעפילט עס פון זיינע פאַר־שטילטע ווערטער און פון זיין, פאַר אים נישט געוויינטלעכן, קוק אויף איר.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק אויף איר האַנט וואָס האָט גערוט אויף דער קאָרבע. געזאָגט:

— איך קען איצט נישט אַריינגיין. איך מוז ענדיקן די אַרבעט.

— כ'פאַרשטיי. און ס'מוז נישט זיין אויף דער מינוט. איך וועל אַריינ־קומען אין אָוונט. כ'וויל רעדן מיט דיר וועגן ענינים...

— איר קענט אפשר דאָ זאָגן איצט אויפן אָרט? — האָט זי געוואָלט גלייך אָפּפאַרטיקן די זאַך.

— דאָ איז נישט דאָס אָרט, האָב איך געזאָגט. ס'איז אַ זאַך וואָס מען דאַרף רעדן און זיך איינהערן. איך מיין ס'וועט זיין פאַר דיר לטובה...

— פאַר מיר? — זי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען צווייפל־האַפטיק. נאָך צוגעוואַרט.

— יאָ, פאַר דיר. איך וועל אַריינקומען אין פאַרנאַכט, ווען מיר וועלן שוין זיין פריי פון דער אַרבעט. וואָס זאָגסטו? זי האָט געשוויגן. באַוועגט שטום מיטן קאָפּ, נישט צו וויסן איר מיין, צי זי איז מסכים, אָדער נישט.

ער האָט עס אָנפאַלס אָנגענומען פאַר אַ הסכמה. זיך געזעגנט. אַוועקגעגאַנגען.



דעם גאַנצן איבריקן טאָג, האָט יהודה־לייב מיט אומגעדולד אויסגע־וואַרט די שעה פון אָוונט. געגרייט זיך מיטן וויזיט צו מאַשען, ווי אַ יונגער מענטש גרייט זיך זען זיין געליבטע. די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן איר, זי געוואַרעמט אין געדאַנק: אָט, אַפילו אינדערפרי ביי דער שניידמאַשין אין קאַמער, אין פשוטן קליידל, האָט זי געהאַט דעם שענסטן חן. ס'האָט געווייעט פון איר מיט ווייבלעכס און קרעפטיקס, וואָס קומט פון באַהערשטן פרויאישן כוח, פון אַרבעט, פירן באַלעבאַטישקייט און וואָס גיט גלייכצייטיק צו עפּעס האַפטיקס, מאַכט, אין דער פרוי. פון איר פנים קוקט אַרויס עול, זאָרג, פון באַטרייבן אַ געשעפט, פירן אַ מלאכה, און אַ סך זעלבסטשטענ־דיקייט. זי רעדט וועגן ענינים באַהאַוונט, ווי איינע וואָס מ'קאָן זיך אויף איר פאַרלאָזן, האָבן צוטרוי. איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר מעשים. דאָס גיט צו חשיבות אין זיינע אויגן. דערביי האָט אַפילו דאָס אַדורכוואָרפן היינט די פאַר ווערטער, קוקן אויף איר שיין געזיכט, געוועקט אין אים

וואַרעמע געפילן, פאַרלאַנג, זי צו דערגרייכן. און וועט אים דאָס גליק אויפגעלייגט זיין, זי באַקומען פאַר אַ ווייב, וועט ער זיין גליקלעך. אָפּ־דאַנקן דעם באַשעפער מיט אַלעם, מיטן שענסטן און בעסטן. מיט צדקה און גוטס טאָן. און ביידע, ער און זי וועלן נאָר וויסן פון אַ טעם אין לעבן, פון אַ פּאָר גוטע געטרייע יאָרן. אָפּדינען זיך קייגנזייטיק און אויך אַנדערע מענטשן.

— וועט דאָס געשען? וועט עס אים באַשערט זיין? אוי, הלוואי!

מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, אַן אונטערגעזעטיקטער, אַן איבערגע־טאָענער אין נאָך שענערן מלבוש, איז יהודה־לייב אַריינגעגאַנגען צו מאַשען אין שטוב.

מאַשע איז שוין אויך געווען נאָכן אָוונטברויט. ריין צוגעקליבן; די האָר פאַרקעמט מיט שיינער פריזור, אָנגעטאָן אין ווייבלעכן שטוביקן לבוש, ווי אַ יעדעס מאָל ווען זי קומט אַריין פון דער אַרבעט און טוט זיך אָפּפרישן. אַלץ אין שטוב האָט אויסגעזען געמיטלעך, צוגערוימט, מיט פרייען אויסבליק, גרייט אויפצונעמען אַ מענטש. יהודה־לייב האָט אַ צי געטאָן מיט טיפן אָטעם די פרידלעכע לופט. שטיל אָפּגעזיפצט. זיך צוגע־זעצט צום טיש און גלייך אָנגעהויבן, ווי מ'הייבט אָן אַן איבערגעריסענעם שמועס:

— יאָ, האָב איך געוואָלט מיט דיר טאַקע רעדן, מאַשע. הער...

און אָן גרויסע הקדמות, איז ער צוגעטרעטן צום ענין. איר אָפּ־דערציילט וואָס ער וויל און וואָס ער איז גרייט פאַר איר צו טאָן; זי באַפרייען פון די קייטן, אויסלייזן פון די צרות, אַריינברענגען זי אין אַ רואיק לעבן. זיך מודה געווען, ער טראָגט זי אין האַרצן מיט אַ גרויסער ליבשאַפט, אַן ערלעכע, אַ געטרייע, וואָס וועט איר אָפּצאָלן פאַר די אַלע ליידן. און זי זאָל זיך נישט שרעקן וואָס ער איז עלטער. דער עיקר איז, געזונט, כוח און ענערגיע. און דאָס האָט ער ברוך־השם. און יאָרן איז ביי גאָט אין האַנט: דעם וואָס ער וויל, שענקט ער אַ סך. און די וואָס נישט — נעמט ער זיי אין דער יונג אַוועק... און ער האָפט ס'וואָרט נאָך אויף אים, אַ סך גוטע יאָרן, וואָס וועלן אויך אַ צווייטן קענען ברענגען גליק. און זי קאָן עס זיין, די וועלכער ער וויל עס געבן...

— דו האָסט מיך פֿאַרשטאַנען, אַלץ וואָס איך האָב צו דיר גערעדט, מאַשע? און דאָס איז פֿון טיפֿן האַרצן זאָלסטו וויסן. אייל דיך נישט מיטן אָפּזאָגן. איבערלייג זיך. כ׳וויל נישט דו זאָלסט שוין זאָגן: יאָ. נאָר טראַכט די זאַך אַדורך.

מאַשע איז געזעסן זיך איינגעהאָרכט אין זיינע רייד. זי האָט געזען פֿלעמלעך שיינען אויף אין זיינע אויגן, צוגלייך אויך אַזוי אויף זיינע באַקן. באַוווּנדערט דעם כּוח־הדיבור זיינעם, די איבערצייגנדיקע ווערטער וואָס רעדן צום האַרץ, צום געפֿיל, ערלעכער, ווי אַ סך אַנדערע יונגע מענטשן. זי האָט דערווייל געשוויגן. אָפּגעענפֿערט ווען מיט אַ באַוועגונג פֿון קאָפּ, מיט אַ פֿינטל פֿון די אויגן־וויעס: זי הערט זיך איין. וואָס שייך דעם, מ׳זאָל איר אַרויסהעלפֿן אין דער זאַך — האָט זי געטראַכט — וואָלט זי אַוודאי געוואָלט. אָבער נישט פֿאַר אַזאַ פּרייז, זי זאָל גיין צו אים פֿאַר אַ ווייב. זי האָלט נישט דערפֿון. זי וויל אַ יונגן מענטש. זי האָט אים געוואָלט דאָס זאָגן אָפֿן, איידל, באַזאָכט, אויף נישט צו באַליידיקן. ער האָט אָבער נישט געלאָזט זי קומען צום וואָרט. געשאָטן ווי לאַווע מיט הייסע רייד. און דאָס, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פֿאַר איר ווידערשטאַנד, פֿאַר איר אָפּזאָג. געוואָלט זי נאָך פֿאַרהאַלטן. צום סוף ממש דעראַנענדיק דעם געדאַנק אירן, וואָס זי טראַכט, האָט ער איילנדיק אויסגערופֿן:

— ...דו טראַכסט אַוודאי אין דיר: ער איז דאָך אַן עלטערער מאַן, וואָס קאָן ער שוין געבן אין לעבן... אויב טראַכסטו אַזוי, זעסטו עס פֿאַלש און מיט טעות. כ׳קאָן נאָך אַ סך פֿון זיך געבן און זיין אַמאָל בעסער פֿון אַ ייִנגערן און אַ געטרייערער חבר.

— איך מיין נישט דאָס... — האָט זי ענדלעך אָנגעהויבן עפּעס זאָגן — אָבער ס׳איז נישט דער שטייגער, אַ יונגע פֿרוי זאָל חתונה האָבן פֿאַר אַן עלטערן מענטשן, סתם אַזוי. אַ כּיבע זי איז אַ קאַליקע, גאָר אַ מיאוסע אַלטע מויד, אָדער שרעקלעך אָרעם. ביי מיר איז אַ דאַנקן גאָט די אַלע זאַכן, נישט...

— וואָלסטו געווען פֿון דעם וואָס דו האָסט מיר אויסגערעכנט, וואָלט איך אָפֿילו נישט געוואָלט קוקן אויף דיר, מיט דיר דערוועגן רעדן. מיין האַרץ ציט צו דיר, ווייל דו ביסט אַ געזונטע, אַ שיינע, אַ געראָטענע. און

דערפאַר בין איך גרייט אַלץ צו טאָן. דיך גליקלעך מאַכן, און איך אַליין וועל אויך זיין גליקלעך.

זי האָט פאַרצויגן די ליפּן אין דינעם שמייכל, און כיטריטשקע, אין האַלבן־שפּאַס אונטערגעקומען:

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איר וועט זיין מיט מיר גליקלעך? אפשר אינגאַנצן נישט...

— איך וועל זיין. פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין... איך ווייס ווער דו ביסט, וואָס אין דיר שטעקט. קען דיין איידלקייט. ביסט נישט אַזאַנע, זאָלסט פאַרשאַפן אַ צווייטן ליידן.

ער האָט אָפּגערוט. זיך דערמאַנט. אָנגעהויבן עפּעס איר דערציילן:

— ...ווען דו ביסט יעמאָלט געקומען צו פּיגטשען אין הויף, ווען מען האָט געבראַנגט די ערשטע סחורות אין סקלאַד אַריין, געדענקסט מן־הסתם, האָט דאָס מענערוואַרג דערזעענדיק דיך, אין דער שטיל גענור־מען זיך שושקען, צו דיר זיך טשעפּען. דו האָסט עס אָפּגעפּילט. זיך אומ־געקוקט. געוואָרפן אויף אַלע אַ בליק, ווי דו וואָלסט זיי באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער. איך האָב דיך גוט פאַרשטאַנען. געהאַלטן מיין בליק צו דיר פריי. אָפן. געוויזן דיר פריינשאַפט. כ׳ווייס נישט צי דו האָסט עס באַמערקט. ביי דיין אַוועקגיין האָט מען נאָך וועגן דיר גערעדט. איך האָב דיך פאַרטיידיקט. זיך אָנגערופן: „הלוואי וואָלטן אַנדערע מענטשן געווען מיט אַזאַ גוט האַרץ ווי מאַשע, וואָלט שוין געווען גוט אויף דער וועלט״. אַזוי האָב איך געזאָגט.

ס׳האָט איר געוויילט די ריטערלעכקייט פון דעם פעסט־געבויטן ברייט־פּלייציקן עלטערן מאַן; זיין אַוועקשטעלן זיך אין פאַסאַן, זיין בראַוו דער־קלערן זיך אין ליבע צו איר. דאָס פריערדיקע געפיל וואָס איז געווען איר אַ ביסל באַשווערט, אין האַלבן פאַראיבל, האָט אָפּגעטראָטן. ס׳האָט איר באַהערשט גאָר אַ שטיפערישקייט, אַ ווילן דעם אַלטן אַ ביסל דער־פרייען, אינטערעגירן, אָנציען, מאַכן אים באַריידעווודיקער. פאַרליבטער...

זי האָט זיך אויך אין עפּעס דערמאָנט און מיט אייגן אָפּלאַכנדיק געלעכטער, געזאָגט:

— איר מוזט האָבן אַוודאי פאַרגעסן, ווער מאַשעלע איז געווען אין די

יונגע יאָרן... אמת ?

— וואָס ביסטו געוועזן ? אַ טייער קינד. אַ געטרייע טאָכטער. האָסט אויפגעהאַלטן דער מאַמען. זי געשפּייזט. אַ מויד, אַ קוועלונג געווען אויף דיר צו קוקן. גאָר נעבעך אָרעם. און אַלע בחורים ווילן מיידן מיט רייכע נדנים. בפרט די גאַרבער־יונגען, זיי זאָלן זיך קענען באַלד אויפשטעלן הייף, מיט כאַטעס. און די וואָס רעדן אויף דיר שלעכטס, קאָנען דיר אָנקושן אַ פולן הינטן, זאָלסט מיר מוחל זיין פאַר מיינע רייד. דאָס מוז איך דיר זאָגן אין מיין נאָמען. האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא. דאָס בילט מען פון קנאה, פאַר דיין שיינקייט, פאַר דיין שיין ווייבעריש געשטאַלט און מער נאָך פאַר דיין קלוג, מענטשלעכן שכל.

די ווערטער האָבן אַריינגעטריפט אין מאַשען עפּעס ווייכס אין געמיט, פייכטס אין די אויגן. אָבער דאָס שפּילעוודיקע געפּיל פון דעם דיאַלאָג, די הייטערע שטימונג, האָט זיך נישט געוואָלט אָפּטאָן. ס׳האָט איר אַליין שוין אינטערעגירט, אָנגערעדט, דעם אַלטן אויפצוהאַלטן. ער האָט געקריגן איצט אין אירע אויגן, אויך אַן אַנדערן אויסזען, עפּעס שענער און געשטאַלטנער. ס׳האָט איר אימפּאָנירט. געוווסט די סיבה. און כאָטש זי האָט געזען דעם מרחק אין די יאָרן פון אים ביז איר, האָט דאָך ביי איר אויסגענומען זיין געוואַגטקייט, מוטיקייט ; דאָס אַרויסווייזן יונגן מוט, וואָס האָט געווייעט פון זיינע רייד, באַוועגונגען און פון זיינע פאַרליבטע בליקן אויף איר. ס׳האָט איר נישט געלאָזט זיין פאַרדראָסיק אויף אים, פאַר זיינע פאָרשלאָגן, פאַר זיין קומען צו איר מיט אַזאַ אָנבאָט, ניין. און וואָס מער ס׳האָט זיך פאַרצויגן דאָס גערייד, אַלץ מער האָט עס איר געשמייכלט, לוסטיקער געמאַכט. דער שטן האָט איר אויך געשטופּט, זי זאָל אים אַ פרעג טאָן וואָס איז מכוח קאָנען ברענגען קינדער אויף דער וועלט. געוואָלט זען זיין רעאַגירן. זי האָט עס אָבער נישט געטאָן. נישט געוואָלט אַרויס פון גבול, פון דרך־ארץ.

אָבער יהודה־לייב, ווי ער וואָלט דורך דער לופט, אויך דאָס אויפגעכאַפּט פון אירע געדאַנקען, האָט מיטאַממאָל אויסגעשאָסן :

— אויב גייט דיר וועגן קינדער, זאָג איך דיר צו, זיי צו ברענגען אויף דער וועלט...

מאַשע האָט זיך צעלאַכט פון דעם מאָדנעם צונויפפאַל פון די געדאַנקען. זיך פאַרויטלט. פאַרדעקט מיט די הענט דאָס פּנים און דאָרט אַריינגע־כיכעט אויפן קול.

— דו לאַכסט... האַלסט מיך פאַר אַ נאַר, פאַרשטיי איך, אמת ?

— ניין, זאָל גאָט היטן. דאָס זיכער נישט — זי האָט אַראָפּגענומען די הענט פון געזיכט וואָס איז געווען צעפלעמלט, צעשמייכלט — דאָס וועט אויף אייך קיינער נישט זאָגן. אַדרבה. נאָר מיין אייגענער נאַר שטופּט מיך...

אפשר האָב איך עס נישט געדאַרפט זאָגן. נאָר מילא. אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש. פאַטיקעט זיך אַמאָל...

— ס׳מאַכט נישט אויס. מיר זענען נישט קיין קינדער. און בלויז מיר און די ווענט האָבן עס געהערט. מער קיינער נישט.

זי איז געוואָרן ערנסטער. געשוויגן. אין פאַרקלערטקייט דערהערט דאָס אויפזידן פון טשייניק, אין וועלכן זי האָט צוגעשטעלט אויפקאָכן טיי. אויפגעשטאַנען. זיך אַהין געלאָזט, געפּאַרעט דאָרט אַ ווײַלע. צוגעברענגט אַ שיין גערויטלט גלאָז טיי, מיט קיכלעך אויף אַ טעצל. געבעטן אים טרינקען, פאַרזוכן. ער האָט געטרונקען פּאַוואָליע, מיט קליינע שלוקן, קוקנ־דיק פאַרטראַכט. און זי, קלייבנדיק די ווערטער, ערנסטע, געוויכטיקע, האָט געזוכט אויף אַן איידעלן אופן אים ווידער מדחה זיין, ס׳זאָל נישט וויי טאָן, און נישט באַליידיקן:

— דערווייל איז די לאַגע אַזאַנע נישט־אַהין און נישט־אַהער. מ׳האָט צו גאַרנישט קיין געמיט. איצט אַ ניי קאָפּ־פאַרדרייעניש. איז וואָס דאָס רעדן וועגן אַזוינס ?...

— די לאַגע וועט נישט אייביק אַזוי אָנהאַלטן. ס׳וועט זיך מיט די טעג אויסקלאָרן.

— נו, מילא. זאָל מען קודם זיין געזונט... און אַז גאָט וועט העלפן, ס׳וועט זיך אייך טרעפן אַ לייטישע פרוי, מעג זיין אַן עלטערע אַ ביסל. זאָלט איר נישט אָפּשטויסן. אַזאַ פרוי האָט אין זיך אַ סך מעלות. זי איז דערפאַרן. זי איז שלומדיק, נאָכגיביק. זוכט אַ פריינד אין לעבן, און צאָלט אָפּ מיט גוטס...

— וואָס גייסטו מיר דערציילן, מיך לערנען. איך ווייס נישט וואָס אין לעבן טוט זיך? איך ווייס אַלץ. מיין האַרץ ציט צו דיר. איך וויל דיך גליקלעך מאַכן. איך וויל דו זאָלסט זיך גוט אַריינטראַכטן, און מיר נישט אָפּזאָגן. וואָס ענטפערסטו מיר דאַרויף?

זי האָט געהערט אין זיין קול, אַ געבעט, אַ פאָטערלעך־געביטעריש. געזען ווי די אויגן קוקן אויף איר מיט אַזויפיל בקשה און ערנסטקייט, אַז ס'איז איר אַזש פאַרגאַנגען ביים האַרצן, געוואָרן אַ רחמנות דאָס אָפּזאָגן. אָבער זי האָט אים נישט געוואָלט נאַרן.

— ניין, איך קען גאָרנישט צוזאָגן. איך האָב אַלץ געהערט און אַפילו מיט הנאה און מיט ליבע פאַר אייך. אָבער אויף אַן ערנסט צוזאָגן קאָן איך נישט.

— כ'פאַרשטיי. אָבער איך וויל דו זאָלסט זיך דערוועגן פאַרטראַכטן. גוט אַריינטראַכטן. דאָס וואָס ס'איז נישט מעגלעך היינט, קאָן זיין מעגלעך מאָרגן... אין לעבן געשעט אַלץ.

ווידער איז איר באַפאַלן די גוטמוטיקייט, פאַר די קלוגע ווערטער, פאַר זיין בראַוון זיך אַוועקשטעלן. געזאָגט מיט לייכט מפייסדיקן טאָן:

— מילא, אַריינטראַכטן דאָס קאָן נישט שאַטן. און גאָט איז אַ פאָטער. די מחשבות וואָס ער וועט געבן, וועט מען צונעמען, אויספאָלגן...

— אַזוי הער איך אַ וואָרט. דאָס איז גערעדט מיט שכל. און דאָס האָסטו ברוך־השם געענוג.

דער אַלטער האָט פאַרשטאַנען, ס'איז צייט צו גיין. זי איז מיד. ער אַליין וויל אויך אָפּרוען. דער נייער טאָג וועט באַלד קומען, רופן, וועקן. ער האָט פאַרענדיקט מיט בטחון:

— נו, אויף היינט איז גענוג. מ'דאַרף נישט אַלץ אויף אַמאָל... כ'האָף ס'וועט זיין גוט...

ער איז אויפגעשטאַנען. זיך פריינטלעך געזעגנט. צוגעשפרייזט צום טיר. ביי דער שוועל נאָך אַמאָל זיך אומגעקוקט, געזאָגט: „איך גיי אַוועק. זאָלסט זיך גוט באַטראַכטן. צוהערן צו מיינע רייד...״

— גייט געזונט. איך האָב אַלץ געהערט. נאָר... אַז ס'וועט אייך

אונטערקומען טאַקע עפּעס גוטס, אַ לייטישע פּרוי, אַפּילו אַ ביסל אַן עלטערע פון מיר. זאָלט איר נישט אָפּטרייבן. באַטראַכט זיך דעמאָלט גוט — זי האָט דאָס געזאָגט, כאָטש נאָך אַ ביסל אין שפּאַסיקן טאָן, אָבער ווו ס׳האָט זיך געלאָזט אַרויסהערן געגנוג אויפריכטיקייט און ערנסט.

ערשט ווען ער איז שוין געווען ווייטלעך אין פּעדערהייזל, האָט זי זיך דערמאָנט און נאָכגערופן מיט אויך אַזאַ פאַראינטערעסירט ערנסט קול:

— אויב וועט פאַרקומען אַן ענדערונג אין שותפות, טוט מיר גלייך צוּוויסן.

זי האָט געהערט זיין ענטפער פון ווייטן: — יאָ זיכער!...

## קאַפּיטל עלף
## בין-הזמנים...

דער געדאַנק וועגן צונויפרופן אַ נייע פאַרזאַמלונג, האָט זיך אָנגענומען אין גאַס גיך און מיט גרויסן ווילן. דער עולם איז געווען צוגעגרייט. געוואַרט שוין אויף דער מינוט, מען זאָל זיך צוזאַמענקומען און מאַכן אַן עק.

צוגעהאָלפן צו דעם, הגם פּאַסיוו, האָט אויך אינדערשטיל פּינטשע שטיין גופא, דער ראש פון קאָמיטעט. פּינטשע האָט דאָ געהאַט זיין אויס־רעכנונג. ער האָט פאַראויס פאַרשטאַנען, די זאַך וועט נישט צו לאַנג אָנהאַלטן. געקענט דעם כאַראַקטער פון זייער גאַס, פון די מענטשן. געוווסט יעדער באַלעבאָס האַלט זיך פעסט צוגעקניפּט צו זיין יחידותדיק לעבן, צו זיין הויף, צו זיין פּאַס. צו זיין סטעזשקע — ער זאָל קאָנען זיין לאַנג צוגעשפּאַנט צו אַ שותפות, צו אַ חברותא, גיין מיט אַלע אין שפּאַן אויף לענגערע מעטע. אָבער דאָך האָט ער גערעכנט ס׳וועט נאָך אַ געוויסע צייט אָנהאַלטן און נישט אַזוי גיך וועלן זיך באַווייזן שפּאַלטן...

די שולד פון אָנגעשטאַנענעם גערודער, האָט פּינטשע געלייגט אויף די אַנדערע חברים פון קאָמיטעט. זיי האָבן באַקומען אַ צו שטאַרקן אַפּעטיט, גענומען זיך צופיל פרייהייט: איינצושלינגען אַלץ אויף אַמאָל. איבער־הויפּט דער אומגעזעטיקטער פּייוול סטריקאָווסקי, דער אַקטיווסטער מיט־שותף אין עסק. ער פּינטשע האָט געהאַט אַן אַנדערן צוגאַנג: פּאַמעלעך,

לאַנגזאַם, צוגעווייִנען דעם עולם צו דער נייער קאַריטע... דערווייל זיי׳ אַרגטלעך באַהאַנדלען, געבן אַן עודף, און דערביי ווי־ווייט־מעגלעך זיך אַליין נישט באַ׳עוולען, האָבן דעם געווינס, די אייגענע טובה. דאָס מיינט דער פסוק צו זאָגן: זה נהנה, וזה לא חסר... דער וואָלף זאַט, און דער שעפּס גאַנץ...

אָבער דער פּייוול, אַ גיריקער ווי אַ יונגער וואָלף, איז געווען להוט איינצושלינגען אַלץ אויף אַמאָל. געפּרוווט אָפּהאַלטן מיט געבן די אַנדערע גאַרבערס, דאָס רוויואַרג אין פּולע גאַרמעס; געזוכט אויף פאַרשידענע אופנים האַמעווען די אַרבעט אין די אַנדערע הייף, זיי זאָלן נישט צופיל אַנאַרבעטן סחורות, און דאַקעגן צולייגן פאַר זיך, פאַר זיין אייגענער קוואָטע, יעדעס מאָל אַ גרעסערע פּאַרציע. פּינטשע האָט געוואָרנט: ס׳וועט אַרויס אַ געשריי. און דאָס געשריי איז געקומען.

ער פּינטשע, איז אין תוך גענומען, מיטן אויפרייסן דאָס שותפות נישט געווען באַזונדערס געטראָפן. שוין לענגערע טעג ווי ער טראָגט זיך אַרום מיט מחשבות, וואָס האָבן געטאָן אין אים גריבלען: צו וואָס לוינט אים דאָס אַלץ? צוואָס דאַרף ער פּעט מאַכן דעם ביין פון אַנדערע, פון אַט אַ שטייגער טאָקע, דעם אייגענעם סטריקאָווסקי, וואָס איז אַזוי אויך געגוג פּעט, אָנגעשטאָפּט מיט געלט; צו וואָס אים נאָך באַרייכערן? און כאָטש אַליין האָט ער פּינטשע צום געשעפט נישט דערלייגט, דערווייל אַ טראָפּן זיך נישקשהדיק אונטערגעפּיטערט, אָבער אויסגעוויזן האָט זיך, אַז: שכרו יצא בהפסדו, דער פאַרדינסט גייט אַרויס אין שאָדן — הלמאי, אַנדערע קרעפּטיקן זיך אונטער געזונט, וואָס וועט צום סוף נישט אויספּאַלן פאַר זיין טובה־וועגן. דערצו האָט דער ברען זיך אויך ביי אים צוביסלעך אָפּגעקילט, געלאָשן. נישט געווען מער אין דער אַפּענסיווע, אינעם קוראַזש ווי פריער ביים אָנהייב; ראשית, איז אים אויסגעקומען אַוועקצוגעבן אַ סך צייט פאַר דעם שותפות. אים אָפּגעריסן פון זיינע אייגענע עסקים, פון זיין פּריוואַטן לעבן. והשנית, איז אים לעסטיק געוואָרן דער טומל מיט די יידן, דאָס הערן אייביק זייערע טענות, פּרעטענסיעס, חשדים, גרילצן, וואָס נאָר צו אים האָט מען עס צוגעטראָגן אַלס דער ערשטער פאַרשטייער (און צוליבן סקלאַד אין זיין הויף), בעת די אַנדערע האָבן זיך געלעבט

רואיק, געטאָן זייער אַרבעט אינדערהיים מיט מנוחה און פרידן.

האָט עס אים פינטשען מער נישט געטריבן, ער זאָל װעלן די זאַך צוריק פאַריכטן, גאַנץ מאַכן. װאָרעם צװואָס נאָך אונטערשטעלן אַ פּלײצע דעם סטריקאָװסקין, ער זאָל קלעטערן הױך אױפן לײטער, שפּרײטן שטאַרקער זײנע פליגל ? ער פינטשע דעראַנט סײװױ, ס׳װעט אַרױסקומען צװישן זײ אַמאָל נאָך אַ גרױסער פאַרמעסט, אַ געפעכט... איז צו־װאָס זאָל ער צוהעלפן מיט די אײגענע הענט אױפשטעלן, אַט דעם קאָנקורענט אַ קײגן זיך ? נײן, ער איז עס נישט מחויב צו טאָן.

האָט אין פינטשען גענומען גורטעװען אַ געפיל — אפשר נאָך שלא־בדעת — פּטור צו װערן פון דעם עסק און מיט דעם אױך פײװול סטרי־קאָװסקין צוזאַמען. און אַזױ װי אין דער פאַראײניקונג איז אים דאָס נישט געװען באַקװעם צו טאָן, האָט ער אין דער שטיל צוגעװאַרט, ס׳זאָל קומען פון זיך אַלײן: דער ברוך פון סינדיקאַט. פּסיכיש זיך צוגעגרײט. און װען עס זענען אַנגעשטאַנען די קלאַנגען, דאָס אױפגערודער װעגן דער נײער פאַרזאַמלונג, האָט ער זיך װײניק דערמיט איבערגענומען. צוגעקוקט מיט באַהאַלטענער רואיקײט צום גאַנג פון די געשעענישן און אױך אַזױ רואיק דערװאַרט דעם ריס.

אין אַן אָװנט נאָך אַ בײטאָגיקן געטומל בײ אים אין הױף װו ס׳האָבן זיך געהאָט פאַרזאַמלט די באַלעבאַטים, אַנגעמאַכט אַ רעש, אַ גראַטשקע, האָט פינטשע צוזאַמענגערופן דעם ענגערן ראַט צו זיך אין שטוב אױף אַ זיצונג, צו באַהאַנדלען די אַנגעשטאַנענע לאַגע, די אומצופרידנקײט פון די מענטשן.

אױף דער זיצונג זענען דאַסמאָל געװען נאָר דרײ, די באַװעגערס און אױספירערס פונעם קאָמיטעט: פײװול סטריקאָװסקי, יוסף טאָקער און ער פינטשע — די דרײ װאָס זענען געװען דער רוח־חיים פון שותפות, גע־ברענגט עס צום לעבן, צו עקזיסטירן. די אַנדערע מיטזיצערס, די „שטומע עדות" (זײ זענען דאָ אין יעדער פאַרװאַלטונג, געזעלשאַפט), װעלכע מ׳האָט באַנוצט נאָר אָפיציעל, צו הײבן די הענט. װען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין אַ לײכטן ענין װו ס׳האָט נישט געשטעקט קײן סודות — זײ האָט מען געלאָזט זיצן אין דער הײם. צוזאַמענגעקומען זיך דער דרײלינג, װאָס

פון זיי איז געווען אָפּהענגיק די ווייטערדיקע עקזיסטענץ און צו זייערע אויערן איז געווען געווענדט דאָס געשריי, דאָס רופן, האָט מען זיך צו־געזעצט צום טיש און גענומען אַריינקוקן אין דער זאַך.

— אַזוי זעט אויס דער מצב — האָט פינטשע אויסגעלייגט דעם באַ־ריכט פאַר די חברים — די באַלעבאַטים בונטעווען זיך, שרייען מ׳האָט זיי אָפּגענאַרט. די גרויסע שווייגן נאָך צו ביסלאַך, ווייל זיי קריגן זייערע נאַרמעס נאָרמאַל און גוט. אָבער אויך מיט זיי איז מען נישט זיכער. זיי וועלן זיך אָפּרופן ווי נאָר די קלענערע וועלן אויפהייבן זייערע שטימען העכער, דעמאָלט וועלן זיי זיך דערמאָנען אין זייערע מערערע רעכט, אין זייערע אייגענע הייף...

— וואָס ווילן זיי און וואָס שרייען זיי די „פּאַטשקאַרעס״ — האָט זיך אַ ריס געטאָן פּייוול מיט היץ און ענערגיע אויף דער חוצפּה פון אָט די גאַרבערלעך וואָס דערוועגן זיך אויפצוהייבן זייער שטים — מען דאַרף די דאָזיקע אויפנעמען אויף אַ ליסטע. זיך מיט זיי אָפּרעכענען...

ער האָט זיך פאַרקוקט אויף יוסף טאָקער פון וועלכן ער קריגט תמיד די אונטערשטיצונג. גערופן:

— וואָס זאָגסט דו, יוסף ?

יוסף טאָקער אַ הויכער, אַ שוואַרצער ווי אַ ציגיינער, איז געזעסן רואיק, כמעט זיך נישט באַוועגט, נישט אַרויסגעוויזן די מינדעסטע אויפרעגונג, ווי די זאַך וואָלט אים לחלוטין נישט אָנגעריירט, נישט אָנגעגאַנגען. די אַלע קלוגע שפּיצלעך, איינפאַלענישן, כיטרעקייטן מיט וועלכע ער פלעגט זיך באַוויייזן, האָבן מיטגעשוויגן. אויך ער האָט געהאַט זיין פּרעטענסיע, זיין טענה צו די צוויי חברים: ער פילט זיך אָפּגענאַרט. ער מאַכט נישט מיט די גאַנצע „מעכיע״ פון זיי ביידן. נעמט נישט קיין גלייכע רווחים ווי זיי; קריגט נאָר די געוויסע פּאָר פּראָצענט וואָס פאַלט צו פון איינקויף פון די רויע פעלן, ווי ס׳איז געוואָרן אָפּגעמאַכט מיט די לאָדזשער הורטאָווניקעס און אַן עודף צו דער קוואָטע וואָס מ׳האָט אים צוגעטיילט און אויך נישט קיין צו גרויסע, מחמת ער יוסף איז געקומען מיט אַן אָרעמער קעשענע, אַ פאַר׳אביונטער פון נאָך אַ שווער אָפּגעליטענער צייט. זיין כוח ליגט נאָר אין דער צונג. און פאַרן מויל באַצאָלט מען נישט אַזויפיל...

דאַקעגן די אַנדערע צוויי שותפים זענען געקומען מיט פולע בייטלען, לייגן זיי זיך אָן געזונט; רוקן אונטער גרויסע פּאָרציעס, לעקן אָפּ דעם פעטן ביסן. פאַרדריסט עס אים. וויל ער איצט נישט רעדן.

— וואָס שווייגסטו יוסף? — האָט פייוול אים געמונטערט ער זאָל זאָגן אַ וואָרט אין דעם ענין.

— וואָס האָב איך צו רעדן. וועגן מיר זאָלן זיי שרייען, זאָלן זיי קלאַפּן אין טיש. מ׳קען מאַכן אַפילו אויס שותפות אויך. — טאַקער האָט עס געזאָגט מכלומרשט רואיק, מיט גלייכגילט אָבער דאַרין איז געלעגן אַ פאַרבאָרגענער רוגז. שטעכיקס, צו מאַכן פאַרדריסן די חברים.

סטריקאָווסקין איז דאָס פנים פאַרלאָפן מיט צעגליטער פאַרפלאָמט־קייט. אויסגערופן:

— וואָס האָסטו אַזוינס צוגעלייגט צום געשעפט? ביסט אַרויס מיט היזק?..

— מיט גרויסן געווינס אויך נישט. צ׳האָט מיר צוגעזאָגט מער. כ׳וועל מיר קאָנען אַרויסהעלפן. איך וועל קריגן אַ הלוואה, כ׳זאָל קענען ווייקן גרעסערע פּאַרטיעס.

— פון וואַנען זאָל מען נעמען? — האָט פייוול אויסגעשיפּט אָן אויג צום נייעם בעל־טענה און שוין גאָרנישט קיין פריינטלעכס.

— פ ו נ ו ו א ַ נ ע ן צ׳זאָלט נעמען? פונוואַנען צ׳ווילט. עץ האָט שוין פונוואַנען צונעמען!...

—אַהאַ, ס׳הייבט זיך מיט דער קנאה! — האָט פינטשע אַ זאָג געטאָן מיט ברומעניש, געצילט צום לאַנגן שוואַרצן פּנים.

— יאַ־יאַ. ס׳הייבט זיך אָן... — און פייוול האָט דאָס צוגעגעבן מיט כמורע, אַפילו מיט קרעכץ.

סטריקאָווסקי׳ האָט שוין געהאַט איצט גענוג קרענקונג אויף זיין קרוב: נאָדיר אַ צולאָג! אַריינגענומען אים כמעט מיטן לײדיקן, מיט לערע קע־שענעס, האָט ער נאָך טענות, פּרעטענסיעס, צאָל אים אַ רעשט... פייוול האָט זיך געשראָקן ס׳זאָל נישט אַמאָל צעבראָכן ווערן, דאָס וואָס מ׳האָט מיט אַזויפיל מי אויפגעבויט. ער איז געווען יינגער פון זייביידן, היציקער, אימפּולסיווער, איינשליגערישער. אַ טונקל־שאַטיגער מיט גלייכגעלייגטע

האָר, אויפגעהויבענעם קין, שאַרפן גלאַנץ אין די אויגן — האָט פון זיין פּנים געשריען דער געוועקטער אַפּעטיט, דער הונגער נאָך דערגרייכן עשירות, רייכקייט. זיין בליק — פול מיט לעכצונג, פול מיט גייציקייט. ער פייוול האָט וווּנדערלעך זיך אַ הויב געטאָן נאָך דער מלחמה. גלייך פון די ערשטע טעג, ווען מ'האָט, נאָכן דייטשס פאַרלאָזן די שטאָט (פּטור פון „באַשלאָג"), געמעגט צוריק עפענען די פעסער, פריי זיך נעמען צו דער אַרבעט — איז ער אַריין מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט אין דער מלאכה, אַריינגעוואָרפן זיך מיט זיין גאַנץ יונג לייב־און־לעבן און מצליח געווען. אַריבערגעוואַקסן אַנדערע, עלטערע גאַרבערס, מיט מער יאָרן, מיט מער פּראַקטיק און סטאַזש. ער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן פעסטער אין די כוחות. זיך געשטאַרקט, געוואַקסן מיט דערפאָלג. געוואָרן אַ נאָמען. דער סינדיקאַט האָט באַדאַרפט פאַר אים זיין דער העכערער שטאַפּל, צו דערגרייכן צום שפּיץ באַרג...

און כדי די מאַשין אָנצוטרייבן אימפּעטיקער, אימפּולסיווער, קאָנען גיכער פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן פון שותפות, האָט ער צוגעשפּאַנט צום קאָמיטעט יוסף טאָקערן, זיין ווייבס אַ פעטער. אַ מענטש מיט אַ שאַרף מויל, אַ גרויסער שרייער און דערביי גאַרנישט אַזאַ אָנגענומער פּאַרשוין. און כאָטש ער איז מיט אים משפּחה, איז טאָקער גאַרנישט אַזאַ גרויסער פריינד. פאַרגינט אים נישט. אַליין איז ער יוסף געווען אַראָפּ פון מעמד און וואָלט באַדאַרפט דאַנקבאַר זיין וואָס ער קען זיך איצט אַ ביסל באַ־קרעפטיקן, אויסגלייכן די ביינער, האָט ער נאָך גרויסע אויגן: יאָ, זיך שנעל צוגעוווינט... קאָן נישט פאַרליידן וואָס זיי, ער מיט פינטשען, באַ־רייכערן זיך אַ ביסל מער פון אים, ווערן שטאַרקער.

אָבער פייוול איז נישט גרייט זיך מיט אים צו טיילן, אויסציילן פאַר אים דעם בייטל. אָוועקגעבן אים זיינס. ס'זייניקע גיט קיינער נישט אָוועק. געענוג וואָס מען טוט אים אונטערשטיצן, טויג אים נאָך נישט. שטעקט אַרויס דאָס חזיר־פּיסל. און ס'טוט אים פייוולען שוין ריכטיק באַנג, וואָס ער האָט אים צוגענומען צום עסק. אָבער איצט איז פאַרפאַלן, ר'טאָר זיך מיט אים נישט צופיל איינרייסן, נישט ברוגזן. מוז אומגיין מיט אים ווייכער, אַז נישט וועט ער אַלץ מאַכן אויסשיטן...

— מיט דיר יוסף, וועט מען זען ווי־עס־איז אַדורכקומען. אָבער זיי טאָר מען נישט נאָכגעבן, אין גאַרנישט. זיי זענען אין אונדזערע הענט. מיר האָבן דאָס געשאַפן און ס'איז אַ פעסטע זאַך — פייוול האָט פאַר־דריקט די האַנט אין אַ פויסט, אָװעקגעשטעלט זי אויפן טיש, צו ווייזן דערמיט דעם כוח. זיך אומגעקוקט צום הויפּט־שותף. גערופן:

— וואָס זאָגסטו פּינטשע, כ'האָב רעכט?

פּינטשע האָט געשוויגן. ער האָט מיט זיין ניכטערן חוש דערזען, דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן, און אויך פון אינעווייניק, און וועט זיך מער נישט איינשטילן. דער ריס איז אַריין צווישן אַלץ און אַלעמען. אויך צווישן זיי אַליין. זיי קענען זיך מער נישט פאַרטראָגן. נישט גיין אויפן זעלבן שליאַך צוזאַמען. זענען מיט אומגלויבן און מיט אומצוטרוי איינער צום אַנדערן. דער אויפרייס מוז קומען. ס'ע שטייט שוין ביי דער שוועל...

אָבער ווי אַ מענטש אַ רואיקער, אַ באַהערשטער, האָט פּינטשע זיך געהאַלטן אין זיין געלאַסענער גלייכגעוויכט. נישט אַרויסגעוויזן קיין דער־נערווירונג. געזאָגט אויך אַזוי רואיק:

— איך ווייס נישט, צי ס'וועט זיך לאָזן גאַנץ מאַכן. דער עולם איז אויפגעבראַכט, אויפגערייצט. מען וועט מוזן רופן אַ פאַרזאַמלונג מיין איך. דאָרט וועט מען זען ווהין דער ווינט ציט, ווי אַזוי די מענטשן רעאַגירן.

— מען דאַרף נישט קיין פאַרזאַמלונג. אינגאַנצן נישט, זאָג איך! — האָט סטריקאָווסקי אויסגעשריען אונטערשפּרינגנדיק פון אָרט — גאַרנישט רופן. גאַרנישט זאָגן. גאַרנישט רעדן. מ'וועט זיי דערמיט נאָר געבן די מעגלעכקייט צו צעלאָזן די צינגער, רעדן, שרייען.

— נישטאָ קיין אַנדערע ברירה. מען מוז עס טאָן. איך האָב צוגע־זאָגט — פּינטשע האָט באַטאָנט די ווערטער ווי אַ געשעענער פאַקט.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי געאיילט מיטן צוזאָגן? ביסט שוואַך געוואָרן פּינטשע! — סטריקאָווסקי האָט אויסגעשיפּט צו אים אַ פּאָר אָנגעהעשעטע אויגן, אָנגעלאָפענע מיט וועלפישס, ווי ער וואָלט גרייט געווען אים צו־רייסן. נישט געקאָנט זיך באַהערשן און אויך נישט געקאָנט אויפכאַפּן וואָס עס שטעקט אונטער פּינטשעס רואיקייט: איז עס אַ סימן אויף נאָכ־געבן? ברעכט ער זיך?

— דו ביסט שוואַך געוואָרן פּינטשע, זאָג איך דיר נאָכאַמאָל — האָט פייוול איבערגעחזרט ביטער און ענטוישט — דאַרפסט זיך האַלטן פעסט אין די הענט. אַזוי זאָג איך.

— איך בין נישט שוואַך געוואָרן און ס׳גייט נישט וועגן האַלטן זיך פעסטער אין די הענט... דאָס איז דיווירקלעכקייט. און מ׳קען נישט פאַרמאַכן די אויגן. די זאַך האָט באַקומען אַ פּגם, אַ טיפן שפּאַלט, און מען מוז זיך דערמיט רעכענען. אַפילו זיין גרייט אויף אַן איבערברוך — פּינטשע האָט עס געזאָגט געלאַסן און דערביי קאַטעגאָריש, כדי אָפּצוקילן דעם צעהיצטן שותף.

— וואָאָס ? ! — איז פייוולס פּנים געוואָרן צונטער־רויט, הוילער פלאַם — איבערברוך ! דאָס אויך ? !

— יאָ, מען מוז דאָס אויך נעמען אין אַכט — און אין פּינטשעס שטים האָט געקלונגען דיניקער להכעיס, אַ שטעכיקער דאַרנצאַן...

סטריקאָווסקי איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, מיט ריטש פון בענקל. געגומען שפּאַנען אַרומען שטוב־שטח, זיך צוריק אַוועקגעזעצט. געשפּרייט די הענט ווי איינער וואָס רופט הילף. פון אויפרעגונג איז אים אַרויס אַן אַנגעלאָפענער אָדער אויפן האַלדז. געקוקט מיט אומעכטיקייט צו זיין חבר דעם בעל־דעה, וועלכער האַלט דאָס גאַנצע געווערק אין האַנט און האַלט עס שוין פאַר קאַליע, פאַר פאַרשפּילט.

— ניין, דו האָסט אַ טעות פּינטשע. מיר מוזן זיך גאַרנישט רעכענען מיט קיינעם און נישט זיין גרייט. נאָר נאָך פעסטער זיך האַלטן ביי אונדזער געדאַנק. דאָס וועט זיי צווינגען, זיי מאַכן געהאַרכזאַם, איינשטילן ווי די לעמעלעך...

— דאָס וועט מען זען נאָך דער פאַרזאַמלונג, וואָס פאַרא פּנים ס׳וועט האָבן... — פּינטשע, שוין מיד און וועלענדיק זיך באַפרייען, האָט אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט ווי אַ סימן: דערווייל איז דאָס אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן. מער איז נישטאָ וואָס צוצוגעבן. און דערמיט האָט זיך די זיצונג געענדיקט.

## קאפיטל צוועלף
# די נייע פאַרזאַמלונג

די נייע פאַרזאַמלונג איז אויסגעפאַלן שטורמיש און געררייצט. מען איז באַלד פון לכתחילה געקומען מיט שאַרפע טענות, מיט אָנגעהעצטן געמיט. געזוכט אויסלאָדענען וואָס איז געלעגן אָנגעזאַמלט אויפן האַרצן: צוגע־גרייט צום אויפלעזן פון סינדיקאַט.

ווידער זענען די גאַרבער־יידן געזעסן אויסגעזעצט אויף די בענק שורותווייז. יעדער מיט זיין נאָענטן, מיט זיין חבר, מיט זיין שכן; געררויכערט פאַפּיראָסן, גערעדט צווישן זיך אויף הויכע קולות, אויפגעוויזן: דאָס גע־שעפט איז אָן אָפּגענאַרעריי, אויסגעטראַכט פון אַ פּאָר קלוגע כיטרע קעפּ, וואָס זענען אויסן געווען אָנצושטאָפּן זיך דעם בייטל, און אויך, אפשר דער עיקר: מאַכן אָפּגעוויינען די סוחרים פון די אַנדערע גאַרבערישע הייף, פרעמד מאַכן זייער טריט צו דער היימישער שוועל; ס׳איז נישט לייכטער געוואָרן, נאָר נאָך שווערער. און באַלד פון דער ערשטער מינוט איז עס געווען מיטן לינקן פוס... אַ ראיה האָסטו: מ׳האָט דיר געגעבן רויוואַרג, פאַרקויפט דאָס פאַרטיקע, געגעבן געלט — און אַלץ אָן מזל־ברכה, ווי מען וואָלט דיר געקוקט אין דער האַנט אַריין, מיט אַ בייז איבערגענומען אויג; געוואָרן צערינען, צעשווימען ווי אַ צוגעטיילטער גילדן... נישט געבליבן דיר אָפילו צו באַהאַלטן עפּעס אויף דער שווערער שעה... איצט מוז עס נעמען אַן עק, איינמאָל פאַר אַלעמאָל. ס׳שטעכט שוין צופיל אין די אויגן.

מיט אַזוינע אָנגעגרייטע טענות, פּרעטענסיעס, טראַציקע, אָנגעזאָטענע, מרידהדיקע, גרייט איבערצוקערן די שיסל — און אין אונטער באַוווסטזיין, אויך ווי אַ ביסל זיך פאַרוויילן — איז מען געקומען צו דער פאַרזאַמלונג.

יהודה־לייב רודעס איז געזעסן ווי זיין שטייגער פון די ערשטע בענק מיט זיין חבר בייניש שאַרף, אַקסל ביי אַקסל, זיך אַראָפּגערעדט די הערצער ביינאַנד. יהודה־לייב האָט זיין חבר אָפּדערציילט, בשתיקה, פון זיין באַזוך ביי מאַשען אין שטוב, פון זיין אַדורכרעדן זיך מיט איר, און איר גאַר אָרנטלעך אויפנעמען אים. ער האָט ערשט איצט איינגעזען וואָס פאַראַ קלוגע פאַרשטענדלעכע פרוי זי איז, וואָס פאַראַ איידל מענטש,

מיט ערנסט און געלעכטערל, און סאַראַ טעמעדיקייט ס׳רוט אויף איר אויסזען. ער וואָלט אַלץ געטאָן פאַר איר, זי זאָל איינגיין אויף זיין פאַר־לאַנג, ווערן צו אים אַ ווייב. דעמאָלט גלייבט ער, וואָלט׳ר נאָך געהאַט אַ פּאָר גוטע זיסע יאָרן, און אויך זי אַליין וואָלט דערפון פיל געגאָסן. און ער האָפט, גאָט וועט אים העלפן ר׳וועט עס דערגרייכן. ער וואַרט נאָר מע זאָל זיך שוין אָפּפּאַרטיקן מיט דעם נאַרישן עסק, מיט דעם שותפות, דער קאָפּ זאָל אים ווערן רואיק און פריי. און יאָ, וואָס שייך טאַקע דאָס „פאַרזעעניש״, מוז מען שוין היינט מאַכן אַ סוף. ער קאָן אַפילו איצט גאָרנישט באַנעמען, ווי איז מען דאָס געווען אַזוי לייכטזיניק. געלאָזט זיך אָנרעדן ווי נאַרישע ייִנגלעך. און דער עיקר, מען דאַרף אויך אַמאָל צו אַ ווייב זיך צו הערן, ווען זי וואָרנט, וויל אָפּהיטן פון בייזס, ווי זייגע ביינישס האָט געטאָן: „וואָס זאָגסטו ביינישׂ ?״

—יאָ, דאָס מיין איך טאַקע צו זאָגן. מיינע האָט מיך באַלד פון דער ערשטער מינוט געוואָרנט, זיך געבעטן ביי מיר ווי ביי אַ קינד: ביינישׂ לאָז דיך נישט אַריין אין קיין שותפותן. זיי מייגען נישט דיין טובה. זי האָט אין מיר אַריינגערעדט און מיך ווידער געוואָרנט. און זעסטו, געבליבן דער נאַר!... — האָט ביינישׂ זיך אויסגעוויזן מיט חרטה, וואָס ער האָט נישט געהאָרכט זיין ווייב.

— געוואָרנט־געשמאָרנט... מען ברויכט, ווייבער זאָלן אונדז וואָרענען. גוט דערלעבט! און ווו זענען געווען אונדזערע קעפּ, אונדזער מענערישער שכל. האַ? דו ביסט דאָך אַ ייד אַ באַלעבאָס, פאַרוואָס האָסטו נישט פאַר־שטאַנען — יהודה־לייב האָט דאָס גערופן פאַרדראָסיק אויפן געפאַלענעם מענערישן שכל, אויף דעם געפאַלענעם מענערישן כבוד.

— אָט־אָט. דאָס טאַקע... דאָס מיין איך דיר צו זאָגן: פאַרוואָס האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען. איינגעאַנגען אויף אַזאַ בלענדעניש. און דו אַליין, האַ, יודע־לייב? ביסט דאָך אַ ייד מיט שכל ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. נו?

— טאַקע נישט צו פאַרשטיין. מ׳האָט פאַרטשמיעלעט דעם מוח. אָנ־גערעדט ווי צו זינד... און מענטשן זענען אייביק להוט צו לויפן אויף נייעס, אויסדאַכטענישן. לאָזן זיך פאַרנאַרן ווי קליינע קינדער. נו מילא, ס׳וועט ווערן אַנדערש...

פון קאָמיטעט־טיש האָט מען גערופן צו שטילקייט. די קאָמיטעט־לייט זענען געזעסן אויסגעזעצט אין זייער פולן באַשטאַנד. ס'איז נישט געווען צו מערקן שוין אויף זיי, די האַפערדיקע מראה'ס, ווי דעמאָלט ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג. נישט געהאַט די זיכערע שטימען און אויך נישט די צוזאַגענישן אין זייערע מיילער. זיי זענען געזעסן אַרומגענומען מיט נערוועזן אומרו, מיט אַנגעשראָקנס, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר יעדן וואָרט. דערוואַרט דעם אָנגרייף פון די פאַרזאַמלטע.

פינטשע האָט זיך געהאַלטן ווי־עס־איז געצוימטער, באַהערשטער. געקוקט מיט אַן אָבסערווירנדיק אויג אויף די מענטשן, געזען זיי זענען פול מיט אויפברויז. מיט צאַפּל, ווילן זיך נישט באַרואיקן; זענען געקומען נישט אויסהערן קיין רעדעס, נאָר מיטן פּאַרטיקן: צערייסן, אויפלעזן. און טאַקע ווי נאָר, ער אַלס פאַרזיצער איז אויפגעשטאַנען, געוואָלט אָנהייבן עפּעס זאָגן, האָט פון עולם זיך אַ שאָט געטאָן, געשרייען, שפּאַטענישן, שווערע רייד, ווי שווערער האָגל:

— מען דאַרף נישט!..

— צ'האָט געמאַכט אַ מאָנאָפּאָל פאַר זיך...

— באַשאַפן אַ נאַריש באַשעפעניש, אַ גולם: שמינדיקאַט!

אַלץ איז אַרויס מיט גאַליקן געלעכטער.

אין דער הייסער לופט, האָט יעדעס שטומע מויל, געקריגן לשון. יעדע צונג זיך אויפגעבונדן, געשליידערט פיילן. אַלע זענען זיי מיטאַמאָל אַרויס מיט תקיפות, מיט כוח, אָנגרייפעריש:

— און ווו זענען די גליקן וואָס מ'האָט צוגעזאָגט: וועסט כאַטש ווערן רייך ווי קורח...

— יאָ ווו זענען זיי?

— ווו איז דער קרן און ווו איז דער ריווח?

— ס'איז אַ ליידיקע טאָרבע...

— אַ צעלעכערטע פעל אויפן מיסט צו וואַרפן...

— גיטס געלט, און נישט קיין צעטלען אויפן רויוואָרג. מ'וועט אַליין קויפן.

— מען ברויכט נישט קיין געלט און נישט קיין רויוואָרג — אויס!

דאָס רופעניש, ברומעניש, האָט געגרייכט אַלץ העכער, טראַציקער. אַרומגעגנומען אַלץ וואָס האָט זיך דאָ געפונען. די נעז האָבן ביי די יידן געשוויצט, געשנייצט אין די גרויסע טאַשנטיכער. מ׳האָט געזוכט פעלערן. דערמאָנט עוולות. דערציילט צווישן זיך, וואָס נאָר אין דער קאָרט, אויף די אויבן אין־דער־הייך־זיצנדיקע: זיי האָבן באַקומען געפּאַשעטע בייכער ווי פעטע שאָף אויף דער לאָנקע... אָט געווען ערשט אַ גאָרנישט. היינט אויפגעוואַקסן אַ גאַנצער באַלעבאָס, אַ גביר, ביי וועלכן מען קויפט פעטע פליישן אין שטוב אויף מיטיק, ווייצענע געבעקסן אינדערוואָכנס... ביי אַנדערע האָט מען די שטובן אויפגעריכט, אויסגעמאָלט, אַריינגעשטעלט נייע מעבלשטיקער — און אויף וועמענס חשבון הא?

פינטשע האָט נאָך אַ ביסל אָפּוואַרטן און נישט קענענדיק קומען צום וואָרט, זיך צוריק אַוועקגעזעצט. געקוקט מיט נייגעריקע בליקן אויפן צעשטורעמטן קהל און מיט אינערלעכער רואיקייט זיך געוווּנדערט: אָט ווי מיט אַמאָל איז אַלץ געוואָרן — איין ווילן. אַפילו אין דאָזיקן פאַל קאָן מען זען, די אויפגעהויבענע קראַפט פון אַ ציבורדיקן רצון, פון אַ ציבורדיקן פראָטעסט. אַן עדה ווען זי איז געאייניקט, איז זי תמיד שטאַרק, אַזוי אין פּאָזיטיוון און אַזוי אין נעגאַטיוון זין; וועסט זי נישט בייקומען. און הגם ס׳שטעקט דאָ אַ ביסל המונישס, אָבער זי איז גאַנץ מיט זיך... די פאַרטראַכטונגען האָבן אים אויף אַ רגע געמאַכט פאַרגעסן אין דער אַרומיקייט. געעפנט רעיונות. ער גופא, איז ביי זיך נישט געווען געפאַלן. פולשטענדיק געפּאַסט. צוגעגרייט.

— פינטשע! — האָט ער געהערט שטיל רופן זיין נאָמען, קריגנדיק אַ שטויס אין פוס. זיך אויפגעוועקט. דערזען פייוולס אָנגעשפּיצטע אויגן אויף אים.

פינטשע האָט שווייגנדיק אים אָנגעקוקט. פייוולס פּנים האָט געגליט מיט היץ. די אויגן פאַרגרינט פון צאָרן. ער האָט געפילט ווי יענעמס שפּיצן־שיך שטויסן אים אין פוס: ער זאָל נעמען רעדן. פינטשע זעענדיק פייוולס נערוועזן אויסדרוק, האָט אין זיך געשמייכלט, געטראַכט: נאַ, נעם, שטיק זיך! זאָל דיר נישט אַזוי לייכט אָנקומען. האָסט דערווייל זיך געגווג אָנגעפרעסן... ס׳איז אים פּלוצעם אויפגעגאַנגען אויפן געדאַנק, אַז

צווישן זייביידן, וועט פאַרקומען אַמאָל נאָך אַ גרויסער געראַנגל, אַ קאַמף. אָבער ער האָפט ר׳וועט אים בייקומען, אַרויס דער זיגער. וואָווטשע דער ברודער האָט אים צוגעזאָגט אין אַ בריוו, ער וועט אים שטיצן מיט אַלעם: מעגלעכס, אַרויסהעלפן מיט אַ גרויסע הלוואה, אויף צו קאָנען איינקויפן מאַשינען, אָוועקשטעלן אַ פאַבריק מיטן גאַנצן קנאַק — אַ פאַרע זאָל גיין: מאַשינען!

פון נצחון און אויך עפּעס פון נקמהדיקס. האָט אין פּינטשען אַ וואַרעם געטאָן אַ הנאה אין אַלע גלידער: אַי דעמאָלט וועט ער ווייזן וואָס ער קאָן, ווער ער איז. פייפן אויף זיי אַלע: אַ פאַבריק, מאַשינען, פאַסן לויפן, רעדער דרייען זיך! ער האָט דערהערט דעם רויש פון רעדער־געדריי, דאָס ברומענדיקע זיך באַוועגן פון „דריי־פאַס״, פון דער פאַלץ־מאַשין... געקריגן פאַרהויכטע אויגן, פלעמלעך אויף די באַקן. ער האָט פונסניי דערפילט אַ שטויס אין פוסקנעכל, וואָס האָט אים געוועקן:

— פאַרוואָס רעדסטו נישט, פאַרוואָס ענטפערסטו זיי נישט — האָט ער געהערט פּייוולס כריפּענדיקע שטים. פּינטשע האָט אַריינגעקוקט אין פּייוולס גרינלעכע אָפּלען. זיי זענען געווען אויפגעריסן, פאַרציקנדיק ווי ביי אַן אויפגערייצטן וואָלף. ס׳האָט פּינטשען עפּעס אַ רייץ געטאָן. געזאָגט מיט אַ רואיק געלאַסן קול, וואָס האָט געהאַט אין זיך באַהאַלטענער, שטעכיקער איראָניע.

— נעם, זאָג אַליין עפּעס פאַרן עולם. הייב דיך אויף, רעד צו זיי...

דאָס איז געווען ווי צוגעזאַלצן די ווונדן, געשפּילט אויף די נערוון. וואָרעם סטריקאָווסקי האָט נישט געקענט עפּנטלעך אַרויסטרעטן פאַר אַ פאַרזאַמלונג. ס׳האָט זיך אים פאַרהאַקט דאָס לשון.

— דו ווייסט דאָך... — האָט פּייוול געשטרעקט דעם האַלדז ווי ער וואָלט אים געוויזן די שטיקעניש פון אינעווייניק. אומגעקוקט זיך אויף רעכטס, אויף לינקס. געשטופּט יוסף טאָקערן דעם פעטער זיינעם:

— זאָג דו עפּעס, זאָג!

יוסף טאָקער, כאָטש ער האָט אַנומלטן צוגעזאָגט דער פּלעמעניצע, ער וועט האַלטן „„שטאַם״ מיט פּייוולען, האָט ער אָבער זעענדיק וואָס אַרום טוט זיך, די בייזע פאַרעקנטע געזיכטער ביי די פאַרזאַמלטע, און אויך, די קילע איינגעהאַלטענקייט פון פּינטשען — פאַרלוירן דעם מוט.

דאַך האָט ער געפּרוּווט. אויפגעשטאַנען. זיך אויסגעצויגן ווי אַ הויכע שטאַנג; גענומען פאָכען מיט די לאַנגע הענט, וואָרענען, געבן צו פאַר־שטיין: אַז סוף־כל־סוף איז עס שוין אַן אויפגעשטעלטער בנין און מען דאַרף נישט אומוואָרפן וואָס מ׳האָט מיט שווערע מי אויפגעבויט. מ׳וועט חרטה האָבן. געדענקטס... געדענקטס!

זיינע רייד זענען געפאַלן ווי אויף אַ שטיינערדיקן באָדן, אָן האַפט, אָן כוח אַריינצונעמען זיי אין זיך. פאַרווייעט געוואָרן. נישט אַריינגעדרינגען אין קיינעמס אויערן. אַרויסגערופן געלעכטער. מ׳האָט אים אָפּגעשריגן:

— בנין־שמיניעז... שטייט אויף הינערישע פיסלעך...

— זאָגטס דעם אמת, נישטאָ וואָס צו פאַרקויפן...

— אַ צונאַר געמאַכט געשעפט...

יהודה־לייבס שטעקן האָט מיטאָמאָל זיך באַוויזן אין דער לופטן. געהויבן זיך איבער אַלעמענס קעפּ. געפאָכעט מיט התראה. געלאָזט הערן זיין באַסאָווער שטים:

— יידן וואָס איז דאָס זיצן און זיך שפּילן. מ׳האָט שוין אויסגעהערט אַלע מעשיות. גענוג! אַ היימגעגאַנגען זאָל ווערן! אויס חתן, אויס כלה, אויס מחותנים — אויס סינדיקאַט;

אַ הייטער געלעכטער האָט זיך צעקלעפּערט איבערן צימער: אויס! אויס! אין דער רגע איז געוואָרן אויס שותפות.

אַרויסגעשאָטן האָט זיך דער עולם פריילעך. געהירזשעט. געוופן מיט הילכיקע שטימען, ווי מען וואָלט זיך דאָס באַפרייט פון פענטעס, כאָמיטעס, אַרויס פון געפענקעניש. אַנגעזאָגט זיך מיט די בליקן: אין אַ גוטער שעה! ווידער ביסטו אַ באַלעבאָס פאַר זיך!

## קאַפּיטל דרייצן
## פון אויפסניי

אויס סינדיקאַט, אויס קאָמיטעט, אויס רעש. ווידער איז מען געקומען צוריק, „אל ביתו ואל נחלתו״... געוואָרן בעל־הבית פאַר זיך. צוריק האָט יעדער גענומען אַרבעטן אויף אייגענער האַנט, אויף אייגענעם חשבון, אָן קיינעמס קאָנטראָל, אָן קיינעמס אַריינמישן זיך. די אויסגעפּאַר־

טיקטע סחורה האָט מען איבערגעלאָזט ביי זיך אינדערהיים, אויף זייער שטענדיקן אָרט: די גרויסע גאַרבערס — אין די פאַרשלאָסענע שאַפעס, סקלאַ־דעס. די קלענערע — אויסצוהיטן פאַר גניבה — אין די שטובן, הינטערן בעט, הינטער דער שלאַפבאַנק. און אַז ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון גרויסן פאַרקויף, איז מען אויפסביי אַריין אין צאַפּלענדיקן אומרו, אין פריידיקער אויסוואַרטונג. אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, געבענטשט אַלץ אין אָרדענונג, אָפגעוואַרט דעם קונה, אויף דעם גוטן לייזעכץ. און אַז דער פדיון איז שוין געווען אויסגעציילט אויפן טיש, האָט מען אים צוגענומען מיט דאַנקבאַרקייט, געוואַרעמט אים לענגער אין האַנט — ווייל פרעמדע אויגן האָבן צופריער נישט געקוקט דאַרויף, נישט געלאָזט פאַלן קיין עין־הרע... דערביי האָט מען אויך געדענקט, אַז מען איז געוואָרן פטור פון חשדים, חשבונות, שלעפּעכצן, איינהאַרכעניש, באַרעדענישן. יעדער טוט זיך איצט ווי אים איז גוט, ווי אים געפעלט. נישט קיינעמס עסק. און יעדער באַלעבאָס האָט זיך באַמיט, טאַן, ס׳זאָל זיין גוט פאַר אים, פאַר זיין הויף, פאַר זיין הויזגעזונט, פאַר זיין שטיל לעבן.

נישטאָ דאָס גוטע אָן שלעכטן, און אויך נישט דאָס שלעכטע אָן גוטן — זאָגט די וועלט. וואָרעם אויך דאָס שותפות, האָט געהאַט זיין גוטע פעולה. פאַר דער קלייגער צייט, האָט עס עפּעס אויסגעלערנט: ס׳האָט אויסגע־לערנט דעם גאַרבער אָפּשאַצן דעם ווערט פון קונה, פון זיין באַוויזן זיך אין אייגענער שטוב, מיט אים פערזענלעך רעדן, האַנדלען; דעם סוחר — דאָס פּאָזיטיווע פון האָבן פרייע הענט אין מסחר, דאָס פריי זיך קאָנען באַוועגן אין יעדער גאַרבעריי, אויסקלייבן די סחורה, וואָס אים געפעלט, קויפן אָן דיקטאַט, אָן פרעס פון וועמען, נאָר דאָס וואָס איז פאַר אים נוצלעך, וואָס איז פאַר אים גוט. און דער עיקר: מען דאַרף שאַנעווען די קייגנזייטיקע געפילן, דאָס נאמנות אייגער צום אַנדערן.

האָט אין די דאָזיקע טעג זיך געשאַפן אַ האַרציקע באַציאונג צווישן דעם פּראָדוצירער און זיין אָפּנעמער. זיי די „פרעמדע" האָבן מיט זייער דערשיינען מיטגעברענגט שמייכל, פריינטלעכן אויסדרוק, הייטערן „גוט־מאָרגן". דערמאָנט דעם גאַרבער מיט רמז, זייער אייגן צוהעלפן אינדער־שטיל מורד צוזיין אין קאָמיטעט. געהאָלפן עפענען די מוחות פון די

מענטשן, קלוגער מ׳אכן, אויסלייזן זיי פון דער נודאַטע און מ׳איז צוריק אַריין אַ דאַנק גאָט אין די אייגענע ד׳ אמות, אין אייגענעם ווינקל. געוואָרן באַלעבאַטים פאַר זיך.

איז ביים אַריינקומען פון סוחר, האָט מען אים אַנטקייגנגעטראָגן אַ ליב פריילעכן „ברוך־הבא" וואָס האָט באַדאַרפט זאָגן: האַ, אָן אָפענער טיר!... און דער פרעמדער האָט צוגעוויגט מיטן קאָפּ: יאָ אַבי שוין אַזוי, אַ דאַנקן גאָט!... ביים קויפן האָט מען אין די טעג ווייניקער געמוטשעט, ווייניקער זיך געדונגען. געווען ווייכער, נאָכגיביקער אין פּרייז. געהאַלטן מען דאַרף נישט זיין הארט איינער צום אַנדערן. לעבן און לאָזן לעבן...

הקיצור ס׳איז געווען קוצעניו־מוצעניו. כאַפּ זיך כאַטש אַרום און קוש זיך...



ביי מענדל באָומען אין שטוב, האָט מען געפייערט דעם נצחון מיט גרויסן טריאומף, ממש מיט פּאַראַד. געהויבן די קעפּ שטאָלץ, ווירדיק, ווי מען וואָלט דאָס צוריק אָפּגעוווּנען אַ פאַרשפּילטע פעסטונג. פון די באָומישע פּנימער האָט אַראָפּגעשיינט אַ זיגערישער שמייכל וואָס האָט געזאָגט: אויף וועמענס זייט איז דער אמת, האַ? ווער איז געבליבן דער גערעכטער, האַ?!

און כאָטש מען איז געווען אָפּגעשוואַכט פון די כוחות דורך די שווערע אָפּגעמאַטערטע וואָכן, חדשים, ווו ס׳איז אָפּגעריבן דער מאַרך פון די ביינער, איז מען אָבער ווונדערלעך גיך צו זיך געקומען, ווי אַ שטייגער, ווען מ׳צאַפּט אָפּ ביי אַ געזונטן מענטשן בלוט, און נאָך גוטער דערנערונג קומט עס גלייך צוריק און מיט נייער קראַפט. ווידער האָבן זיך געטראָגן הייטער די אויפגעלעבטע קלאַנגען פון אַרבעט איבערן הויף: די באָומישע הענט צערוכעוועטע מיט טאָפּלטער ענערגיע, מיט טעטיקער פלייס, זענען אַריין אין דער מלאכה געשטאַרקטער, אָפּצונעמען זיך פאַר די אַלע געקריוודעטע און געפּלאָגטע טעג. מענדל האָט געטראָטן מיט זיינע שווערלעכע אָבער געזונטע פיס איבערן גאַרבער־הויף, מיט זיכערקייט און בטחון. געקוקט מיט אויפגעלאַכטענעם בליק, אויף זיין קליינער, פאַר אים געהייליקטער נחלה: דאָס איז עס! דאָס איז מיין אייגנס! ער האָט באַזונדערס אין די טעג שטאָלצער געהויבן דעם בליק, ווי ער זאָל צו אַלע מענטשן

זאָגן: האָ, ווער האָט פאַראויסגעזאָגט דעם סוף? אַליין געשטאַנען אין מלחמה קעגן דער באַנדע. ווי דוד קעגן גליתן, און בייגעקומען. און ער וועט זיי נאָך ווייזן די יוגגאַטשעס ווער עלטער איז! וואָרעם ווער ס׳גייט מיט דעם ערלעך גערעכטן וועג, דער געווינט. און ווער מיט פאַלש־קייט, כיטרע געננ, דער פאַרשפּילט.

מענדלס אַנזען איז אין די טעג געוואַקסן, געוואָרן אַנזעעוודיקער אין מענטשנס אויגן. מ׳האָט געקוקט אויף זיין עקשנותדיקן גערעכטן קאַמף, ווי אויף אַ זאַך פון צדק. סוחרים באַטרעטנדיק די שוועל, האָבן מיט פריינט־לעכקייט באַגריסט דעם בעל־הבית. אַרויסגעוויזן דרך־ארץ. באַקוקט די לעדערס איינס־צוויי. נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיותן, נישט צופיל געפירט וויכוחים מכוחן פּרייז. געהיטן זיך, נישט אָנטאָן קיין עגמת־נפש דעם בראָוון ייד. מיט באַוויליקטקייט באַצאָלט דעם געשטעלטן מקח. צוגעלויבט:

— מיר האָבן תמיד געזאָגט ר׳ מענדל איז אַ גלייכער מענטש. גייט דעם גלייכן וועג. און אַ מענטש אַ גערעכטער, וואָס פאַרליידט נישט קיין עוולות, וועט שטענדיק געפינען דעם ריכטיקן שטעג... — אַזוי האָבן די פּרעמדע בשעתן מאַכן דעם מסחר זיך צעזונגען מיט שבח, אונטערוואָרעמדיק דעם אויסהאַלטעוודיקן האַרעפּאַשנעם ייד, דאַנקבאַר פאַר זיין שטיין אייגער אַליין אין קאַמף און בייגעקומען. ביים געזעגענען זיך האָט מען אים וואָרעם געדריקט די האַנט: „זייט געזונט ר׳ מענדל. אַ סך גוטס זאָל אייך צוגעשיקט ווערן”.

— גייטס געזונט. גאָט זאָל געבן כוח און יאָרן. קאָנען אַלץ איבער־טראָגן. דאָס איבריקע וועט מען שוין זען... — און מענדל האָט געבעטן מיטן גאַנצן האַרצן אויף די גוטע געשענקטע יאָרן, אויף כוח צו דער אַרבעט, אויף קאָנען גענוגנטאָן זיין הויזגעזונט, אויף שלום פאַר אים מיט די קינדער און פאַר אַלע גוטע און פרומע לייט...

און דאָס לעבן ביי מענדלען אין הויז איז זיך געגאַנגען זיין גאַנג, מונטער, קוראַזשיק. ווידער האָט אין די דאַנערשטיקע נעכט געפייערט דער באַקאויוון און מיט נאָך מער היץ און גלי. דאָס ווייבערישע געזינדל, אַרומגענומען אין די פאַרטעכער, מיט פאַרמעלטע נעז, צערויטלטע באַקן,

האָבן געשמייעט איבער דער ברייטער קיכנשטוב, מיט פלינקע טריט, מיט פלינקער באַוועגונג; גערוישט, געלאַכט, געפריידט זיך, ווי קינדער וועלכע האָבן צוריק באַקומען זייערע ליבע שפּילצייג, זייער זאַט עסן, וועלכעס מ׳האָט פון זיי צוגענומען... ווידער האָבן די ווייבערישע הענט געקנאָטן גרויסע טייגן, געפּלאַכטן דיקע חלות, קוילעטשן, שטריצן; גע־שטעלט אויפן פּיעקעליק אויפצויוערן די פּוטערקוכנס, קיכלעך, גריסקעלעך מיט די גלאַנציקע וויערכן; געלאָזט גוט אויסברענען דעם אויוון, אַזש דאָס „געוועלב" האָט זיך געווייסט; אַריינגערוקט, פאַרמאַכט, און געוואַרט ווען ס׳וועט זיך אַרויסהערן פון דאָרט דער זיס־וואַרעמער געשמאַקער ריח, בעת ס׳געבעקס פאַרטיקט זיך אויס.

אין דער צייט פון דער ליבער פאַרעניש, האָט מען זיך אָפּדערציילט דאָס נס פון טאַטנס נצחון, פון זיין אייזערנעם געדולדיקן אויסוואַרטן, פון דער גוטער רואיקייט אין וועלכער מ׳איז צוריק אַריין; די גרויסע שיסל מיט די אָנגעשניטענע מייערן, פון ווו ס׳האָבן אַרויסגעקוקט די רויטע רייפלעך ווי גאָלדענע דוקאַטן, איז געשטאַנען ווי תמיד, ביי דער מענדלעכע צופיסנס, זיך געטוליעט מיט לאַשטשונג ווי די שטוב־קאַץ. מענדל איז אין דער זעלבער שעה אַריינגעקומען אין דער ווייבערישער מלוכה. די באָרד צעפּעכערט, די אויגן ליכטיק. אַרומגענומען אַלעמען מיט זיין טאַטעטישן געטרייען בליק: אָט דאָס איז עס — זיין אייגנטום! אַ געשאַנק פון גאָט!

האָט מען אים אויפגענומען מיט דער ליבשאַפט, טאַקע ווי אַליין עפּעס אַ גוט געשאַנק. ס׳איז גלייך געוואָרן היימלעכער.

— דער שווער איז שוין אַריינגעקומען, ער וועט באַלד נעמען קריי־טיקירן. געפינען חסרונות — האָט איטע די ליבע שנור איבערגעחזרט איר אייביק לידל, מיט חנדל, מיט וואַרעמען גלעט פאַרן אַלטן מיט איר עלסט־שנורישן יחוס.

דאָס איבעריקע ווייבערוואַרג, האָט נישט געהאַט דאָסמאָל אויף איר קיין קנאה, קיין פאַראיבל. אַלע זענען זיי געווען גליקלעך מיטן דערשיינען פונעם פאַרזאָרגער — דעם פעסטן אונטערשפּאַר, וואָס האַלט אונטער דאָס הויז. מענדלס פּנים האָט אין זיך געהאַט די אייביק געטרייע זאָרג וואָס ער טראָגט פאַר דעם גאַנצן הויז, די זאָרג וואָס איז אים אַזוי נאָענט,

ליב צום האַרצן און גיט אים באַזונדערע כוחות דאָס אַלץ אָפּצוהיטן.

איינקוקנדיק זיך אין דער ווייבערישער פּאַרפּאַרעטקייט, איינהערנדיק זיך צו די לעבעדיקע קלאַנגען, האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין געזונטער לעבהאַפּטיקער שטוב, אין זיין גרויס אַן עין־הרע צעוואַקסן הויזגעזונט: אַז דאָס איז זיין עשירות, זיין פאַרמעג, זיין שפּעטערדיקער איבערבלייב; זייערע געלעכטערן וועקן אין אים די פרייד — ווייל דאָס פרייען זיי זיך מיט אים, מיט זיין קיום, מיט זיין דאָ זיין אויף דער וועלט. און ער האָט נאָך אַ סך צו טאָן אויף דערדאָזיקער וועלט, פאַר אָט די אַלע לעבנס!...

— נמאַ, נאָר מיט אַ גוט געזונט און ברכה. דאָס איבעריקע וועט מען שוין זען... — האָט מענדל געזאָגט זיין אייביקן שפּרוך, און ווי ער וואָלט דערמיט אָציגנד זיי באַזונדערס געבענטשט. ווידער אַמאָל געוואָרפן אַ בליק איבער זיין לעבעדיק עשירות און זיך צוריק געקערט אין צווייטן חדר, צו פאַרענדיקן מיט ישראל־יצחקן, דעם עלסטן זון, די חשבונות, מורמלענ־דיק איבערן וועג צו זיך אין געדאַנק: האָסט אויפגעשטעלט אַ הויז צווישן די הייזער אין פאָלק ישראל און אויף לאַנגע געזונטע יאָרן. אָמן!

מענדל האָט אָציגנד אויך געטראַכט מיט גרויס ערנסט זיך אַ נעם צו טאָן וועגן דעם שידוך מיט מלכהן: נדן, אויסשטייער, חתונה. ער האָט געזען ס'איז דער זמן. דער מצב האָט זיך פאַרבעסערט. אין שופלאָד ליגט מזומן פאַרוויקלט אין דער גרויסער פאַטשיילע, איר נדן, נישט צום באַרירן און נישט צום באַנוצן. אַפילו אין דער ערגסטער צייט, אין נויט הלילה, ס'זאָל אויספעלן אויף ברויט, וועט ער פון דעם נישט געברויכן. ביי אים מענדלען איז אַזאַ געלט הייליק ווי הקדש. ער נאָר אַליין, טוט צו מאָל אָפּוויקלען דאָס טוך. טוט אַקוק אַריין. ציילט איבער די פּעקלעך, צי ס'איז אַלץ אין אָרדנונג. פאַרפּאַקט צוריק, לייגט עס אַוועק אויפן אָרט — פאַר דער גוטער שעה, געדענקנדיק דערביי: גאָטס חסד איז גרויס!

מענדל האָט איצט אין זיין אויפגעבונדנקייט, אויף ריכטיק, אַ קלער געטאָן וועגן די בויטיקע זאַכן פאַר דער כלה: וועש, בעטגעוואַנט, איבער־צוג, מלבושים, חתונה־הוצאות. געמאַכט צוזאַמען מיט זיין יידענע דעם חשבון, וויפל דאָס דאַרף אַריינכאַפּן (מענדל האָט אין אַלעם געהאַט אַ ידיעה און ליב געהאַט חשבון). געזאָגט צו זיין צירלען: „מיין ווייב,

דאָס וועט אַריינכאַפּן אַ שיינעם פּדיון, די קאָסטן פון אַ צוויי פּעסער לעדער... נו, מילא, גאָר מיט געזונט. ס'איז דאָך אונדזער קינד. און אין נאָך אַ ביסל צייט, וועט מען געזונטערהייט טאַנצן אויף אַ חתונה..."

צירל האָט געווישט די טרערן וואָס זענען אַנגעלאָפן אין אירע אויגן פון שותפותדיקער פרייד: דערלעבט ברוך השם. וואָס קאָן זי נאָך מער פאַרלאַנגען...

מלכה די כלה, איז געווען גאָר איבערגליקלעך. זינט ס'האָט זיך אויסגעהיילט די „מכה" און די שטוב איז געוואָרן צוריק באַפרייט, אויס־געלייזט פון דער ביעדאַ, איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אין ליכטיקן חלום. זי האָט פאַר די אויגן נאָכאַנאַנד געזען זיינוולען, זיין איידל געזיכט, זיין שיינעם געשטעל. זי האָט נאָך אַלץ געדענקט פון דעמאָלט אויף דער נאַכט, ווען ער איז געזעסן ביי זיי אין שטוב אויף דעם „זעעכץ". אירע אויגן האָבן זיך געטונקן אין אים. געהאַט אַ גלוסטונג אים אַרומצונעמען, הילן זיך אין אים, זאָגן אים גוטע באַרואיקנדיקע ווערטער. דאָס געפיל ביי איר איז געווען אַזאַ נאָענטס, געטריי ווי זי וואָלט געווען מיט אים שוין געבונדן אין מאַן־און־ווייבישן בונד; געשיקט די ליבשאַפט פון איר האַרץ צו אים, ער האָט עס זיכער אָפּגעפילט, אויפגענומען. וואָרעם זי האָט דאָס געמערקט אין זיין פאַרוווּנדערטן בליק אויף איר, וואָס ער האָט פון מאָל צו מאָל אויפגעהויבן, זי אַנגעקוקט ווי ער וואָלט זיך אַלץ געוווּנדערט: דאָס איז מלכה? זי איז דאָך אַזוי שיין געוואָרן. אויפגעוואַקסן ווי אַ יונגע רייפע פרוי (זי האָט אויך געזען און געפילט ווי ער קוקט אויף איר פיין אויסגערונדיקטן בוזעם). גאָרנישט די זעלבע פון אַמאָל. זי אַליין האָט אויך אויף אים אַזוי חידושדיק זיך פאַרקוקט: אויף זיין שיין יינגלשער געוואַקסנקייט, באַחנטקייט. געדענקט, אַז פון דער ערשטער מינוט ווי מ'האָט אַנגעהויבן רעדן דעם שידוך, איז ער איר אַריין אין האַרצן. געפילט צו אים אַ ליבע צוציאונג; אויפגעהעלט אין איר אַ ליכטיק פלעמל, נישט מער צום פאַרלעשן. נישט אַרויסגעלאָזט אים פון געדאַנק. איצט איז עס שוין אַ ווירקלעכקייט וואָס וועט צופירן בקרוב צו אַ געמיינ־זאַמען צוזאַמענלעבן.

...יאָ, זי האָפט, זי וועט אים אָפּדינען זיינוולען מיט אַלעם גוטן: מיט

אַ פיין איינגעאָרדנטע היים, מיט ליבשאַפט, מיט קינדערלעך. ס'וועט זיין ביי זיי אַ פריילעך הויז, אַ פריילעכער טיש.

מלכה האָט געציילט די וואָכן און טעג. געטראַכט, געחלומט, זיך צוגעהערט, וועגן דעם גרייטן זיך אין שטוב צו אַ חתונה. און זיין וועט עס אַ גרויסע שמחה. נישט עפעס גלאַט אַזוי, אַבי אָפּגעפּלעסקעט... און זיין וועט עס אין אַ ווינטער־נאַכט מיט אַ סך ליכט און מוזיק. די מיידן, אירע חברטעס, וועלן טאַנצן, האָפּקען, און אין האַרצן זי מקנא זיין. און אַליין וועט זי זיך פרייען, אוי ווי פרייען! — געדענקען עס אויפן גאַנצן לעבן (זי געדענקט ווי אין די „קטב־מרירי" טעג, האָט זי זיך געשראָקן, זי זאָל נאָר חלילה נישט זיין פאַרשפּילט, פאַרשעמט). גאָט איז אַ גוטער. האָט אויף איר רחמנות געהאַט, זיך צו איר צוגעהערט. איר אַרויסגעהאָלפן.

היינט איז שוין אַלץ אָפּ און ליכטיק.

מלכה האָט מיט דער האָפענונג געלעבט. געוואַכט, געחלומט. געוואַרט אויפן גליקלעכן טאָג.

און אָט האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע צרה, וואָס מ'האָט זיך אויף איר גאָרנישט געריכט און געדראָט ווידער חלילה אַלץ צונישט מאַכן, צעשטערן, אויסלעשן יעדעס ביסל ליכט, האָפענונג: די גזירה.

## די גזירה

דעם יידישן לעבן איז נישט אויפגעלייגט לאַנג צו האָבן מנוחה. נאָך אַ יעדן ביסל פרייד, קומט באַלד נאָך דער ביטערער טראָפּן, דער קרעכץ. די טרער.

נישט לאַנג נאָך דעם ווי מ'האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט, אַריין אין רואיקן געמיט, אָנגעהויבן לייכטער אָפּאָטעמען, האָט — ווי דער שטן וואָלט זיך גיך דערמאָנט — איבער דער גאַס זיך אָנגעטראָגן אַ פינצטערער בשורה, וואָס האָט אַריינגעוואָרפן אַלעמען אין שרעק, אַרויסגערופן ציטער־ניש אין די הערצער. אָוועגענומען שוין אין ערשטער מינוט אַ שטיק געזונט: די גזירה פון מאַגיסטראַט־אַמט, איבערצוטראָגן די גאַרבערייען ווייט אונטער דער שטאָט, צום זאַמדבאַרג, אין וויסטן העק. דאָס האָט געמיינט צו זאָגן: אומברענגען די גאַרבער־גאַס; אָפּמעקן דעם אַלטן פון לאַנג־לאַנגע יאָרן איינגעזעסענעם ישוב, אַז אויסגעבויטן דורך יידישע

הענט, וואָס קיינער האָט שוין אַפילו נישט געדענקט זיין אָנשטיין, זיין אַריינוואַקסן אין דאָזיקן שטיק ערד, וואָס האָט פּאַמעלעך זיך איינגעפּונ־דעוועט און געוואָרן אין אַלע צייטן אַ שפּייזערין פאַר אַ האַלבע שטאָט מענטשן.

אין אַן אומגעריכטן פרימאָרגן האָבן די גאַרבער־באַלעבאַטים באַקומען קוויטעס, זיי זאָלן זיך צושטעלן אין אַמט. די הערצער האָבן ביי די יידן גלייך גענומען פּאָכען מיט שרעק. וואָרעם מ'האָט וויל געוווסט, צו קיין גוטס רופט מען נישט, קיינמאָל נישט. צו וואָס יאָ — אָנטאָן צרות. מען איז געגאַנגען. דאָרט האָט מען זיי מודיע געווען, וועגן ליקווידירן די אַרבעטס־פּלעצער אין גאַס, זיך אַריבערטראָגן ווייט אַרויס־שטאָט אין פרעמדער געגנט. דער תירוץ: ס'פאַראומרייניקט די לופט פון שטאָט.

די איינוווינער פון גאַס זענען געוואָרן אויפגעציטערט: וואָס הייסט איבערטראָגן זיך? ס'איז דאָך אַ שטריק אויפן האַלדז! צונעמען דעם ביסן ברויט פון מויל; זיי ווייסן גוט די פאַרהאָרעוועטע מענטשן וואָס דאָס באַטייט, און ס'איז נאָר אַן אויסגעטראַכטער אויסרייד (זיי זענען דאָך כמעט אונטער דער שטאָט), און ס'איז אויך גוט באַקאַנט די גויאישע קנאה, די שנאה אויף זייער שטיקל ברויט, דאָס נישט פאַרגינען זיי ס'לעבן. שוין נישט איינמאָל איז זיי אויסגעקומען צו קעמפן מיט דער מאַכט מיט די פ א נ ע ס פון מאַגיסטראַט, פאַר וועלכע דאָס דורכאויס יידישע „אינזעלע", דאָס פרנסהדיקע, די מיט געזונט באַשענקטע מענטשן — איז זיי אַ דאָרן אין אויג. זוכן מיט אַלע שלעכטע תחבולותן, בייזע עצות אומצובררענגען, פאַרטרייבן, מיטן אויסרייד: נישט היגעניש, נישט שיין פאַר דער שטאָט. און ס'האָט געקאָסט שוין געננוג מי און מאַטער, כוח און געלט אַ יעדעס מאָל אָפּצושרייען דעם גזר־דין.

היינט האָט עס איבער עפּעס אָנגענומען אַ שטרענגערן כאַראַקטער. ס'האָט אויסגעזען, אַז די „שטאָט־פאַרזאָרגערס", האָבן זיך פאַרנומען גאָר אויף אַן ערנסט און מיט לוסטיקן קוראַזש, אַדורכצופירן די זאַך, ערלעדיקן עס איינמאָל פאַר אַלעמאָל. זיי זענען איצט געווען אויך זיכערער ביי זיך, נאָכדעם ווי מ'האָט אויף אַ קינסטלעכן אופן צוגעשפּאַנט אייניקע דאָרפישע „גמינעס" (געמיינדעס) צום שטאָט, כדי אַריינצוברענגען אין שטאָט־ראָט —

ווו ס'איז תמיד געווען דער רוב יידן — אַ מערהייט פון גויים. דאָס האָט געגעבן דעם אַנטיסעמיטישן געזינדל מערער מוט, האָפערדיקייט, זיך אַ נעם צו טאָן ענערגיש צו דער אַרבעט...

נאָכן רופן די באַלעבאַטים און זיי אָנזאָגן די "גוטע בשורה", האָט זיך באַלד באַוויזן אַ קאָמיסיע אין גאַס. געקומען מאַכן אַן אינספּעקציע איבער די הייף. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון ספּעציעל צוגעקליבענע לייט מיטן אַנטיסעמיטישן לאַוויק וורובלעווסקי בראש. אַריינגעקומען איז מען שטייף, טראַציק, מיט פּאַראַויס באַשטימטע בייזע כוונות צו זוכן און צוגעפּינען אומפּאַסיקס, נישט אָפּגעהיטנקייט, „סכנהדיקס"... אַריבער־געטרעטן די שוועל פון הויף, האָט מען מיטן בליק אַרומגענומען דעם באַשטאַנד, אַ בודק געטאָן דאָ און דאָרט. געצויגן מיט די נעז, גלייך אויסגעפונען „חטאים", אומאָרדענונגען, גרייט אָנצושרייבן אין פּאַפּיר דעם פאַרמשפּטן פּראָטאָקאָל: פאַרטרייבן.

אין די קליינע גאַרבערייען איז עס צוגעגאַנגען גאָר לייכט און שנעל, איינס־צוויי; געסמאַרעט מיט דער נאָז, געשמעקט אין דעם און אין יענעם ווינקל. זיך געקרומט. געשריבן אין העפט: נישט אָפּגעהיטן, נישט שטאַנד־האַפטיק, שלעכט פאַר דער שטאָט — אַרויס! אונטערגעחתמעט עטלעכע פון זייערע אייגענע פאַרשוינען. אַוועק צום אַרויסגאַנג. דער אָרעמער גאַרבער אַ צעטומלטער, אַ באַפאַלענער פון שרעק, וועלכער האָט געקוקט אויף די אויסגעפּוצטע גויים וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין זיין אָרעמען וואַרשטאַט ווי מלאכי־חבלה, אומצוברענגען זיין שטוב — איז זיי נאָכ־געלאָפן מיט געשטרעקטע הענט עפּעס צו זאָגן, עפּעס בעטן. אָבער איידער וואָס־ווען, ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוברענגען דאָס וואָרט, זענען זיי שוין נישט געווען. אַנטרינען.

אין די גרעסערע הייף איז עס זיי געגאַנגען נישט אַזוי גרינג, אַ סך שווערער. די אייגנטימערס נישט קיין געפאַלענע, געוווינט צו שיקאַנעס, גויאישער חוצפה, און געוווסט וואָס אונטער זייער בייזער כוונה שטעקט — האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט מוט, זיך אַנטקעגנגעשטעלט. אָנגעוויזן אויף דעם נוצן פון זייער פּראָדוקציע, אויף דעם: אַז זייערע דזשאַדעס און פּראַ־דזשאַדעס, עלטער און עלטערזיידעס, האָבן שוין דאָ געלעבט, געאַרבעט,

פאַרשאַפט פאַר זיך און פאַר אַנדערע מענטשן, פּרנסה, חיונה, אויסהאַלט — און קיינמאָל האָט עס קיינעמען גאָרנישט געשאַדט, קיינער איז דערפון נישט קראַנק געוואָרן, נישט געשטאָרבן. אדרבה, געווען געזונט ווי די ביקעס אַריינגעלעבט אין טיפן עלטער ווי די ביימער־שטאַמען אין טיפער ערד. און אַ דאַנק דער גאַס איז געוואָרן אַ שטאָט ווו מענטשן לעבן, און זיי אַליין די אויסגעפּוצטע הערן, האָבן דערפון זייער ברויט, זייער שפּייז. און אויך: „אַז אין גאַס שטינקט, שמעקט אין שטאָט...״ שמעקט אפילו אין זייערע אייגענע הייזער. און מ׳וועט זיך נישט לאָזן פאַרטרייבן, מעג קומען דער קייסער אַליין... זיי זאָלן דאָס וויסן!

אָפּגערעדט, אָפּגעענטפערט, האָבן די קאָמיסיע־לייט געטאָן ס׳זייעריקע, פאַרשריבן, געחתמעט. און דער גאַרבער זיינס — געגאַנגען צוריק צו דער אַרבעט: ס׳איז נישט הפקר קיין וועלט!

אַ גרויסער און פאַרעקשנטער שטרייט איז פאָרגעקומען ביי מענדל באָומען אין הויף. דאָרט איז זיי די אַמטס־לייט, שוין גאָרנישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. מענדל אַן אַלטער אויסגעפּרוּווטער סאָלדאַט, אָן פּחד, גע־רינגלט פון די זין, ווי אַ הויפּטמאַן מיט זיין לייבוואַך, איז געשטאַנען אין זיין גאַנצער קאַמפּס־גרייטקייט; די קאַפּאָטע צעפּראַלט, די באָרד מיט די צוויי הערנער־שפּיצן אויף פאָרנט, מלא־חימה, זיך נאָר צו וואַרפן אין דער שלאַכט. זיינע גרינע אויגן האָבן געשאָסן מיט פאַספאָר, ווי מיט פיילן. ער האָט גערעדט זיין שווער פויערישן פּויליש, געמישט מיט רוסישע ווערטער, צוגעוווינט נאָך פון פאָנישן דינסט. געוויגט זיינע פאַר־מאַזאָליעטע הענט פאַר זייערע פּנימער. געכריפּעט הייזעריקלעך, געהאַקט ווערטער וואָס האָבן געשפּריצט ווי פונקען געשלאָגן אויף שטיין.

— מיך פּאַנאָוויע, וועט איר נישט אָפּשרעקן. און אַרויסצופירן פון דאַנען קענט איר מיך נאָר אַ טויטן. אַ לעבעדיקן — נישט. אייערע בייזע שטיק קען איך, און נישט פון היינט. ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָב איך מיך שוין אָנגעהערט, פון די צרות וואָס די אַמטס־לייט פאַרשאַפן... די גאַס שטינקט אייך צו, זאָגט איר. אָבער אונדזער געלט שמעקט אייך גוט, האַ? אַי ווי עס שמעקט אייך! איבער זעכציק יאָר

טרעטן מיינע פיס דאָ איבער די דאָזיקע סטעזשקעס, איבער דעם שטיקל ערד: דאָ האָט נאָך מיין פאָטער, מיין זיידע און עלטערזיידע געהויזט, געלעבט, געאַרבעט; געבוירן קינדער, דערצויגן דורות, אַריינגעוואַקסן אין דעם באָדן ווי פעסטע שטאָם־וואָרצלען — קומט איר צו גיין מיט אַ שטיקל פּאַפּיר אין האַנט, און אַלץ איז שוין אויס, אָפּגעמעקט. פּכע! זייט איר טאַקע אַזוי נאַריש און מיינט, מיטן אָנשרייבן אַ קוויטל, פאַרלאָז איך דאָס אָרט, גיי אַרויס פונדאַנען? אַ געלעכטער צו הערן! ביי מיין לעבן נישט! אַ כיבע ווי איך האָב אייך געזאָגט, איר וועט מיך אַרויספירן פון דאַנען אָן אָטעם, מיט צוגעמאַכטע אויגן...

די קאָמיסיע־לייט זענען געשטאַנען פאַרווירט, דערשטוינט, כמעט מבולבל, פון דעם האַרפּאַשנעם האַרטנעקיקן יידס רייד. געקוקט אויף אים ווי אַ שטיק חידוש; האַ, זעטס נאַר, אַ ייד און אַזאַ לאַנגן אָפּגעבליאַקעוועטן קאַפּטן, מיט אַזאַ שווערער באָרד און ווי זיכער ער רעדט, ווי שטאַרק זיין לשון, אַזש אָנצוואַרפן אַ מורא... זיי האָבן זיך דורכגעבליקט מיט די בליקן, וואָס האָבן ווי געזאָגט: ס׳וועט זיין אַ שווער שטיקל אַרבעט מיט דעם פאַרשוין. ער וועט זיך נישט לאָזן.

און מענדל האָט זיך טאַקע נישט געלאָזט. געשלאָגן זיי אין די געזיכ־טער מיט זיינע שווערע רייד ווי געשאָסענער שרויט און געהאַלטן נאָך אין איין אויפּווייזן, פאַרוואַרפן, וואָס זיי שאַנעווען נישט קיין אַרבעטס־מענטש, שאַנעווען נישט זיין האַרעוואַניע, זוכן אים קוויילן, אָנטאָן צרות. אָבער ער וועט זיך נישט לאָזן, ניין. מעג קומען דער קייסער אַליין...

ווראָבלעווסקי, אַ ספּריטנער גוי, אַ תקיף, שוין אומגעדולדיק פון יידס רייד און ווי אויך כדי צו ראַטעווען די לאַגע, זיין פּרעסטיזש, זיך ווייזן פאַר זיינע מענטשן מעכטיק — איז אַרויסגעטרעטן פון געזעמל, אויף פאַרנט, צוגענענט צו מענדלען. אַוועקגעשטעלט זיך פאַר אים אין ברייטער פּאָזע און מיט צינישער רואיקייט, אָנשטעלנדיק זיינע שפּיציקע אייגלעך אויף דעם באַיאָרטן ייד, ווי ער וואָלט מיט די בליקן געוואָלט אים מאַכן דערשרעקן, אָפּשוואַכן, געזאָגט:

פאַניע מענדעל, נישט מיט אַזאַ טאָן, בעט איך. איר רעדט נישט מיט קיין יידן...

ביי מענדלען האָט זיך אָנגעצינדן דאָס פּנים מיט פלאַם, אויפגעפעכערט די נאָזלעכער אין זייער גאַנצער ברייט ווי ביי אַ צעהירזשעט אָנגעיאָגט פערד. געשטרעקט די אויגן אויף דעם תקיפדיקן מיעשטשאַנין, מיט אַזאַ בליק, ווי אים גלייך וואַרפן צו דער ערד. זיין קול אַ טיפּס, אַ צעברילטס האָט גערופן:

— וואָס פאַרא רייד איז דאָס עפּעס? וואָס מישט מען דאָ אַריין יידן? מען איז געקומען זיך מיט מיר אָפּרעכענען אַלס ייד, יאָ? אויב אַזוי קאָן איך אייך זאָגן, מיר זענען עלטער פון אייך מיט טויזנטער יאָרן... מיט מער פאַרגאַנגנהייט און דורכגעליטנס און מיט מער יושר און אייגזען פאַר אַנדערע ליידנדיקע — און מענדל האָט איבער עפּעס אָנגעהאַנגען די אויגן אויפן דאָקטאָר גאַלינסקי, ווי ער וואָלט פון אים וואָס דערוואַרט צו הערן.

גאַלינסקי אַ פּראַנטיש אויסגעפּוצטער קריסט, מיט שטייף פאַרשפּיצטע וואָנטעס, פּריציש, וועלכער איז זייער אָנגענומען געווען אין שטאָט, אויך ביי יידן, קומט אין יידישע הייזער צו קראַנקע — ער דער דאָקטאָר האָט געזען, ס׳פאַרקאָכט זיך אַ קאַשע; דער לאַווניק איז צו ווייט פאַרפאָרן, און געזוכט פאַריכטן, איינשטילן. אָפּגלעטנדיק די בלאָנדע געפלעגטע וואָנ־סע־שפּיצן, האָט ער געזאָגט צום בעל־הבית איידל און ווייך:

— פּאַניע באָום, נישט מיט קיין כעס. צוואָס טויג עס. דאָ גייט נישט אין קיין פּערזענלעכע זאַכן, נאָר אין אַלגעמיינעם גוטס, דאָס גוטע פאַר דער שטאָט. דאָס ווויל און געזונט פאַר דער באַפעלקערונג...

— וואָס גייט מען מיר דערציילן, שאַנאָווני פּאַניע דאָקטאָרזשע, פון אַ ווויל און געזונט — האָט מענדל זיך געהיצט, נישט קענענדיק זיך איינ־האַלטן אַפילו פאַרן געערטן דאָקטאָר און אים איבערגעריסן — ווען ס׳איז געווען דאָס אומגליק מיט דער ביטערער קראַנקייט, מיט דער טיפוס־עפּי־דעמיע און אין שטאָט זענען די מענטשן אַריינגעפאַלן איינער נאָכן אַנדערן אין שלאַפקייט, און פיל פון זיי זענען מער נישט אויפגעשטאַנען — האָט אונדזער גאַס, אַ דאַנק גאָט, אויסגעהאַלטן בעסער פון אומעטום. כמעט קיין קרבן נישט געווען. איר פּאַניע דאָקטאָר, ווייסט עס גוט. כ׳זאָג ליגנט, אָדער אמת?

— פראַוודאַ, אמת — האָט דאָקטאָר גאַלינסקי שטיל מודה געווען.

— און יאָ, נאָך עפּעס: אין יענע שלעכטע יאָרן, אין קריזיס־צייט, ווען די שטאָט האָט געהונגערט, ווער האָט געשטיצט די מענטשן, אויב נישט די גאַרבער־גאַס. און דאָס נישט בלויז דער שטאָט. פרעגטס ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלן זיי אייך זאָגן וואָס די גאַס איז פאַר זיי — אַן אייגענע האַנט. אַ שטיק לעבן...

— פּראַוודאַ, דאָס איז אויך אמת — האָט זיך אָנגעטראָגן אַ צושטי־מענדיק קול פון עטוואָס אין ווייטן, און דאָס געקומען פון עמיל גאַצפּאַר, ד'ער מאַגיסטראַט־שרייבער, וועלכער קומט מיט דער גאַנצער שטאָט אין קאָנטאַקט גאַצפּאַר אַ יונגער עלעגאַנטער גוי פון דייטשער אָפּשטאַמונג, אַ היימיש באַקאַנטער צו יידישע שטיבער, ווּהין ער קומט צוליב פאַרשי־דענע מאַגיסטראַט־ענינים, צומאָל אויך אַ שמייכל טאָן צו די יידישע טעכ־טער, און וואָס טראָגט אַ באַהאַלטענע שנאה צום לאַווניק — ער האָט דאָס מיט כוונה געלאָזט הערן. ער האָט אויך אַזוי אינדערשטיל מיט פריינטלעכע אויגן געקוקט צום בעל־הבית, אים ווי אונטערגעווונקן, אונטערגעמוטיקט, ער זאָל זיך נישט לאָזן, נישט מורא האָבן פאַר דעם ביטערן מענטש, דעם כיטרען לאַווניק.

ווּרובלעווסקי בייז, צערייצט, האָט נישט געקענט מער פאַרליידן די שטייפקייט פון דעם עלטערן ייד, און אויך נישט דאָס שוואַך ווערן פון זיינע מענטשן, מיט זייער צושטימען. ער האָט מיט בייזן ברום זיך אַ קער געטאָן צו גאַצפּאַרן. אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ קרומען בליק, פון אויבן ביז אַראָפּ, פאַר זיין צופּאַטאָקעווען, גוט־זאָגן. אָפּערגענומען פון אונטערן אָרעם די לעדערנע טעקע, אָנגעהויבן דאָרט שאַרן, זוכן, שלעפּן פּאַפּירן. געברומט, זיך געבייזערט. געדראָט ווידער אַמאָל מענדלען: ער זאָל ליבערש נאָכגעבן מיטן גוטן. דאָס עקשנות וועט אים טייער קאָסטן.

— מיטן בייזן וועט איר פאַניע מענדעל, גאָרנישט אויפטאָן. אַ סך ערגער מאַכן, זאָג איך.

מענדל אויפגעפלאַמט שוין אין העלישן פייער, אַ געקרענקטער, האָט זיך אַ רוק געגעבן אויף דעם ווּרובלעווסקין ווי אַ שווערער וואַלקן. געשאָסן מיט פינקלדיקן בליץ פון די גרינע אָפּלען, אַז דער גוי האָט זיך אַזש

דערשראָקן, אָפּגערוקט זיך הינטערוויילעכס.

— וואָס סטראַשעט מען מיך. איך בין שוין אַן אויסגעסטראַשעטער. איך האָב מיינעציין דאָ אויפגעגעסן. מיין מאַרך, מיינע כוחות דאָ אַוועק־געלייגט. און קיין פרעמדער פוס וועט מיין הויז נישט איבערטרעטן. דאָס איז נאָר פאַר מיר, פאַר מיינע קינדער. פאַר מיינע אייניקלעך — אונדזער הייליקע ירושה!

און אויפהויקערנדיק די פּלייצע, אַנווייזנדיק אויף איר, האָט מענדל צוגעגעבן:

— אָט, זעטס די פּלייצע, זי האָט שוין כמעט אַ האָרב אויף זיך פון די שלעק און צרות וואָס איז מיר אויסגעקומען איבערצוטראָגן און אַלץ פון בייזע און שלעכטע מענטשן וואָס פאַרגינען נישט יענעם דאָס לעבן. מיר וועלן דעם קלאַפּ אויך אויסהאַלטן, און נישט נאָכגעבן!

ס׳איז געוואָרן שטיל. די קאָמיסיע־מענטשן האָבן אויפן אויער זיך עפּעס איבערגעשושקעט, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אַן עצה. און צום סוף ווי זיי וואָלטן ענדלעך איינגעזען, מע וועט מיט דעם ייד גאָרנישט אויפטאָן, ער וועט זיך נישט לאָזן בייגן, לאָזט אפילו נישט קומען צום וואָרט, האָט וורובלעווסקי, אַן אָרומגעכאַפּטער מיט ביטערן כעס, פאַרשליידערט די טעקע צוריק אונטערן אָרעם, אָרוף געטאָן מיט בייזן קול צו די איבעריקע, זיינע לייט:

— קומט פּאַנאָוויע. מיר וועלן שוין אַליין באַשטימען וואָס מיר האָבן צו טאָן. קומט!

מענדל האָט נאָכגעקוקט זייער אָפּגיין. געקוקט מיט ווייטיקע אויגן. אין האַרץ האָט געטריפט דאָס בלוט. נאָכגעשיקט אין דער שטיל, ביטערע קללות אויף זייערע קעפּ און מער פון אַלע אויף דעם אַנטיסעמיטיש גיפטיקן וורובלעווסקין.

— אויסגעראָטן זאָל ער ווערן דער שונא־ישראל. זיינע הענט און פיס זאָלן אים ווערן אָפּגענומען. נישט דערלעבן מער דאָ אַריינצוקומען.

לאַנג האָט מענדל נישט געקענט צו זיך קומען, נאָך דער געשיכטע. געבראָדזשעט איבער די הויף־שטעגן אַהין־און צוריק, אָן ציל. שווער

געצאַפּעט. דערנאָך אַריינגעקומען אין שטוב, געוואָלט אָפּרוען. אָבער אויך דאָ נישט געפונען די רו. ס'האָט אים געטריבן, אונטערגעהויבן, פאַר דער גרויסער עוולה, פאַר דער רשעות פון די מאַכטהאָבער. זיך גענומען דרייען איבערן צימער, וויענדיק אין זיך ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה; געצערנט אויף די גויים, אויף די מאַגיסטראַט־מענטשן, די פּויליאַקעס, ליידיקגייערס, וואָס טוען ב'גאַנצן טאָג גאָרנישט, ווייסן נאָר צו שלעפּן געלט פון דער באַפעל־קערונג, פרעסן, און זויפן, פון פרעמדער פראַצע; פייניקן נאָך צו, לאָזן נישט לעבן. אָבער אַזוי לאַנג קרענקן זיי, ווי ער וועט זיי נאָכגעבן, אַרויס־גיין פון דאַנען. שוין גרעסערע גיבורים זענען געפאַלן פון גאָטס האַנט. ביי אים זענען נישטאָ קיין שטאַרקע, קיין תקיפים. ער וועט זיך מיט זיי אַן עצה געבן. מאַכן זיי פאַלן צו דער ערד....

ער האָט אָפּגעהאַלטן דעם טריט, ווען ס'האָט זיך צו אים דערטראָגן פּלוצעם אַ געוויין, געקומען פון קיך: צירלס געוויין. זי צירל האָט פריער נאָך, ווען יענע לייט זענען געווען אין הויף, געלאָזט פאַלן געגנוג טרערן. זיי דערשטיקט אין זיך ערשט ביים מאַנס אַריינקומען. ער זאָל נישט זען, אים נישט נאָך מער מצער זיין. זי האָט אָבער נישט געקאָנט זיי אין זיך דערהאַלטן. אויסגעבראָכן אויפן קול. מענדל האָט אַ מינוט זיך איינגעהערט, און אַן אַנגעביטערטער אויפן האַרצן, זיך אויך פון דעם אָנגעצינדן, אַרויס אין כעסדיקן געשריי:

— וואָס באַוויינסטו מיך דאָרט. כ'בין נאָך נישט געשטאָרבן. כ'לעבנאָך.

צירל האָט נישט אָפּגעענטפערט, ווי זי ענטפערט קיינמאָל נישט אָפּ. געוווּסט וואָס אין זיין האַרץ טוט זיך. דאָס שרייט פון אים דער ווייטיק, די מורא פאַר זיין הויז. אָפּגעווישט מיטן פאַרטעך די טרערן. צוגעלאָזט זיך צו דער קיך, צושטעלן פאַרן מאַן דעם טיי. מיטן אויפזידן פון קעסעלע וואָס ס'געזשום האָט געגרייכט צו מענדלס אויערן, האָט ער ווי אויפ־געוואַכט. געוואָרן באַרואיקטער.

ער איז אַריינגעגאַנגען אין קיכצימער. צוגעקומען צום ווייב. אַרויפ־געלייגט די האַנט אויף איר אַקסל, און מיט אַ ווייך איבערבעטנדיקער צערטלעכער שטים, ווי ער וואָלט געוואָלט לינדערן איר ווייטיק, אַראָפּ־שליידערן אַלע שטיינער פון איר, פון זיך, ס'זאָל ווערן גרינגער, געזאָגט:

— פאַרשטייסט צירל, זיי ווילן די יידן זאָלן פאַרקויפן די הייזער, מיט די פלעצער, זיי זאָלן זיך אָנפרעסן מיט אונדזער גוטס, מיט אונדזער האַרעוואַניע, מאַכן דאָ אַ גויאישע גאַס. נישט דערלעבן וועלן זיי עס!

צירל האָט אויסגעווישט די אויגנדעקלעך אויף טרוקן, און מיט אַזאַ זעלבע באַהאַרצטקייט, געזאָגט צו אים, דעם מאַן:

— מענדל קרוין, ס'איז שוין מער ווי איינמאָל איבער אונדזערע קעפּ געהאָנגען די שווערד, און מיר זענען דאַנקן גאָט, פון איר ניצול געוואָרן. מיר וועלן דאָס אויך איבערקומען, זוכה זיין אַ הילף. לאָמיר האָפן צו דעם אין הימל. זיך נישט נעמען צום האַרצן. מיר זענען נישט אַליין. ס'איז אַ קהל־זאַך. סע וועט אפשר אויסגיין צו געלט. מילא, זאָל זיין פאַר אַן אָפּלייזער... אפשר איז עפּעס ערגערס איבער אונדז געהאָנגען, זאָל מען זיין מיט דעם אָפּגעקומען... — און צירל איז ווי אַלעמאָל געווען, די געטרייע טרייסטערין, די איינרואיקערין.

— האָסט רעכט מיין ווייב. ביסט כשר גערעכט. מ'וועט זיי איבערלעבן, נו גענוג דערמיט. פאַרגעסן. אינגאַנצן פאַרגעסן. האָסט טיי? גוט. לאָמען אַריינרופן די קינדער, זאָלן זיי טרינקען: ס'איז גאַרנישט געשען. הערסט צירל — ס'איז גאַרנישט געשען!

און מענדל אַ דערמוטיקטער, האָט זיך צוגעלאָזט צום טיש, גרייט צו זיין באַליבטן נאָכמיטאָג־טיי. אַלץ פון זיך אָפּגעשאָרט: ס'איז גאַרנישט געשען — —

## קאַפּיטל פערצן
# רשעות פון דער מאַכט

דער דרוק פון דער מאַכט איז דאַסמאָל געקומען אין אַ שאַרפער פאָרם און מיט רשעותדיקער להכעיס, וואָס האָט נישט אָנגעזאָגט קיין שום גוטס. די גאַרבער־גאַס אָנגעשראָקן פון דער סכנה, האָט זיך אַ הויב געטאָן פון איר רו, אויפגעהויבן אַ געוואַלד: יידן ראַטעוועטס! אַלץ פערזענלעכס איז געוואָרן אָפּגערוקט אין זייט, אָוועקגעלייגט אין ווינקל אויף אַן אַנדערשמאָל. דאָס ציבורדיקע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן; צו־זאַמענגעקנופּט די עדה אין איין גוף, אין איין זעל, אין איין שטאַרקן

רצון: אָפּצושרייען די גזירה. ווארעם דאָס מאָל האָט מען אויף אַן אמת זייער מורא געהאַט. אַנגעהעצט אויף די יידן מיט שנאה און בייזער עקשנות, פון ירושהדיקן, אַלט-פּוילישן „מיעשטשאַנסקין" בלוט, און צוגעמוטיקט הייַנט פון דער נאָענטער נאַצישער גיפט-צישענדיקער שכנה דייטשלאַנד, וועלכע האָט זיך פאַרנומען אויפן יידישן פאָלק מיט האַס און אויסראָטונג — האָבן די היגע שונאים זיך געקליבן אַדורכפירן דעם בייז-פאַרטראַכטן פּלאַן, ווי אַ סך אַנדערע לאַנדס-גזירות און נגישות — מיט דער גאַנצער האַרב-קייט, האַרטנעקיקייט, אָן שום ריקזיכט.

דאָס האָט די יידן אין גאַרבער-ישוב זייער אָפּגעשראָקן.

אין גאַרבער-שילעכל האָט מען אין די טעג געדאַוונט הייסער און לענגער. נאָך די תפילות, געזאָגט קאַפּיטלעך תהילים, די ספּעציעל צוגעקליבענע פּסוקים וואָס טראָגן אַ געשריי צום הימל אויף הילף: הצילנו מאובי אלוהי, ממתקוממי תשגבני — — ומאנשי דמים הושיעני... גאָט זיי אונדז מציל פון די פיינט, פון די וואָס שטייען אָן אויף אונדז, זאָלסטו אונדז שיצן און פון בלוטיקע לייט, ארויסהעלפן... אויך אין אַנדערע מנינים, האָט מען צוגעגעבן תפילות נאָך שחרית, און ביי מנחה; געבעטן צום באַשעפער, ער זאָל רחמנות האָבן, אַרויסהעלפן די אין נויט אַריינ-געפאַלענע גאַרבער-יידן. אין יידישע הייזער האָט מען אָן אויפהער דער-וועגן גערעדט, זיך מצער געווען. געבעטן אויף אַ גיכע ישועה. מאַמעס האָבן געקרעכצט. טאַטעס שטיל געזיפצט. ס'איז געוואָרן אַלעמענס צרה.

אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, האָבן די גאַרבער-באַלעבאַטים זיך גע-זאַמלט אין זייער ח ב ר ה אויף באַראַטונגען. אַריינגעטאָן די קעפּ, די מוחות, איינעם ענין. געטראַכט עצות. אַריינגעטראָגן פאָרשלאָגן. געקומען צום אויספיר: די גאַנצע שטאָט יידן מוזן העלפן, זיך אַריינמישן, אויפהייבן אַ געשריי, רייסן קברים...

איז מען געלאָפן צו די דאָזיגע, צו ראשי-הקהל'ס, צום רב, צו די שתדלנים, גערופן: טוטס עפּעס, העלפטס, ראַטעוועטס אַרויס!

די מהומה האָט זיך נאָך מער פאַרגרעסערט, מיטן אַנטראָגן זיך פון קלאַנגען, אַז אַ טייל פון די גאַרבערס, די גרויסע, מיט בריוּוחדיקע הייף, וועלן קענען פאַרבלייבן — ווייל ס'איז דאָ ביי זיי גענוג פּלאַץ אויף איינ-

פירן נייע איינריכטונגען, בעסערע היגעניש באדינגונגען. די קליינע וועלן מוזן פארלאזן ס׳ארט, אפגערייניקט ווערן.

דאס האט ארייגעבערענגט א נייע בהלה אין די קלענערע גארבערייען. א גרויסע שרעק און צעטומלונג איז באפאלן יענע טאטעס. זיי זענען געווארן פארביטערט: דאס וויל מען, זיי זאלן זיין דער קרבן, דער אפלייזער! ניין, זיי וועלן זיך נישט לאזן, נישט אונטערגעבן. געדראט בציבור: אויב דאס וועט געשען, מ׳וועט זיי לאזן אויף הפקר, וועלן זיי זיך א מעשה אנטאן, פאר אלעמענס אויגן: אוועקלייגן זיך פאר די שוועלן פון זייערע הייזער, און דארט אויסגיין — זאל די וועלט זען!

אין די דאזיקע ארעמע היימען האבן מאמעס געוויינט. געזען דאס אומגליק פאר די אויגן. ס׳איז זיי געפאלן אלץ פון די הענט. גענומען קארגן די מאלצייטן באצייטנס, געווארט מיט ציטערניש אויפן שרעקלעכן טאג.

אזא אומרואיק באטריבטער זארג, איז אויך באפאלן מיכאל סקורניקס שטוב. מיכאל האט זייער מורא געהאט פאר זיין קליינעם הויף ווו ס׳איז געווען ענג, בצמצום, קוים זיך אויסצודרייען. און כאטש ער וואלט אין א נויט, געהאט אן אנלען אין דער היים, ביי די פארמעגלעכע עלטערן, האט ער זייער נישט געוואלט דערצו אנקומען. ליב איז אים געווען זיינע שטילע באשרענקטע ד׳ אמות. רואיק מיט זיין באשיידענעם מעמד, כמעט צופרידן. געהאפט אויף נאך בעסערע טעג. אויף גוטע יארן — נאר אין זיין אייגן שטיקל ווינקל, און פון זיינע אייגענע הענט געבערענגט.

הײַנט אין די גזירה־טעג, האט ער פארלוירן די רו. מורא געהאט, זיין קליינע גארבעריי זאל נישט זיין צווישן די ערשטע, צו ווערן געפסלט. איז וואס וועט ער דעמאלט טאן? ער האט א סך אריינגעטראכט אין דעם, ווי אזוי זיך ארויסצוהעלפן, ער זאל פון זיין פיצל נחלה נישט פארטריבן ווערן. ער האט געוווסט, אז מען דארף אין אזא פאל אנקומען צו וועמענס הילף. געוווסט אויך: אין דער קאמיסיע געפינט זיך דער מאגיסטראט־שרייבער עמיל גאצפאר, א גוטער באקאנטער אין גיטלס היים, ווו ער פלעגט אריינקומען עפטערס. געווען אויסגעבונדן מיט אלע אין שטוב און אויך מיט גיטלען. דאס האט מיכאלן געברענגט צום טראכטן, מען

דארף אין דער ריכטונג עפּעס אָנהייבן טאָן.

אין אַ פאַרנאַכט, נאָך אַ שווער איבערגעלעבטן טאָג, מיט שלעכטע קלאַנגען, איינהערענישן, ווען ער, מיכאל איז געווען באַזונדערס באַטריבט און זי גיטל האָט אים געריכט צום הארץ, געזוכט באַרואיקן, האָט ער דעם געדאַנק פאַרגעברענגט פאַר איר. געזאָגט:

— אפשר גיטל... אפשר וואָלט געווען גלייך, מען זאָל זיך אָנטשעפּען אין דעם גאַצפּאַרן. דו וואָלסט אַהינגעגאַנגען צו אים בעטן אַ טובה. ער איז דאָך ענקערס אַ גאַרער באַקאַנטער. קאָן זיין, ער וועט מיט עפּעס קאָנען אַרויסהעלפן. וואָס זאָגסטו?

— צו גאַצפּערן? ווי פאַלסטו אויס! — איז גיטל ווי געפּלעפט געוואָרן פון דעם פאַרשלאָג. געקוקט צום מאַן מיט עטוואָס דערשטוינטע אויגן.

— פאַרוואָס איז דאָס ביי דיר אַזוי מאָדנע? ער פלעגט דאָך קומען צו ענק אין שטוב, טאָן אפילו פאַר ענק געפעליקייטן.

— ווייסיך... אַמאָל געווען... — האָט זי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט געוואָלט דערפון אָפּהאַקן, אויפהערן רעדן.

— ווילסט נישט אַהינגיין, זאָגסטו? — און נישט באַקומענדיק פון איר קיין ענטפער, איז ער אויך פאַרשוויגן געוואָרן.

גיטל האָט געהאַט איר סיבה, מיט דעם נישט וועלן אַ הינגיין, אויספירן די שליחות. דער גאַצפּאַר האָט פון זיינע נאָך יונגע יאָרן געהאַט אַ שוואַכקייט צו איר, ווי צו אַ שיין יידיש מיידל. געקומען אין זייער הויז, גרייט צו דינען מיט אַלעם, טאָן יעדער טובה. זיין ציל איז געווען צו געווינען זי גיטלען, זי נאָענט מאַכן צו זיך. זי האָט דאָס געוווּסט.

אין אָנהויב אַלס יונגער בחור, ווען דער גאַצפּאַר האָט נאָך געפירט אין זיין היים דעם מעכאַניקעריי־וואַרשטאַט, פאַריכט פאַרשידענע שלאָ־סעריי־זאַכן, מאַשינען, איז ער געקומען אין דער שטוב פון גיטלס עלטערן, פאַריכטן די ניי־מאַשינען אויף וועלכער אירע שוועסטערן, די יינגערע פון איר, האָבן געאַרבעט. עמיל אַ הויכער שיינער ברונעט, מיט פיינער האַלטונג, וואָס האָט גערעדט פּויליש, דייטש, יידיש, זיך „געסטאַוויעט" פאַר די מיידלעך, גערופן זיי היימיש ביי די נעמען, האָט באַזונדערס געוואָרפן פאַרליבטע בליקן אויף איר, גיטלען דער עלסטער טאָכטער. ליב

געשמייכלט צו איר און אין דער שטיל געלאָזט פאַלן ווערטער: אַז פאַר איר גיטלען וואָלט ער אַלץ געטאָן. איבערגעגאַנגען אַפילו צום יידישן גלויבן, נאָר מ׳זאָל אים צו זאָגן, מ׳וועט זי אים געבן פאַר אַ ווייב. גיטל האָט דערפון געלאַכט. צומאָל זיך געוויצלט: קודם ווער אַ ייד. דערנאָך וועט מען שוין זען...

שפּעטער ווען ער איז שוין אַ מער דערוואַקסענער, אַ צוגעלערנטער, אַריין אין מאַגיסטראַט אַלס שרייבער — אַן עלעגאַנטער פאַרשוין, מיט קליינע געפּוצטע וואָנסעלעך, ווייסן קראַגן, געפּאַסטן אַמטס־מונדיר, איז ער, גאַצפּאַר אויך געקומען צו זיי אין שטוב: דאָסמאָל מיט קוויטעס וועגן, „פּאַדאַטקעס" (שטייערן) און אַנדערע שטאָטישע ענינים. ער איז ווי געוויינטלעך זיך פאַרזעסן אין שמועס מיט זיי, גערעדט, געלאַכט. איצט מער קאַרעקטער, סטאַטעטשנער. אָפּדערציילט מעשיות פון שטאָט און ביי יעדער געלעגנהייט אַריינגעוואָרפן אַ קאָמפּלימענט פאַר גיטלען. געזאָגט, ער וואָלט באמת גרייט געווען ווערן אַ ייד, אויב זי וואָלט אים נאָר צוגעזאָגט ערנסט, מיט אים חתונה האָבן. מ׳האָט זיך אָנגעלאַכט. אָפּטמאָל דאַנקבאַר געווען דעם יונגן העפלעכן קאַוואַליער, פאַר זיין פאַרווילן און מער נאָך פאַר די פאַרלייכטערונגען וואָס ער האָט געטאָן פאַר דער שטוב. און ער עמיל פון זיין זייט, האָט געזוכט ווערן אַלץ נענטער צו דער פאַמיליע.

גיטל איז געווען אַ שיינע בחורה, באַשענקט מיט חן, מיט סאָלידקייט, איינע פון די גאָר געראָטענע און אַנשטענדיקע פריילינס, וואָס גייען זייער גלייכן וועג, קוקן נישט אויס אויף קרומע זאַכן. זי האָט עמילס רייד, אויך ווייניק גענומען אין אַכט. אין איין אויער אַריין, פון צווייטן אַרויס. ער אָבער, האָט זי שטילערהייט און איידל פאַרפאָלגט. געקומען אַלעמאָל אין זייער שטוב מיט אויסריידן, אַ קוק טאָן צו די מאַשינען, צי זיי גייען גוט, אַמאָל מיט קוויטעס, וואָס ר׳האָט געהאָלפן פאַרלייכטערן. אַריינגע־כאַפּט דערווייל אַ ליבלעך גערייד מיט איר גיטלען. זי פאַרבעטן קומען צו אים אַהיים, ווו ער וווינט מיט זיין אַלטער מוטער, אַרויס עטוואָס פון שטאָט, מיט אַשיינעם גאָרטן און זי וועט זיך קאָנען נעמען בלומען, פרוכטן, וויפל זי וועט וועלן. גיטל האָט זיך צו דעם אויך נישט געאיילט.

אַדורכגעלאָזט די גליקן.

איינמאָל איז איר דאָך אויסגעקומען גיין צו זיי אַהין. דער פּאָטער האָט זי געשיקט אויף עפּעס דערלעדיקן אַ נויטיקע זאַך און אויף דער גיך.

גאַצפּאַר דערזעענדיק זי, האָט זיך שטאַרק דערפרייט. זי פאַרגעשטעלט פאַר דער אַלטער מוטער. זי אָפּגעלויבט, אויך איר היים. אויסגעהערט איר פאַרלאַנג, צוגעזאָגט עס גלייך צו טאָן. פון גאַסטפריינדלעכקייט, האָט ער זי מכבד געווען מיט היימיש געטראַנק. דערנאָך זי אַרויסגענומען אין גאָרטן. געוויזן די שיין באַוואַקסענע ביימלעך, בלומען, פרוכטן. געפירט מיט דער האַנט איבערן אַרום: זי קאָן זיך נעמען וואָס זי וויל. צום סוף געמאַכט פאַר איר אַ שיינעם בוקעט בלומען אויף אַהיימצונעמען: „דאָס איז פאַר דיר גוטקע, ספּעציעל פאַר דיר אַ מתנה", האָט ער איר דערלאַנגט, בוקנדיק זיך פאַר איר מיט עלעגאַנטן גויג. גיטל איז געווען זשעניִרט, באַקומען פאַרבן אין פּנים, נישט געוווּסט וואָס טאָן: יאָ נעמען? נישט נעמען? ביז זי האָט זיך דערטראַכט, האָט דער בוקעט זיך שוין געפונען אונטער איר אָרעם און זי אַליין — אין זיינע אָרעמס. גיטל האָט זיך פאַרלוירן, געבעטן, ער זאָל זי אָפּלאָזן: זי וועט זיך צעוויינען. קוים זיך באַפרייט.

ווען זי איז פון דאָרט אַוועקגעגאַנגען, האָט זי אויסגעזוכט אין ערגעץ אַליידיק אָרט הינטער אַ פּלויט. די בלומען צעשאָטן, צעוואָרפן, קיינער זאָל נישט זען: אויס מתנה. אַהיימגעאײלט.

איבערן וועג אַהיים האָט זי זיך ערנסט פאַרטראַכט וועגן דעם ענין. געגעבן זיך ס'וואָרט, מער נישט אַהינגיין צו דעם גאַצפאַרן אין קיין שליחותן, זיך נישט אויסשטעלן אויף קיין אומאַנגענעמלעכקייטן. זי ווייסט, זיינע געפילן צו איר, און מען דאַרף זיי נישט נאָך מער וועקן, רייצן. דאָס איז נישט ערלעך. און זי וויל אויך נישט אַריינשטעקן דעם קאָפּ אין לייבס מויל... צוגעזאָגט מיט הייליקייט, מער עס נישט טאָן, און נישט געטאָן.

סייווי, האָט אויך נישט לאַנג געדויערט, ווי ס'איז צושטאַנד געקומען דער שידוך מיט מיכאלן, וואָס זי האָט מיט צופרידנקייט אויפגענומען און דערמיט זיך געפילט נאָך זיכערער: איצט וועט זי שוין פּטור זיין פון אַ לאַסט, פון אַ צוטשעפּעניש און פון אייגענע אַ ביסל טומלענדיקע

רעיונות. אמת, ס׳פּלעגט טרעפן, גאַצפּאַר איז אויך איצט צומאָל פּאַר־בייגעגאַנגען זייער הויז, זיך אָנגעטראָפן אויף איר, גיטלען. זיך געגריסט צו איר מיט רעספּעקט, העפלעך, געשמייכלט מיט באַהאַלטן שמייכעלע. אָבער זי איז געווען רואיק. געוווסט, ער ווייסט, זי איז אַ כלה און ביי יידן איז עס אַן אָפּגעהיטענע, געהייליקטע זאַך. און סוף־כל־סוף איז ער פון אָרנטלעכן שטאַנד. נישט אויסגעשטעלט אויף לאַבוזעריי. די זאַך האָט זיך איינגערואיקט. זי איז געווען ביז גאָר גליקלעך.

איצט חזרט זיך די געשיכטע איבער. דער מאַן וויל זי שיקן, זי זאָל גיין אַהין צו גאַצפּאַרן, בעטן עפּעס טאָן פּאַר זיי, אויסנוצן זיין באַקאַנט־שאַפט מיט איר, מיט איר היים. אמת, ס׳איז שוין נישט יענע צייט. זי איז היינט אַ פרוי פון אַ מאַן, אַ מאַמע פון קינדער. אָבער די געהיימענישן פון דער מענערישער נשמה, ווייסט קיינער נישט. און דערצו איז ער נאָך אַ קאַוואַליער, וווינט אַליין אין אַ וווינונג און זי ווייסט נישט וואָס פּאַראַ שגעון ס׳קאָן אים איינפאַלן. זי איז מיט חשד און מורא. בעסער עס נישט טאָן. פון נישט גיין, וועט זי זיכער קיין חרטה נישט האָבן.

— ניין, כ׳וועל נישט גיין — האָט גיטל נאָך אַ געוויסע שטילקייט זיך אָפּגערופן אונטערשטרייכנדיק נאָך בולטער איר אינערלעכן באַשלוס.

— פאַרוואָס, זאָג מיר.

— אַז כ׳זאָג דיר, כ׳וויל נישט גיין, דאַרפסטו נישט פרעגן. ס׳פּאַסט נישט אויך.

ער האָט יאָ־פאַרשטאַנען, נישט־פאַרשטאַנען. אָבער אַז די נויט איז גרויס, מען זוכט הילף, פאַרגעסט מען אַ ביסל, מען פאַרזעט, מע פאַרהערט. און ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען. איז ער, נישט ווי זיין ערלעכער טבע, צו איר צוגעשטאַנען, זי זאָל יאָ גיין.

— גיי. וועסט אפשר יאָ עפּעס אויפטאָן. שאַט נישט, ס׳וועט קיינער נישט רעדן. אַלע ווייסן פון דיין אָרנטלעכקייט. און ער אַליין איז אויך אַן אָרנטלעכער מענטש. היינט שוין אַ סטאַלער, דערוואַקסענער און ערנס־טער. ער קוקט נישט אויס אויף נאַרישע פלירטן. ער קאָן טאָן אַ גרויסע טובה. ער קען זיך גוט מיטן דאָקטאָר, מיט די לאַווניקעס. קאָן אויספּועלן, אַרויסקריגן אַ גוטן צעטל פאַר אונדז.

גיטל איז געווען פאַרצאָגט. נישט געוווסט ווי זיך אַרויסצודרייען דער־פון. זי האָט נישט געוואָלט אַרויסברענגען יענע אַלטע מעשיות פון דעם גאַצפּאַרן. נישט פון יענעם טאָג ווען זי איז ביי אים געווען אין שטוב, אין גערטנדל, ווו ער איז צו איר צוגעפאַלן, זי אַרומגענומען, און זי האָט זיך קוים באַפרייט פון אים. זי האָט דאָס נישט געוואָלט פאַרן מויל ברענגען. אָבער אויך נישט געוווסט ווי צו פאַרענטפערן איר אַזוי שטאַרקן אומווילן, פון נישט וועלן גיין צו אים. דערביי נישט געוואָלט אויך דעם מאַן מצער זיין מיטן אָפּזאָגן זיין געבעט, ווויסנדיק ווי ער ליידט. צום סוף גענומען אָנווענדן אַן אַנדערע טאַקטיק, איבערגיין צו מוטיקן אים, אויסרעדן מיט באַרואיקנדיקע רייד:

— נעם דיך נישט אַזוי שטאַרק איבער, מיכאל. ביסט נישט דער איינציקער. און גיין קלאַפּן אין פרעמדע טירן, האָט נישט קיין זינען. און אַ יחיד וועט דאָ גאָרנישט קענען אויפטאָן, זיך אַרויסהעלפן. און וואָס ס'וועט זיין מיט אַלע, וועט זיין מיט אונדז. האַף מיכאל. זיי נישט דער־שלאָגן. איך בעט דיך.

— אַזוי זאָגסטו? אפשר ביסטו טאַקע גערעכט. דיינע ווערטער גייען מיר אַריין אין האַרצן: איינער אַליין וועט מען זיך דאָ טאַקע גאָרנישט קאָנען אַרויסהעלפן. אַלנפאַלס שפּעטער וועל איך אַהיימגיין צום טאַטן איבערעדן, אַדורכשמועסן וועגן דער לאַגע.

— טו אַזוי. אָט דאָס איז גוט. גיי אַהיים, רעד איבער מיטן טאַטן. קאָן זיין ס'איז דאָ עפּעס נייעס. און סע וועט זיכער זיך אויסלאָזן אַלץ צום גוטן. האָף מיכאלשי. איך בעט דיך!

✶

דאָס פאַרזאָרגטע אַריינקומען פון מיכאלן אויפדערנאַכט אין דער היים, צו די עלטערן, זיין אויסגעצויגן פנים, האָט דעם פאָטער גלייך אויסגע־זאָגט דעם זונס געמיט, זיין איבערלעבן. געמאַכט אָנווייען אויף אים גופא אַ באַטריבטקייט. פאַר זיך אַליין האָט מנחם נישט אַזוי מורא געהאַט. קודם, האָט ער אַ גוט איינגעאָרדנטן הויף. צווייטנס, איז ער געווען אַ פרומער מענטש, מיט בטחון, און בכלל נישט געגלייבט, מ'וועט פון הימל צולאָזן אַזאַ שלעכטס, אַזאַ עוולה, אויף אַ ישוב יידן. אָבער אויפן

זון, ווי אַ יונגער מענטש, האָט ער געוווּסט, ליגט עס ווי אַ שווערער באַרג, דריקט. און ער האָט זיך דערמיט זייער איבערגענומען.

מנחם, כדי צו פאַרלייכטערן די שווערע זאָרג, האָט אַלעמאָל אַהינגעשיקט דאָס ווייב, זי זאָל ווי אַ מאַמע, אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך דאָרט ביי זיי די קינדער; צוואַרפן אַ מוטיקונגס־וואָרט. אָבער איטלעך מאָל איז זי אַהיימגעקומען מיטן זעלבן: זיי זענען דערשלאָגן, פאַראומערט. און מער פון אַלע, ער מיכאל. דער פאָטער האָט אויסגעקוקט אויף זיין קומען, ער זאָל אַליין מיט אים אַ ביסל רעדן, קאָנען מוטיקן.

— ביסט געקומען גוט. וועלן מיר אַ טראָפן אַ שמועס טאָן — האָט דער פאָטער גערן אויפגענומען דעם זונס אַריינקומען, ווייזנדיק אים אַפריינטלעכן פנים.

— ס'יאָגט מיך פון שטוב. האָסט געהערט עפּעס נייעס, טאַטע? — האָט מיכאל געוואָלט הערן עפּעס גוטס פון פאָטער.

מנחם האָט זיך אונטערגעהויבן פון טאַפּטשאַן ווו ער האָט גערוט נאָכן אַרבעטס־טאָג. געקוקט אויפן זון, געפאָרשט. געזען זיין אָנגעזיכט איז אומעטיק, טריב.

— דערווייל האָבן מיר גאָרנישט געהערט קיין ספּעציעלעס. אַלץ דאָס זעלבע. מען מורמלט, מען רעדט, וואָס איינער זאָגט עפּעס אַנדערש און אַלע צוזאַמען ווייסן אויפסניי גאָרנישט. אָבער וואָס איז דאָס אַרומגיין אַזוי צוטראָגן. ביסט דאָך נישט דער איינציקער. דאָ נאָך מענטשן באַלעבאַטים אין גאַס. און צווייטנס, ווען מען זאָל מיר אַפילו קלאַפּן מיט אַ האַמער אין קאָפּ, וועל איך נישט גלייבן, אַז דאָס קאָן געשען, מ'זאָל אונדז פון דאַנען פאַרטרייבן — דער פאָטער האָט עס געזאָגט מיט אמת'ר אמונה און פעסטן גלויבן, אָנהאַלטנדיק זיך אין זיין בטחון.

מנחם האָט אויף ריכטיק, נישט צוגעלאָזט צו זיך דאָס גלייבן, אַז מענטשן זאָלן זיין אַזוי אכזריותדיק, און אַזוינס אָפּטאָן. אַליין אַ גאַרבער, פאַרוואָרצלט פון וויפלטן דור, האָט ער נישט געקאָנט אויפנעמען דעם געדאַנק, אַז מען קען בכלל פון דאַנען אַרויסגיין. ס'איז נישט געגאַנגען אין בייטן עפּעס אַן אָרט, אָדער אַפילו מורא האָבן פאַרן פאַרלירן די פּרנסה, נאָר דאָס איז כלל געווען שווער אויפצונעמען; ס'האָט זיך געגליכן

ווי אָפּשניידן אַ שטיק לעבעדיק פלייש פון גוף, אָדער אַרויסרייסן אַ לעבע־דיק קוואַליקן בוים פון געזונטער ערד, דורך עמעצנס אַ בייזן פאַרלאַנג, כדי אים לאָזן אָפּדאַרן... וואָרעם דער גאַרבער איז געווען צוגעבונדן צו דער נחלה, צו דער גאַס, צום הויף, ווי ריכטיק דער געזונטער בוים מיט די פעסטע וואָרצלען אין זיין ערד. לאַנג־לאַנג שוין, פון נישט געדענקטע יאָרן, האָט זיך דאָ געשפּינען דער משפחה־פאָדעם פון טאַטע, זיידע, עלטערזיידע; געווען צוגעבונדן צום שטיקל באָדן מיט הייליקייט, מיט ערנפורכט. איבערגעגעבן עס אין ירושה צום ווייטערדיקן דור, צו די קינדער — און ס'האָט גאָרנישט געקענט זיך אַפילו חלומען, ס'זאָל ווערן אַנדערש — ביז די אויגן וועלן זיך, מיט גאָטס ווילן, צומאַכן, ס'וועט קומען די צייט אָוועקגיין אין דער אייביקייט.

און דעמאָלט וועט גלייך אויף דעם פאָטערס אָרט, שטיין זיין זון. טאָן די זעלבע אַרבעט, די זעלבע מי. און שפּעטער וועט קומען אַן אַנדער קינד און אויך אַזוי טאָן. און אַזוי וועט זיך ציען די קייט אין זיין גאַנג יאָר־נאָך־יאָר, דור נאָך דור — אָבער נאָר אויף דעם אָרט, מיט דעם הויף, מיט דער איינריכטונג, מיט די פעסער, מיט דער הויזנטיר, מיט דער שטוב מיט די פענצטער צום גאַס. און טאָמער וועט ער אַרויספאָרן אויף אַ ביסל צייט אין דער פרעמד, וועט עס אים רייסן צוריק אַהיים מיט אַלע געוואַלדן. און אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון שטוב, וועט ער לאַכן, זיך פרייען: שוין ברוך־השם צוריקגעקומען אין די אייגענע פיר ווענט, גרייט זיין צו פאַלן צו דער שוועל, זי קושן.

דאָס האָט אַ יעדער גאַרבער געפילט אין זיין בלוט. און דאַריבער איז די גזירה אַזוי שווער געפאַלן אויף די קעפּ, און אַזוי שווער געווען אויפצונעמען, זי תופס צו זיין. און דאַריבער האָט מנחם פון זיך געטריבן, נישט געלאָזט זיך צו גלייבן, אַז די שונאים וועלן מנצח זיין, געווינען אין זייער שלעכטס.

— ניין, זיי וועלן נישט אויספירן, בשום אופן נישט! — האָט מנחם אויסגערופן הויך. קאַטעגאָריש, ווי ער וואָלט צוגעגעבן חזקת צו זיינע געדאַנקען, צו זיין אמונה, און אויך פאַרן זון.

— מען זאָגט אָבער דאָך, אַז די קליינע גאַרבערס, וועט מען פאַר־

טרייבן — איז מיכאל געבליבן איינגעשפּאַרט אין זיין גלייבן אין דעם זאָגעכץ פון מענטשן.

מנחם האָט עס אָוועקגעמאַכט. אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט, ווי אָפּגעטריבן:

— ווייסיך, וואָס מען רעדט אַלץ. קליינע... גרויסע... נאַרישקייטן. אַז חלילה פאַרטרייבן, וועט מען אַלע פאַרטרייבן. אַז נישט — קיינעם נישט. מיר וועלן די אָרעמע נישט לאָזן אַרויספירן פון דאַנען, פאַר קיין שום פּרייז אין דער וועלט... און גלאָט איז זיך נישט איינצוהאָרכן וואָס מען פּלאַפּלט. די נערוון רעדן פון די מענטשן, און נישט דער פאַרשטאַנד. מ'וועט זיין אָפּגעקומען מיט דער שרעק, וועסט זען מיין זון. גלייב נאָר אַ ביסעלע מער און האָב בטחון צו אים אין הימל...

— אַז דער טאַטע זאָגט, זאָלסטו גלייבן — האָט די מוטער זיך אַריינגעמישט, זיצנדיק און צוהערנדיק זיך צום שמועס פון פאָטער און זון. זי האָט גרויס רחמנות געהאָט אויפן זון. געוואָלט אים מאַמעדיק באַרואיקן. זי האָט זיך דערמאַנט, זי האָט צוגעשטעלט אין קיך טיי אויפּצוקאָכן. און כדי אַ ביסל פרייער מאַכן די לופט, האָט זי געבעטן זיי זאָלן זיך צוזעצן צום טיש, זי וועט אַריינברענגען טיי מיט נאָך עפּעס ס'האַרץ צו דערכאַפּן.

— זעצט ענק צו צום טיש. כ'וועל אַריינברענגען אַ הייסן טרונק — און זי איז אַוועק אין קיך.

ס'איז געוואָרן אַ ווייל שטיל.

— כהאָב אַפילו געוואָלט, גיטל זאָל אַהינגיין צו דעם גאַצפּאַרן און בעטן, ער זאָל עפּעס טאָן פאַר אונדז, אַרויסהעלפן. ער איז זייערס אַ באַקאַנטער — האָט מיכאל געזאָגט פון פאַרטראַכטונג אַרויס, בהסח־הדעת.

— וואָס ? ווי פאַלט דיר איין אַזעלכעס, צו שיקן דיין ווייב אַהין צו דעם גוי אין שטוב ? חלילה, עס צו טאָן — דער פאָטער האָט זיך אָפּגעטרייסלט ווי פון אַ מיאוסער זאַך. ס'האָט אויסגעזען דער אַלטער אַריענטירט זיך בעסער אין די זאַכן, ווי זיין נאַאיווער זון.

— גיטל האָט טאַקע אָפּגעוואַנדן, נישט געוואָלט גיין. געזאָגט מען דאַרף נישט לויפן — האָט מיכאל אין זיין תמימות דערגאַנצט.

— ווייל זי איז אַ גוטע יידישע טאָכטער, מיט אַן ערלעך יידיש האַרץ — האָט דער פֿאָטער אָפּגעענטפֿערט מיט קענטיקער הנאה און ליב פֿאַר דער שנורס קלוגשאַפֿט.

די מוטער איז צוריקגעקומען מיטן טיי, שיינע געראָוויטלטע פֿאַרעדיקע גלעזער, באַגלייט מיט טעצלעך איינגעמאַכטס, זיסע וויינשל, פֿון וועלכע ס'האָט אַרויסגעשמעקט דער האָניק־זאַפֿט. אָוועקגעשטעלט פֿאַר די מאַנס־לייט. גערופֿן, געמוטיקט:

טרינקטס. טראַכטס שוין נישט אַזויפֿיל אַריין אין זיך, גאָט איז הימל. די וועלט גייט נאָך נישט אונטער. פֿאַרזוכטס, דערכאַפּט ענק די הערצער און פֿאַרגעסט אַ ביסל אין יענע זאַכן.

מיכאל האָט געשעפּט מיטן לעפֿעלע דאָס געדיכטע איינגעמאַכטס, אַריינגעלייגט אין מויל. נאָכגעטרינקען דאָס הייסע געטראַנק, זיך פֿאַס־מאַקעוועט, דערכאַפּט ס'האַרץ. ער איז אין טאַטנס שטוב, געוואָרן ווי תמיד, רואיקער און פֿעסטער. צו זיך געקומען.

— ווּ איז יעקב? — האָט ער געפֿרעגט.

— ער איז געגאַנגען צום מחותן געוואָר ווערן וועגן דער זאַך. ער איז דאָך ראובן־שלום פֿון די אויסגעקליבענע בעלי־בתים, וואָס דאַרפֿן טאָן דאַרין. קאָן זיין ער וועט ברענגען עפּעס נייעס — האָט די מוטער געענטפֿערט.

— וואָס פֿאַראַ נייעס קאָן ער ברענגען?

— ס'קאָן יעדער מינוט זיין נייעס און צום גוטן.

מיכאל האָט זיך איבער־עפּעס דערמאָנט, וועגן דעם שמועס וואָס עליע אברהם לעווקינדס אייניקל, וועלכער קומט צו אים אין שטוב אין חברשאַפֿט מיט זיין טעכטערל ברײַנדל, האָט אָפּדערציילט מכוח זיין זיידן, אַז אויך ער אברהם איז אומרואיק. מיכאל האָט עס אַרויסגעזאָגט אויפֿן הויכן קול:

— עליע, אברהם לעווקינדס אייניקל, איז ביי מיר געוועזן. געזאָגט אַז דער זיידע זיינער איז שטאַרק באַזאָרגט. נעמט זיך זייער איבער, פֿון דער צרה. ער האָט פּשוט מורא. דאַקעגן די באָבע מרים, איז מוטיק, פֿול מיט האָפֿענונג. טרייבט פֿון אים אָפּ די שרעק. זי איז זיכער, אַז ס'וועט דערפֿון מיט גאָטס הילף, גאָרנישט ווערן.

— אַ מוטיקע יידענע, די מרים — האָט אַריינגעוואָרפן מנחם.

— און איך, וואָס? גלייב יאָ? איך זאָג נישט אַלעמאָל דאָסזעלבע. מען דאַרף נישט מורא האָבן — האָט זיך אָנגערופן די באַלעבאָסטע, אָנעמענדיק זיך איר כבוד.

— דו טאָקע אויך — און דער מאָן קוקנדיק ליבלעך איר אין די אויגן, האָט אונטערגעשמייכלט.

— דער עליע האָט מיט מיר אויך גערעדט — האָט מיכאל נאָך אַלץ ממשיך געווען פון געדאַנק, וועגן דעם עליען — ער מיינט, ברײנדלען זאָגט ער, אויף אַן ערנסט, און נישט בלויז אויף שפּאַצירן. ער האָט זי ליב...

— נו? — האָט מנחם אַ רוף געטאָן, ווי שוין מרוצה דערצו.

די מוטער האָט זיך גוטמוטיק פונאַנדערגעלאַכט:

— זיי זענען דאָך נאָך קינדער, וואָס פּאַרדרייען זיי אַ קאָפּ?

— היינט גייט עס אַזוי, מאַמע. ס׳יונגוואַרג האָט זייער וועלט, זייער דעה.

— נו, מילא. כ׳האָב נישט דאַקעגן. ס׳זאָל נאָר נישט זיין בחיפּזדיקע רייד.

ס׳האָט אָפּגעקלאַפּט דאָס עפּענען און פאַרמאַכן זיך די טיר. יעקב איז אַריינגעקומען. דערציילט, מען קומט זיך צוזאַמען ביים רב מאָרגן אויפ־דערנאַכט. ס׳וועלן קומען די אויסגעקליבענע פאַרשטייער פון זייער גאַס, אין וועמענס הענט מ׳האָט אָנפאַרטרויט די זאַך דורכצופירן. אויך ר׳זעליג קאַכמאַן וואָס טוט דאַרינען אין שתדלנות, וועט זיין. ער האָט שוין גערעדט מיט די עלצטע, די וואָס קענען העלפן. ס׳וועט אויסגיין אפשר צו געלט...

— אַ, מיינע רייד. כ׳האָב פריער געזאָגט אַזוי. דער רבונו של עולם וועט אונדז נישט פאַרלאָזן — האָט מנחם געזאָגט געטרייסטער — געלט, נו, מילא, אַ כפּרה! גיי אַ היים, זאָג דאָס אָן, שוין דיין ווייב. זאָל זי הערן!

מיכאלן איז געוואָרן אַ ביסל וואַרעמער, פאַרלייכטערטער אויף דער נשמה. ס׳האָט אים טאַקע געטריבן אַ היים. נישט געלאָזט אים מער איינזיצן. אָנגעקוקט טאַטע־מאַמע, מיט גוטע ליבלעכע אויגן פון אַ געטרייען זון, אויף געטרייע עלטערן. זיך געזעגנט. אַהיימגעגאַנגען.

אַריינגעקומען אין שטוב, האָט ער גלייך אַרויסגעפּלאַצט:

— גיטל, ס׳וועטער האָט זיך געענדערט... געוואָרן אַ ביסל לינדער...

ער האָט גענומען פאַר איר אָפּדערציילן, יעקבס געבערענגטע נייעסן, וואָס גיבן גרויסע האָפענונגען, דעם טאַטנס זיכערקייט, דער מאַמעס טרייסטנדיקע ווערטער, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן בשלום, זיין ווי געווען. און יאָ: זי וועט נישט דאַרפן אַהינגיין צו דעם גאַצפּאַרן, ניין...

גיטל האָט עס אויפגענומען מיט גרויסער דערפרייאונג. זי האָט זיך גאָר בשמחהט וואָס די זאַך בינדט זיך אויף צום גוטן און וואָס זי איז געוואָרן אויסגעלייזט פונעם דאַרפן אָנקומען צו דעם עלעגאַנטן גוי, מיט זיין אַרויסווייזנדיקער איר פאַרערונג און ווער־ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ פאַר־לאַנגען... אָבער דער עיקר, וואָס דעם מאַנס פּנים איז געוואָרן אַ ביסל אויסגעלייטערטער, באַשיינטער, מיט גוטער רו.

— זעסט, כ׳האָב דיר געזאָגט, מען דאַרף זיך נישט איילן... און אויך זיך נישט מאַטערן.

— דער טאַטע האָט געזאָגט, האָסט גוט געטאָן, וואָס ביסט נישט אַהין געגאַנגען...

ער איז צו איר צוגעטראָטן נענטער. אָנגענומען זי פאַרן האַנט. זי צו זיך צוגעבערענגט. אַ וואַרעמען צערטלעכן קוש געטאָן איר אין באַק. אַ ווייל זענען זיי ביידע געשטאַנען שטיל און ליב זיך אָנגעקוקט. אין דעם אַליין איז געלעגן אַ סך האָפענונג, און גרויסע ליבשאַפט.

## קאַפּיטל פופצן
##ביים רב אין בית־דין שטוב

דער רב ר׳ יעקב מייזנערש האָט געוואַרט אויף די פאַרשטייער פון גאַרבער־ישוב. ער האָט אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב היינט פריער, נישט מאַריך געווען. אַ היימגעגאַנגען פון שיל. אַריין אין בית־דין שטוב, אָפּ־וואַרטן די חשובע באַלעבאַטים. ווי זיין שטייגער, נישט אָוועקצוגעבן די מינדסטע צייט אויף ביטול, האָט ער זיך דערווייל צוגעזעצט צום טיש אַריינקוקן אין אַ ספר.

זיצנדיק אין זיין אויסגעבעטן פאָטערשטול, ביי דער אָפענער גמרא, האָבן די אויגן געבלאָנדזשעט איבער די קוואַדראַטנע אותיות, געדיכטע

שורות, נישט געקאָנט צוזאַמענעמען די רעיונות, אַריינטאָן זיך אין לערנען. איטלעך מאָל ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן, געוואָלט אָנהייבן פונסניי, דאָס אינזיך שטיל־ניגונדיקע אונטערברומען ביים זאָגן די ווערטער, האָט דער געדאַנק אים צוריק אַוועקגעפירט און אַלץ צו דעם פיינלעכן ענין פון יענעם אין אומגליק געטראָפענעם ישוב.

דער רב האָט זיך שטאַרק מצער געווען, איבערגענומען מיט דעם טרויער וואָס איז באַפאַלן די דאָרטיקע יידן. יעדע געזעלשאַפטלעכע צרה פון זיין קהילה, יעדער עפנטלעכער פגם, האָט זיך אויף אים געלייגט מיט שווערע משא. און ווייל ער האָט אַזוי באַגערט די רו, מיט זיין גאַנץ נפש זי געזוכט, איז זי פון אים געוואָרן דווקא אַוועקגענומען. אַליין אַ יושב־אוהל, וואָס האָט די דרויסנדיקע וועלט כמעט נישט געקענט, געגאַרט צו דער אינער־לעכער יידישער אייביקייט, צום ספר, צו דער יידישער לערע און דער עיקר, קאָנען זיין דער געזעכטער דיין פון יידישן דין, פון יידישן משפט — האָט יעדע קלייניקייט, יעדע אויסגעקרומטע זאַך, זיך געלייגט אויף זיין געמיט, מיט שווערער זאָרג, מיט דריקעניש.

דער רב ר׳ יעקב, האָט ממש מורא געהאַט פאַר דער דרויסנדיקער גויאישער וועלט, פאַר דער הערשנדיקער מאַכט. נישט געקענט זייער שפּראַך, זייערע מנהגים, זייערע גענג, זייערע אויסטערלישקייטן. מורא געהאַט זיך צוזאַמענטרעפן מיט אַ וועלכן פון זיי, פנים־אל־פנים. ער האָט אויך אַזוי געציטערט פאַר אַ היימיש אינערלעכער מחלוקה, וואָס צעטיילט די מענטשן אויף מחנות, צינדט אָן בייז בלוט, ברענגט אַרויס פון מענטש־לעכער גלייכגעוויכט, פון יידישער מידה. אָבער יידן זענען דאָך יידן, האָט ער געוווסט ווי צו רעדן צו זיי. גערעדט צו זייער האַרץ, צו זייער אמונה, צו זייער יידיש געוויסן — און זיי האָבן אים געפאָלגט. שלום געמאַכט.

ר׳ יעקב מייזנערש, האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אָט דער גרויסער יידישער ישוב אויף דער דאָזיקער פוילישער ערד, אויף וועלכער זיי די יידן זיצן שוין הונדערטער יאָרן; די שטאָט זייערע, וועלכע יידן האָבן זי כמעט אויפגעבויט, און דורך וועלכע ס׳זענען אַדורכגעגאַנגען אַזוי־פיל דורות און אויף ווע מענס כסא־הרבנות ס׳זענען געזעסן אַזעלכע גרויסע רבנים, צדיקים, גדולי־התורה און צווישן זיי אויך זיין אייגענער פאָטער,

דער גאון ר׳ דודל מייזנערש; אַ שטאָט וועלכע יידן האָבן באַשיינט, באַ־קריינט, אַוועקגעשטעלט אַ לעבן, אַריינגעבערענגט פּרנסה, זי געמאַכט באַ־קאַנט אין דער געגנט — פאַרוואָס ווערט מען נאָך אַלץ אַזוי געפּייניקט, געמאַטערט, גערודפט פון די הערשער, פון די מאַכטהאָבער: איין צרה יאָגט די אַנדערע, איין גזירה דער צווייטער. גענוג זיך צו דערמאָנען די יסורים, שרעקענישן, וואָס מ׳האָט געהאַט גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן, ביים אויסלאַז פון דער מלחמה. מען האָט דעמאָלט געמאַכט אַן אַסיפה אין בית־המדרש, ווו ס׳האָט זיך גערעדט וועגן ווײַלן אַ קהילה — און פּלוצלינג האָבן זיך אַריינגעריסן יונגע שקצים, מיליציאָנערן פון דער ניי געשאַפענער מיליץ, מיט ביקסן אין די הענט, געליאַרעמט, געשריען, גע־דראָט זיי וועלן שיסן (אין זייער צעהפקרטקייט האָבן זיי עס געקענט לייכט טאָן) און אַן אַ פאַרוואָס געצומען טרייבן, יאָגן די פאַרזאַמלטע. ערשט דורך אַ ווונק פון דעם געערטן ר׳ נח זינדלעוויטש, זיי זאָלן קומען צו אים אין בראָנפנשענק, ער וועט זיי מכבד זיין... קוים זיך ביי זיי אָפּגעבעטן, פּטור געוואָרן.

אָבער סייווי, די טרויעריקע מעשים חזרן זיך כסדר איבער. די שנאה אויפן יידישן כלל, וואַקסט מיט יעדער מינוט, מיט יעדן טאָג. מען זוכט אויף אַלע אופנים אונטערדריקן די יידישע באַפעלקערונג: זונטאָג־רו (צוויי טעג זאָלן יידן מוזן האַלטן געשלאָסן די קראָמען); שווערע שטייערן וואָס טוען ממש צו דריקן דעם יידישן קרעמער; פּוילישע געזעלשאַפטן, די אַזויגערופענע „ספּולקעס״, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויס־רייסן דעם ביסן פון יידס מויל; דאָס אַרבעטן מעשים, צו פאַרביטן די שחיטה; אין וועלכע ערטער, אַפילו פּאָגראָמען — און וואָס אַלץ נישט!

ער אַלס רב, דער פאַרשטייער פון די יידן אין שטאָט, מוז טראָגן די אחריות אויף זיינע פּלייצעס, פאַר דער עדה. און דער רבונו של עולם, דער יודע־מחשבות, ווייסט וויפל שלאָפלאָזע נעכט דאָס נעמט אים צו און וויפל יסורים ער האָט שוין אַדורכגעמאַכט און מאַכט נאָך אַדורך. און דאָך: אַז מען טראָגט דאָס אַלץ איבער, די טעג גייען זייער גאַנג, יידן פירן זייער לעבן, זייער יידישקייט, מען עקזיסטירט ווייטער ברוך־השם, דורות ציען זיך — איז עס נסים מן השמיים. דאַרף מען לויבן דעם אין

הימל. און ער לויבט טאָקע מיט גרויסע תפילות, מיט גאַנצע קאַפּיטלעך תהילים יעדן טאָג, פאַר זיין גרויסן חסד, פאַר זיין גרויסער גוטסקייט, וואָס ער ווייזט אַרויס פאַר זיין פאָלק ישראל.

מיט אַזוינע הייסע תפילות איז ער אויך אַריינגעטאָן וועגן זיין אייגע־נער שטוב, וועגן זיין אייגן היימיש לעבן. סע גייט אים נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין. די זין זענען אַוועק אין די גרויסע שטעט. געוואָרן סוחרים, פאַ־בריקאַנטן, זיך ווי אָפּגעזאָגט פון כסא־הרבנות. די רביצין דאָס ליכטיקע מענטש, איז קראַנק. ליגט אין שלאָפקייט און מ'ווייסט נישט וואָס איר איז. ליגט אַ פאַרשטילטע ווי אָפּגענומען פון לשון. אַ שטילע טויב, גיט נישט קיין פּיפּס. די דאָקטוירים קאָנען נישט פעסטשטעלן, זאָגן אויף קלאָר וואָס איז די קראַנקייט. זיי מאַכן השערות, ס'איז עפּעס אַן אינער־לעכע פאַרבאָרגענע קרענק. די ווייבער זאָגן: ס'איז אַ ביטערע עין־הרע... ס'האָט איר ווער אַ בייז אויג געגעבן, אָדער גאָר אַ בייזע אָפּשרעקעניש. זי האָט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן. מ'האָט שוין געטאָן פאַרשידענע מיט־לען: „אָפּגעשפּראָכן", געגאָסן וואַקס דורך ריטלעך פון אַ בעזעם. ס'איז אַרויסגעקומען אַזוינס ווי אַ רייטער אויף אַ פערד. דאָס מוז זיין זאָגט מען די סיבה: זי האָט זיך פאַר אַזאַ איינעם דערשראָקן.

סייווי, ער האָט נישט קיין מנוחה. ער האָט געענוג ווייטיק אויך פון דער עלסטער טאָכטער רוכטשע. זיך גע'גט מיטן מאַן. אָנגעשמעקט זיך מיט דער גרויסער שטאָט, געוואָלט אַזאַ פּירונג ווי אין די רייכע הייזער. דער מאַן אַן ערלעכער פרומער מענטש, האָט נישט געקענט איר נאָכקומען. האָבן זיי זיך צעשיידט. היינט לעבט זי זיך באַזונדער אין איר גרושהשאַפט. אַ בושה פאַר דער וועלט.

ס'איז אים ר' יעקבן תמיד געווען דערווידער, די ווייבערישע גדלותדיקע פּירונג. געפרעגט ביי זיין הויזגעזונט די אייביקע שאלה: צי וואָס טויג דאָס האָבן אַזוינע אויפגעריסענע אויגן אויף דעם עולם־הזה? די רביצין זאָל זיין געזונט, האָבן אַ רפואה שלימה, האָט אויך ליב געהאַט דעם גבירישן שניט (קומט אַליין אַרויס פון אַ גביריש הויז). און די טאָכטער האָט זיך דערמיט אָנגענומען. געוואָלט גיין אויפן זעלבן וועג און נאָך מער. ער האָט צו זיי געטענהט און מער פון אַלע צום ווייב:

גליקל, צו וואָס טויג עס אָט די רחבות? די לוסט ברענגט נאָר צו זינד: צו נישט פאַרגינערשקייט, קנאה, צו פרעמדע, שלעכטע מחשבות. זי אָבער געוווינט פון איר רייכער היים, ווו מ׳האָט געשטעלט צום טיש, צו דער מאָלצייט, געפעס פון טייערן פאָרצעלאַן, זילבער־באַשטעק, האָט זיך נישט געקענט אָפּגעווינען. געוואָלט פירן אויך דאָ אַזאַ שטאָט. אַליין אַ מלומדת, האָט זי אויך געוווּסט אים אָפּצוענטפערן, מיט פאָרברענגען רבי עקיבאַ׳ס מאמר: שלושה דברים מרחיבים את דעתו של אדם... און דאָרט ווערט דאָך אויך אויסגערעכנט, די שיינע ווינונג, דאָס שיינע מלבוש. ר׳ יעקב האָט דערווידערט, עס אַנדערש אויסגעטייטשט: עט, ס׳איז נישט אַזוי פשוט ווי מע מיינט. אין די ווערטער שטעקט אַ גרויסע כוונה, אַ העכערן מיין. רבי עקיבא וועט נישט רעדן וועגן אַזוינע ערדישע עולם־הזה־דיקע זאַכן, ווי: אשה נאה, בגד נאה, דירה נאה, אין פשוטן זינען. ס׳איז נאָר אַ משל, פאַרשטעלטע ווערטער וואָס האָבן צו טאָן מיט דער נשמה, מיט דער שיינקייט פון מענטשנס מעשים־טובים, מצוות. מען דאַרף עס קענען פאַרשטיין; אַראָפּשיילן דאָס הייטל און דערזען דאָס קערנדל אין זיין גאַנצער ליכטיקייט. די מענטשן נאָר, נעמען עס אויף פשוט און לייכט, ווייל ס׳איז פאַר זיי גרינג און באַקוועם.

איצט גייט אים גאָר אין עפּעס אַנדערש: זי גליקל זאָל געזונט ווערן; ס׳זאָל זיין רואיק שלום אין שטאָט, אין לאַנד, אין דער יידישער עדה. ער טוט אַ סך תפילה דערוועגן.

...אָבער, אָט האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע צרה, וואָס טראָגט אָן ווידער גרויסע זאָרגן: די גזירה, דאָס וועלן פאַרטרייבן די גאַרבער־יידן אין ערגעץ אַ וייטן העק, צונעמען ביי זיי די פרנסה. און די גאַרבער־גאַס, איז דאָך אַ דאַנק דעם באַשעפער, אַ שטיצפּונקט פאַר דער שטאָט. מ׳האָט פון וועמען צו נעמען אויף אויסהאַלט פאַר די יידישע אינסטיטוציעס: תלמוד־תורה, שיל, בית־מדרש, הקדש, הכנסת־כלה, און נאָך אַנדערע זאַכן. זי גיט דעם גרויסן צושטייער אויף אַלעם וואָס מען באַדאַרף.

אויך זיין שטוב ווערט נישט פאַרזען פון זיי דאָרטן, די יידן. מענטשן האָרעפּאַשניקעס, בעלי־מלאכות וואָס לעבן פון זייער יגיעת־כפיים, פון שווערער מי און האָרעוואַניע, אַן ערלעך לעבן — געבן זיי געוען אויף אַ דבר־

טוב, דבר־מצווה. זאָגן זיך קיינמאָל נישט אָפּ. און זיי האָבן גרויס אָכטונג פאַר זיין רבנישער שטוב. טראָגן איר צו הילף, כבוד. און כאָטש די רביצין, זאָל זיין געזונט, האָט זיך ליב צו יחוסן מיט די אָנגעזעגע הייזער פון פאַרנט אין מאַרק, מיט די גבירישע היימען, טראָגט ער אָבער, צו די פשוטע יידן אַ גרויסע שעצונג און פאַרערונג. און ס׳טוט אים ווי וואָס זיי זענען נעבעך איצט אַריין אין אַן עת־צרה. זאָל דער רבונו של עולם זיך אויף זיי טאַקע מרחם זיין. מ׳טוט אַפילו שטאַרק דערוועגן זיי אַרויס־צוהעלפן. ר׳ זעליג קאַכמאַן, דער שטאָט־שתדלן, רוט נישט. קלאַפּט אין אַלע טירן, ווו מ׳קען קריגן הילף. צוגעזאָגט, נישט זשאַלעווען קיין מי. מע האָפט ער וועט מיט השם־יתברך׳ס הילף עפּעס אויפטאָן. אָפּגעשטימט זיך היינט אויפדערנאַכט דאָ צוזאַמענטרעפן. ר׳ זעליג דאַרף אויך קומען מיטטיילן זיין פעולה. הלוואי נאָר מיט גוטס.

— אָבער פאַרוואָס זעט מען זיי נישט ? דאַכט זיך מ׳גייט... ס׳האָט זיך דערהערט העכערע טריט, און באַלד דערנאָך דאָס עפענען די הויזטיר.

דער רב האָט זיך אונטערגעהויבן פון פאָטערשטול. געשטאַנען אַ רגע אין זיין איינהאָרכן. ס׳זענען אַריינגעקומען דריי חשובע בעלי־בתים פון גאַרבער־גאַס : אברהם לעווקינד, זאַמע שאַרפשטיין, און ראובן־שלום גאָלד־מאַן — אַלע זייער אָנגעזעגע לייט אין היימישן ישוב. דער רב איז זיי אַ פּאָר שריט אַנטקעגנגעגאַנגען. זיי אויפגענומען מיט פרייגטלעכן „ברוכים־הבאים״. געבעטן זיך צוזעצן. אַליין צוריקגעקערט צו זיין פאָטערשטול, זיך אָוועקגעזעצט.

— וואָס הערט זיך. וואָס פאַראַ גוטע נייעסן האָט עץ מיר געבראַנגט טייערע יידן — האָט דער רב זיך געווענדעט צו זיי.

— דערווייל נאָך גאָרנישט — האָט אָפּגעענטפערט פאַר אַלע ראובן־שלום גאָלדמאַן, אַ שווער געפאַקטער ייד, וואָס ווען ער האָט זיך צוגע־זעצט אויפן בענקל, האָט עס אַזש אונטערגעסקריפּעט. געווען באַקריינט מיט אַ לאַנגע ברוינע באָרד ביזן גאַרטל, מיט אַנזען און גוטן נאָמען אין שטאָט.

— אוי ! — און פון רבס קעל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טיפער קרעכץ — מען פּייניקט נעבעך !...

— גויים, שונאים. זיי שרייען: יידן האַנדלען, שאַכערן, ווילן נישט אַרבעטן. און אַז דו גיסט אַוועק די לאַנגע שעהן אין טאָג, מיט אַרבעט, מיט שווערער פּראַצע. יאָגסט אַרויס פון דיר דעם דעך, דעם שווייס, דעם מאַרך פון די ביינער און דאָס, כדי אַרויסצובארענגען דאָס שטיקל ברויט — פאַרגינט מען דיר ערשט נישט. וויל מען עס דיר אַרויסרייסן מיט געוואַלד פון מויל — דאָס האָט געלאָזט הערן אברהם לעווקינד מיט זיין ערנסט באַטראַכט וואָרט.

— אוי, אונדזערע גרויסע זינד געבעך... טאַקע וואָס קאָן מען האָבן צו אַזוינע מענטשן ווי איר זענט. האָרעווען פון פרי ביז נאַכט, מיט שווייס אויפן פּנים פאַר דעם כזית ברויט; מיט ערלעכער מי און פּראַצע. מיט אויך אין זינען האָבן אַ צווייטן... וואָס קאָן מען צו אייך האָבן. אוי משיח זאָל שוין טאַקע קומען און אויסלייזן פונעם גלות, פון די גויימס הענט! — און דער רב האָט עס געזאָגט מיט האַרץ, מיט ניגון, ווי פון תהילים אַרויס.

זאַמע האָט געשוויגן. געוווּסט ביי זיך, ער האָט נישט קיין סך וואָס צו זאָגן. ער איז מיטגעגאַנגען גאָר דערפאַר, ווייל מ'האָט דורכאויס פאַר־לאַנגט זיין פּערזאָן זאָל מיט זיין אין דער דעלעגאַציע און ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן. אָבער ער גופא איז נישט געווען מיט זיין געמיט דערביי. און אויך — אוי ווייי! — דער ענין איז אים שוין באַלד קיין סך נישט אָנגעגאַנגען... ס'איז אים גאָר אַרויף אויפן געדאַנק, בעתן אַהערגיין: ווען אַלע זאָלן מוזן פאַרלאָזן די גאַס, אַרויסגיין אונטער דער שטאָט, אויף אַ ניי אָרט, וואָלט דאָס איבערטראָגן זיך, געווען אפשר פאַר אים אַ טובה, געברענגט פאַרלייכטערונג; ער וואָלט פאַר דער נחלה אָפּגענומען אַ שיין ביסל מזומן און געקאָנט זיך אַ ריר טאָן. אָפּגעבן חובות, געקויפט רויוואַרג, אַריין צוריק אין דער אַרבעט, אין דער מערכה ווי אַמאָל... ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, ער טראַכט אויסטערלישקייטן. זיך אָפּגעטרייסלט: געוואַלד, ווי קומען צו אים אַזוינע געדאַנקן. אַ גאַס מיט יידן ווילן זיך ראַטעווען — און ער מיט מחשבות פון סדום... ער האָט זיך אינערלעך פאַרשעמט. איצט זיצנדיק דאָ ביים טיש און דערמאָנענדיק זיך דאָרין, שעמט ער זיך נאָך.

ס'האָט אים געדוכט מען רופט זיין נאָמען. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. דער רב האָט צו אים גערעדט:

— וואס זאגט איר וועגן דעם ר׳ זאמע? איר זענט, זע איך, פאר־טראכט. איר קלערט מסתם פון אומגליק נעבעך.

— א? יא. — האט זאמע זיך א צערודער געטאן. אנגעשטעלט די זאמישע מינע צו האלטן „פאסאן״ — אוודאי, אוודאי. וואס איז דא צו רעדן. מ׳וועט זיך נישט לאזן. א געבונדענע עדה, אין אייניקייט — וועט מען גובר זיין די שונאימס ווילן. און כ׳מיין דער רבונו של עולם, האט אויך נאך עפעס צו זאגן. נישט אזוי?...

דער רב איז מונטער געווארן פון זאמעס ווערטער, פון זיין בטחון. געזאגט מיט אן אויפגעמונטערט קול:

— אט, זעטס, ר׳ זאמע איז נישט געפאלן. דאס איז א גוטער סימן. אז מ׳האט נאר אמונה און זיכערקייט, וועט דער אין הימל אוודאי העלפן. און ר׳ זעליג קאכמאן דארף, גלייב איך, אט־וואס קומען. ער האט צוגע־זאגט טאן דארין מיט אלע כוחות. א דאנק השם יתברך, מען האט אזא ייד אין שטאט, וואס איז אויסגעבונדן מיט די עלצטע. שטעלט זיך איין פאר אונדז. ראטעוועט ארויס פון א צרה.

— ער זאל נאר דאסמאל אויספועלן, מצליח זיין. ווארעם זיי האבן זיך היינטיקס מאל שטארק אויף אונדז פארנומען די אנטיסעמיטישע באנ־דע — האט אברהם־לעווקינד ארייגעווארפן מיט זארג.

— דער אין הימל וועט העלפן. ס׳איז אין זיין מאכט. און קעגן אים איז נישטא קיין שטארקע. ר׳ זעליג האט צוגעזאגט, ער וועט נישט קארגן קיין מי, קיין כוחות — האט דער רב געזוכט צו בארואיקן.

מ׳איז געבליבן שטיל. דער רב האט זיך פארטראכט. און פלוצלינג פון די מחשבות ארויסגעזאגט:

— מען דערציילט, אוי וויי נעבעך אונדז, מען טוט אן יידן, אזעלכע צרות אין דייטשלאנד. ס׳איז ווער?

די דריי יידן האבן זיך אויפגעוועקט.

— יא. אויפגעשטאנען א צורר־יהודי, א המן, מיטן נאמען היטלער ימח־שמו. זיך פארנומען אויף די יידן, העצט — האט דערקלערט זאמע, דער מער־וויסער פון פאליטיק, פון אלע אנדערע אין גאס.

—צרות נעבעך. וואס נאר עפעס. איז אויף אונדז יידן. זענען מיר

די שולדיקע. און די חכמים האָבן שוין לאַנג געזאָגט: כל המיצר בישראל נעשה ראש... מסתם מוז ער זיין אַ גרויסער רשע, אַז ער איז געוואָרן ביי זיי דער עלצטער, אַ פירער — דער רב האָט דאָרויף שטאַרק אָפּגעקרעכצט.

— ע״ע, ער בילט נאָר אַזוי. וויל קומען צו דער מאַכט, פּיסקעוועט ער אויף די יידן, מיט אַלע צייגער... אַז ער וועט זי נאָר קריגן, וועט ער זיך אָנפרעסן, זאַט ווערן, און זיך איינשטילן. און חוץ דעם, זענען דאָך דאָ, די גרויסע מלוכות: ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקאַ. זיי קוקן אויף אים מיט אַ שאַרף אויג... דאָס האָט צוגעגעבן אַזאַ באַלעבאַטיש, שכלדיקן ענטפער ראובן־שלום.

אברהם לעווקינד האָט דער איינציקער, געוויגט ספקדיק מיטן קאָפּ:

— ווער־ווייסט, ווער־ווייסט. דערווייל טוט מען אָן צרות יידן. און די היגע גויים, זעען דאָס, הערן דאָס, זענען זיי מקנא, ווערן האָפערדיק, און ס׳גליסט זיך זיי אויך רייטן אויפן דאַזיקן פערדל — אויסשטרעקן די האַנט צו גזילה, צו רויב, גזלנען ביי די יידן...

— אָך, אָך, דאָס איז עס. עמלק רופט זיך אָפּ. און זיי דאַרטן שטאַמען דאָך טאַקע פון די עמלקים, ווי עס שטייט געשריבן בפרוש אין ספרים... השם יתברך זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיין פאָלק. ער זאָל עס היטן — דער רב האָט פאַרמאַכט די אויגן ווי אין גרויס געבעט, נאָך מורמלענדיק עפּעס פאַר זיך מיט די ליפּן.

אין דער אַריינגעטרעטענער שטילקייט, האָט זיך דערהערט אַ גראַבלען אין דרויסן אויפן טרעפּל און גלייך האָט אָפּגעקלאַפּט די טיר אין פעדער־הויז. ס׳האָבן זיך דערהערט טריט. פעסטע טריט. ר׳ זעליג איז אַריינגע־קומען. ער האָט געוואָרפן אַ בליק איבערן צימער, נאָך ביים שוועל. אַרומ־גענומען די מענטשן אַרומען טיש. געשאָקלט פריינטלעך מיטן קאָפּ צו די אַרומזיצנדיקע. געזאָגט הויך זיין גוט־אָוונטיקער באַגריסונג:

— גוטן אָוונט חשובע לייט, גוטן אָוונט רב!

דער רב האָט זיך דערפרייט מיט ר׳ זעליגס דערשיינען. זיך אַזש אַ ביסל פאַרויטלט אויפן פּנים. זיך עטוואָס אונטערגעהויבן פון שטול. אָנ־געוויזן אויף אַ בענקל לעם זיך, געבליבן וואַרטן. גערופן:

— ר׳ זעליג, אַ גוטע נייעס געברענגט? אַ דערפרייענדיקע, יאָ?

זאָגט אונדז שוין!

ר׳ זעליג, אַ הויכער מאַן, אַ שיין געשטאַלטיקער מיט געזונטער מראה אין געזיכט, האָט אָפּגעווישט מיט זויבערן טאַשנטיכל די וואַרעמקייט פון פּנים וואָס איז געקומען פון זיין זיך אָהער איילן. זיך צוגעזעצט. עטוואָס אָפּגערוט. לאַנגזאַם אָנגעהויבן. דערציילט ווי שווער ס׳איז צוגעגאַנגען. זיי האָבן זיך דאַסמאָל, די פּ אַ נ ע ס, פּאַרעקשנט אויף פעסט אָפּצורוימען די גאַס. דער וורובלעווסקי. אַ ביטערער שונא־ישראל קריגט די נכפּה, דאָס אויסצופירן. אָבער ער האָט מיטן אויבערשטנס הילף צוגעפירט צו אַ דורך. גערעדט מיטן בירגערמייסטער אַליין. געטענהט מיט אים. אויפ־געוויזן, אַז אַ דאַנק דער גאַרבער־גאַס לעבט אַ האַלבע שטאָט מענטשן. וועט מען אונטערברענגען דאָס פאַך, די פּרנסה פאַר אַ סך פאַמיליעס; געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז אויך די מעשיות מיטן ר י ח, איז אַן אויס־טראַכטעניש. איך האָב צו אים געזאָגט: „איך גיי אַ סך מאָל אַדורך די גאַס, און פיל גאַרנישט קיין שרעקלעכס. ס׳איז אַ לעדער־ריח. נו, וואָס איז ס׳געשריי. ס׳איז נאָך קיינער חלילה דערפון נישט געשטאָרבן. אדרבה, זיי זענען דאָרט געזונט ווי די דעמבעס, געזונטער פון אומעטום און הלוואי ווייטער אַזוי״. אַזוי האָב איך צו אים געטענהט. דער בירגערמייסטער האָט זיך צוגעהאָרכט (אגב נישט קיין שלעכטער מענטש). זיך פאַרענטפערט, אַז די ראַטמענער מיטן לאַוועניק וורובלעווסקי בראש, שטעלן זיך דאַרויף שטאַרק, דרוקן אויף אים, מיט טענה: סע איז נישט שיין, אַזאַ גרויס שטיק ישוב, מיט אַזאַ אומריינע אַרבעט. מ׳וואָלט דאָרט געקאָנט אויפשטעלן אַ שיינע מאָדערנע גאַס, וואָס זאָל צוגעבן שיינקייט דער שטאָט.

— „האַ־האָ אין דעם גייט עס דאָך״... — האָב איך אויסגערופן — דאָס איז עס טאַקע: אַ שיינע גאַס... און ברויט ווו איז? אויסהאַלט פאַר צענדליקער פאַמיליעס!״ איך האָב אים דערמאָנט, אַז פּרנסה, לעבן פון מענטשן, איז וויכטיקער פון שיינע הייזער. און די גאַס האָט די גרעסטע זכותים. און זי איז ש י י ן שוין דערמיט אַליין, וואָס דורך איר איז געוואָרן אַ שטאָט מיט אַנזען, מיט מסחר, מיט פאַרדינסטן, מיט פרעמדע סוחרים; געוואָרן אַ „פּאַוויאַט״ (קרייז־שטאָט) און די מאַגיסטראַט־קאַסע לייגט

צו איר אויך נישט צו, נעמט געזונט... און מען דאַרף בעטן אויף איר עקזיסטענץ, אויף איר דערפאַלג. כ׳האָב גלייכצייטיק אַריינגעזאָגט אונדזער אַלט קלוג יידיש ווערטל: קוק נישט אויף דער כלי פון דרויסן, נאָר וואָס אינעווייניק שטעקט...! און ווי און אַך, ווען דאָרט איז צופיל צוגערוימט און ס׳הערן זיך נישט קיין קלאַנגען, קיין שאַרפע ריחות... אהין־אהער, איך האָב אים נישט אָפּגעלאָזט. אים אַריינגענומען ווי אין צוואַנגען. ער איז אַריין אין שטאַרקער פאַרטראַכטקייט...

— נו, נו,! — האָבן אַלע מיטאַמאָל אונטערגעטריבן, ווען ר׳ זעליג איז אַריין אַ מינוט אַליין אין פאַרטראַכטן שווייגן.

— ...יאָ, דעמאָלט, האָב איך גענומען שמידן דאָס אייזן פון אַן אַנדערער זייט. כ׳האָב אים דערמאָנט און מיט אַנצוהערעניש, אַז די יידישע ראַטמענער, זענען תמיד אויף זיין זייט. און ביי די וואַלן, די ערשטע אים אויסצוויילן אַלס בורמיזש (בירגערמייסטער). ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, ער ווייסט עס. ס׳איז אמת. און ער איז דער יידישער באַפעלקערונג אַ גוטער פריינד און זוכט גערעכטיקייט (דאָס איז אויך ריכטיק). ער האָט זיך פאַרשטילט. עפּעס אָפּגעמורמלט צו זיך. געזאָגט צו מיר: „נו גוט. רעדט איבער מיטן דאָקטאָר גאַלינסקי, זעט אים צו געווינען אויף אייער זייט...״ איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב שוין מיט אים גערעדט. ס׳איז אין בעסטן אָרדנונג. „דאָבזשע, גוט״. האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט, ס׳וועט בלייבן ביים אַלטן... ס׳הייסט, אַ דאַנק גאָט, געפּועלט.

ר׳ זעליג האָט אָפּגערוט. אַנגעקוקט די אַרומזיצנדיקע. שטיל צוגעגעבן:

— פאַרשטייט זיך ס׳וועט קאָסטן... אויף בחינם גייט עס נישט. זיי ווייסן שוין, אַז מיין קומען, שמעקט מיט מתנות, מיט פדיון...

— נו, מילא. אַבי נאָר ס׳גייט אויס צו געלט — האָט דער רב געזאָגט פרייער אָפּעטעמדיק, מיט דאַנק צום באַשעפער. אויך די חשובע פאַר־שטייער האָבן צוגעשאָקלט די קעפּ מיט דאַנק, מיט הסכמה.

— געלט, ס׳גייט אַוועק און קומט צוריק. אַמאָל גיט דער רבונו של עולם נאָך אָפּ מיט פּראָצענט... דער עגמת־נפש איז ערגער — האָט אברהם לעווקינד צוגעגעבן, צופרידן פון אָפּגעטוענעם טאָט.

— המם... געלט איז אויך אַ שאָד. און אומזיסט אויסגעפּרעסט געלט, ריינע גזילה. רשעים! — האָט נישט קענענדיק שלום מאַכן, בייז אָפּגע־ברומט ראובן־שלום אויף דער גויאישער רויבעריי.

— נו, וואָס קאָן מען טאָן. יידן זענען געוווינט צו גזירות און גזילות. אָבער אַז ס׳לאָזט זיך נאָר פּאַריכטן מיט געלט, זאָל דאָס געלט זיין פּאַר אַ כפּרה, אַן אָפּלייזער — זאַמע האָט עס געזאָגט מיט ברייטן שניט, ווי ביי אים וואָלט געלעגן שוין אָנגעציילט די געהעריקע סומע, אין דער קעשענע, גרייט צו צאָלן...

ר׳ זעליג, ווי ער וואָלט ערשט איצט דערזען זאַמען, האָט אָנגעהאָנגען די בליקן אויף אים, מיט פריינטלעכקייט גערופן:

— וואָס מאַכט איר ר׳ זאַמע, ווי גייט עס מיט אַלעם? שוין לאַנג אייך נישט געזען.

זאַמע האָט אַ וויג געטאָן מיטן קאָפּ. אָנגעצויגן זיין געוויינטלעך צופרידענע פּאָזע:

— אַ דאַנקן גאָט. אַלדאָס גוטס. ברוך־השם. נאָר נישט ערגער.

ר׳ זעליג האָט פון עפּעס אַ דערמאָנונג זיך ווידער צעשמייכלט:

— כ׳מוז דערציילן. ווען כ׳האָב געהאַט דעם שמועס מיט דאָקטאָר גאַלינסקי, האָט ער זיך נישט געקענט אָפּוווּנדערן פון דעם מענדל באָום. מיר איבערגעגעבן ווי אַזוי זיי זענען געוועזן ביי אים אין הויף און ווי ער מענדל האָט רעאַגירט, זיך אַנטקייגנגעשטעלט. איך האָב געזען פאַר זיך — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — אַ מענטש, אַ דעמב, ממש אַ פעסט־געוואָרצלטער בוים. געטראַכט ביי זיך, אַזאַ ייד וועסטו נישט איינברעכן און נישט אים אַרויסקריגן פון זיין נחלה, בשום אופן נישט. דער וורוב־לעווסקי האָט דאָס אויך פאַרשטאַנען, און נאָך דאָרט אין הויף געוועזן גרין פון קרענקונג און איבערן וועג אַהיים, נאָך אַלץ גערעדט, געמורמלט, געשאָלטן דעם מענדלען. אָבער דערביי זיך שוין געוויזן שוואַך, אַראָפּ־געפאַלן פון זיין מוט: דער ייד האָט אים אַלץ קאַליע געמאַכט... דער דאָקטאָר האָט געלויבט מענדלען פאַר זיין בראַווקייט. געזאָגט, ס׳איז געוועזן דער שטאַרקסטער ווידערשטאַנד. ער האָט מיט זיינע עקשנותדיקע אָבער

ערלעכע רייד פריטשמיעלעט די גאַנצע קאָמיסיע. כ׳מיין ס׳איז געווען זייער גוט מענדלס שאַרפן אַרויסטריט. אַ טובה פאַר אונדזער ענין.

— ער איז באמת אַ ווילער ייד, מיט אַן ערלעך האַרץ, ער מענדל — האָט דער רב צוגעגעבן.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט צו דער הייך, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ תפילה. געלאָזט הערן זיין קול פול מיט שבח צו אים אין הימל:

— מיר דאַנקן דיר און לויבן דיך הייליקער פאָטער, שומר־ישראל, וואָס האָסט אונדז ווידער אַרויסגעוויזן דיין חסד, דעם נס. יידיש געלט איז אַוודאי אַ שאָד. אָבער אפשר איז עס נסיונות, און אפשר קומט מען דערמיט אָפּ חטאים. און ס׳זאָל זיין טאַקע אַן אָפּלייזער פאַר עפּעס ערגערס וואָס איז געהאַנגען איבער אונדזער הייליקער קהילה. אָמן!

אַן אַנדערשמאָל, ביי אַ בעסער־געמיטיקער צייט, וואָלט מען געשטעלט כיבוד. אַריינגעבראַכט טיי מיט קיכלעך, און געמאַכט אויך אַ „לחיים". זיך נאָך פאַרזעסן לענגער, געפירט דעם שמועס. די געסט האָבן אָבער געוווּסט דעם רבס געמיט, צוליב דער קראַנקער רביצין און נישט געוואָלט אים לענגער אויפהאַלטן. זיי זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער. זיך געזעגנט האַרציק מיטן רב. געוווּנטשן אַ רפואה־שלימה פאַר דער קראַנקער רביצין. געדאַנקט ר׳זעליגן פאַר זיין טרחה, צורעכנדיק עס אים פאַר אַ מצווה. אַהיימגעגאַנגען.

איבערן וועג אַהיים, האָט זאַמע נאָך פיל געטראַכט. געפירט מיט זיך דעם וויכוח: נו, וואָס ווייטער זאַמע, האַ? ווי האָלט עס מיט דיין הויז? ער האָט זיך דערמאָנט אין די מחשבות וואָס זענען אים פריער באַפאַלן, אין שייכות מיטן פאַרטרייבן די גאַס און אַ פלאַמיקער בזיון האָט אים ווידער אַמאָל אַרומגעכאַפּט, אַרויסגעבראַכט אַ היץ אויפן לייב: אָט צו וואָס פאַר אַ מדרגה, ער איז דערגאַנגען. צוואָס פאַראַ חולשת־הלב צוגעקומען. ער האָט אָפּגעזיפצט: יאָ, נישט גוט. אָבער וואָס טוט מען ווייטער?

ער האָט דאַרויף נישט געפונען קיין ענטפער.

אליעזר אֶלעי

## קאַפּיטל זעכצן
## דיזעלבע ליידנדיקע קייט

אין זאַמעס שטוב איז קיין ווענטלעכע ענדערונג נישט אַריינגעקומען, נישט דאָס פֿונאַנדערלאָזן דעם שותּפֿות, נישט די ענטשפּאַנונג פֿון דער גזירה, האָט קיין הילף נישט געבראַנגט. דאָס הויז איז געזונקען אין זיין נויט אין זיין אַנגסט. געוואָרן פּשוט מחוסר־לחם, הונגעריק נאָכן שטיקל ברויט. זאַמע האָט שוין געהאַט אַלע מיטלען אָנגעווענדט, אויסגעפּרוווט. נישט געוווּסט מער וואָס צו טאָן, ווי אַזוי אַרויסקריכן פֿון דער ענגעניש, צוריק שטעלן זיך אויף די פֿיס.

די צרה איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן פֿולשטענדיק דעם קרעדיט, דעם צוטרוי. דער נאָמען האָט מער נישט געצאָלט. מ׳האָט כּמעט אויסגעמיטן דאָס פֿאַרבינדן זיך מיט אים אין מסחר, געבן אויף באָרג, וויסנדיק ס׳איז נישט קיין זיכערע האַנט, אויף צוריקצובאַקומען, אַלנפֿאַלס מיט גאַנץ לאַנגער פֿאַרשלעפּעניש. דאָס האָט צום איבעריקן צוגעדריקט; וואָרעם ווי אַ מויער ביי וועלכן ס׳הויבן אָן צו פֿאַלן די ציגל און מען גלייבט נישט מער אין זיין שטאַנדהאַפֿטיקייט, אין זיין קיום, אַזוי איז אַ געשעפֿט וועלכעס האָט פֿאַרלוירן די באַגלויבט־קייט, דעם צוטרוי: ס׳האָט נישט מער קיין אונטערלען, קיין יסוד אויף וואָס זיך צו האַלטן.

זאַמען איז שווער געווען צוזאַמענבינדן די טעג. נישט געהאַט מיט וואָס זיי אויסצופֿילן, איין טאָג ענלעך צום צווייטן, אין זיין גראָקייט, אין זיין שווערער ליידיקייט, אין זיין אויסזיכטלאָזער האָפֿענונג. ער האָט געפּרוּווט נאָך מיט לעצטע שוואַכע כּוחות אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיטן טעטיקן לעבן, זיך פֿאַרפֿעסטיקן צוריק אין דער אַרבעט. ס׳איז נישט געגאַנגען. דעם חברס אויסגעבעטענע טובה־וועקסלען, זענען אויך גיך געוואָרן צערינען, אויף די שטוב־הצטרכותן, אויף שפּייז, אויף אָפּעסן אַ מאָלצייט און דאָס עיקר־ממשותדיקע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פֿון די הענט. ס׳איז שוין נישט געווען מער די פֿעסטע שוועל וואָס מען איז איבער איר אַריבערגעטראָטן מיט זיכערקייט, מיט גלויבן. אַלץ איז געוואָרן וואַקלענדיק. די שעהן פֿון פֿרימאָרגן ביז נאַכט האָבן זיך געצויגן ווי

אַ לאַנגע קייט פון יסורים, שווערע מחשבות, געפייניקט אין גוף און אין נפש.

אַמיינסטן שלעכט איז אים געווען, ווען ס'האָבן זיך געשטעלט די הויפּט־סעזאָן טעג: די פרעמדע זענען געקומען איינקויפן די סחורות. אין די אַלע לאַנגע שעהן, האָט זאַמע זיך געפונען צווישן די פייערן פון גיהנום. נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן. ס'האָט אים געטריבן פון שטוב. ער איז אַרויס אין הויף. צוגעאיילט צום פּלויט, זיך אָוועקגעשטעלט אַרויס־קוקן דורך די שפּאַרעס צום גאַס. נאָכגעשפּירט ווו־היין די סוחרים גייען אַריין, פונוואַנען אַרויס, וואָס מען טראָגט אין די פּעק, וואָס פאַראַ טעכערס לעדער, וואָס פאַראַ סאָרטן. די ראיה איז ביי אים געווען אין דער מינוט מאָדנע אָנגעשאַרפט, פאַרגרעסערט, כמעט שפּאַרבערדיק. ער האָט דער־קענט אַלע מינים סחורות פון ווייטן: כראָמעס, בלייזן, יוכטן, בוקאַטן, אין זייער פאַרשידענער פאַרב און גרייס; דערשמעקט זייערע פרישע גאַרב־ריחות וואָס האָבן אים געקיצלט אין די נאָזלעכער ווי שאַרפע געווירצן, גערייצט. אויפגעוועקט אַ מוראדיקע בענקשאַפט אין זיין לייב. געזען, אַלץ איז פול מיט לעבן, מיט טעטיקייט. פּיבערט מיט אַרבעט, מיט טואונג, מיט מעשים, און ער? אוי, געוואַלד!...

ער האָט מיטאָמאָל דערשפּירט עס צענעמט אים אין זיין איינ־געווייד, מאַכט אים שוואַך. נישט געקענט זיך דערהאַלטן אויף די פיס. אַראָפּגעלאָזט זיך אויף אַ קלעצל ביים פּלויט, אָפּגעקרעכצט: האַ, זאַמע? ס'איז ביי דיר אַן אויסגעליידיקטער שייער, ווו ס'איז קיין לעצט קערנדל נישט פאַרבליבן. קיין פּלעוועס צומאָל אויך נישט... די פרעמדע קומען מער נישט אַריין פרעגן. אָפּגעווויינט זיך. דיין פּנים שעמט זיך אַרויסצו־ווייזן אין גאַס. און האָסטו דען צו וואָס? וואָס וועסטו ענטפערן ווען מ'וועט דיך פרעגן, וואָס הערט זיך מיט עפּעס פאַרטיקס? ווועסט דאָך נישט וויסן וואָס צו זאָגן. די אויגן צומאָל אויפהייבן.

זיצנדיק אין זיין טיפער פאַרווירונג, האָט אים פּלוצעם אויסגעדאַכט מען קלאַפּט ביים טירל. אַ סוחר וויל אַריינגיין. געשטערעקט דאָס אויער. געוואָלט אַהינלויפן עפענען. געשטעלט דעם ערשטן טריט, זיך געכאַפּט, ס'איז אַן אויסדאַכטעניש, אַ דמיון. קיינער איז נישטאָ. מען קומט נישט

מער קויפן צו אים. זיינע פּאַרטיקע סחורות שיקט ער אַוועק קיין וואַרשע... געפּילט די פּיס ציטערן אים אונטער. קאָן נישט איינשטיין. זיך צוריק אַוועקגעזעצט. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו די קני, זיך פאַרטויכט אין טומאַן, אין דעם געוועזענעם אַ מ אָ ל...

...און ווי לאַנג איז עס, ווי אַלץ איז דאָ געווען אַנדערש: ס'האָט זיך געטראָגן דאָס היימלעכע גערודער, פריילעכע אַרבעטס־קלאַנגען; גע־אָטעמט מיט לעבן, לוסט און פרייד. אַרויסגעקומען אינדערפרי אין הויף, ווי אַ מלך אין זיין מלכות: „דאָס אַלץ איז מיינס!" — האָט אַ קול אין אים גערופן מיט שטאָלץ. עס אַרומגענומען מיט ליכטיקן בליק. ליב געהאַט דאָס דערפרייענדיקע בילד, מיט זיין גאַנץ לעבן. געמיינט אייביק־אייביק וועט ער מיט רו טרעטן איבער דעם דאָזיקן היימישן באָדן, זיין אייגנס. געחלומט חלומות פון נאָך שטאַרקער ווערן, זיך נאָך טיפער פאַרוואָרצלען. און מיטאַמאָל —

— געוואַלד, זאַמע, וואָס האָסטו געטאָן?!

דער גוף האָט זיך ביי אים אין די מינוטן איינגעקורטשעט ווי אַ פאַוּך־טריקנטער פיצן. געוואָרן באַגאָסן מיט הייסן שווייס. דאָס העמד צוגעקלעפּט צום לייב. געפּילט די באַקן ברענען. די קניען ציטערן, טרייסלען זיך. ער ווערט באַפאַלן פון אַ שוואַכקייט נישט מער אויפצושטיין: געוואַלד, וואָס האָסטו פון דיר געמאַכט — האָט די טענה נאָך מער אין אים געשריען, גערופן צום דין, צום זעלבסט־משפּט: ביסט געוואָרן אַ גזלן אויף דיין שטוב, אויף דיין הויז, אויף דיין לעבן, אויף דיינע קינדער. און וועסט עס נישט איבערטראָגן, ניין. פון בלויזער צער, בושה, וועסטו קראַנק ווערן און איינגיין...

דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעזונקען נאָך טיפער צו די קני. די הענט אומעכטיק געגליווערט. ס'האַרץ האָט זיך אין אים פאַרקוועטשט, שיער־נישט חלילה צום אָפּשטעלן זיך.

— אויס זאַמע, אויס! — האָט אַן אינערלעכע שטים אַרויסגעטראָגן דעם פּסק־דין אויפן קול.

אָבער „אויס" ווערט מען אויך נישט אַזוי גרינג און אויף אַמאָל, ווי ס'וואָלט זיך אַפילו געוואָלט. מען מוז זיך נאָך געניטן אַנפייניקן, פאַר־

זוכן די לעצטע ביטערע טראָפּנס גאַל פון גורלס האַנט; ס׳ביטערע רייצן זיך פון שטן, מיט דער נשמה: אַט ווייעט אויף אַ פונק פון האָפענונג, זאָגט אָן הצלה, רווחה, אויפבינדונג, און ווידער ווערט עס פאַרלאָשן און נאָך פינצטערער ווערט די וועלט פון פריער. ס׳איז געגליכן צו אַ ביטערער קראַנקייט וואָס היילט זיך שווער: די ווונד פאַרציט זיך מיט הייטל, מיט קלאָרער קאָליר. מען מיינט שוין... און אַט עפנט זי זיך צוריק אויף, און נאָך צום ערגערן. צו דער טרויעריקער לעצט, ווערט גאָר אַמאָל לייכטער, היילענדיקער. צוזאַגנדיקער — אָבער שוין נישט אויף לאַנג מער...

אומגעריכט האָט זיך אָנגעטראָגן אַזאַ היילענדיקע האַנט וואָס האָט אין די ערשטע רגעס געמאַכט אַפילו שטוינען. געברענגט אין פאַרלעגנהייט. און דאָך אויפגעמונטערט אויף אַ ווייל דאָס האַרץ, אויפגעהויבן דעם גלויבן: ס׳קאָן נאָך גוט זיין;

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן ווען זאַמע איז געזעסן אין זיין שווערן געמיט־צושטאַנד, אין פאַרצווייפלטן טראַכטן, נישט וויסנדיק וואָס דער טאָג וועט אים ברענגען, מה יביא יום... האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַריינגעקומען דוד ראָזנקראַנץ. געקומען מיט היימישלעכן „גוט־מאָרגן״, כמו געשעפטלעך, ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס אינטערעסנדיקס צו דער־לעדיקן. דערלאַנגט פריינטלעך דעם בעל־הבית די האַנט אויף שלום און נאָך די ערשטע פאַר דורכגעוואָרפענע ווערטער, געבעטן זאַמען, ער זאָל מיט אים אַריינגיין אויף אַ פאַר מינוט אין אַ באַזונדערן חדר. ער וויל מיט אים עפּעס רעדן.

זאַמע האָט אים אַריינגעפירט אין קליינעם שטיבל ווו ער פלעגט זיך אָפּגעבן מיט זיינע געשעפטלעכע ענינים: פירן די חשבונות, קאָרעספּאָנ־דענץ, אויפנעמען באַשטעלונגען און ווו מען פלעגט אויך אָפּלייגן די באַזונדערע גוט־אויסגעפּאַרטיקטע סחורות, די כראָם־אַרבעט. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש. דוד האָט געפירט די בליקן איבערן אַרום, צי ס׳הערט זיך נישט ווער איין. צוגעטראָטן צום ענין, שטיל און אָפן:

— ר׳ זאַמע, איר זאָלט מיר זייער און זייער מוחל זיין פאַר מיין דרייסטקייט. כ׳טו עס, ווייל מיין געוויסן פּלאָגט מיך. יאָ, עפּעס האָט דאָך ביי אייך געטראָפן. ס׳איז נישט דאָס וואָס אַמאָל, ניין. וואָס איז געשען?

אפשר קאָן מען וויסן ?

זאַמע איז געבליבן זיצן דערשטוינט. געקוקט מיט פאַרוווּנדערטן בליק אויף דעם ייד: וואָס איז דאָס ? ס׳האָט אין דער ערשטער מינוט זיך אין אים דערוועקט דער באַליידיקטער שטאָלץ: וואָס קומט מען עפּעס צו אים מיט אַזוינע אויספרעגענישן, פאַרשונגען ? וועמענס דאגה איז עס, וואָס ביי אים טוט זיך. און וואָס איז ער אַ רב, אַ דיין, אַ שטאַט־דאָזאָר, וואָס ער מוז וויסן וואָס ביי אים איז פאַרגעקומען ? ער אַליין קומט אויך נישט צו קיינעם אויספרעגן, נאָכשפּיאָנירן.

זאַמע האָט אַ צי געטאָן מיטן שפּיץ אַקסל פאַרדראָסיק, גרייט צו געבן דעם ייד די געהעריקע גאָב... אָבער דערזעענדיק דודס ערלעכן בליק, די אָפענע פריינטשאַפט אין זיינע אויגן, האָט דער צאָרן זיך אָפּגעקילט, איינגעשטילט. אַ חוץ דעם אויך, איז זאַמע געווען אינערלעך שוואַך, אַראָפּ פון די כוחות, נישט געהאַט צומאָל די קראַפט זיך אַנטקעגנצושטעלן, אַרויסווייזן זיין באַליידיקטע פאָזע ווי אַמאָל. די אויגן האָבן ביי אים זיך אָנגעגאָסן מיט טרויער. געלאָזט זיי רוען אין דער נידער מיט שווייגעניש.

דוד האָט נישט באַדאַרפט מער פרעגן. ער האָט שוין אַלץ גלייך פאַר־שטאַנען. געזען זאַמעס מעמד אויבנאויף; זיין איצטיק שווער זיצן, די ליידן וואָס ליגן אויסגעגאָסן אויף זיין געזיכט, זיין שווייגן, דאָס האָט מער עדות געזאָגט אויף דעם מצב אין הויז ווי טויזנטער ווערטער; אין צימערל האָט זיך מער נישט אָפּגעפילט דער ריח פון פאַרטיקע לעדערס, געווען אויסגעוועפּט. אַ סימן: מ׳האָט שוין לענגס נישט געהאַט אַריינגעברענגט קיין פרישע סחורה, נישט אַרויסגעטראָגן. נישט געפירט קיין האַנדל. נישט געטריבן קיין מלאכה. נישט געברענגט אין באַטריב די גאַרבעריי.

דוד האָט דאָס אַלץ אָפּגעפילט. געפּרוּווט פאַמעלעך אָפּדעקן די ווונד, ס׳זאָל נישט ווייטאָן:

— ס׳טרעפט אין לעבן פאַרשידנס ר׳ זאַמע. מיר זענען דאָך נישט קיין קינדער, פון נעכטן געבוירן. מיר ווייסן, פאַרן מענטש איז אַלץ אָנגעברייט. אַלע ביטערע קרייטעכצער צו פאַרזוכן, אַלע שלעכטע וואַסערן צו טרינקען... מען דאַרף אָבער נישט פאַרצווייפלען און אַוודאי נישט זיך פאַרהוילן פון מענטשן. אין אונדזערע הייליקע ספרים שטייט געשריבן:

כשם שמברך על הטוב, מברך על הרעה... אַ מענטש דאַרף אויפנעמען דאָס שלעכטע ווי דאָס גוטע; ווייל ער ווייסט נישט גאָטס וועגן. דאָס שלעכטע לייזט אַמאָל אָפּ נאָך ערגערס און פירט לסוף צום בעסערן. דאַריבער איז נישטאָ חלילה וואָס זיך מייאש צו זיין. מען דאַרף זוכן אַ סטעזשקעלע, אַ שמאָל שטעגל, זיך צו קענען אַדורכשטופּן. דאָס הייסט, מען דאַרף טאָן אַלץ, כדי צו קאָנען ווייטער גיין...

— נישטאָ וואָס צו טאָן מער. כ׳האָב שוין אַלץ אָפּגעטאָן... — זאָמע האָט איבערייסנדיק, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער וואָס גיט אַלץ אויף.

— איי, ר׳ זאָמע קרוין, נאַרישקייטן. וואָס טויגן מעשיות. גוט וואָלטן מיר יידן אויסגעזונגען, מ׳זאָל אַזוי איינס און צוויי, אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. אונטערציען דעם סך־הכל. קודם, ווו איז יידישע אמונה? און והשנית, ס׳איז נאָך נישט חלילה סדום. מ׳וווינט נישט אין קיין וואַלד, נאָר צווישן מענטשן, צווישן יידן. איר געדענקט די מעשה מיט אהרון לאַפּאַטקין: אַריינגעקומען נעבעך אין אַ צרה, אין אַן ענגעניש. מ׳האָט געמיינט שוין... און דאָך האָט מען אַרויסגעהאָלפן, געראַטעוועט. אים געשטעלט צוריק אויף די פיס.

— דאָרטן איז געווען עפּעס אַנדערש, אַן אומגליק, לא־עלינו. אַ שריפה, פאַרברענט די שטוב מיט דער סחורה. ביי מיר אויך אַנדערש: אַליין מיט די אייגענע הענט... ס׳וועט קיינער נישט רחמנות האָבן!..

— אַליין, נישט אַליין. וואָס איז דער אונטערשיד. יעדער צרה האָט איר פּנים. ס׳זענען די זעלבע ליידן. און מען טאָר גאָרנישט אַזוי רעדן ר׳ זאָמע. דאָס אַליין קאָן חלילה זיין אַ חטא. „אל תפתח פה לשטן...״ זאָגט מען ביי אונדז יידן. מען מוז זיך שטאַרקן און האָפן. אַ ייד מוז תמיד זיין אַ ייד, ביי אַלע אומשטענדן. און איבער אַלעם — האָבן בטחון, האָפן צום רבונו של עולם.

דוד האָט זאָמען שוין נישט אָפּגעלאָזט. אַריינגערעדט אין אים. געזוכט דאָס פאַרשטיינערטע האַרץ מאַכן אויפוואַכן, דערוואַרעמען. אויפגעוויזן מיט ראיות פון אַנדערע ערטער, ווו געפאַלענע מענטשן האָבן זיך צוריק אויפגעהויבן, געשטעלט אויף די פיס און מיט דער צייט זיך פאַרצויגן

מיט גייער הויט. פאַרגעסן דאָס פריערדיקע, דאָס פאַרשעמטע. אַריינגעקומען צוריק אין כבוד: „מיר זאָגן דאָך יעדן טאָג אין דאַווגען, דאָס וואָס דוד המלך האָט אויסגערופן אין תהילים: ה׳ שוועתי אליך, ותרפאני... גאָט, איך האָב געשריען צו דיר און דו האָסט מיך געהיילט. מען דאַרף שרייען צו אים, ער זאָל היילן, אויסהיילן פון אַלע צרות.״

נאָך אַ ביסל אָפּרוען און שווייגן, און נישט וועלנדיק שוין צו לאַנג ברייען, איז דוד צוגעטראָטן צום עיקר:

— ר׳ זאַמע, כ׳מוז זאָגן נאָכאַמאָל, אַ ייד איז צווישן יידן. מען דאַרף נישט אָפּשטופן... דאָס זאָלט איר געדענקן.

— כ׳געדענק... אָבער גוט איז געווען, ווען מיין האַנט האָט זיך געקענט שטרעקן פאַר יענעם מיט הילף, איידער אַליין... — זאַמע האָט נישט געקענט דערענדיקן. די שטימע האָט זיך אים פאַרהאַקט. גענומען שטיקן.

דוד האָט געזען ס׳איז גענוג. מען דאַרף נישט פייניקן צופיל, אַפילו מיט גוטע רייד. געבעטן ביי זאַמען, ער זאָל אים מוחל זיין פאַרן באַלעסטיקן אים. צוגעזאָגט ער וועט זיך ווידער אַמאָל באַווייזן. און נאָך אַ ביסל צומוטיקן האָט ער זיך געזעגנט און אָוועק.



שוין ביי די ערשטע טריט פון זיין נעמען אויספירן די אויף זיך גענומענע אויפגאַבע, האָט דוד געקענט זען, אַז זאַמעס ווערטער זענען נישט געווען אויף אומזיסט. זיין שליחות האָט זיך אָנגעטראָפן טאַקע אויף שטערונגען. אַרויסגערופן ביי די מענטשן סיי פאַרוווּנדערונג, סיי טענה און קריטיק; ווער ס׳האָט געוויגט דעם קאָפּ מיט חידוש: „אַזוי גאָר, אַזוי ווייט האַלט עס שוין?״ און ווער ס׳האָט אַ קרום געטאָן די נאָז און דער קטרוג איז גלייך אַרויף אויף די ליפּן: „ער האָט דאָך אַזוי געוואָלט. געוואָלט ווערן אַ געשעפטסמאַן, אַן איינרייסער. געלאָפן זיך צושרייבן אַלס שותף אין אַ וואַרשעווער פירמע. באַגראָבן ס׳היימישע שטיקל ברויט...״ אַן אַנדערער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש. יעדער האָט געפונען זיין לשון־הרעדיקן שטאָך, זיין בייזן ברי.

דוד איז אָבער אַ ייד וואָס קען זיך אויס אין די קליינע אותיות,

געפינט אַ גרייטן פּסוק ווען מען באַדאַרף, און האָט דעם קטרוג גלייך אָפּגעשלאָגן. פּאַכנדיק מיט געשפּרייטער האַנט, האָט ער אַוועקגעלייגט אַ וואָרנדיקן אָנזאָג פון דער תורה: לא תאַמץ את לבבך ולא תקפוץ את ידך מאחיו האביון... „זאָלסט נישט האַרט מאַכן דיין האַרץ און נישט פאַרדריקן דיין פויסט פאַר דיין ברודער דעם פאַראָרעמטן" — דוד האָט עס גלייך פאַרטייטשט אין יידיש־לשון און ממשיך געווען: זוכטס נישט יידן קיין תירוצים. דאָס איז אַן אויסרייד פאַר זיך, און אפשר פאַרן שטן. אָבער נישט פאַרן רבונו של עולם. זייטס מקיים דאָס ווייטערדיקע וואָס רעדט זיך דאָרט: כי פתוח תפתח את ידך לו... עפענען, זאָלסטו עפענען דיין האַנט, אָנטלייען; זאָלסטו אים אַנטלייען גענוג פאַר זיין באַדערפעניש.

די גאַרבער־יידן האָבן פאַר דודס הייליקע פּסוקים זיך אַ ביסל דערשראָקן. די תורה הייסט, און מען טאָר נישט מיט איר אָנהייבן, זיך אַנטקעגנשטעלן... און גלאַט — אַ יידיש האַרץ, איז נישט קיין האַרץ פון אַ גזלן. ס'האָט ווי געטאָן פאַר דעם געפאַלענעם הויז, פאַר דער פאַרשעמט געוואָרענער שטוב. ס'האָט אַ טאַטשע געגעבן די חרטה פאַר די אייגענע רייד, פאַר דער פריי געלאָזענער צונג: וואָסי, ס'איז שוין נישטאָ קיין יהדות? און אַז אַ מענטש פאַרבלאָנדזשעט, גליטשט זיך אויס, דאַרף מען אים שוין נישט העלפן? האָט מען דודס טאוונג שוין געזען מיט אַנדערע אויגן, ווייכערע, באַווייליקטערע; געהאַלטן ער פאַרדינט זיך גאָר אַ גרויסע מצווה, און מיטן ליידיקן אים נישט אַוועקגעלאָזט. איז ווער ס'האָט זיך באַשטייערט מערער, ווער ווייניקער. ווער ס'האָט געגעבן שוין אויף דער האַנט, ווער צוגעזאָגט אויף אַ ביסל שפּעטער. קיינער האָט זיך נישט באַפרייט. און דער פּדיון איז געוואַקסן אין בינטל מערער און ממשותדיקער.

ביי מענדל באַומען האָט דוד אָנגעטראָפן גרויס מיטגעפיל. מענדל האָט געהאָרכט זיין דערציילן. געשטאַנען מיט אַראָפּגעבויגענער פּלייצע, געשוויגן. געוויגט טרויעריק מיטן קאָפּ. אויפגעהויבן די באַומישע גרינגע אָפּלען, זיי אָנגעשטעלט אויף דודן: „עד עד, ס'איז אמת, האַ? מע האָט געזאָגט, ס'איז דאָרט אָן אויסגעריגען פּאָס... דער ניעטשאַסנער ייד: געפּוצטע שטיוולעך האָט זיך אים געוואָלט טראָגן, ווייסער קראַגן, געוואָלט זיך ווייזן פאַר אַ פּאָצעט... טרעפעס איז אים נישט אָנגעשטאַנען אָנטאָן

ביי דער אַרבעט. נו, איצט וועט ער שוין אָנטאָן, אָנטאָן...

מענדל האָט געמרוקעט, געהויבן די שווערע ברעמען, ווי ער וואָלט זיך אויף וועמען געבייזערט. שווער געשאַרט מיט די פיס איבערן הויפּישן שטעג. אַריין אין שטוב. צוגעטראָטן צום שופלאַד פון שאַנק. אַרויסגעצויגן דעם טייסטער, געציילט פּאַפּירלעך. דערלאַנגט דודן: נאָט, זאָל עס אים זיין אויף מזל און ברכה. נישטאָ ביי קיינעם חלילה קיין נקמה. זאָל גאָט אויסהיטן, יעדן ייד דערפון, באַשירמען. כ׳גיב עס מיטן גאַנצן האַרצן און ווי אַ הלוואה. ער זאָל שפּעטער מיטן אויבערשטנס הילף צוריק אָפּגעבן מיט כבוד.

דוד האָט לאַנג געדריקט מענדלס האַנט, מיט האַרציקייט: ער ווייסט און נישט פון היינט, אַז אונטער דעם אויסערלעכן האַרטן פּאַנצער, שטעקט אַ הייס יידיש האַרץ, אַן אַרויסהעלפנדיקע האַנט. און קלאָר אויך געוווּסט, ער וועט אים נישט אַרויסלאָזן מיטן ליידיקן. געבן זיין צושטייער ווי יעדער אַנדערער און אפשר נאָך שענער. אַזוי איז טאַקע געווען. געבענטשט אים ביים אָוועקגיין:

— איר זאָלט דערלעבן גוטס ר׳ מענדל. זיין אָפּגעהיטן פון אַ וועלכער ס׳איז אויסטערלישקייט.

— אָמן. גייטס, גייטס. לאָזט קיינעם נישט אַדורך — האָט מענדל ביי דודס אָוועקגיין אים צוגעמוטיקט.

ביי אברהם לעווקינדן אין שטוב, איז מען געווען אינגאַנצן צערודערט, אויסער זיך, ביים דערהערן צו וואָס דוד איז געקומען, גלייך מען וואָלט דערהערט אַן אומגליק חלילה אין דער אייגענער משפחה. אברהם איז געוואָרן בלייך. געקעמט מיט ציטערדיקע פינגער די געקרייזלטע באָרד. געקוקט מיט מאָדנע אויפגעריסענע אויגן, געשטוינט: וואָ, אַזוי ווייט איז עס שוין דערגאַנגען! טיף אָפּגעקרעכצט. געשפּאַנט איבער דער שטוב מיט שווערע טריט, זיך געקלאָגט: פאַרוואָס האָט ער אַזוי לאַנג געוואַרט, זיך אויסבאַהאַלטן. נישט אויפגעשטאָכן דעם בלאָטער באַצייטנס, אין אָנהייב, ווען ס׳איז נאָך געווען מעגלעך אינדערשטיל צו ראַטעווען. וויי... רבונו של עולם!

אברהם האָט זיך אויסגעפרעגט ביי דודן נאָך מער פּרטים, וואָס ער

האָט דאָרט געזען, און צי מען אַרבעט שוין אינגאַנצן נישט. מיט צער און ציטערדיקע הענט געגעבן זיין באַשטייערונג, דעם גרעסטן חלק פון אַלע: אויף אַ פּאָר טעכערס לעדער. צוגעווונטשן אויף הצלחה. אַנגעזאָגט דודן, ער זאָל טאָן אין דער זאַך וואָס מערער, וויפל נאָר ער קאָן. ר׳וועט זיך קויפן דערמיט עולם־הבא. נישט אָפּלאָזן קיינעם. און ער זאָל למען־השם נישט דערציילן וויפל איינער גיט.

אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, איז דוד אַריינגעקומען צו זאַמען מיטן בינטל געלט אונטער דער קאַפּאָטע. ווידער איז ער מיט אים אַריין אין קליינעם שטיבל. אָוועקגעזעצט זיך און נאָך לאַנגע הקדמותן, אויסרעדענישן, איבערבעטונגען, האָט דוד אָפּערגענומען דאָס בינטל, אָוועקגעלייגט אויפן טיש. געזאָגט:

— ר׳ זאַמע, איר זאָלט נישט פאַראיבל האָבן. מיר האָבן דאָס צוזאַ־מענגעלייגט אין אַ הלוואה, און נישט חלילה קיין מתנת־חינם. איך האָב אויפגעשריבן יעדערנס נאָמען, זיין חלק, טאָקע מיטן חשבון אָפּצוגעבן. השם־יתברך זאָל אייך העלפן, איר זאָלט אַריין אין די כוחות און יעדערן אָפּגעבן מיט דאַנק ביז אַ פּרוטה.

זאַמע האָט געקוקט שטום אויפן אָוועקגעלייגטן בערגל געלט. געקריגן פייכטע אויגן. די לעדלעך האָבן זיך ביי אים פאַרמאַכט און פון אונטער זיי האָבן גענומען אָפּערקאָפּען טראָפּנס. זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין שיי־נער באָרד. זיך דאָרט פאַרזאָפּט, פאַרזונקן געוואָרן.

דוד האָט מיט זיין פילבאָרן חוש דעראָנט: ס׳איז דאָס בעסטע, לאָזן אים איצט אַליין. נישט פיל רעדן, נישט טרייסטן, גאָרנישט. זיך שטיל געזעגנט. אָנגענומען זאַמעס האַנט, זי לענגער געהאַלטן, געוואָרעמט. אָנ־געווונטשן ברכות. אָוועקגעגאַנגען.

## קאַפּיטל זיבעצן
## מען הייבט אָן פון אויפסניי

נאָך אין זעלבן אויפדערנאַכט איז זאַמע געגאַנגען איינקויפן רויוואַרג.

נאָך דודס אָוועקגיין האָט זאַמע לייכטער אָפּגעאָטעמט. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אָפּגעווישט די טרער פון אויג. איבערגעציילט די „הלוואה״.

ס׳האָט געקאָנט סטייען אויף אַ צוויי קליינע פּאַרטיעס פּעלן פּאַר איינ־מאָל איינצווייקן: אַ ביסל בלייזן, אַ ביסל כראָמעס און נאָך אַ פּאָר אַנדערע שטיקלעך. ביי אַן אָנגעשטרענגטער אינטענסיווער אַרבעט מיט די אייגענע כוחות, און מיט גאָטס צוהילף, וועט מען קענען זיך אפשר אַדורכשטופּן, פּאַמעלעך זיך נערן, ביז ס׳וועט אויפשיינען פונדאַסניי די ליכטיקע זון פאַר זיין טיר... דער פונק פון האָפענונג האָט זיך פריש אַ צעוואָרעם געטאָן, באַהעלט מיט גלויבן: דאָס מזל איז דאָך אַ רעטעניש־פול רעדעלע, וואָס דרייט זיך אין געהיים, אַמאָל צו דעם, אַמאָל צו יענעם... ווער קען וויסן ווּהין ס׳וועט זיך דערדרייען — מעגלעך מיט פרייד צוריק אין זיין שטוב... און ס׳איז דאָך נאָר אַ הלוואה, נישט קיין נדבה. דער רבונו של עולם זאָל אים טאַקע העלפן, ער זאָל זוכה זיין בנחת, מיט דאַנק און וואָס פריער, יעדן איינעם דעם חוב צוריק אָפּצאָלן.

אויפגעוועקט אין דער האָפענונג, האָט עס אים אַ שטויס געטאָן: מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט!

זאַמע האָט זיך אָנגעטאָן אין די גוטע מלבושים. גענומען דעם שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל אין האַנט, געגאַנגען מאַכן דעם איינקויף. ווידער האָט פון אים אַראָפּגעקוקט די שיינע זויבערקייט: דער גלאַנץ פון די שיך, דער פיינער ראָק, דער ברייטער קאַשקעט מיטן זיידענעם בענדל, אויפן קאָפּ. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ס׳הייבט זיך אָן פונדאַסניי. ס׳וועט אַריינקומען אין זיין הויף די אַמאָליקע שיינענדיקע טעג, די טעטיקייט, דאָס לעבן.

ער איז אַריין צום ערשט, צום גראַבן ראובן, דעם אַגענט פון רויוואַרג, און מיט אַ ברייטן „גוטן־אָוונט". געהייסן זיך ווייזן אַפּאָר פּעקלעך „אויס־טראַלישע". באַקוקט, באַטראַכט, אויסגעקליבן, באַצאָלט באַר־געלט אויפן טיש. ראובן אַ פּיפּיקער פּאַרשוין, האָט מיט אַ פאַרקוועטשט אויג זיך אַ ביסל געוווּנדערט, אָבער אַנטקייגנגעקומען מיט דער גאַנצער העפלעכ־קייט ווי אַמאָל אין יענע גוטע צייטן: ער ווייסט פון גאָרנישט. ער האָט גאָרנישט געהערט, גאָרנישט געזען. מען גיט געלט, פאַרקויפט ער. און אפשר איז טאַקע דאָס, וואָס מ׳האָט געזאָגט, אויסגעטראַכט? ס׳איז גאָר דערזעלבער זאַמע ווי געווען. ער האָט אים אויך אַזוי אַרויסבאַגלייט מיט

כבוד ביי זיין אַוועקגיין. זאַמע האָט נאָך פאַרקערט צו אַ צוויי אַנדערע רויוואַרג־הענדלער. געמאַכט אַ קניה פון אַ ביסל קאַלבס־פעלעכלעך און אויך דאָרט — מיט דעם זעלבן העפלעכן אַרויסגעוויזענעם „ברוך־הבא״, פאַרערונג. צוריק אַהיימגעגאַנגען.

אין דעם אויפדערנאַכט האָט מען ביי די שאַרפשטיינס אין שטוב פאַרברענגט היימלעכער ווי אין די אַלע פריערדיקע נעכט. דאָס ליכט האָט געלויכטן הייטערער, אויפגעמונטערטער. פעשע אַנגעוואָרעמט מיט גלויבן, מיט בטחון, האָט אָפּגעקאָכט אַ גוטע וועטשערע. געוויזן אַ לאַכעדיק פּנים ווי שוין לאַנג נישט. געהאָט פאַרב אין די באַקן. און כאָטש אינערלעך האָט אַ ביסל געגעסן די בושה, די פאַרשעמונג, האָט זי עס פון זיך געטריבן. אדרבה, געזוכט אַרויסצוברענגען אויפן געזיכט דעם שמייכל, די פריילעכע מינע: זיכער וועט פון היינט אָן זיין שוין גוט, לייכטער. פעשע די צניעותדיקע און געטרייע ווייב, האָט אַפילו געפּרווּט ווירקן אַ טראָפּן ווייבעריש. צוגעקומען צו זאַמען, געגלאַשטשעט, אָפּגעגלעט זיינע האָר, דעם שטערן, און אינדערשטיל ווען קיינער האָט נישט געמערקט אים אַ קוש געגעבן אין באַק, ווי אין די גוטע צייטן, ווען דאָס ווייבלעכע גוטע־געמיט אין איר האָט זיך צעוואָרעמט צו אים, איר ליבן געטרייען מאַן.

— זעסט זאַמעשי, גאָט פאַרלאָזט נישט אינגאַנצן. דאָס מזל וועט זיך נאָך אומקערן אין אונדזער שטוב מיט אַ לאַכנדיק פּנים. וועסט זען.

— הלוואי, פעשע קרוין. כ׳זאָל נאָך דערצו זוכה זיין. קאָנען אָפּווישן פון מיר די זינד, די בושה. קאָנען זיך פרייען מיט דיר, מיט די קינדער. דערלעבן נחת.

— וועסט זוכה זיין. גלייב, זאַמעשי.

— איך גלייב. ווי דען? אוודאי גלייב איך.

זאַמע האָט געוווּסט, ווי שווער ס׳וועט זיין. נישט מיט אַזאַ קליינעם סכום רויוואַרג קאָן מען באַטרייבן אַ גאַרבעריי. ס׳וועט זיך האַמעווען. דאָך אין זיין באין־ברירהדיקייט, נישט וועלנדיק אָנווייען זאָרג אויף דער שטוב, געמאַכט זיך האַרץ, יאָ צו גלייבן. גענומען זיך אָנהאַלטן אין דעם אומגעזונענעם צוגעוואָרפענעם רעטונגס־גאַרטל אין צעשטורעמטן ים: ס׳קען דאָך אַ נס געשען, מ׳זאָל אַרויס פון די ווילדע כוואַליעס אויף דער

טריקעניש... ס׳האָט דאָך שוין ביי אַנדערע אויך אַזוינס פּאַסירט און ניצול געוואָרן.

האָט ער זאַמע טאַקע דערווייל געזוכט מאַכן זיך אַ טראָפּן פאַרגעסן. אָפּדערציילט פאַרן ווייב ווי פריינטלעך מ׳האָט אים באַגעגנט אין גאַס. געגעבן שלום־עליכם. געמיינט, ער איז אַ צייט נישט געווען הי אין שטאָט. אויך די סוחרים פון רויוואַרג האָבן אים גאָר בכבודיק אויפגענומען. ער גלייבט, דער הימל וועט זיך פאַר אים אויסלייטערן.

— ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. לאָמיר האָפן זאַמעשי — האָט פעשע צוגעטרייסט.

די נאַכט איז אַ דורך, ווי שוין לאַנג נישט; רואיק, ליבלעך און פרידלעך.



זאַמע האָט געגומען טאָן צוריק אין הויף און שוין אין די גאַרבער־הויזן, אין די גאַרבער־שיך און מיט די אייגענע הענט. ער איז אויפגעשטאַנען אין פריען טאָג, אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט. מיטגענומען מיט זיך ווערמען פון די קינדער. די רויע פעקלעך פעלן האָט מען צעעפנט. אָפּגע־רייניקט. אַריינגעוואָרפן די פאַרטריקנטע אין פאַס צום אויפווייקן, די פרישע גלייך אין קאַלכגרוב צום אויסקאַלכן. אָנגעשניטן נייע גאַרב־קאָרע. געגרייט זיך מיט חשק צו דער פרישער מלאכה.

די הויפּט צוהעלפערין, די פלייסיקסטע מיטאַרבעטערין איז געווען ווי תמיד, כייקע. זי איז געגאַנגען די ערשטע צו הילף. גרייט אַלץ צו טאָן. זי האָט שוין ביי דער אָנהייב אַרבעט, געקריגן רויט צעפלעמלטע באַקן, צעוואָרפענע צעשויבערטע האָר. געטאָן יעדער זאַך מיט ווילן, מיט גע־טריישאַפט, פאַרמעכיעט, ווי זי וואָלט מיט איר אייגענעם כוח געוואָלט צוריק אויפהייבן די שטוב, אַריינברענגען לעבן, די אַמאָליקע באַוועגונג אין זייער הויף.

— טאַטעשי, כ׳וועל אַלץ טאָן. אַפילו רייניקן פון קאַלך, מען זאָל נישט דאַרפן אָוועקגעבן געלט פאַר אַ פרעמדן מענטשן — האָט כייקע דערקלערט פאַרן פאָטער, זיך פּשוט ביי אים איינגעבעטן.

— ס׳איז נישט פאַר קיין מיידל צו שטיין ביי קאַלך־אַרבעט. דאָס איז פאַר אַ מאַנספּאַרשוין. אָבער דו וועסט האָבן צו טאָן ביי עפּעס אַנדערש.

און דאָס וועט אויך זיין גוט און נוצלעך. ביסט אַ גוט געטריי קינד.

— כ׳וואָלט אָוועקגעגעבן מיין לעבן, די שטוב זאָל זיך צוריק אויפ־ריכטן, צו זיך קומען.

— כ׳גלייב דיר מיין טייער קינד. דערפאַר וועט דיר גאָט העלפן מיט אַ סך גוטס.

אין אַ פּאָר מינוטן אַרום, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט:

— אַז ס׳וועט ווערן לייכטער, וועסטו טאָן מיט אונדז, די טעכטער, שידוכים. יאָ, טאַטעשי?

זאַמע האָט זיך אויף איר אומגעקוקט, און מיט אַ ביסל פאַרווירונג: וואָס עפּעס האָט זי פּלוצעם דערמאָנט אָט־אָ־דאָס? ער האָט שוין באַלד פאַרגעסן דאַרין... מסתם רעדט זי נישט אומזיסט. ס׳רעדט פון איר אַ שטים, צו מאַכן אים צוריק דערהערן, געדענקן...

— אַוודאי וועט מען טאָן אין דעם; פאַר דיר, פאַר ריוולען. ענק חתונה מאַכן.

— און פאַניע?

— פאַניע? וואָס קאָן איך דיר זאָגן מיין קינד. כ׳ווייס אַליין נישט...

זאַמע האָט אָפּגעקרעכצט. יאָ, ער האָט נישט קיין מזל: אַזאַ געראָ־טענע טאָכטער און גאָרנישט, ס׳רירט זיך נישט פון אָרט... ער ווייסט נישט ווער ס׳איז דאָ שולדיק: ער? זי?... ווער ווייסט נישט ס׳איז דאָ גורם.

— איך גלייב אַז פון היינט אָן וועט שוין מיט אַלעם זיין גוט אין שטוב. גאָט וועט אונדז העלפן. ער וועט אונדזער געבעט דערהערן. אויך פאַר אונדז קינדער... יאָ, טאַטעשי?

— איך גלייב אויך אַזוי, הלוואי!

מ׳איז געבליבן שטיל.

אין שווייגעניש האָט מען זיך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. געלאָזט אין גאַנג די הענט און מיט להוטקייט ווי אַן אויסגעהונגערטער לאָזט זיך להוט צו צום ברויט, שלינגט מיט איילעניש, זוכט גיך צו דערזעטיקן זיך. די הענט אויסגעהונגערטע, האָבן אויך געוואָלט אָפּגעבן פאַר דער גאַנצער צייט אַרומגיין ליידיק, פאַר די לאַנגע טעג ליידנדיקער בענקעניש צום טאָן; צום אָנזעטיקן זיך מיט מי, מיט האָרעוואַניע.

צו אָונט־צו, נאָכדעם ווי מ׳האָט אָפּגעטאָן אַ פולע אַרבעט: געברענגט אין אָרדענונג די פּעסער, די קאַמערן וואָס זענען געווען אָפּגעלאָזן; אַרומגערייניקט די געשטעלן, געלאָשן פרישן קאַלך אין הויפּטגרוב פאַר די קאַלך־גריבער, איז מען אַריינגעקומען צוריק אין שטוב, מידע, אָנגע־שווערטע, אָבער צופרידענע, ווי דעמאָלס, ווען מען ווייסט, מ׳האָט עפּעס געשאַפן, אָפּגעצאָלט דעם טאָג־לעבן. מ״האָט זיך אַרומגעוואַשן, געזעצט צום טיש אָפּעסן די מאָלצייט. געבליבן אַ ביסל לענגער פאַרזוימען. גערעדט, געשמועסט, געזוכט זיך צו צעשטרייען און דערנאָך קוים באַוועג־דיק זיך פון די אַ סך שווערע אָנגעהאָרעוועטע שעהן, געגאַנגען שלאָפן. יעדער ביי זיך אין האַרצן מיט באַגער, מיט געבעט אויף די ווייטערדי׳קע טעג; ביי ווּעמען מיט האָפענונג מיט גלויבן און ביי ווּעמען שוין מיט אַ ביסל פּייַנעדיקן ספק...

ס׳איז פאַרגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. זאַמע האָט זיך געמיט צו טאָן מיט פליס די אַרבעט ווי אין די יונגע יאָרן. זיך געפּאָרעט ביים קאַלכגרוב, ביים גאַרבפאַס, ביי די רייניקונגס־געשטעלן; גערייניקט, געשווענקט, געגאַרבט. פאַרברענגט דעם גאַנצן טאָג אין הויף — איינגעשפּאַנט, ווי דער אָקס אין אַקער. געזוכט אַריינצוברענגען דאָס ברויט, די באַשפּייזונג, דאָס געגונגנטאָן דער שטוב.

יאָ, ער האָט זיך געמיט און זייער אַ סך. אָבער ס׳איז נישט געווען, ווי ס׳האָט זיך געוואָלט ס׳זאָל זיין. געגאַנגען שווערלעך ווי אָן אונטער־געשטופּטער וואָגן אויפן זאַמדיקן באַטשגעם וועג. וואָרעם ס״זאָל גיין גוט, נאָרמאָל ווי דער שטייגער אין אַ גאַרבער־הויף, האָט געפעלט די „קייט״ וואָס באַוועגט זיך אין קרייז, אין איר איינגעשטעלטן סדר. ביי דער גאַרבעריי אַרבעט: איין פּאַרטיע פעלן אין די פּעסער ביים גאַרבן זיך, אַ צווייטע — ביים אויספּאַרטיקן צום פאַרקויף, אַ דריטע — רויעס, צו־גרייטן צום פאַרווייקן. אַזוי דרייט זיך די קייט אין אירע רינגען, פאַרקייטלט איינס מיטן אַנדערן אין איין גאַנצקייט, אין אַ שטענדיקער באַוועגונג, אין כסדרדיקן אַרבעטס־גאַנג.

פאַרפעלט מען איין עטאַפּ, ווערט אָפּגעריסן אַ רינג, שאַפט זיך

אַ חלל, אַ בלויז. סע האָמעוועט זיך. ווייל וואַרטן ביז דער פּאָסטן סחורה וועט זיך אויספּאַרטיקן, ווערן פאַרקויפט, דערנאָך גיין איינשאַפן פרישע רויוואַרג אויף אייגווייקן — פאַרצערן זיך די טעג. די צייט גייט אַוועק. דאָס מויל פאַרשלינגט דערווייל דעם ריווח מיטן קרן, און ווידער ווערט אַ לאָך אינעם דנאָ; ס׳רינט אויס, ווערט ווייניקער אין פאָס און אין דער קעשענע.

ביי זאַמען איז אַצינד געווען אַזאַ ענלעכע לאַגע. די אַרבעט האָט זיך נישט געפוגעוועט, נישט אָנגעיאָגט איינס דאָס אַנדערע אין די רינגען און ס׳האָט דערפאַר זיך נישט געזען קיין מזל־ברכה. ער האָט עס גוט איינגעזען. מיטן געדאַנק עס טרויעריק באַנומען און זיין הארץ האָט פונסביי זיך אָנגעפילט מיט ביטערער זאָרג, מיט ביטערע ספקות. דערצו האָט אים נאָך אין דער שטיל געמאַכט דערמאָנען, געדריקט די חרפה פון דער צוזאַמענגענומענער „הלוואה״. געקוקט אויף דער פעל, געזען יענעמס געלט און אויך אַן פעולה, אַן גרויסער נוצלעכקייט.

אין די דאָזיקע שעהן, איז אים זאַמען באַפאַלן אַ גרויסער עגמת־נפש און כמעט אַ פאַרדראָס אויף דעם דוד ראָזנקראַנץ, פאַרוואָס ער האָט זיך אַריינגעמישט, מרחם געווען, געגאַנגען פאַר אים טאָן, צוזאַמענעמען און דערמיט אים נאָך מער פאַרשוואַרצט דאָס פנים, מבזה געמאַכט. און וועט עס דען העלפן? ער זעט, ס׳איז אַנגעחתמעט... און דאַריבער צוואָס נאָך געוואָרן אין דער לעצטער מינוט: אַ מקבל, אַן אַרעמאַן וואָס שטרעקט אויס די האַנט. נעכיי וואָלט מען אים כאָטש דאָס פאַרשפּאַרט, געלאָזט צורו.

די דאָזיקע טראַכטעניש האָט געמאַכט נאָך מער אין אים אויפשרייען דעם ווייטיק, דעם צער אויף זיינע פאַרשעמטע יאָרן. די הענט האָבן גענומען אונטערציטערן שטייענדיק ביי דער רייניקונגס־אַרבעט, געמוזט פעסטער צוהאַלטן דאָס שאַבמעסער, ס׳זאָל נישט אַרויספאַלן פון אַט די הענט. צומאָל געבליבן אָנגעלענט מיטן ברוסטקאַסטן אין קאַנט פון ברעט. געבליבן אַזוי ליגן אין אָנמאַכט, אין קאַפּ־בלענדעניש.

יאָ, ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך, זאַמע. פונדאָסניי אַראָפּ פון מוט, און נאָך מערער ווי פריער. זיך געראַנגלט מיט די באַפאַלענע נאָגנדיקע רעיונות, דמיונות, מיט די מינדערווערטיקייטס־געפילן. גענומען זיך פשוט

שעמען פאַר מענטשן, פאַר דער אייגענער שטוב. ווי לאַנג ער האָט נאָך נישט געהאַט אָנגערירט פרעמדס, נישט פאַרזוכט פון יענעמס האַנט, איז ער אַרומגעגאַנגען, הגם אויך געננג אין שווערן געמיט־צושטאַנד, אָבער דאָך מיט אַ געפיל פון אָפּגעהיטענעם כבוד: קיינער ווייסט נישט. זיין שטוב איז ריין פון ווערמענס געשאַנק. די זעלישע קוויילענישן זענען געווען טאַקע גרויס. יאוש און האָפענונגען האָבן זיך כסדר געביטן ווי לויפנדיקע וואַסער־שטראָמען. נאָר דער גלויבן איז נאָך אַלץ נישט געווען אויסגעלאָשן. דאָס געפיל נישט פאַרפלעקט. זיין אָרנטלעכער נאָמען נישט אָנגערירט. אַמאָל איז גאָר אין אים אויפגעגאַנגען אַן אויפגעלויכטענער פונק: ער וועט זיך אַרויסרייסן פון דער ביעדאַ, פון דער קלעם. זיך באַגייען מיט אַ נייער הויט — דורך אַן אומפאַרויסגעזעענעם נס. ס׳וועט אָפּצאָלן פאַר די ליידן.

איצט נאָכן פאַרזוכן פון דער פרעמדער גאָב און אויך ווי אויף בחינם, אויף גאָר אומזיסט (ס׳האַרץ האָט אים אַ צינד כסדר אונטערגעזאָגט שווערע ביטערע נביאותן), האָט עס אים אינגאַנצן דערשלאָגן. געמאַכט פון אים אָפּטאָן יעדעס מענטשלעכע האָפטיקייט, יעדן מענטשלעכן ווידערשטאַנד, דערהאַלטונגס־כוח.

אָבער ווי ס׳זאָל נישט זיין, דער אויפגעגאַנגענער טאָג האָט געפאָדערט ס׳זייגיקע, מזונות, אויפהאַלטונג. זאַמע איז אַרויס אין פרימאָרגן, אין גאַרבעריי, געטאָן וואָס ר׳האָט געטאָן, אין שטילקייט, אין איינזאַמער פאַר־רעניש, אין לאַנגזאַמער באַוועגונג. קיין פּועלים האָט ער נישט געהאַלטן. זינט ער האָט זיי יעמאָלט אָפּגעשאַפט, האָט ער מער נישט צוגענומען. די אַרבעט האָט ער אויסגעפירט אַליין מיטן עלטערן ייִנגל נתן, אַ שטיל געהאָרכזאַם ייִנגל, אַ פאַלגעוודיקער, וואָס האָט אין דער לעצטער צייט אויפגעשפּראָצט העכער, כמעט אַ בחורל. זאַמע האָט אים אָפּגענומען פון מאָדערנעם חדר (חדר־מתוקן), וואָס איז געווען שוין ווי אַ האַלבע שולע. צוגענומען אים צום פאַך. אים אַריינגעפירט אין דער מלאכה.

און אַזוי האָט זיך געפירט די אָרעמע אַרבעט פון טאַטן מיטן ייִנגל צוהילף (מען האָט שוין כייקען אויך נישט איבריק באַדאַרפט). זאַמע אַרומגענומען אין לעדערנעם פאַרטעך, איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבער

דער קאָזלע, געשאָבן די פעל, געקראַצט די מעזדערע, גערייניקט. זיינע הענט שטענדיק ריינע, אָפּגעהיטענע, אָפּגעוווינט פון דער שווערער גאַר־בעריי־אַרבעט, זענען נישט געגאַנגען ווי ס׳געהער צו זיין. גיך מיד געוואָרן און שוין פון די ערשטע טעג — שאַרסטקע, פאַרגרעבט, אַנגעווירן די העלע קאָליר פון דער הויט. געדאַנקען האָבן, בעתן טאָן, געקרייזט אין זיין מוח. זיך געקרייציקט, געוויטערט, אַדורכגעשנירלט מיט זכרונות, דער־מאָנונגען. געמאַכט אויפוועקן פאַמעלעך זיין לעבנס־וועג: אָנהויב בחורישע יאָרן, פריילעך־נייגעריקע; שפּעטער אַ יונגער געפּוצטער פאַצעט מיט צעשפּילטער יוגנט־לוסט; דערנאָך פריידיקער צייט מיט ווייב און קינדער־לעך. דאָס באַפעסטיקן זיך פון זיין שטוב, זיין נחלה. געמיינט ער נעמט אַרום מיט זיינע אָרעמס די גאַנצע וועלט. און געווען מינוטן, ווען ער האָט זי טאַקע אַרומגענומען...

...און ווי לאַנג איז עס אינגאַנצן ווי דאָס אַלץ איז געווען. ער הערט נאָך די קלאַנגען פון די מענטשלעכע שטימען אין זיין הויף: ס׳רוישט, הילכט. פול מיט באַוועגונג, מיט אימפּעטיקן אַרבעטס־אָטעם. מ׳גייט אַריין, מ׳גייט אַרויס. מען טראָגט אים אָנטקייגן דעם „גוטן־מאָרגן" מיט פריינט־לעכן שמייכל. געווען אַ כבוד מיט אים צו האַנדלען, פירן מסחר. אים געהאַלטן פאַר אַ זייער קוראַנטן, אַ געזיכערטן. פאַר אַ שטיק עושר. געקומען צו אים נאָך טובות, נאָך שיינע נדבות, נאָך שפּענדונגען: פאַר דער שול פאַרן בית־המדרש, פאַר „קרן־קימת", „קרן־היסוד", פאַרשידענע חברות — אַלעמען געגעבן און מיט באַוויליקטער האַנט (ער פאַרמאָגט עס הייבט נישט, וואָס ר׳האָט אָוועקגעשענקט פאַר ווילטעטיקע צוועקן). און אַז לאה דעם געלן בינעמס ווייב, האָט געוואָלט אָנזאַמלען פאַר דער טאָכטער אַ נדן, איז זי געקומען צו אים אָוועקלייגן דעם פּקדון. ער האָט עס געהיטן ווי אַן אוצר. צו דער חתונה פון דער טאָכטער צוגעשענקט נאָך אַ שיין דרשה־געשאַנק. לאה האָט אים געבענטשט מיט אַלע ברכות פון הימל. געוווּנטשן אים ס׳אייביקע לעבן. געבערענגט אַ צווייטמאָל צו באַהאַלטן פאַר דער יינגערער טאָכטער. אָבער ווען ער האָט געזען ס׳מאַכט זיך שלעכט, דער מצב גייט באַרג־אַראָפּ, האָט ער עס גלייך צוריק אָפּגעטראָגן. נישט געוואָלט מער האַלטן ביי זיך, ער זאָל נישט חלילה נכשל ווערן מיט אַזאַ אָרעם

אָפּגעהיטן געלט. איר גע׳עצהט, זי זאָל עס געבן אין באַנק, זי וועט נאָך קריגן פּראָצענט. ער קען זיך היינט נישט דערמיט פאַרנעמען. לאָה די בראָווע יידענע, האָט זיך געאַמפּערט, געבעטן, ער זאָל עס יאָ האַלטן. ביי אים איז עס זיכערער און ליבער ווי אין באַנק. ער האָט איר נישט נאָכגעגעבן. געמוזט פון אים צוריקנעמען.

בכלל האָט ער געהאַט אַ ברייטן צוגאַנג צום לעבן. און ער וואָלט עס אָנגעהאַלטן ביזן לעצט, ווען נישט דאָס אומגליק: געלאָזט זיך פאַנגען פון יצר־הרע, פון זיין אַנרעדעניש, אַריינצוטרעטן אין אַ שותפות אין וואַרשעווער געשעפט — אַ פאַרשטעלט לייבנגרוב... און כדי צו לעשן די שריפה אין וועלכער ס׳האָט געזונקען, האָט ער נאָך צוגעשיקט — אָנגערעדט דורכן זון — נייע סחורות, נאָר־וואָס אָפּערגענומען פון אונטער דער גלאַנצמאַשין, פון אונטערן רעקאייזן. געשמעקט נאָך מיט דער פרישקייט פון זייער געזונטער גאַרב־ריח, גוטער אויסאַרבעטונג. געוואָלט ראַטעווען. אָבער אויך דאָס איז „פאַרברענט״ געוואָרן. נישט צוריק געזען קיין גראָשן. דער הויף ביי אים, איז געזונקען טיפער, מיט אַלץ מער זיך אויסליידנדיקע פעסער. ביז... יאָ, וואָס איז שוין דאָ צו רעדן. פינצטער און אומגליקלעך איז זיין וועלט.

אין די דאָזיקע עלנטע שווערע מינוטן, איז אין אים אויפגעגאַנגען דאָס וואָס האָט געגלימלט אין זיין אונטערבאַוווסטזיין, די לעצטע ברירה: פאַרקויפן דאָס הויז מיטן פּלאַץ, אַוועקפאָרן אין אַן אַנדערע שטאָט, נעמען זיך צו אַן אַנדערער פּרנסה. אָבער דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן אויסצופירן. קיין גאַרבער האָט עס נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געטאָן. אין זיין גרעסטער נויט נישט אַוועק פון דאַנען. נישט פאַרלאָזט אפילו דאָס אָרעמסטע שטיקל נחלה. געוווסט ער וועט עס אויך נישט טאָן. ר׳האָט נישט דאָרויף קיין שליטה. צוגעבונדן מיט טויזנט פעדעם צו דעם אָרט. דאָ האָבן זיינע עלטערן געלעבט, זיינע זיידעס; דאָ איז ער געבוירן, דאָ מוז ער ווערן פאַרלוירן. אַ חוץ דעם: ס׳איז נישט זיינס. ס׳איז די קינדערס און קינדס־קינדער. געהייליקטע ירושה פון דורות. און פאַר זיי די קינדער, וועט נאָך גלייבט ער, אויפשיינען די זון. ער, פאַרפאַלן, מוז זיך האַלטן מיט זיין גורל —

— טאַטעשי, זאָל איך אַריינוואַרפן די קעניגלעך אין גאַרב? — איז צוגעקומען זיין „געהילף״, דאָס יינגל נתן, מיט אַ שטויסל אויסגעשוועקטע קליינע קראַליקלעך אויף דער האַנט, אים איבערגעריסן דאָס טראַכטן.

זאַמע האָט געקוקט אויף די אַראָפּגעהאַנגענע פעלעכלעך, וואָס זענען געלעגן פאַרוואָרפן אומבאַהאָלפן אויפן יינגלס אָרעם. מיט טרויעריקן חוזק און זיך געטראַכט: אָט, וואָס ס׳איז געוואָרן זיין מלאכה... ער האָט דאָס קיינמאָל אין הויף נישט אַריינגענומען. צוגעוואָרפן עס צומאָל פאַר די יונגען, די פועלים, פאַר זייערס אַ זייטן־פאַרדינסט. היינט איז עס געוואָרן שוין באַלד אַן עיקר־אַרבעט אין זיין גאַרבעריי. ער האָט אויפגעהויבן זיין בליק העכער אויפן יינגל. געזען די מיט קאַלך באַשפּריצטע הייזלעך, די גאַקעטע אָפּגעדעקטע פיס, די שוין פאַרגרעבט געוואָרענע קליינע הענט און ס׳געוויין איז אים אַנגעפלאָסן אין האַלדז, געשטיקט, נישט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם: ער האָט דאָך געוואָלט לאָזן דאָס יינגל לערנען און נישט נעמען אים אין אַזאַ פריען עלטער צו דער אַרבעט. געוואָלט אים געבן לערע, בילדונג, מאַכן פאַר אַ לייט. פאַר אַ נוצלעכן מענטשן אין לעבן.

זאַמע האָט אָוועקגענומען דאָס פּנים, ס׳יינגל זאָל נישט אַריינקוקן דאַרין, דערזען ווי די טרערן זענען אים אַנגעפלאָסן אין די אויגן, רייסן זיך צום אויסגיסן.

— וואַרף אַריין, טו אַזוי — האָט דער פאָטער געענטפערט מיט פאַרשטיקטער שטים.

דאָס יינגל האָט זיך אָפּגעקערט, אַוועק צום קליינעם גאַרב־פאַס, זיי אַריינוואַרפן צום אויסגאַרבן. זאַמע האָט אים טרויעריק נאָכגעקוקט.

ער האָט גענומען דאָס שאַבמעסער צוריק אין די הענט. זיך אָנגעבויגן צו נעמען רייניקן און ווידער האָבן אים מאַטערנדיקע מחשבות אָנגעהויבן פאַרפלייצן, באַגוועלטיקן, פייניקן:

...יאָ, וואָס האָט ער שוין פון דעם מאַרודיען, פון זיין טראַכטן. ס׳איז אָפּגעטאָן. ער וועט דאָס ראָד שוין מער נישט צוריק דרייען. און קיינער קאָן דעם מענטש נישט פאַרשאַפן אַזויפיל שלעכטס און צער, ווי ער טוט זיך דאָס אַליין מיט די אייגענע הענט. ער האָט געהאַט צו גרויסע אויגן, אומגעשטילטע. געגאַרט אַריינכאַפּן. גרויס ווערן. און נישט אַזוי פון הונ־

געריקער להוטקייט צום געלט, ווי פון אַ מוטשעניש וואָס האָט אים געמוטשעט, געטריבן זיך אַרויסהייבן: „הייב דיך אַרויס. ווער אָנגעזען. באַווייז ווער דו ביסט, פאַר דער גאַס, פאַר מענטשן, פאַר דער גאַנצער וועלט!" אַ קול אַזאַ, האָט אין אים כסדר גערופן, געשטויסן, גערודערט; געמאַכט גלוסטן: נאָך כבוד, נאָך לויב, נאָך רום. פון אָט דעם געפיל זיך נישט געקאָנט באַפרייען. מיט שטילן געמיט האָט ער באַנומען די הייליקייט פון זיין רואיק שטילן ווינקל, פון זיין שטילער נאָרמאַלער פּרנסה, פון בכבודיקן אָפּעסן די מאָלצייט — באַנומען און נישט געקאָנט זיך גובר זיין. דער יצר־הרע איז געווען שטאַרקער פון זיין פאַרשטאַנד, פון זיין אינערלעכער קלוגשאַפט. גערייצט אים מיט גלוסטעלנישן, אָנרע־דעניש, מיט פאַרפירעניש פון עולם־הזה, אַרויסהייבן זיך — און נישט מער עס צום באַגוועלטיקן, צום באַהערשן.

איצט האָט ער דעם שכר. זעט, דעם מענטשנס שכל איז שוואַך און נאַריש, אַ געלעכטער פאַרן שטן.

...אָבער פאַרוואָס לאָזט גאָט צו, די שלעכטע געדאַנקען און נאַרישע מחשבות צום מענטשנס מוח, צו זיין האַרץ; פאַרוואָס לאָזט ער, דער מענטש זאָל זיך שטרויכלען, דערנאָך באַשטראָפט ווערן? גאָט איז דאָך אַ יודע־מחשבות, אַן אַלמעכטיקער און אַ בעל־רחמים. ער קאָן דאָך דאָס פאַרמיידן, אויסהיטן פון דעם שוואַכן בשר־ודם. און ס'וואָלט געווען גוט פאַרן מענטשנקינד און שיין פאַר אים דעם באַשעפער אַליין. אמת, ער ווייסט, אַלץ איז געגעבן פון הימל, חוץ יראת־שמיים. אָבער מיט דעם איז ער געווען גאַנץ. געטאָן אַלץ וואָס אַ ייד דאַרף טאָן. געדינט אים ערלעך. אָפּגעהיטן דאָס דאַוונען. געגעבן צדקה. געטאָן מענטשן טובות — טאָ פאַרוואָס איז נישט פון אים פאַרמיטן געוואָרן די צרה, אָפּצוטאָן פון אים די ליידנשאַפט? ניין, ער פאַרשטייט נישט געננג אין די דאָזיקע זאַכן. דאָס זענען, מוז זיין, העכערע סודות פון דער השגחה...

מיטן אָפּגיין פון טאָג, איז זאַמע אַריינגעקומען אין שטוב, אַ מידער, אַ פאַרנודיעטער, אַ נעבעכדיקער פון דער אָפּגעלאָנגווייליקטער אָרעמער אַרבעט, פון די צעפּייניקטע געדאַנקען. ער האָט גלייכגילטיק אָפּגעוואַשן די הענט, עפּעס אָפּגעגעסן, אַוועקגעלייגט זיך אויף דער סאָפע אָפּרוען.

געבלאָדזשעט מיטן בליק איבערן טונקעלען אָרום. אָנגעשטויסן זיך מיט די פאַרשטילטע אָפּלען אויפן ווינקל פון שאַנק, ווו אין דער הייך אויפן ראַנד האָט געהאָנגען דער שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל. געדענקט, אינעווייניק אונטער די שאַנק־טירן, רוט זיין אָנטאָן: דער שיינער ראָק. די קאָרטענע הויזן, דאָס הויכע היטל מיטן זיידענעם בענדל, וועלכעס ער האָט דאָס אַלץ איצט שוין ווייניק באַנוצט. זעלטן ווען ער איז אָפּגעגע־גאַנגען אין שטאָט. זיך נישט באַוויזן מער ביי ר׳ נח זינדעלעוויטשן אין גאַסטהויז. זיך נישט אָרומגעכאַפּט מיט די אַדורכפאָרנדיקע סוחרים, פאַ־בריקאַנטן פון דעם טעטיקן וועבעריי־שטעטל זעלעוו, פון דער גרעסערער טעקסטיל־שטאָט זדונסקא־וואָליאַ, וועלכע ציענדיק מיט זייערע אויסגע־אַרבעטע פאַבריקאַטן מיטן טראַקט קיין לאָדזש, זענען זיי אַריינגעקומען צו ר׳ נחן אָפּרוען ביי אַ געשמאַק גלעזל טיי. ער זאָמע פלעגט דאָרט דעמאָלט זיין, אין זיין היימישקייט מיט זיי, זיך אָרומגעכאַפּט, געפרייט. אויסגעפרעגט פאַרשידנס, היימישס, פאַמיליענדיקס; הויך געלאַכט דער־ציילט זיך מעשיות. געווען ביז גאָר צופרידן.

הייגט איז דאָס אַלץ שוין נישט געווען. געלעגן דאָ אין זיין שטיל פאַרקנוילטער וועלט, ווי אַ קראָט אין זיין אונטערערדישער נאָרע. גע־שטיקט זיך מיט די זיפצן, קרעכצן; געטריבן אים אויסצושרייען: געוואַלד, גאָט אין הימל, וואָס האָסטו פון מיר געוואָלט, וואָס האָסטו פון מיר געמאַכט. גייט שוין טאָקע אַלץ צו ענד?!...

ער האָט פון דעם פאַרשטיקטן נישט אַרויסגעגעבענעם געשריי, זיך אַריס געטאָן. אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיטביידע הענט, אים צוגעהאַלטן, ווי ער וואָלט מורא געהאָט, ער זאָל זיך חלילה נישט שפּאַלטן: זאָמע, וואָס האָסטו געטאָן! — איז דאָס קטרוגישע געפליסטער ווידער אַמאָל אַרויסגעקומען פון זיין מויל מיט ביטערן פאַרוואָרף — ביסט געוואָרן אַ גזלן אויף זיך אַליין, אויף דיין שטוב, אויף דיין הויף, אויף דיינע קינדער. וועסטו דען דאָס איבערטראָגן? ניין. פון בלויזער צער און בענקשאַפט וועסטו איינגיין... דער קאָפּ איז אים אַראָפּגעפאַלן טיף צום ברוסט. די הענט אומעכטיק זיך אַראָפּגעלאָזט, אַראָפּהענגנדיק ווי אומנויטיקע. ס׳האַרץ אין אים — פאַרקוועטשט אין יסורים, צום אויפּלייזן זיך...

איינע, וואָס האָט דערהערט דאָס נישט אויסגעשריגענע געשריי, דאָס געוויין פון זיין זאָמעס נשמה, איז געווען פּעשע זיין געטריי ווייב. זי, ווי ס'וואָלט צו איר דערגאַנגען דער פאַרשטיקטער יאָמער זיינער אין אַנדערן צימער, האָט אַריינגעאיילט צו אים.

— זאָמעשי — האָט זי געלאָזט הערן איר קול נאָך פון וייטן, ווייך און צערטלעך — איך בין דאָ.

פּעשע, אַליין געגנוג איבערגעגומען פון די צרות, איז אין דער לעצטער צייט שטאַרק אַראָפּ פון פּנים. באַקומען אַ מראה פון אַ קראַנקער, מיט פאַרדעכטיקע טונקעלע פלעקן אונטער די אויגן. דעם גאַנצן טאָג האָט זי ווי־עס־איז, זיך געפּאַרעט אין דער ווירטשאַפט, זיך באַוועגט פון איין אָרט צום אַנדערן, פון גרויסן צימער אין קיך, פון קיך אין קליינעם חדר, פון דאָרט אין פערדערהייזל און צוריק — ווי זי וואָלט מיט דעם האַרמידערן, רוכעווען, געוואָלט פאַרטרייבן דעם אומעט, דאָס געדריקטע שווייגן פון שטוב; אַריינברענגען עטוואָס לעבן, היימלעכע באַוועגונג. זי האָט גוט געוווּסט דעם אינערלעכן מצב, די פּיין פון אַלעמענס הערצער, די אומגעזעענע שלייף וואָס פאַרציט זיך אַלץ מער אַרומען הויזס האַלדז. געוווּסט וואָס דער מאַן לעבט איבער מיט זיינע גריזאָטעס, מיט זיינע זעלבסט־באַשולדיקונגען און דערפּאַר געווען נאָך מער צו אים וואַכזאַמער; געוואָרנט מיטן וואָרט אים נישט צו באַאומרואיקן, נישט צולייגן קיין לאַסט צו דער משא. דאָס וואָס איז געלעגן אין איר ביכולת, אין אירע מעגלעכקייטן, האָט זי אַלץ געטאָן און קודם און דער עיקר — אויפהאַלטן די אָרדענונג אין שטוב, ווי ווייט מעגלעך נאָרמאַל: ס'זאָל זיין אַ לעפל עסן אָפּגעקאָכט צו דער צייט. די צימערן צוגעקליבן, אַ ריין האַנטוך, אַ ריין העמד, אַ ווייך זויבער געלעגער. דאָס זאָגט נאָך עפּעס צו. אָן דעם איז אַלץ שוין אויפגעגעבן. אויס!

מיטן פאַרנאַכט ווען זאָמע איז אַריינגעקומען, איז זי געוואָרן צו אים פילבאַרער, שפּירעוודיקער. געדענקט, ער געפינט זיך אין גרויסן צימער, מיט דער טונקלניש אַליין. און ווערנדיק פלוצעם אומרואיק, באַקומענדיק אַ געפיל ווי מ'זאָל זי רופן, האָט זי איבערגעלאָזט דאָס טאָן אין קיך און אַריינגעאיילט צום מאַן. צוגענענט צו דער סאָפע וווּ ער איז געלעגן

אין זיין שטילקייט. זיך צוגעזעצט צו אים. אָנגענומען זיין האַנט. געגלעט, געזוכט לינדערן.

— ביסט מיד זאַמעשי, האַ? האָסט זיך אָנגעאַרבעט — האָט זי געזאָגט מיט ווייך מאַמעדיק קול.

— מיד... כ׳וואָלט באַשטאַנען נאָך מידער זיין, טויזנט מאָל מידער, נאָר כ׳זאָל קאָנען אויפהאַלטן דאָס הויז, ענק באַשפּייזן. אוי, וואָס האָב איך געטאָן, פּעשע קרוין!

— הייבסט שוין ווידער אָן. זעסט אַליין ס׳איז אַ ביסל אַנדערש געוואָרן. עפּעס טוט זיך דאָך. גאָט וועט אונדז נישט פאַרלאָזן. גלייב זאַמעשי און באַרואיק דיך — זי האָט מיט אַלע קרעפטן זיך געמיט אים איינשטילן, וואַרעמענדיק מיט אירע הענט זיינע קאַלטע פינגער, ווי זי וואָלט מיט דעם געזוכט אַריינגעבן כוח, וואַרעמקייט אין זיין גוף, אין זיין נשמה.

— ס׳טוט זיך זאָגסטו... ס׳איז אָבער ווי ס׳וואָלט זיך גאָרנישט געטאָן... — ער האָט זיך אויפגעזעצט עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט זי מיט אַ נאָענטן לייבלעכן בליק. עפּעס ווי אַריינגעדרינגען אין איר: „דו זעסט אויס שלעכט פּעשעשי. ביסט אַראָפּ אינגאַנצן פון פּנים. ביסט נישט אַמאָל חלילה קראַנק?“

—וואָס נאָך וועט דיר איינפאַלן. דאָס פעלט מיר נאָך צו... כ׳זע אויס טאַקע אַ ביסל שלעכט, ווייל איך האָב מיך אַ קאָפּ איבערגעמידעט אין דער אַרבעט. וואָרן כאָטש חיהלע העלפט מיר צו אין אַלעם, האָב איך נאָך אַליין אויך גענוג צו טאָן. אָבער טראַכט נישט אַריין וועגן מיר. זע, דו זאָלסט זיך האַלטן. זיין געזונט, כוח האָבן צו טאָן אין דיין אַרבעט — און פּעשע האָט מיט אַ כיוון אויסבאַהאַלטן, פאַרשוויגן אירע, אין לעצטנס אויפגעוועקטע שלאָפקייטן, ליידן, דאָס אויסגיין פון די כוחות. כדי אים נישט אָנצוטאָן נאָך מער צער, ביטערניש.

— וואָס עס זאָל נישט זיין, האָב איך צו גאָט איין געבעט, ער זאָל אונדז נישט צעשיידן. אַזוי ווי ער האָט אונדז געלאָזט אין די גוטע יאָרן זיך אָנהאַלטן איינער אין אַנדערן, זאָל ער לאָזן אונדז אויך אין די שלעכטע יאָרן זיך אָנהאַלטן. לאָזן אונדז זיין באַנאַנד — זאַמע האָט

עס געזאָגט מיט תפילה און פאַרפייכטער שטים, אַנענדיק עפּעס נישט גוטס, וואָס ליגט פאַרהוילן, לויערט אויף זיין הויז. געדריקט אירע הענט צו זיין האַרץ.

— דאָס איז אויך מיין געבעט, זאַמע קרוין מיינער! — אונטער אירע אויגנהייטלעך האָבן אויפגעבריט הייסע טרערן, אָפּגעהאַקט איר קול. זי האָט מיט כוחות איינגעהאַלטן דאָס געוויין, ס׳זאָל זיך נישט אַרויסרייסן פון איר קעל. אַנגענומען זיין קאָפּ, צוגעברענגט צו זיך, געקושט. איינזיך געטראַכט ווער־ווייסט. ווער־ווייסט, צו דער ווונטש זיינער און אויך אירער, וועט מקוים ווערן, האָבן אַ האָפּט...

זאַמע האָט געלאָזט אַ מינוט רוען זיין קאָפּ אין אירע הענט. געלאָזט אויף זיך פליסן אירע איידעלע צערטלעכקייטן, אירע געטרייע רייד, היילענדיקע טרייסט. דערנאָך לייכט זיך באַפרייט. אויסגעגלייכט.

— און וואָס איז מיט ריוולען, האַ? — איז ער פּלוצעם איבער־געגאַנגען וועגן דער טאָכטער, דערמאָנענדיק זיך אין שידוך — ס׳וועט עפּעס זיין דערפון? יאָ?... ניין?...

— כ׳ווייס אַליין נישט. זי רעדט נישט מער דערוועגן. כ׳פאַרשטיי זיי רייסן זיך דאָרט נישט איין צום גרויסן גליק... און אפשר וועט דערפון שוין גאָרנישט זיין. ווער ווייסט...

— נו, יאָ. כ׳האָב אויך איר אַ „טובה" געטאָן. נישטאָ וואָס צו רעדן — ער האָט ביטער אָפּגעקרעכצט. געוואָרן פאַרשוויגן.

— שוין, לאָמיר אַציגד אויפהערן דערוועגן רעדן. דרימל אַ טראָפּעלע, זאַמעשי. ס׳וועט דיך באַרואיקן. זי וועט זיך שוין געפינען איר זיווג, איר מזל... נעם דיך נישט איבער. איך וועל אַרייגגיין צוגרייטן נאַכטעסן.

זי האָט אים געהאָלפן זיך צוריק אויסלייגן אויפן קישעלע און אַליין איז זי אַריין אין קיך צוגרייטן נאַכטמאָל פאַרן מאַן.

## קאַפּיטל אַכצן
## וואָס ווייטער?

ריוולען איז נאָך אַלץ נישט געווען קלאָר איר צוקונפט. אַרומגעגאַנגען אין אַ פאַרלוירענער וועלט, מיט רעיונות, פרעגענישן: וואָס ווייטער?

וווהין גייט איר וועג? פון אַלע אירע פּלענער, פּראָיעקטן, מאַנעוורן, האָט זיך אויסגעלאָזט רויך, שטויב; געפאַלן איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער. זיינוואלען האָט זי פאַרשפּילט. מיט חיים־אַלטערן איז געווען כמעט ווי אויס. די שטוב צאַנקט, ברעכט זיך, זינקט ווי אַ טרינקנדיקע שיף. וואָס איז געבליבן איר צו טאָן? זי האָט נישט געוווּסט זיך געבן קיין ענטפער. אייגנס וואָס זי האָט יאָ געוווּסט און מיט איר גאַנצן באַוווּסט־זיין: זי איז גרייט זיך מקריב זיין, אַפילו מיט איר אייגענעם גוף, דורך איר אייגן לעבן — אָפּראַטעווען די היים. אויפהייבן זי פון דער שיפלות, פון דער געפאַלנקייט, וואָס איז די קינדערס פאַרשעמונג, זייער געפאַלנקייט. דאָס איז געווען איר איצטיקער פאַרלאַנג, איר טרייבנדיקער מחשבה. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען עס?

אין איר דמיון האָבן פונסגיי זיך געוועבט אידעען, בילדער, זעאונגען; רעאַלע, וויזיאָנעלע, האַלב־וואַרע האַלב־אויספּאַנטאַזירטע וואָס האָבן גע־בלענדט מיט הילף, מיט אַ צוגעפאַלן גליק, מיט צוזאָגעניש, מיט רעטונג — און צווישן דעם אַלעם און צו איר שטוינונג, האָט זיך געפלאָנטערט אַן עלטערער מאַן, אַ באַקאַנט פּנים, אַ גוט־פאַרמעגלעכער באַלעבאָס און אַ גינציקער צו זייער שטוב: מרדכי־מיכאל דעם טאַטנס ידיד.

— פאַרוואָס עפּעס ער?

די זאַך האָט געהאַט שייכות.

מרדכי־מיכאל האָט זיך פון אַלע יאָרן גערעכנט פאַר דעם נאָענטסטן מענטש, וואָס טראָגט אַ גרויסע פריינטשאַפט צו זייער ריוולס היים און באַזונדערס צו איר ריוולען. ריוול איז געווען זיין ליבלינג. זי איז אויך געווען דאָס גענויע אָפּבילד פון דער מאַמען אין איר מיידלצייט. דאָס האָט דעם אַלטן דערמאָנט אין יענע, יונגע יאָרן ווען אַלץ אַרום איז נאָך געווען אַזוי פריש, שיין און טרוימענדיק. ריוול פלעגט מער פון אַלע זיך באַווייזן ביי אים אין שטוב, געשיקט פון טאַטן וועגן פאַרשידענע ענינים: נעמען אַ גמילות־חסד, אָפּטראָגן אַ גמילות־חסד, נעמען אַ נייע הלוואה, באַשטעלן אַ וועגעלע גאָרב־קאָרע, נעמען פרוכטן פון גאָרטן. דער אַלטער האָט זי אויפגענומען ווי אַ ליבלעך משפּחה־קינד, מיט גוטע רייד, מיט לאַשטשונג און כבוד. זי האָט תמיד געקענט ביי אים אויספועלן

וועגן יעדער זאַך און דערביי מערקן, ווי די אויגן ביי אים ווערן ליכטיקער, שיינען אויף, רופט אַרויס אַ הייטערונג מיט איר אַגוועזנהייט.

ריוול אַ לוסטיקע נאַטור, אַ שטיק מזיק, וואָס האָט אַלץ גענומען לייכט, שפּילעוודיק, וואָס־נאָר ס'איז איר געקומען אונטער דער האַנט, האָט אויך דאָס אויסגענוצט פֿאַר איר פֿאַרגעניגן־וועגן, פֿאַר איר פֿאַרוויילונג. צומאָל געטריבן פֿון איר אומרואיק אינטריגעשן כאַראַקטער, האָט זי גענומען דעם אַלטן אַנציען: גענומען זיך פֿאַר אים פּיעשטשן, קעכלען, געברענגט אים דעם באַיאַרטן מאַן אין סענטימענטאַלן צעווייכטן צושטאַנד, צעווייכט אין זיין עלטער־בענקשאַפט. מרדכי־מיכאל פֿלעגט אין אַזאַ מאָמענט זי אויפֿהאַלטן לענגער. אַפּדערציילן פֿאַר איר פֿון זייער, אימס און איר טאַטנס יונגע יאָרן. זייער פעסטע חברשאַפט, זייער לוסטיק פֿאַרברענגען; פֿון איר שיינע מאַמע פּעשע, וואָס האָט אַלס מיידל בעת איר אַדורכגיין די גאַס, פֿאַרלויכטן מיט איר שיין געשטאַלט, און אין וועלכערביידע, ער און איר פֿאָטער האָבן זיך גלייך פֿאַרליבט. נאָר איר טאָטע האָט געהאַט מער מזל און זי באַקומען פֿאַר אַ ווייב — זאָל עס אים זיין אויף לאַנגע יאָרן!

אין זומער בעת די פּרוכטן אין סעדל האָבן זיך גערייפט אין זייער צייטיקן, האָט ער זי אַהין אַרויסגענומען. זי געפֿירט צווישן די ביימער. געריסן פֿאַר איר די זיסע קליינע פֿלוימען, „צוקערוווקעס" (קליינע זיסע באַרלעך), די רייפסטע און שענסטע קערשן. אָנגעשאָטן איר פֿולע הויפנס. צוגעגרייט אין אַ שקאַרמיץ, פֿאַר איר אויף אַהיימצונעמען. זי געצערטלט מיט ווייכע רייד ווי אַ ליבע גוטע פֿלימעניצע.

— עס רבקהלע. זשאַלעווע דיר נישט. ס'איז ברוך־השם דאָ גענוג. נעם דיר אַגריסן, וויינפּערלעך. נעם וויפֿל דו ווילסט. עס צום געזונט.

ריוול איז געפֿלויגן צווישן די קשאַקעס, ביימלעך, ווי אַ צעזשומעטע בין. אויסגעזוכט די קלאָרסטע, שענסטע פּרוכט: ראָזלעכע אַגריסן נאָך מיטן טוי אויף זיי; רויטלעכע שטענגעלעך אָנגעגאָסן מיט וויין; קאַרשן געבייכלטע אָנגעפּוישטע מיט זאַפט. זי האָט זיך געבערעוועט מיט די צווייגן. זיך געמיט אָפּרייסן מיט די בלויזע ציין. ווי אַ פֿויגל מיטן שנאָבל. געפּישטשעט, געצווישטשערט קאַנאַריקיש, אָנגעפּילט דאָס סעדל מיט פֿריי־לעכן רויש, מיט לוסטיקן סוויטש. דער אַלטער האָט געקוועלט. געלאַכט

מיט אַלע פּנים־קנייטשן. געשיינט אינגאַנצן. זי גערימט, געלויבט:

— ביסט אַ מויד אַ ווילדע. געראָטן מיט דער שטיפערישקייט, ווי דיין טאַטע אין די יונגע יאָרן. צו האָבן אַזאַ טעכטערל אין שטוב איז אַ תענוג. מיר איז גישט באַשערט געווען קיין מיידן. בלויז נאָר יונגען...

— טאַ, נעמט מיך פאַר אַ טאָכטער. גרייט צו אַ גרויסן נדן און איך וועל דאָ בלייבן. ס'געפעלט מיר דאָ גאַנץ שיין די „גאָספּאָדאָרסטווע" (ווירטשאַפט). איך וועל דאָס גאַנצע סעדל אויפעסן — זי האָט געלאַכט מיט הילכיקן קול, באַלעקנדיק זיך די ליפּן פון זיסן סאָק און ווי איר טבע, געשיקט צום אַלטן קיסאָקע בליקלעך, קושנדיקע, אַנרייצנדיקע, פון וואָס דער אַלטער האָט באַקומען אַזש רויטע פלעמלעך אויף די שפּיץ באַקן. צעגאַנגען זיך פון מתיקות.

— איי, דו לוסטיקע שטיפערקע, ווילדע קאַזע, וואָס דו ביסט. פאַר אַ טאָכטער זאָל איך דיך נעמען. הערטס אַ מעשה. און וואָס וועט דיין טאַטע זאָגן און וואָס וועלן לייט רעדן. און גלאַט, ווי הויזט מען צוזאַמען מיט אַזאַ מוידטשיסקע אין איין שטוב, מגע!

— אויב אַזוי, נעמט מיך פאַר אַ ווייב, מיט אַ געשריבענע כתובה. דאָס וועט שוין זיין כשר־וישר. דעמאָלט וועט מען שוין נישט רעדן. דאָס מעג מען דאָך. נאָר גרייט צו אַ גרויסע „זמאַניע", ס'זאָל זיין צו ציילן און צו ציילן.

דער אַלטער האָט זיך פונסגיי צעכיכעט. אָבער אויך, ווי ס'וואָלט אין זיין הנאהדיק לאַכן אָפּגעקלינגען עפּעס באַהאַלטנס, בענקנדיקס. געקליבן די פרוכטן נאָך זריזותדיקער אין טאָרבעלע פאַר איר אויף אַהיימצונעמען, און מיט זקנהש געוועקטער לוסט אָפּגעקרעכצט:

— אַזוינס צו נעמען פאַר אַ ווייב אויף די עלטערע יאָרן, וואָלט געלוינט אַוועקגעבן אַ האַלב פאַרמעגנס. ס'גאַנצע אַפילו. אָבער גלייכ־צייטיק זיך אויך אויסגראָבן אַ גרוב... ווי מיינסטו רבקהלע?

— פאַרוואָס עפּעס? אַזאַ שלעכטע בין איך? אַ מויד בין איך נאָר אַ ווילדע. אָבער אַ ווייב וועל איך זיין אַ געטרייע, אַ גוטע, אַ שטילע. בעסער פון אַנדערע. פּראָבירט, וועט איר זען.

ריוול האָט אָן שום באַזונדערע כוונות, בלויז פון רגילות, פון איר

טרייבנדיקער צעשפּילטקייט, געזוכט דעם אַלטן אונטערוואַרעמען, אויפ־בלאָזן אין אים דאָס פאַרדרימלטע איינגעשטילטע מאַנסבילישע פייערל. געזען ווי די אויגנאַפּלען, כאַטש פאַרשטעלט אַ ביסל דורך די ברעמען, לייכטן אויף. די ליפּן שפּרייטן זיך אין אומבאַהאָלפענעם שמייכל. זי האָט זיך געקוויקט. געווײַלט פון דער אימפּראָוויזירטער ליבע־שפּילעריי.

שפּעטער, אין דער היים, ברענגנדיק דעם אַלטנס מתּנה, האָט זי אָפּדעריציילט אין שפּאַסיקן געלעכטער פון דעם סצענישן שפּיל. נאָכ־געמאַכט דעם אַלטנס תּנועות, העוויות, זיין בענקנדיק קול און דערביי מיט אויפריכטיקער ליב גערעדט וועגן אים. דערמאָנט פון זיינע לעבעדיקע קאָלירן, לעבעדיקע רוכעס, פון זיין געזונט בערעווען זיך מיט די ביימער און פון זיין גאָרנישט זקנהשן גייסט צום לעבן. און אויך: ער וואָלט נאָך באַשטאַנען נעמען אַ יונגע מויד פאַר אַ ווייב. פריילעך געלאַכט און אומבאַוווּסט פאַר זיך אַליין, געלאָזט בלייבן שטעקן אַ שטעכערל פאַר־שטעקט ערגעץ אין איר געמיט.

אין די קריזיס־טעג, ווען די לאַגע האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל: באו מים עד נפש... איז יענץ פאַרבאָרגן שטעכערל אָפּערגעקומען אויף אויבן. געוועקט איר זכרון; מרדכי־מיכאלס שטוב האָט גענומען רופן, לאָקן. זי האָט אַפילו נישט געוווּסט קלאָר, וואָס דאָס מיינט. געפילט זי וויל דאָרט אַהין אַראָפּגיין, זיך אויסרעדן, דערציילן. און אפשר גאָר טאַקע דאָרט בלייבן: „וואָלסט געוואָלט דאַרויף איינגיין?" האָט זי זיך געפרעגט. און גלייך געגעבן דעם ענטפער: יאָ. פאַר וועמען האָט זי דען מורא, פאַר די מענטשנס מיילער? פאַר די בחורימס געלעכטער? ניין, זי האָט נישט קיין מורא. איר איז שוין סיוּוי מיאוס און נמאס פאַר אַלעם, פאַר די פוסטע חלומות, פאַר די פאַריסענע פאַרגולמטע יונגען און אויך פון די נאַרישע ליבעס. און וואָס איז די מציאה מיט אַזאַ יונגן בחור פאַר אַ מאַן? זיי זענען אין צוזאַמענלעבן טויזנט מאָל ערגער פאַר די עלטערע לייט. פאַלשע ברואים. זוכן נאָר אויסנוצן די פּרויענצימער, אַנזעטיקן זייער אייגנליבע, זייער גלוסט, דעם מ אַ ן אין זיך; האָבן נישט דעם מינדעסטן איינזען, רחמנות אויף דער פרוי. אַן עלטערער מענטש איז מיט גוטסקייט, מיט פאָטערלעכן מיטלייד, מיט אמתער ליבשאַפט;

ר׳האָט נישט אין זינען בלויז אָנזעטיקן דעם מאַנסבילישן גוף און דערנאָך אָפּשפּאָטן ווי עס טוט אַזאַ יונגער חוצפּהניק (זי אַליין האָט אַמאָל ביי־געוווינט אַזאַ פאַל. געהערט פון אַ חברס מויל ווי ער האָט אָפּגעלאַכט פון יונגן ווייב, זי פּשוט פאַרשעמט מיט זיין נישט דיסקרעטקייט פון די אינטימע מאָמענטן). אַן עלטערער איז אַ פריינד, אַרומגענומען מיט גע־טריישאַפט, מיט דאַנקבאַרקייט צו דער יונגער פרוי. שטרעקט אויס אַן ערלעכע געטרייע האַנט. און ער מרדכי־מיכאל איז נאָך גאַרנישט אַזוי אַלט. לויט זיינע כוחות, געזונטער פאַרב, לעבעדיקע רוכעס — יונגער פון אַנדערע. און צו אַ מענטש געוויינט מען זיך צו. איז וואָס האָט זי צו טראַכטן, מיט וועמען זיך רעכענען? אדרבה, דווקא זיי די שטאָלצע פאַרנאַרישטע ה ע ל ד ן אויף צו להכעיס, דאַרף זי עס טאָן. זאָל זיי פאַרדריסן, שטעכן. זי וועט זיך דערמיט קילן, לאַכן זיי אין די אויגן. און פאַר דער שטוב — אַ רעטונג, אַן אויפבינדונג.

זי האָט דאָס דערוווייל פאַרבאַהאַלטן אין אירע מוח־קעמערלעך. מעדי־טירט, פאַנטאַזירט. געהילט׳ס אין ווייך נעפּלדיקער אַנונג. אויפגעשווומען. פאַרגאַנגען. צוריק אויפגעוואַכט. ווידער פאַרווייעט. צומאָל האָט עס אָנגע־נומען קאָנקרעטע פאָרמען. אַ רגע געוואָרעמט. זיך צוריק פאַרבאָרגן. זי האָט נישט געלאָזט פאַר קיינעם פאַלן קיין וואָרט דערוועגן. געדומעט אין דערשטיל. געטראַכט. געישובט מיט זיך אַליין.

ביז ס׳איז געקומען איינער אַ טאָג —

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן איז די שטוב געווען לחלוטין אויסגעליי־דיקט — נישט קיין ביסן פאַר אַ מענטש, נישט קיין קרישקע פאַר אַ מויז... די מוטער האָט זיך נישט געפילט ביים בעסטן געזונט. דער פאָטער — שוין פון לאַנגע שעהן אין הויף, אַן אַ לעפל וואָרעמס אין מויל. נישט געווען קיין געלט מיט וואָס צו גיין קויפן און די קינדער האָבן נישט געוואָלט גיין אין געוועלב נעמען אויף באָרג. דער קרעמער האָט זיך נאָך נעכטן און אייערנעכטן געקרימט: דער חוב אין בוך וואַקסט און קיין דעקונג זעט מען נישט. אַפילו די אייביק פאָלגעוודיקע כייקע, די געהאָרכזאַמע וועלכע טוט זעלטן־ווען אַמאָל אָפּזאָגן, זיך אַנטקייגנשטעלן, האָט אויך דאָס מאָל נישט געוואָלט גיין. זיך געעקשנט: זי וויל נישט.

זי שעמט זיך...

אין אָט דעם אינדערפרי האָט ריוול זיך אַריס געטאָן פון די שטיקנ־דיקע פיר ווענט. אַרויס אין גאַס. גענומען שפּאַנען ווו די אויגן וועלן זי טראָגן. זי איז געגאַנגען אויף בלינד. געוואָרן אָוועקגעטראָגן מיט וועג וואָס פירט אַרויס־שטאָט. צום סילוועד טראַקט. און אין איר בלאָנדזשען דערזען, די פיס פירן זי צו אַ באַקאַנטע וווינונג: צו מרדכי־מיכאלס כאַטע.

אין מוח האָט מיטאַמאָל זיך אויפגעפרישט: יאָ, זי מוז עפּעס טאָן, ראַטעווען. זי קען מער אַזוי נישט לעבן. זייער שטוב איז אַ זינקנדיקע שיף, וואָס קאָן יעדער מינוט אונטערגיין... זי מוז ברענגען אַ קרבן. זאָל זיין מיט איר יוגנט, מיט אירע, יונגע יאָרן. ס'אַרט איר מער נישט. און אַז נישט שוין איצט — וועט שוין זיין צו שפּעט...

צוגעקומען צו זייער פריינדס הויז, איז די טיר געווען פאַרמאַכט. דער בעל־הבית איז נישט געווען אין דער היים. זי האָט זיך צוגעזעצט אויפן באַנק פאַרן טיר צו וואַרטן. ס'איז געווען פאַר מיטאָג־צייט. אַרום — שטיל און ליידיק. ס'האָט זיך געהערט דאָס שטילע געפלאַטער פון דורכפלי־ענדיקע פייגל, טויבן אַרויסגעקומענע פון די היימישע טויבנשלאַקן, מיט־געברענגט מיט זיך באַפרייטער פליגל־רויש. די לופט — דורכגעזאַפּט מיט ריחות פון וואַרעמע קיכן, זיך קאַכנדיקן געקעכטס. פון אַ וועלכן קוימען איז געגאַנגען אַ בלוי רויכל, געטראָגן מיט זיך, דערמאָנונג פון אַ צוגרייטנדיקער מאָלצייט, אַ זאַטן מיטיק. ריוול האָט געזאַפּט די געשמאַקן. געשפּירט אין מויל גייט אויף די סלינע, דער הונגער. זי האָט זיך אויך געוווּנדערט, פאַרוואָס וועקט אין איר אויף אַצינד די אַרומיקע שלווה, אַזאַ נישט ניחאדיק געפיל, כמעט דערווידערקייט. זי האָט דאָך אין עצם ליב די דאָזיקע רואיקע לאַנדשאַפט, וואָס טוט איר תמיד דערמאָנען אין דאַרפישס, אין געבענטשטער רו. אייביק ביים אַראָפּקומען דאָ אַהער, קוקט זי זיך אַרום מיט הנאה, מיט פאַרגעניגן. נעמט זיך אָן מיט דער דאָזי־קער רו. הייַנט באַאומרואיקט עס איר גאָר. טרייבט זי צום איינהאָרכן אין זיך, אין אירע מחשבות: יאָ, שטילקייט מאַנט. וועקט ביים מענטש. טרייבט אים אַריין טיפער אין זיך...

אירע געפילן מאַדנע אָנגעשאַרפט, עמפּינדלעך, האָבן איצט אַרויס־

געגעבן די דינסטע וויברירונגען פון איר האַרץ, פון איר אינערלעך געמיט. אַ שטים פון ממעמקים האָט גערופן אין איר, צו איר:

— „אָט זע, דאָס איז דער סך־הכל פון דיינע פאַנטאַזיעס... פון דיינע פּלאַטערנישן, ברויזנדיקע פלירטן, אומרואיקע צאַפּלענישן. דער סכום: גאָרנישט. שטויב... אַנדערע מיידלעך אין דיין עלטער זענען געגאַנגען מיט אַנדערע וועגן, רואיקע, באַזינטע, געזאָרגט וועגן תכלית, אַ צוקונפט; האָט איינע געהאַט מער מזל, האָט זיך איר געפירט גליקלעכער, לייכטער. איינע ווייניקער מזל — שווערער, מיפּולער. אָבער אַלע זענען זיי אַדורכ־געגאַנגען בשלום דעם שווער־שטייניקן וועג וואָס באַדעקט מיט ווונדן דעם גאַנג פון יונגע מענטשן, איבערהויפּט דאָס יונגע פרויענוועזן, אַריין צום סוף אין אַן אייגן ווינקל, אין אַן אייגענע היים, מיט אייגענעם מאַן, פאַרקנופּט אין אַ פאַמיליע־לעבן — געענדיקט מיט די חלומות, מיט די יונגע בלאַנדזשעניש, מיט די געפאַרן...

און דו? דו האָסט געזוכט דאָס לוסטיקע, דאָס אייביק־נייע, דאָס צייטווייליקע. געשפּרונגען פון איין בלום צו דער צווייטער. געזויגן ס'ביסל זאַפט, דאָ אַ טראָפּן, דאָרט אַ טראָפּן. אָבער דעם האָניק נישט געזאַמלט, צו קיין צוועק זיך נישט דערקליבן. געלעבט אין אַ וועלט פון געבאָרגטע אילוזיעס, פון געגנאַרטע טרוימען, פון נאַרישע פּלאָנטערנישן. און איצט? גאָרנישט: אַ ליידיקע וועלט...

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט. אויפגעהויבן די אויגן, אַ בלאַנקע געטאָן צו דער בלויקייט פון הימל, צו דער אַרומיקער שטילקייט. פונסניי זיך צוגעהערט צו איר אינערלעך קול.

... קאָן זיין, דאָס איז גאָרנישט אַזוי איר שולד — האָט זי געזוכט זיך באַרעכטיקן פאַר דער אינערלעך שטראָפנדיקער שטים — דער גורל פון זייער שטוב איז אַזאַנער, אַן אומגליקלעכער. יאָ, זי גלייבט, אַז איבער זייער הויז הענגט אַ פאַרבאָרגענער פאַטום: אַזוי מיטן פאָטער, און אַזוי מיט די קינדער, איינס נאָכן אַנדערן. יעדער מיט זיין משוגעת, מיט זיינע אויסטערלישקייטן און אויף זיין שטייגער: דער פאָטער מיט זיין וועלן זיך באַווייזן, קליידן זיך אין גדלות; דער עלסטער ברודער — אַ בעל־חלומות, אַ לופט־מענטש, לופט־געשעפטן, אַ מנחם־מענדל; פאַניע,

מיט איר פאַרלוירענער יוגנט, אָפּטריפנדיקע יאָרן: פאַרהאַלט די שטוב מיט איר גאַרמאַלן גאַנג, לאָזט נישט אַרויס די שוועסטערן. אַליין קאָן זי זיך נישט קיין אָרט געפונען אין איר וועלט... און דו, ריוול? גייסט אויך נישט מיטן גאַרמאַלן וועג, נײַן, אויך נישט: זיגזאַגיש, מיט ווילדע פאַר־לאַנגען, מיט פאַרדרייעכצן, מיט געוואַלדיקן דורשט צום לעבן און ווייסט נישט ווי אַזוי צו דערגרייכן, ווי אַזוי עס צו פאַנגען. און כאָטש זי איז נישט קיין אַבערגלויביקע, גלייבט זי דאָך, ס'ווערט געפירט אַ חשבון, אַן אָפּגענומענע באַצאָלטע שטראָף...

דאָס איינציקע גוטע רואיקע בלוט אין שטוב, איז די מאַמע. און נאָך איר, כייקע, די „גוטע נשמה".

...וואָלט כייקע געווען די עלטסטע שוועסטער, וואָלט אַלץ לייכטער צוגעגאַנגען. זי איז די גוטסקייט אַליין. זי איז אויף אַלעם מוותר, אַלעמען מוחל, גרייט צו זײַן שטענדיק די לעצטע: אַלע איבעריקע זאָלן קודם זײַן צופרידן. ביי אַ שידוך וואָלט מיט איר צוגעגאַנגען גרינג, אָן גרויסע שוועריקייטן. זי וואָלט זיך נישט אָנטקעגנגעשטעלט, נישט דערווידערט. געטאָן וואָס טאָטע־מאַמע וואָלטן געהייסן. איינגעשטימט אויף וועלכן זיי וואָלטן אָנגעוויזן. מ'האָט שוין געהאָט עפּעס געטאָן דערין, אין דער שטיל. ס'האָט זיך געיאָוועט אַ שדכן. פאַרגעשלאָגן אַ בכבודיקן יונגנמאַן, אַ בעל־פּרנסה, אַ פרײַ־געוואָרענער אלמן, מיט איין קינד. אין שטוב האָט מען עס גענומען אין באַטראַכט. אַרומגערעדט, אַרומגעקלערט. צום סוף אָפּגעזאָגט: וואָס עפּעס אַן אַלמן? ס'קומט איר נישט עפּעס בעסערס? אין אמתן אָבער, איז עס געגאַנגען אין עפּעס אַנדערש: פאַניע. מ'האָט מורא געהאַט דאָס איר צו טאָן. און אפשר איז געלעגן נאָך עפּעס אין דעם באַהאַלטן און שוין אין אונטערבאַוווסטזיין: ס'האָט זיך גאַרנישט געלייגט אויפן געדאַנק, כייקע זאָל אַרויסגיין פון דער שטוב. מ'וואָלט דאָך געבליבן ווי אָן אַ האַנט. ווער וואָלט געטאָן, געקאָכט געוואַשן, גערוימט, גערייניקט, געהאָרעוועט. זי טוט דאָס אַלץ. זאָרגט וועגן אַלעם, האָט די אויפזיכט איבער אַלעם. האָט מען לאַנג נישט געבריייעט. אָפּגע־זאָגט מיטן תירוץ: אַן אַלמן...

כייקע האָט נישט רעאַגירט, נישט דערווידערט, כאָטש מ'האָט בולט

געקענט מערקן ס׳אַרט איר די זאַך. זי וויל דעם שידוך, זי וויל חתונה האָבן. אָבער אַז מען הייסט נישט — איז נישט. דער רואיקער שמייכל האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון אירע ליפּן. זי ווייסט, זי איז געוואָרן באַשאַפן פאַר דער היים. זי וועט זיין די לעצטע צום אַרויסגיין. און אפשר קיינמאָל נישט. זי האָט דאָרין גלייך פאַרגעסן. אַריין אין איר האַרעוואַניע, אין דער פּראַצע, וואָס היילט איר אויס פון אַלע ווונדן.

כייקעס פאַמעלעכע הכנעהדיקע נאַטור, איז פאַר איר גופא אַ שוץ. זי קאָן זיין פרידלעך און רואיק צו זיך, צו מענטשן, צו אַלץ און אַלעמען. זי איז אויך אַזוי פרידלעך און פאַמעלעך אין שכל. און אפשר האָט זי יאָ געגנוג שכל. נאָר זיי האָבן אין שטוב זיך אַזוי צוגעוווינט, זי געמאַכט פאַרן נאַרעלע, פאַרן שלעפּפערדל, וואָס טראָגט די שווערסטע לאַסטן, די גרעסטע משא.

אמת, זי איז נישט געשליפן אין אירע רייד, קלייבט נישט איבער. ביי איר קומט אַרויס דאָס וואָרט פון מויל, פּראָסט, נישט פאַרשטעלט. אויפדערנאָכט פאַרן שלאָפנגיין, טרייבט זי דאָס קליינוואַרג: „גייטס אַרויס, פּישטס ענק אויס, צ׳זאָלט נישט נאָס מאַכן דאָס געלעגער״. צו איר ריוולען שטייט זי אויך צומאָל צו, ווען זי געפינט זיך אין די געבונדענע טעג פון חודש; פרעגט זי אויס, קוקט איר נאָך, גיט איר עצות, וואָרנט זי אָפּן: זי זאָל זיין געהיטן, נישט איינריכטן ס׳בעטגעוואַנט, נישט פאַרפלעקן... זי ריוול פאַרליידט עס נישט. נעמט עס אויף מיט ווידערווילן, איז אויף איר אַנגעדראָדלט, ממש בייז. אָבער פאַרשווייגט איר. ווייסט, אַ פּשוטע נשמה, אַן ערלעכע, מוז זיך אויסרעדן. און אַליין איז זי דאַך כייקע טאַקע אַ גוואוּאַלדיק זויבערע, ריינע, אַ קוועלונג צו קוקן ווי אַלץ פינקלט אונטער אירע הענט. זי ריוול האָט מורא פאַר איר, מורא פאַר אירע פאַרוווּרפן, מוסרן און היט זיך אָפּ. האַלט זיך אין אָרדענונג. טוט אַ סך זאַכן, וואָס זי וואָלט אפשר נישט געטאָן — און אין תוך זייער נוצלעכע — ווען נישט די מורא פאַר דער שוועסטער.

ס׳וווּנדערט איר נאָר ריוולען, וואָס כייקע, שוין אַ דערוואַקסענע, אַ ביז גאָר רייפע, ווייזט נישט אַרויס קיין סימנים פון מיידלשער אומרו, צערייצטקייט. דאָס בלוט איז ביי איר באַהערשט. און אפשר איז עס

נישט אַזוי באַהערשט, ווי זי באַמיט זיך מיט אַלע כוחות עס איינצושטילן. אַמאָל נאָר אין טיפן שלאָף, טוט זי אַריס פון זיך די דעק. קרעכצט אָפּ. שלייפט אַרום די הענט אַרום איר פולן בוזעם, טוליעט זיך נאָך מער איין מיטן גוף אין ווייכן בעטגעוואַנט. דער קאָפּ טיפער אין קישן און פאַר־גייט זיך אין אַזאַ פאַרשטיקט וויען. ס'טרעפט אויך אַמאָל, זי ריוול קומט אַהיים אין שפּעטער שעה פון שפּאַציר. ס'איז אין די קילע נעכט. באַגערט זיך אַ ביסל אויסוואַרעמען. קריכט אַריין צו דער שוועסטער אין בעט. זי זעט דאָס פּנים איז ביי כייקען רויט צעוואַרעמט. באַגאָסן מיט פייכטן גלאַנץ, ווי עפּעס אַ גלוסטיקייט וואָלט דאַרויף רוען. „סע מוז זיך איר חלומען פון אַ בחור", טראַכט ריוול. זי דערפילט אַ שטאַרקע היץ גייט פון דער שוועסטערס לייב, ווי פון אַ באַק־אויוון. מוז זיך פון איר אָפּרוקן. צומאַרגנס זוכט כייקע עפּעס אין פאַרבלאָנדזשעניש. איר ריוולען דאַכט אויס, אַז די אַפּלען ביי דער שוועסטער זענען פאַרנעפּלט, פאַרהויכט. די דעקלעך האַלטן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער העלפט: זי מוז געדענקן נאָך פונעם חלום, פון דעם מיידלשן קווייל, איז ריוול ביי זיך זיכער.

איינמאָל אין אַזאַ אינדערפרי, זייענדיק אין קיך, האָט כייקע אַרויף געטאָן פּלוצעם אין דער וועלט אַריין: „איך וואָלט געוואָלט חתונה האָבן..."

ריוול האָט עס געהערט. מיט כיטרער תּמימות אונטערגעקומען:

— וואָס עפּעס פּלוצעם? פּילסט אַ קוויילעניש?

— נו, יאָ. וואָס בין איך אַ מיידעלע. כ'בין שוין אַ געננג דערוואַק־סענע — האָט די „גוטע נשמה" אָן קלערענישן זיך מודה געווען.

ריוול האָט זי פאַרשטאַנען. צוגעשוויגן.

איר אַליין ריוולען, באַפאַלט אויך צומאָל דאָס קוויילענדיקע געפיל. אין גוף טוט זיך אַזוינס אַ קורטשע, איינציען. זי ווערט דעמאָלט געוואַלדיק פאַרבענקט נאָך עפּעס, נאָך מאַן, נאָך אַ פאַרהייראַט לעבן. גייט אַרום אַ שטיקל צייט ווי מבולבל, מוז זיך שטאַרקן, ס'זאָל איר נישט שטויסן אַפּטאָן עפּעס נאַרישס, זינדיקס. ניין, זי וויל עס נישט. אין איר מיידלשער גאַנצקייט, פילט זי זיך שטאַרקער, מוטיקער. איז דרייסט. האָט מער העזה גובר צו זיין שטערונגען אין לעבן.

אָבער ווי לאַנג וועט זי קאָנען אַזוי קעמפן מיט זיך —

א שאָטן האָט פאַרשטעלט דאָס ליכט פאַר אירע אויגן. איבערגעריסן איר טראַכטן. זי האָט געהערט אַנרופן איר נאָמען.

— רבקהלע, וואָס טוסטו דאָ. וואַרטסט אויף מיר ?

פאַר ריוולס נאָז האָט זיך אַ טראָג געטאָן מיט ריח פון פעלד, היי, קאָניטשינע, וואָס מרדכי־מיכאל האָט מיט זיך מיטגעברענגט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, אַ טרייסל געגעבן מיטן קאָפּ, ווי אַן אויפגעוועקטע הון.

— האָ ? יאָ כ׳וואַרט אויף אייך.

— וואָס אַזוינס ? נו, קום אַריין, וועט מען הערן.

מרדכי־מיכאל האָט אויפגעשלאָסן די טיר, זי אַריינגענומען. געהייסן זיך צוזעצן, אָפּרוען. אַליין, אַפּריייניקנדיק זיך עטוואָס פון שטויב, איז ער אַראָפּ אין קעלער, אַרויפגעברענגט קאַלטן קעפיער, אויפגעשאָקלט די פלאַש, אָנגעגאָסן אין גלאָז, איר דערלאַנגט.

— טרונק רבקהלע. קודם פריש זיך אָ ביסל אָפּ.

ריוול האָט געטרינקן פּאַמעלעך. געזופּט מיט קליינע שלוקן. געפילט ווי דאָס קאַלטע געטראַנק קילט אין איר אָפּ דעם אינערלעך צערנדיקן דורשט און הונגער. געקוקט פון הינטער די אַראָפּגעלאָזטע וויעס, אויף דעם אַלטנס באַוועגונגען, געשוויגן. די רייד וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, האָבן זיך באַוויגן אין מוח־קרייז. זיי צוזאַמענגעשטעלט אויף דער צונג אָט זיי אַראָפּצולערן.

דער אַלטער האָט אין איר עפּעס דערקענט. געפרעגט :

— וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר רבקהלע. ווילסט עפּעס זאָגן, זע איך. שעם זיך נישט, זאָג. שאַט נישט.

— כ׳וויל דאָ פאַרבלייבן און אויף שטענדיק ! — האָט זי אַרויסגעפּלאַצט.

דער אַלטער האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערטן, אָבער מיט שמייכלענדיקן בליק.

— טרייבסט שוין דיינע קאַטאָוועסן, רבקהלע ?

— ס׳איז נישט קיין קאַטאָוועס. כ׳וויל דאָ בלייבן אויף אייביק. אויף אַן ערנסט.

מרדכי־מיכאל איז געשטאַנען ביים וואַשגעשטעל. געוואַשן די הענט,

געריבן פון זיי די ערד, דעם ברוד. געמאַכט דאָס וואַסער מוטנע. זיך פאַרקוקט אין דער שיסל און פון דאָרט אַרויסגערעדט:

— כ'ווייס נישט וואָס פאַראַ איינפאַלעניש דאָס איז ביי דיר. דיינע רייד פאַרשטיי איך אינגאַנצן נישט.

— דאָס וואָס כ'האָב געזאָגט איז נישט קיין איינפאַלעניש, נישט קיין סתם רייד. אין דער היים איז שלעכט, אויסערגעוויינלעך שלעכט. איך קאָן מיר נישט קיין אָרט געפינען. איך מוז האָבן אַן אָנהאַלט ווו.

ער האָט געהערט אין איר קול טרויעריקס, שווער־געמיטיקס. נישט די געוויינלעך לוסטיק, הייטערע שטים. אָפגעשטעלט דאָס גיסן ריינע וואַסער. פאַרקלערטערהייט געזאָגט:

— שווער זאָגסטו? כ'גלייב דיר. אָבער וואָס קען איך דאָ העלפן.

— איר קאָנט העלפן, ווען איר זאָלט נאָר וועלן...

ער האָט אויפגעהויבן דעם בליק צו איר, זיך איינגעקוקט. געזען אַ שטרענגקייט אין איר געזיכט. עפּעס שפּאַרבערדיקס קוקט אַרויס פון אירע אָפּלען. ער האָט געגומען פּאַוואָליע דערקלערן:

— צ'מיינט טאַקע, כ'האָב אַ באַהאַלטענעם אוצר פון וועלכן כ'קען כסדרי שעפּן? נאַרישקייטן. כ'האָב אַ ביסל געלט, איז עס פאַרבראַקט אין באָדן אין געביי, אין ביסל מסחר. פונוואַנען זאָל איך נעמען?

— איר האָט נאָך. איר ווילט נאָר נישט פון יענעם רירן — האָט זי אָפּגעענפערט טראַציק. אויף איר שטייגער.

— רבקהלע, ס'פּאַסט גאָרנישט פאַר דיר, דו זאָלסט צו מיר אַזוי רעדן...

— ספּאַסט מיר גוט. ס'וועט מיר נאָך מער פּאַסן — די ווייסלען ביי איר האָבן אויפגעבליצט. זי איז געוואָרן מיטאַמאָל וועלפּיש אַנגרייפעריש, פרעך, מיט בייזער חוצפּה — אַז ס'וואָלט אייך לויבען, מען זאָל אייך ברענגען אַ יונגע נקבה פאַר אַ ווייב, וואָלט איר שוין געעפנט דעם בייטל, געציילט!

זי האָט אָפּגערוט. אויפגעשטאַנען. אַנגעוויזן מיט דער האַנט אויף זיך:

— דאָ האָט איר אין מיר די יונגע נקבה. נעמט מיך, און צאָלט!

מרדכי־מיכאל איז געבליבן שטיין דערשטוינט. אָוועקגעשטעלט די שעפּ פון האַנט. זי אָנגעקוקט מיט פאַרגאַפטע אויגן. געבליבן אַ סע־

קונדע אָן לשון.

— וואָס איז דאָס מיט דיר היינט רבקהלע. וואָס פאַרא רייד הער איך פון דיין מויל!

זי האָט זיך צעוויינט. צוריק אָוועקגעזעצט.

מרדכי־מיכאל האָט אָפּגעווישט מיטן האַנטוך די הענט.

אירע טרערן האָבן אים אויסגעזאָגט דעם טרויעריקן ענטפער, וואָס דאַרף נישט קיין רייד: דאָס רעדן די צרות פון איר אַרויס, האָט ער צו זיך געזאָגט. צוגעגאַנגען צו איר נאָענט. אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר אַקסל. געזוכט זי איינעמען, באַרויקן.

— וויין נישט. זיי רויק. לאָמיר אַדורכרעדן געלאַסן. הערן אַלץ.

— איך וועל יאָ וויינען. איר זייט אַ שלעכטער. איר ווילט אונדז נישט אַרויסהעלפן.

— איך בין נישט קיין שלעכטער. איך וויל יאָ אַרויסהעלפן. נאָר מען דאַרף מיך אויך פאַרשטיין.

— איר ווילט נישט, ניין. אַז איר וואָלט געוואָלט... — זי איז אינמיטן געבליבן פאַרשטיקט, ווי אַ נייע פאַליע טרערן וואָלטן אָנגעפלייצט פון די קוואַלן, אָפּגעהאַקט די רייד. זי האָט אַ ווייל געשוויגן. אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט און רואיקער פאַרגעלייגט:

— איר ווילט, נעמט מיך אַריין אין שטוב. מעג זיין פאַר אַ ווייב, פאַר אַן אמתדיק ווייב. אָן שום געלעכטער. נאָר ראַטעוועט אַרויס אונדזער היים.

דער אַלטער האָט די האַנט צוריק אַוועקגענומען. דאָס רונדיק פאַר־שוירן בערדל האָט זיך אַ באַוועג געטאָן. די נאָך יונגע לעבעדיקע אויגן — אויפּוויברירט מיט פינקל. אין אירע רייד האָט געפעלט דאָסמאָל יענע געוויינטלעכע שפּאַסיקייט, דער מיידלשער פלירט וואָס זי פלעגט אויס־שפּילן אַרומשפּאַצירנדיק אין סעדל. עפּעס ערנסטס, שווערס, האָט אין זיי אָפּגעקלינגען. אין דעם רעזיגנירט איינגעקורטשעטן יונגן גוף, איז אין דער מינוט געלעגן הכנעה, אונטערטעניקייט, זיך אונטערצוגעבן דעם גורל.

— זע נאָר ווי דו רעדסט היינט מאָדנע רייד, רבקהלע. וואָס מיינט

דאָס אַלץ ? כ׳פאַרשטיי נישט, אמת נישט.

— וואָס איז דאָ שווער צו פאַרשטיין. כ׳בין אויף אַלעם גרייט. נאָר די היים...

זי האָט זיך ווידער צעוויינט און פון געוויין אַרויס : „איר ווילט אונדז נישט פאַרשטיין. איר וואָלט אונדז געקאָנט ראַטעווען, ווען איר זאָלט וועלן. איר ווילט נישט...

ער איז נישט בייז געווען אויף אירע קיטרוגישע רייד. נישט געגומען פאַר אומגוט אירע רוט־שמיצנדיקע ווערטער, וואָס האָבן געפּלאָסן פון זיך אַליין : ס׳האַרץ טוט וויי, רעדט דאָס מויל. פאַר אים איז געזעסן אַן אומגליקלעך קינד פון אַן אומגליקלעך געוואָרענער היים, און פון ווענענס פּנים ס׳האָט אַראָפּגעקוקט אַזויפיל ליידן און צער. דערביי האָט עס געוועקט עפּעס נאָענטס פון לאַנג, אינטים און באַקאַנטס. געוועקט ליבלעכע געפילן : יאָ, תמיד ווען ער קוקט אויף דעם פּנים, זעט ער, יענער יונגער פּעשע, איר מאַמע אין איר שיינקייט. יענע ליכטיקע צייט. און זי וויל, זאָגט זי, ווערן זיין ווייב... ס׳איז אים אַדורך אַ דינער אַפּציטער. און פון אַן אויפגעגאַנגען גוט געפיל, בענקשאַפט, געוואָרן צו איר נאָך ווייכער, כמעט צאַרט.

— ווייַן נישט. מ׳וועט קלערן אַן עצה. כ׳וועל אַלץ טאָן וואָס איך קען. אָבער... יאָ, וואָס רעדסטו עפּעס וועגן נעמען דיך פאַר אַ ווייב. מאַכסט פון מיר ס׳געגאַר ? — האָט ער צוריק געפירט צום פריערדיקן, ווי עס וואָלט אים נישט געלאָזט לייכט דערפון אַוועקגיין.

— כ׳מאַך נישט ס׳געגאַר. כ׳מיין עס ערנסט. און ווי כ׳האָב געזאָגט, אויב איר וואָלט איינגעגאַנגען אויפבינדן אונדזער שטוב, וואָלט איך דאָ אַריינגעקומען. געוואָרן די באַלעבאָסטע, ס׳הייסט אַ ווייב. אַן מורא פאַר קיינעם.

דער אַלטער האָט אַ וויש געגעבן דעם שטערן אַפּגעגלעט די צעוואָ־רעמטע באַקן. זי באַטראַכט ווידעראַמאָל. אויפגעהויבן די שטים העכער און ערנסטער.

— אויפבינדן די שטוב ווי דו מיינסט, קען איך נישט, מיין קינד. כ׳בין נישט אויף אַזויפיל רייך. און דיך פאַר אַ ווייב נעמען, קען איך

אויך נישט: כאָטש דעם אמת געזאָגט, נישט צו לייקענען, וואָלט עס פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד דיך צו האָבן אין מיין שטוב. אָבער ס׳איז נישט שיין פאַר מענטשן, און מ׳טאָר אַזעלכעס נישט טאָן. דו דאַרפסט נעמען פאַר אַ מאַן, אַ יונגן מענטש, זיך בינדן מיט אים אין ענקער ליב יונג לעבן. דו ביסט געקומען איך זאָל אַרויסהעלפן. כ׳וועל נישט אָפּזאָגן. נאָר איך האָב נישט היינט פּיל. כ׳וועל זען וויפל ס׳איז דאָ. וואַרט צו אַ רגע.

ער איז אַריין אין אַנדערן צימער. זיך עטוואָס פאַרזוימט. צוריקגעקומען מיט איינגעקנייטשטע באַנקנאָטן אין האַנט, פון וועלכע ס׳האָט זיך געטראָגן מיט טוכלעקייט פון באַהעלטעניש. איר דערלאַנגט.

— נאַ, נעם דאָס דערווייל אַהיים. כ׳האָב איצטער נישט מער. כ׳וועל נאָך טראַכטן וואָס ווייטער טאָן. וויפל מיינע כוחות וועלן נאָר קענען.

ריוול האָט געקוקט אויף די פּאַפּירלעך. זיך נישט גערירט. נישט געוואָלט זיי נעמען: נישט דאָס האָט זי געמיינט, נישט וועגן דעם געקומען. ערשט ווען מרדכי־מיכאל איז צוגעשטאַנען, צוגעזאָגט אויף ווייטערע גרעסערע הילף, אויף וויפל ס׳וועט נאָר אויסטראָגן זיין יכולת, האָט זי צוגענומען. אויפגעשטאַנען. געמאַכט דעם ערשטן טריט צום אָפּגיין. מרדכי־מיכאל האָט זי געוואָלט פאַרהאַלטן, אַרויסנעמען אין סעדל, איר מכבד זיין מיט פרוכט. זי האָט נישט געוואָלט. נישט געהאַט קיין געמיט דערצו. זיך אָפּגעזאָגט דערפון. אַוועק צום טיר. שטיל געלאָזט הערן דעם „גוטן־טאָג״. אַרויס.

שוין אין פעדערהויז, האָט דער אַלטער אין עפּעס זיך צוריק דערמאָנט. איר נאָכגערופן: „זעסטו רבקהלע, ווען דו רעדסט וועגן כייקען, דאָס וואָס דו האָסט גערעדט וועגן דיר, איז אָן אַנדער זאַך, וואָלט עס געהאַט אַ האָפּט. זיך געלייגט אויפן געדאַנק... כ׳דאַרף האָבן אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. ווילסט, רעד איבער דערוועגן אין דער היים.

ריוול האָט זיך נישט איינגעהערט. געגאַנגען איר וועג. ס׳איז איר נישט געלעגן דאַרין צו טראַכטן. ס׳האַרץ איז איר געווען פאַרלייגט מיט שטיינער. נישט צוגעזאָגט קיין גוטס.

אַהיימגעקומען האָט זי אַוועקגעלייגט די פּאַפּירלעך אויפן טיש. גאַרנישט

געזאָגט. זאַמע איז געווען גראָד אין שטוב. עס געזען. דערשמעקט פון וואַנען ס׳שטאַמט. דערקענט אין זייער איינגעלייגטקייט. נישט געפרעגט. באַטראַכט עס ווי אַ נייע געשענקטע נדבה. ער האָט זיך גלייך צוריק אַרויסגעשאַרט. אַוועק אין הויף.

*

דער גרויסער קלאַפּ איז געקומען מיט פּעשעס טויט. געקומען פּלוצלונג מיט אַ פאַרכאַפּעניש, ווי אַ באַפאַלענער שלאַק.

פּעשע האָט אין די אַלע טעג שווער געליטן. געטראָגן די ליידן פאַרבאָרגן אין זיך. נישט געוואָלט אַרויסווייזן פאַר קיינעם, כדי די שטוב נישט נאָך מער מאַכן דערשלאָגן, פאַראומערן. אינערלעך אָבער האָט זי געשפּירט, אַ וואָרעם עסט איר לייב, גריזשעט, נאָגט פּאַמעלעך אויס דעם מאַרך פון די ביינער. אַ ליאַדע טאָג וועט זי זיך איינברעכן, פאַלן.

די יסורים פון דער געפאַלענער שטוב, די גריזאָטע צוליב די קינדערס שלעכטער מערכה, און מער נאָך צוליב דער עלסטער טאָכטער פאַניע, ביי וועלכער ס׳האָט זיך גאַרנישט געענדערט, נישט גערירט פון אָרט, אַ פאַרזונקענער שטיין — האָט זי צעטרייסלט, קראַנק געמאַכט. די ברי־וועלעך וואָס פאַניע האָט געשיקט אַהיים, זענען געווען אומעטיקע, נישט דערזאָגטע, אויסבאַהאַלטענע. דערציילט אין זיי: זי גייט... זי טוט... זי מאַכט... אָבער איר מאַמע־האַרץ האָט גוט געפילט, ס׳איז גאָרנישט: זי גייט נישט, זי מאַכט נישט, זי טוט נישט. ס׳איז הוילע פאַרעדעניש. ס׳הערט זיך פון זיי נאָר אַרויס די פאַרבאָרגענע ליידן, פאַרשטיקטע וויטיקן, וואָס נאָר אַ מאַמע־געמיט פילט עס אָפּ; דער זון ווידער, וועלכער איז געבליבן בעירום־וחוסר־כל, אָרעם און נאַקעט, איז אַוועק אין דער פרעמדער וועלט, קיין פראַנקרייך, בעלגיע, איינער אַליין, אָן דער פאַמיליע, וואַנדע־רעוועט, זוכט דאָרט אָן אָנלען, אָן אָנהאַלט און ווער ווייסט צי ער וועט געפינען... ריוול אין איר ווילדקייט האָט אַוועקגענומען אַ חתן פון אַ צווייט מיידל, ר׳ גדליהס טאָכטער, שוין כמעט געהאַלטן ביי אַ חתונה (חוה עטלס עלטערע שוועסטער האָט איר דאָס אָפּדערציילט) און אויך ווי אויף אומזיסט, אויף בלויזער פאַרשעמונג... פון די קלענערע קינדער האָט מען אַוועקגענומען דעם אונטערלען, די לערע, די פרייד פון אַ זאָטער

פרידלעכער היים, פון אַ זאָרגעוודיקער האַנט אַריינצוברענגען דאָס ברויט, פאַרשאַפן זיי אַ געזונט לעבן... דער מאַן מוטשעט זיך ביי דער אַרבעט וואָס ברענגט ווייניק אַרויס, טוט אים נאָר אַן פיין — דאָס אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעלייגט אין אַ דיקער שיכט, געדריקט דאָס האַרץ, אויסגעזויגן פון איר ס'חיות. געגעסן איר גוף אברימוויי.

האָט זי זיך פעשע מיט יעדן טאָג געפילט דאַריבער שוואַכער. געפילט דאָס אָנגעווייטיקטע האַרץ וועט נישט אויסהאַלטן, איינגיין. דער רחמנות איז איר געווען גאָר אויפן מאַן. זי האָט געוווסט, מיט איר אָוועקגיין, וועט ער איינשרימפן, אויסגיין ווי אַ ליכט.

דאָך, ביי דעם אַלעם, האָט זי, פעשע מיט אַלע אָנגעשטרענגטע כוחות געפרווט ווי־עס־איז זיך דערהאַלטן, נישט אַרויסווייזן איר לאַגע. געטאָן אין דער שטוב, אין דער ווירטשאַפט. געשוויגן מיט פאַרפרעסטע ליפּן, ס'זאָל קיין קרעכץ נישט אַרויסגיין פון איר מויל. אָבער דאָס געזונט אין איר, איז געוואָרן אַלץ מער ווידערשפעניק, און אומפאָלגעוודיקער. מיט יעדן טאָג ערגער. דערביי האָט זי נאָך באַדאַרפט טראָגן דעם עול פון באַשפייזן די שטוב. און געווען איז נישט מיט וואָס. דער גילדן נישט תמיד אָנגעברייט. געהאָט צו טאָן מיט דער קראָם, מיטן בעקער, מיטן קצב — חובות איבערן קאָפּ. זיך געוואָשן דאָס פּנים פון בושה. יעדעס מאָל ווען זי האָט באַדאַרפט אַריינגיין אין געוועלב, איז עס פאַר איר געווען אַן אָפּקומעניש, ווי גיין חלילה בעטלען... ס'בלוט איז פון איר אָפּגערינען. און גענומען האָט מען מיט יעדן טאָג ווייניקער, מינער. געזוכט וואָס מער איינשפּאָרן. געקאַרגט די מאָלצייטן — און דאָס אויך, אַן פעולה. דאָס מויל האָט געוואָלט עסן. די קינדישע אויגן האָבן געקוקט צו איר, דער מוטער, מיט געבעט, מיט הונגער. און ס'איז דאָך ריכטיק, ווי מענטשן זאָגן: ס'איז גרינגער פון אַ פאַרדינטן גראָשן זיך צו נערן, ווי פון טויזנט טאָלער (גרייטע) צו צערן... ווייל דאָס גרייטע עסט זיך גיך אויף. האָט זי, פעשע געהאָט איין פאַרלאַנג, איין געבעט: וואָס עס דאַרף געשען, זאָל געשען מיט איר — זי זאָל זיין דער אָפּלייזער פאַר דער שטוב. אַלץ איבריקע זאָל בלייבן גאַנץ, האָבן אַ קיום.

זי האָט דעם קרבן אויסגעבעטן...

אין איינעם אַ טאָג איז פּעשע געפאַלן צו בעט. נישט געקאָנט זיך מער אויפהייבן. מיט דער האַנט זיך געהאַלטן ביים האַרץ. שוין אין די לעצטע טעג האָט זי געפילט קלאָר ס׳האַלט מיט איר שלעכט. זי גייט אויס. אין מיטן דער שטוב־אַרבעט, ביים קאָכן, ביים אַרומווישן, האָט זי זיך געמוזט צוזעצן אָפּרוען, דעם אָטעם איבערכאַפּן. צו זיך קומען. און אַז דער מאַן האָט עס באַמערקט, געפרעגט: וואָס איז פּעשע, פילסט זיך נישט גוט? האָט זי אָפּגעלייקנט, געזאָגט: ווי פאַלט דיר איין. איך כאַפּ נאָר אָפּ דעם דעך. זיך אויפגעהויבן, ווייטער גענומען טאָן, כדי צו ווייזן, ס׳איז איר גאָרנישט. געשלעפּט די פיס מיט געוואַלט, מיט אָנשטרענג. שטיל אין זיך אַריינגעוויינט. געזאָגט אויפן אָנקומענדיקן אומגליק.

און ס׳אומגליק איז געקומען.

פּעשע האָט פון דעם טאָג, זיך מער נישט געקענט שטעלן אויף די פיס. אַריינגעפאַלן אין אַ מסוכנדיקער שלאָפקייט. דער דאָקטאָר איז געקומען. זי אונטערזוכט, לאַנג באַטראַכט. פאַרשריבן אַ רעצעפּט. געהייסן זי לאָזן רוען. מ׳זאָל מיט גאָרנישט זי באַאומרואיקן, באַלעסטיקן. פאַר די שטוביקע, געוויגט מיטן קאָפּ: וואָס האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. די קראַנקע מאַמע האָט אין אַלץ אויסגעפאָלגט, ווי אַ קליין קינד, איינגענומען וואָס פאַרא מעדיצין מ׳האָט איר דערלאַנגט. געזאָגט זי פילט זיך בעסער. אַרומ־גענומען די קינדער מיט אומגעהויערע דערבאַרעמדיקע בליקן. געבעטן דעם מאַן, ער זאָל זיך צוזעצן צו איר אויפן ראַנד פון בעט. זי וויל מיט אים רעדן. מיט שוואַכע ציטערדיקע פינגער, האָט זי געגלעט זיין האַנט און מיט אַזאַ שוואַכער שטים, זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל נישט פאַלן פון מוט, ער זאָל רחמנות האָבן אויף די קינדער, זיך שטאַרקן ווי ווייט מעגלעך אין געמיט; וואָרן ער איז דער אונטערלען, דער פונדאַמענט פון שטוב. ער זאָל עס גוט געדענקן...

— פאַרוואָס רעדסטו עפּעס אַזוי צו מיר, פּעשע קרוין — האָט זאַמע מיט שרעק גערופן — דו פילסט הלילה עפּעס אויסטערלישס?

ניין, גאָרנישט. אַ מענטש איז דאָך אָבער נאָר אַ מענטש... און ס׳ווילט זיך מיר, מיט דיר זייער רעדן...

דאָס איז געווען ס׳לעצטע גערייד מיט אים, ווי אַ זיך געזעגענען.

דער פּאַרטייעטער מיטלייד אויף אים דעם מאַן, איז אין די רגעס איבער־געגאַנגען איבער די ברעגעס. געקלעמט דאָס אויסגייענדיקע האַרץ. זי האָט געלאָזט טרערן. די לעצטע טרערן —

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען געפונען פעשען טויט אין בעט. אַ קינד איז צוגעגאַנגען זי אויפוועקן, עפּעס איר דערלאַנגען אין מויל אַריין און נישט געקענט דערוועקן. ס'איז געוואָרן אַ געוואַלד. אַלע האָבן זי אַרומגערינגלט. אָנגעהויבן שרייען, וויינען. געבעטן זי זאָל עפענען די אויגן. זאַמע האָט געקוקט מיט פאַרשטומטע בליקן. אָנגעשריגן אויף די קינדער: וואָס שרייט עץ. זי שלאָפט. לאָזט, איך וועל זי אויפוועקן.

— פעשע קרוין, קום אויף. עפן די אויגן. זע די קינדער וויינען — האָט ער זיך ביי איר געבעטן.

פעשע איז געלעגן מיט אַ פאַרקלעמט מויל, מיט שפּעלטלעך אין די פאַרמאַכטע אויגנדעקלעך, פון הינטער וועלכע ס'האָבן אַפּערגעקוקט פאַר־גלייזטע ווייסלען און מיט אַן אויסדרוק אויף איר פּנים פון גרויסע איבערגעלעבטע ליידן, און וואָס האָט זיך ווי געבעטן: מ'זאָל זי נישט מער וועקן. נישט באַאומרואיקן. זי איז אַלעמען מוחל. זי וויל נישט מער די וועלט...

זאַמע איז נאָך געשטאַנען, געפינטלט מיט די אויגנלעדלעך, געהויבן די ברעמען ווי ער וואָלט באין־אופן, נישט געקענט באַנעמען וואָס דאָ איז געשען: איז דאָס מעגלעך, זיין פעשע לעבט נישט מער? זיין טייערע פעשע וועט מער נישט זיין אין שטוב?!

ענדלעך איז עס דערגאַנגען צו זיין באַוווסטזיין. זיך צוזאַמענגעבראָכן. אַוועקגעפאַלן אויף דער סאָפע. פאַרכאַפּט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ. זיך צעוויינט. אַרויס אין אַ גרויסער קלאָג.

פון איצט אָן האָט זיך אַלץ גענומען טאָן שנעל. געטריבן דורך די פרעמדע ווייבער, גבאיטעס, וואָס האָבן איבערגענומען דאָס מת אין זייערע הענט — איז אַלץ איבריקע צוגעגאַנגען מיט אומגעוויינלעכער איילעניש און זריזות: אָפּגעהויבן. געצינדן ליכט. געטאָן די רעכט. מ'האָט געשניטן קלאָרע ווייסע ליילעכער, געמאַכט דאָס נייע אָנטאָן פאַר דער געשטאָר־בענער, אָנגעקליידט זי אין ווייסן. אַוועקגעפירט אויפן בית־עלמין, באַ־

גלייט פון אַלע אַרומיקע שכנים, פון די מענטשן אין גאַס. זי דאַרט באַהאַלטן אין איר אייביקער וווינונג, אין אייביקער רו.

נאָך דער קבורה איז מען אַהיימגעקומען. אין שטוב איז געווען שרעקלעך שטיל. מ׳איז געווען אַלץ אונטערן איינדרוק, אַז דאָ איז געשען אַ טעות. מ׳האָט די מאַמע לעבעדיקערהייט געלייגט אין קבר: וואָרן ווי איז דאָס מעגלעך, אַזאַ פּאַרכאַפּעניש! וואָלט זי כאָטש קראַנק געלעגן אַ צייט, אויסגעמאַטערט די שטוב, די מענטשן, אַליין פאַמעלעך אויסגעגאַנגען פון לעבן; אָבער נישט אַזוי, צווישן אַ יאָ־און־אַ ניין, אין שוין אין קאַלטן גרוב אַריין — אַזאַ שיינע הייסע מאַמע!

ביי דער לוויה און ביי דער „שבעה", זענען נישט געווען אַלע קינדער. דער זון — אין דער פרעמד. און פאַניע איז געלעגן קראַנק אין וואַרשע ביי דער שוועגערין אין וווינונג.

מ׳האָט אַפילו אויסגעהיטן זיך איר דאָס צוּוויסן טאָן. נישט אָנגעזאָגט איר די טרויעריקע בשורה.

אין דער שטוב ביי זאַמען, האָט אין די אַלע טרויער־טעג, געהערשט אַ גרויסע שווייגעניש. זאַמע איז געזעסן אין ווינקל צווישן דער סאָפע און פענצטער, אויף אַ נידריק בענקעלע, אין די זאָקן, געקוקט פאַר זיך אין נאַכטראַכטעניש, מיט נשתוממדיקן בליק, ווי ס׳וואָלט אים נאָך אַלץ שווער געווען צו גלייבן אין דער זאַך, אויסגעזען ווי עפּעס אַ שלעכטער חלום; נישט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס איז דאָס געשען אויף דער וואָר: זיין פעשע זאָל מער נישט זיין מיט אים און מיט די קינדער צוזאַמען. און זי איז דאָך געווען אַזאַ פרומע אָפּגעהיטענע נשמה. געטאָן גוטס פאַר דער היים, פאַר פרעמדע, געדינט פרום צו גאָט. איז דאָס די באַצאָלונג?

און יאָ, וואָס וועט איצט זיין, וועט ער אַדורכפירן דאָס לעבן אַליין אָן איר? און וועט ער עס דערפירן? ער שפירט שוין אַ ציטער, די וועלט איז פאַר אים געוואָרן ענג, ליידיק, איינגעקורטשעט. צוגעוווינט זי צו זען אַלעמאָל לעם זיך, פילן איר זאָרג פאַר אים, פאַר יעדן באַזונדער אין שטוב; איר ליבן בליק, איר טרייסט — איז אים אויסגעקומען איצט אָן איר, גאָר עפּעס אויסטערליש דאָס לעבן. ניין, ער וועט שוין מער נישט

הערן איר ווייך קול, איר דערמאָנען אים אין די ליבע קלייניקייטן. איר אָנזאָגן אים בעת זיין אַרויסגיין אין גאַס: ער זאָל זיך נישט צו לאַנג פאַרזוימען, זיין פאַרזיכטיק אין וועג. און ביים אַהיימקומען אים אַנטקעגנ־טראָגן דעם וואַרעמען שמייכל, ס׳אויספרעגן זיך ביי אים, ווו ער איז געווען, וועמען געזען, מיט וועמען גערעדט, וואָס געהערט; אין פרייטיק־דיקן טאָג, די היימלעכע פאַרעניש, די ווייך מאַמעשע קלאַנגען באַפעלן, וואָס האָבן פול געמאַכט מיט הייטערקייט יעדעס ווינקל; שבת ביים טיש, דאָס ליכטיק שיינענדיקע געזיכט אירס, די רויטע פלעמלעך אויף די באַקן, די ליבשאַפט צו אַלץ אַרום זיך און פון אַלע צו איר; שפּייסצוגאַכט, דער הייטער אַנטקייגנטראָגענדיקער „גוט־וואָך״, פול מיט גוטסקייט און ליב־שאַפט; ביי אַן עגמת־נפש, אויסגערעדט אים דאָס האַרץ, אָפּגעיאָגט דעם צער; ביי אַ היימישע שמחה, געגאָסן צוזאַמען פריידיקע טרערן; זייערע ביידנס נשמות צוזאַמענגעבונדן אין איין בונד, נישט צום אָפּטיילן: צו־זאַמען געבויט דאָס הויז, געפלעגט די היים, געהאָדעוועט די קינדער — ווּעט דאָס שוין מער נישט זיין? איז דאָס טאַקע שוין אַוועק אויף אייביק? אוי געוואַלד, רבונו של עולם!...

אַרומגענומען מיט ברענענדיקן פּיין, מיט צערנדיקער בענקשאַפט און פון אַ נישט אויסגערעדטן פּראָטעסט — זוכנדיק דערביי אַ שטיצפּונקט אָנצוהאַלטן זיך — האָט ער, זאַמע אויפגעמישט דאָס פרומע ספרל „מעבר־יבוק״, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויף דער קליינער טאַבורעט און גע־נומען אַריינקוקן. דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן דער גאָרער געהאָרכזאַמ־קייט, אַבסאָלוטן איבערגעבן זיך גאָטס־רצון, מכניע זיין זיך פאַר דעם אַלמעכטיקנס ווילן, נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד, נישט אָפּפרעגן אויפן גזר — אַפילו ווען ער איז אַזוי האַרב און אומפאַרשטענדלעך און אויס־טערליש פאַרן מענטשנס שכל: ה׳ נתן, ה׳ לקח ויהי השם מבורך... ווייל אַלץ וואָס גאָט טוט, איז מיט גערעכטיקייט, מיט צדק. און דער מענטש איז נישט מער ווי אַ שטויבלע, וואָס ווערט פאַרבלאָזן מיטן ווינט... אַפילו דאָס גרעסטע ערדישע גליק און גוטס איז נישט מער ווי אַ בלענד פאַרן אויג וואָס פאַרגייט ווי אַ פאַרוויאַנעט גרעזעלע. און דער מענטש דאַרף נישט אין גאָטס דרכים צופיל אַריינטראַכטן...

זאַמע איז מיטן בליק איבערגעלאָפן די ווערטער, געכאַפּט אויך אַ בליק אונטן אויפן עברי־טייטש וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם לשון־קודשדיקן טעקסט און די היימישע יידישע רייד האָבן נאָך מער אַריינגעדרינגען אין זיין האַרץ, זיך דאָרט פאַרזאַפּט. געגלייבט די רייד זענען ריכטיקע, מען דאַרף נישט אָפּפרעגן. געווען אַ מאַמין. געוואָלט אין זיי געפינען טרייסט, אָנהאַלט. און דאָך...

יאָ, דאָך, איז אים שווער געווען זיך מכניע זיין, שלום מאַכן מיט דער אכזריותדיקער „קאַפּריזנעקייט״, פון דער הימלישער מאַכט, וואָס קאָן אַזוי פּלוצעם, אומברחמנות זיך באַגיין: נעמען אַזאַ ליכטיק מענטש, אַ מאַמע פון קינדער, וועלכע איז זיי נאָך אַזוי גייטיק און אָוועקרייסן אינמיטן די שענסטע, בעסטע יאָרן, אינמיטן פון איר אייגענער מאַמעשער בליאונג, אַריינוואַרפן אין קאַלטן גרוב. און דו מוזט נאָך זאָגן: צידוק־הדין, גאָט ביסט גערעכט...

ניין, ער האָט נישט געקאָנט אין די מינוטן פאַרהאַלטן די שוימענדיקע יסורים, דאָס אינערלעך גליענדיקע געשריי; נישט די פאַרכטיקע רייד, נישט דער צוזאָג פון אַ באַצאָלטער „יענער־וועלט״, נישט די ערשט אין זיך אַריינגעלערנטע מאָראַלישע ווערטער — האָבן אים געקאָנט באַרואיקן. ער האָט זיך געפילט אומגליקלעך, אָבער אויך אומעכטיק קייגן דער אומגע־זענער שטרענג רעגירנדיקער האַנט, וואָס דיקטירט, באַפעלט, פירט אויס — און זיך אונטערגעגעבן. געוווּסט, ער איז צו שוואַך אָפּצופרעגן די אייביק אומפאַרענטפערטע שאלות. באַקומען פון וועמען אַן ענטפער.

פאַרמאַכט דאָס ספרל, האָט ער עס אַרומגענומען מיטביידע הענט. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ דאַרויף. פאַרמאַכט די אויגן. געזאָגט אין פאַר־טייעטער אונטערטעניקייט: גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, און אומגליקלעך איז דער מענטש!

אויף לאַנג האָט ער זאַמע זיך נישט געקענט אָפּגעבן מיט די טריבע־נישן פון האַרץ. מיט די זיך ראַנגלענדיקע מחשבות. דאָס לעבן האָט געקלאַפּט אין טיר. גערופן, דערמאָנט: אַ שטוב מיט קינדער... ברויט... מען דאַרף געבן עסן. מען מוז עקזיסטירן. די מאַמע פעלט טאַקע, די מאַמע די פאַרבינדלערין וואָס האָט געהאַלטן אַלץ צוזאַמענגעבונדן אין

שלייף, איז מער נישטאָ. אָבער ס׳העלפט נישט. ער מוז נעמען אויף זיך איצט נאָך מער דעם עול, די לאַסט פאַר צווייען. דאָס לעבן ווייטער ציען, טראָגן עס פאַר טאַטע־מאַמע.

נאָך דער „שבעה״ איז זאַמע אַרויסגעגאַנגען צוריק אין הויף צו דער אַרבעט.

## קאַפּיטל נײַנצן
## דער פאַרפאַלגנדיקער גורל

ווי אַ גזירה פון הימל, ס׳זאָל אויף דעם אַמאָל אַזוי פרוכטבאַרן באָדן מער נישט וואַקסן, נישט געבן קיין פרוכט — האָט די שטוב ביי זאַמען געגומען זינקען אַלץ טיפער אין איר עלנט, אין איר פאַרלוירנקייט. נישט געקאָנט זיך מער אַרויסהייבן, אָנהאַלטן.

נאָך פעשעס טויט, איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערגער און ענגער, אַזוי מאַטעריעל און אַזוי דאָס היימישע פאַמיליענלעבן. מ׳איז געווען דער־שלאָגן און שפּלדיק. ס׳האָט געפעלט די מאַמע־האַנט וואָס האָט אין די שווערסטע שעהן אָנגעהאַלטן, נישט געלאָזט פאַלן; געזאָרגט ס׳זאָל זיין ס׳ביסל עסן אין שטוב, אַ פריינער וואָרט, אַ העכערער קלאַנג, וואָס ס׳האָט פאַרטריבן די אומעטיקע שאָטנס, די מרה־שחורה. אַצינד נאָך איר אַוועק־גיין, איז אַלץ געוועזן פאַרשטילט, פאַרשוויגן. די נויט גרויס. די קלעמעניש נאָך גרעסער. אויף שבת האָט מען קיין חלות מער נישט געבאַקן, קיין פלייש נישט געקאָכט. געזעסן ביים טיש, ביי צוויי קליינע חלבנע ליכטלעך, אין כמעט טונקלעניש, ביי פאַרמאַכטע טירן; געגעסן די שיטערע גריץ, וואָס מיט יעדן לעפל מ׳האָט גענומען אין מויל אַריין, זענען מיטגעפאַלן טרערן, פאַרשטיקט געוויין.

זאַמע האָט מער נישט געטאָן אין דער גאַרבעריי. נישט געווען וואָס צו טאָן. אַרומגעגאַנגען עובר־בטל, אין עולם־התוהו. מ׳האָט אין דער־שטיל אויספאַרקויפט די לעצטע שטיקלעך פון פאָס, וואָס מ׳האָט אויס־געפאַרטיקט און אויך פון די שטוב־חפצים: אַ פינגערל, אַ טישטעך, אַ ליילעך, אַן איבערצוג — אויפגעגעסן. כייקע איז איצט געווען אין דער מאַמעס ראָל, די גאַנצע באַלעבאָסטע פון הויז. געאַרבעט איבער די

כוחות: געקאָכט, געוואַשן, גערוימט, געשפּייזט, געקאָרמעט מיט די אָרעמע מיטלען דעם טאַטן, די קינדער; אַרומגענומען אַלע מיט איר גוטהאַרציקייט, מיט געטרייער פֿריינטשאַפֿט. ביים צושטעלן די שפּייז צום טיש פֿאַרן פֿאָטער, האָט זי געמוזט לאַנג זיך מיט אים דינגען, איינבעטן, ער זאָל צוגיין עסן. ער האָט נישט געוואָלט. געזאָגט ר'איז נישט הונגעריק. ער באַדאַרפֿט נישט. ליבערשט געבן די קינדער. זי איז נישט אָפּגעטראָטן, ביז ער האָט זיך געמוזט צוזעצן צום טיש, נעמען עסן.

כייקע איז געווען די איינציקע וואָס האָט נאָך ווי־עס־איז, זיך געהאַלטן, געשטאַרקט. געטריבן פֿון אַן אינערלעך נאַטירלעכן לעבנס־כוח, זאָרג און אחריות פֿאַר דער היים, פֿאַר אַלע, האָט זי נישט געהאַט קיין צייט אין זיך צופֿיל אַריינטראַכטן, אַריינקלערן. און דאָס, כאָטש זי האָט אַמיינסטן געבענקט נאָך דער מוטער, מער אפשר פֿון די אַלע אַנדערע. זייענדיק פֿון שטענדיק אָן, צו איר צוגעבונדן, צוגעקניפּט ווי דאָס קעלבל צו דער מוטער־קו, האָט די מאַמע, איר אַמיינסטן איצט געפֿעלט. זי פֿלעגט אינמיטן פֿאַרען זיך, פּלוצלינג אָפּשטעלן פֿאַרקוקן זיך אין ערגעץ, אַ קלאָג טאָן הויך אויפֿן קול: „מאַמע, מאַמע!"... אויסגעווישט די אויגן און ווידער גענומען טאָן איר אַרבעט. זי האָט נישט גערוט. דעם גאַנץ־פֿעליקן טאָג געווען אויף די פֿיס. אַרומגענומען די שטוב מיט אירע אָרעמס. געוואָרעמט מיט באַזונדערער רחמנות די קלענערע קינדער, די צוויי קליינע שוועסטערלעך טעמערל און שרהל, וועלכע זענען אין די דאָזיקע שווער געפּרוווטע טעג עפּעס ווי אויפֿגעוואַקסענער געוואָרן, ערנסטער, מיט זאָרג וועגן זייער צוקונפֿט; גענומען אויסלערנען זיך פֿאַכן: איינע אין שניידעריי, די צווייטע אַ העפֿטערין. די צוויי יינגלעך האָט מען געקלערט אָוועקגעבן אין פֿרעמדע הייף אויף טאָג־לוין. אָבער זיי האָבן בעסער געוואָלט טאָן אין אייגענעם הויף ביי דער שוואַכערער קלענערער אַרבעט: קעניגלעך, פּי־קעפּלעך, אַ קאַזעלע, אַ הונט־פֿעלעכל — און נישט אַריינגיין צו פֿרעמדע. ריוול איז געווען פֿאַרשלאָסן אין זיך. ווייניק גערעדט. געזען די קאַטאַסטראָפֿע רוקט זיך אָן אין איר גאַנצער האַרבקייט. געוואָלט אַנטלויפֿן אין דער וועלט אַריין, פֿאַרמיידן צו זען דאָס נאָכקומענ־דיקע. נישט געוווסט וווהין, געבליבן. פֿאַניע האָט זיך נישט געוויזן פֿאַר

די אויגן. געלעגן אַ פאַרשלאָפטע אין דער גרויסער שטאָט, אַן איינזאַמע, אַ פאַרגעסענע.

ניין, ס׳האָט נישט אָנגעזאָגט מער קיין הילף, פאַר דער דאָזיקער אַמאָל אַזוי שיינער היים. זאַמע האָט שוין אַפילו נישט געטראַכט מער דערוועגן. ער איז מיט יעדן טאָג אַלץ מער איינגעגאַנגען. אַראָפּ פון לייב, פון די כוחות. דאָס פלייש — געצערט. דער געדאַנק — מוטנע. זיין לעבן איז געוואָרן אַ לעבן פון טריבע טונקעלע אָנונגען, שוואַרצע אָפּגרונטיקע זעאונגען, פינצטערע וויזיעס וואָס פירן צום תהום.

ער האָט אָנגעהויבן איבערלעבן שווערע קאָשמאַרנע טעג און נעכט. אין בייטאָג פלעגט ער אַרומגיין אַ צעדמיונטער, נישט געהערט וואָס מ׳רעדט צו אים. איבערגעפרעגט עטלעכע מאָל. אָנגעשטעלט אויף יענעם אויגן ווי אין וואַנזין. צייטנווייז נישט געענטפערט צו דער זאַך. דער שמייכל וואָס האָט אַמאָל אַזוי שיין געררוט אויף זיינע ליפּן, איז שוין פון לאַנג געווען אָפּגעווישט. די שיינע געפלעגטע באָרד — פאַרנאַכלעסיקט, אַ שטיק קנויל. ווייניק מקפּיד געווען אויף זיך, אויף זיין קליידונג. ער איז נישט אַרויסגעקומען שוין כמעט אין גאַס. אַמאָל נאָר אַריינגעקראָכן אין הויף, ווו ס׳איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות (נאָר צו אַזאַ אומהיימלעכער אומעטיקער שטילקייט קען מען פאַרגלייכן אַ נידערגע־שלאָגענעם גאַרבער־הויף). געבראַדזשעט לאַנגע שעהן איבער די שטעגן. גענישטערט אין די ווינקלען. אַריינגעקוקט אין די פוסטע קאַמערן, אין די ליידיקע פעסער, אין דער אויסגעלערטער שאַפע. געזאָפּט אין זיך די לעצט אויסוועפּנדיקע ריחות פון גאַרב־קאָרע, פון רויע מאַטעריאַלן, פון גאַרבער־לעבן — און דער טרויער האָט אים אַרומגעכאַפּט ווי אַ בראַנד, געדריקט, געשטיקט מיט ווייטיק ביז צום אַראָפּגיין פון זינען.

אין די מינוטן האָט ער גערופן זיך אַליין צום משפּט:

— זאַמע, וואָס האָסטו געטאָן. מיט דיינע אייגענע הענט אומגליקלעך געמאַכט די שטוב!... דיין הויז האָלטביים איינפאַלן!...

פון זיינע אויגן האָבן דעמאָלט געגומען רינען טרערן. אַריינגעלאָפן אין אַ קאַמער, זיך אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל, אָנגעלענט דעם קאָפּ אין ווענטל. געבליבן ליגן פאַרשמאַכט. געוואָלט איינשלאָפן אויף אייביק...

די נעכט זענען געווען נאָך ערגערע, שרעקלעכערע. פול מיט שרעקנס־קאָשמאַרן. אין זיין שוואַכן דרימל, געזען שווערע דערשיטערנדיקע בילדער. געשפּענסטער, און אומעטום אינדערמיט פּעשע — אַ טרויעריקע, אַ וויינענ־דיקע. אַ טונקעלער אָפּגרונט האָט אים גערופן, געזוכט אים אַריינצונעמען, איינשלינגען, פאַרשליסן אויף שטענדיק. ווען ער האָט זיך איבערגעוועקט, איז ער געווען פּיטש־נאַס, אַ באַגאָסענער פון שוויים. דאָס העמד אויס־צודרעענגען. אַרומגעקוקט זיך. געזען ס׳איז פינצטער. צוריקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן. אַרויסגעגעבן פון זיך טיפע קרעכצן, וואָס זענען געווען גרויליקער פון געשרייען.

כייקע, וועלכע איז זינט נאָך דער מאַמעס טויט, געשלאָפן אין די עלטערנס שלאָפצימער, אויף דער קאָזעטקע, האָט אפילו אין איר פעסטן שלאָף דערהערט דעם טאַטנס ביטערע זיפצן. אַדורכגעלעכערט איר אויער. זי איז אַראָפּ פון געלעגער, צוגעקומען צום טאַטנס בעט. זיך אָוועקגע־שטעלט, איינגעהאַרכט. זאַמע איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאָס מויל אויפגעריסן. געדעכעט ווי אַ פיש אויף דער טריקעניש, וואָס זוכט צו כאַפּן לופט, אָטעם. ער האָט דערפילט עמעצער שטייט ביי זיין בעט. אויפגעעפנט די לעדלעך, דערקענט דער טאָכטערס שאָטן.

— וואָס שטייסטו דאָ האַ ? — האָט זיין קול געכריפּעט — פאַרוואָס שלאָפסטו נישט ?

— טאַטעשי, דו שרייסט אַזוי פון שלאָף, אַ גרויל גייט מיר אַדורך איבערן לייב. כ׳קען נישט שלאָפן.

— ס׳דאַכט דיר אויס אַזוי. כ׳שריי נישט. גיי לייג דיך צוריק אויף דיין געלעגער. כ׳וועל נישט מער שרייען.

זי האָט זיך צוריק געשלייכט צו איר געלעגער, זיך אָוועקגעלייגט. אינדערשטיל געגאָסן מיט טרערן. געוויינט. פייכט געמאַכט דאָס קישן. געפילט אַ ניי אומגליק רוקט זיך אָן.

דאָס אומגליק האָט נישט פאַרזוימט. לאַנגזאַם, פאַמעלעך זיך אָנגערוקט, אָבער מיט זיכערע טריט. זאַמע אליין האָט געאָנט, ס׳איז נאָך נישט אַלץ. די מאַס איז נאָך נישט פאַרפילט. ס׳מוז נאָך עפּעס נאָכקומען...

איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג ווען אין שטוב איז געווען שטיל,ליידיקלעך,

זאַמע איז געלעגן ווי געוויינטלעך אויף דער סאָפע אין זיין שווערער רו, איז געקומען אַריינצולויפן מרדכי־מיכאל זיין פריינד, מיט אַ געוואַלד; דאָס פּנים פאַריאַכמערט, אויפגערעגט. נישט געקאָנט אויסרעדן ס׳וואָרט. צוגעפאַלן צו זאַמען מיט ווילדן געשריי:

— זאַמע, וואָס ווילסטו פון מיינע יאָרן האָבן. וואָס מאַכסטו מיך אומגליקלעך?

זאַמע וועלכער איז געווען ווי אין האַלבן דרימל, האָט זיך אויפגעוועקט. געקוקט אויף זיין חבר רואיק, געלאַסן. נישט געוווּסט וואָס ער וויל פון אים, אין וואָס עס גייט. געפרעגט כמעט פאַרחידושט:

— וואָס איז געשען?

— פרעגסט נאָך וואָס ס׳איז געשען. דו ווייסט נישט? האָסט דאָך די טובה־וועקסלען וואָס איך האָב דיר געגעבן זיך אַרויסצוהעלפן — נישט אויסגעלייזט. איצט קומט מען צו מיר מאָנען, איך זאָל באַצאָלן. און נאָך: דער־אַ־וועקסל, איז אינגאַנצן נישט מיינער. איך האָב אים נישט אונטער־געשריבן. נאַ, זע!

זאַמע האָט זיך איינגעקוקט אינעם וועקסל. געקנייטשט דעם שטערן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען: „אַ וועקסל אויף דיין נאָמען?" געקוקט אויף דער קלאָר געדרוקטע בלאַנקע ווו אונטן האָט זיך געצייכנט דעם אויסשטעלערס אונטערשריפט. שטיל געזאָגט:

— כ׳געדענק נישט. נאָר כ׳זע ס׳איז מיין כתב, מיין אונטערשריפט.

— נו וואָס וועט איצט זיין זאַמע, האַ?

— וואָס זאָל זיין, גאָרנישט. צאָל נישט. — זאַמע האָט עס געזאָגט מיט גלייכגילט, ווי דעמאָלט, ווען מ׳האָט שוין פאַר גאָרנישט קיין מורא. גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן...

— וואָס הייסט, כ׳זאָל נישט צאָלן? מוז איך דאָך דערציילן דעם גאַנצן אמת, וואָס דאָ איז געשען. ס׳איז אַ געפעלטשטע זאַך.

— דערצייל.

— ווייסט, וואָס ס׳קומט דיר דערפאַר, וואָס מ׳קען דיר פאַר אַזאַ זאַך טאָן?

— מ׳קען מיר שוין גאָרנישט טאָן. ס׳איז שוין אַלץ אָפּגעטאָן...

מרדכי־מיכאל איז פון זאַמעס רואיק רעדן, פון זיין רעזיגנירט קול וואָס האָט געקלונגען מיט פולשטענדיקער אויפגעגעבנקייט, דערשיטערט געוואָרן. באַקומען אַ טרייסל אין לייב. אָפּגענומען אים ס׳לשון: גאָט אין הימל, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען, וואָס זעט ער פאַר זיינע אויגן — אַזוי ווייט האָלט עס שוין? ער האָט אַ שווערן געגעבן מיטן בליק איבער דער אָפּגעלאָזענער שטוב, וואָס האָט שוין געשמעקט מיט גרויסן דלות. צוריקגעברענגט דעם בליק צו זיין פריינד. געזען זיין טרויעריקן מעמד, זיין נעבעכדיקן זיצן און ס׳האַרץ האָט זיך אים פאַרקלעמט מיט ווייטיק: ס׳איז שוין גאָרנישט די זעלבע שטוב, דער זעלבער זאַמע, נישט דער אייגענער מענטש. ווי, וואָס פון אים איז געוואָרן. און וואָס וויל ער פון אים איצט האָבן?

— זאַמע! — האָט מרדכי־מיכאל גערופן מיט אַ געדריקט קול. ער האָט זיך צוגעזעצט צו אים נענטער. אָנגענומען זאַמעס האַנט. טרערן האָבן אויפגעפייכט אין מרדכי־מיכאלס אויגן. נישט געקאָנט אויסרעדן דאָס וואָרט. זאַמע האָט געשוויגן. געלאָזט מיט זיך טאָן וואָס מ׳וויל. אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד, אָן ווילן, אָן רעאַגירן. ער האָט געקוקט צו זיין חבר, געהערט יענעמס רייד, די אויפגעטרייסלטע ווערטער, דעם צער און רחמנות — ס׳איז צו זיין מוח נישט דערגאַנגען, זיין אויער נישט געגרייכט. ס׳איז אים געווען אַלץ איינס. עס נישט אויפגענומען מיט זיין באַוווסטזיין: ס׳אַרט אים נישט מער.

אַ וויילע זענען זיי ביידע געזעסן אין שווייגן. אָנגעהאַנגען די בליקן איינער אויפן אַנדערן. פאַר מרדכי־מיכאלס אינערלעכער זעאונג, האָבן אויפגעשוועבט אָפּגעריסענע בילדער, געדענקענישן, רייד, וואָס זיי פלעגן תמיד אויפברענגען בעת זייער צוזאַמענטרעפן זיך, אויסלאָדענען אין שמו־עסן, אין זכרונות. איצט ווי אַ שטיינערנע דעק וואָלט געלעגן אויף זייערע הערצער און מיילער. נישט געלאָזט אַרויסברענגען קיין קלאַנג, קיין דער־מאָנונג. מרדכי־מיכאל אומרואיק, געקווילט פון עפּעס, וואָס האָט אים, ביי דעם אַלעם, געקוטשעט זיך נאָך עפּעס דערוויסן, האָט שטיל געפרעגט:

— האָסט אַ סך אונטערגעשריבן זאַמע, זאָג מיר.

— ניין, נישט קיין סך. נאָר דעם איינעם. ס׳איז מיר דעמאָלט זייער

ענג געווען די וועלט. נישט געקענט זיך קיין עצה געבן. האָב איך עס געטאָן. געוואָלט זיך ראַטעווען. געמיינט כ׳וועל קענען אַלץ באַצאָלן. אַדורכ־געפאַלן אין לעבן. זיי מיר מוחל.

— כ׳בין דיר מוחל פון טיפן האַרצן. האָב נישט קיין צער דערפון. און וויפל ס׳זענען דאָ די וועקסלען, וועל איך אויסלייזן און שאַ־שטיל. ס׳זאָל צו קיין בושה נישט דערגיין. און יאָ, וואָס ביסטו אַזוי דערשלאָגן, צוזאַמענגעבראָכן, אַראָפּ פון מוט. זאָג מיר זאַמע.

— ווער זאָגט כ׳בין צוזאַמענגעבראָכן, דערשלאָגן. האָסט אַ טעות. כ׳האַלט מיך זייער גוט.

— אויף אונדזערע יידישע שונאים געזאָגט... — האָט מרדכי־מיכאל אָפּגעקרעכצט — זאָג מיר מיין פריינד זאַמע, אפשר זאָל איך דיר צושיקן אַ פּאָר זעקלעך ערפּל, אַ ביסל גרינוואַרג, אַ וועגעלע האָלץ. ס׳וועט באַלד גיין צו ווינטער. וואָס זאָגסטו?

— ווילסט שיקן, שיק. פאַר די קינדער וועט עס צונוץ קומען.

— וואָס הייסט פאַר די קינדער, און פאַר דיר נישט?

— פאַר מיר אויך...

מרדכי־מיכאל האָט געזען זיין חברס צושטאַנד. זיין אינערלעכקייט איז נישט מער שטאַנדהאַפטיק. רעדט ווי פון חלום אַרויס, פון לעטאַרגיע: אַ ברוך איז אַריין אין דעם בוים, אין דעם אַמאָל אַזוי שיינעם געצירטן בוים, אים איינגעבראָכן. ווידער איז אין אים אויפגעגאַנגען דער מיטלייד, דער ווייטיק. צוגעשטאַנען צו זיין אומגליקלעכן חבר, אַריינגערעדט אין אים. געבעטן ווי אַ ברודער, ער זאָל זיך שטאַרקן, האַלטן זיך ווי ווייט מעגלעך אין די הענט.

— זאַמע, טייערער חבר מיינער, האַלט זיך. געדענק, האָב רחמנות אויף די קינדער דיינע. דיין פאַלן מאַכט אויך זיי פאַלן. קאָנסט חלילה אומגליקלעך מאַכן די שטוב.

— כ׳ווייס נישט וואָס דו ווילסט פון מיר האָבן. איך האַלט מיך זייער גוט. און די קינדער האַלטן זיך אויך גוט. ס׳פירט זיך אַלץ אין בעסטן אָרדנונג...

מרדכי־מיכאל האָט געזען ס׳איז אומזיסט און אומנוצלעך דאָס איינ־

טענהן. ער לאָזט זיך נישט דערעדן, איבערצייגן. צוריק געגאַנגען צו תכלית.

— איך וועל דיר די טעג צושיקן אַ ביסל קאָרמע: עטלעכע הייפּטלעך קרויט, מייערן, ריבן, צוויקל, פּרוכטן. זאָל קודם זיין אין שטוב. וואָס זאָגסטו זאַמע?

— פאַרוואָס נישט. אַז דו ווילסט, שיק.

מרדכי־מיכאל, כדי זאַמען דאָך עטוואָס אויפהייטערן, האָט געפּרוווט דאָס אַלטע מיטל, אַרויפברענגען אויף יענע יונגע יאָרן, וואָס דאָס דער־מאָנען איז שוין געוואָרן אַ מנהג, אַ מין טראַדיציע ביי זיי. געווירקט תמיד צום גוטן. אַריינגעברענגט מונטערקייט.

— געדענקסט זאַמע, ווען מיר זענען געווען יונג, געשפּרינגען איבער די פעלדער, אַרומגעיאָגט זיך אין וואַלד, ווי די וועווריקעס, געדענקסט?

פון זאַמען איז נישט געקומען קיין ענטפער, קיין שמייכל, גאָרנישט.

— כ׳רעד דאָך צו דיר פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט.

— מילא, געווען אַמאָל. וואָס איז שוין דאָ צו רעדן. ס׳איז דאָך שוין נישטאָ... — אין זאַמעס קול, תהומיקער אומעט.

— טו זיך אַ ביסל אַ צערודער, טו זיך אַ טראָפּן אויפהייטערן. זיי נישט אַזוי פאַרסמוטשעט, איך בעט דיך, זאַמע קרוין.

— כ׳בין נישט פאַרסמוטשעט. כ׳בין מיד. איך וואָלט געוואָלט אַ טראָפּן רוען.

מרדכי־מיכאל האָט דערמיט געהערט זאַמעס פאַרלאַנג, ער וויל בלייבן אַליין. געטראַכט, אַז מיט זיין אַנוועזנהייט, טוט ער אים אפשר קוויילן, פּייניקן. בעסער אים לאָזן טאַקע אָפּרוען. ער איז אויפגעשטאַנען.

— נו, זאַמע, כ׳דאַרף איצט גיין אַהיים.

ער האָט זיך גענומען מיט אים געזעגענען. לאַנג געדריקט זאַמעס האַנט. איבערגעבעטן פאַר דעם אַרויסגעגעבענעם געשריי, פאַר די שטרענגע רייד ביים אַריינקומען: מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש... און ער זאָל זיך נישט איבערנעמען, ס׳איז שוין פאַרביי, און ער וועט די וועקסלען שוין ערליידיקן, אויסלייזן. און בקרוב וועט ער זיך ווידער באַווייזן, אהער אַראָפּכאָפּן.

— דו זאָגסט מיר צו, דו וועסט זיך שטאַרקן, זאַמע?

— כ׳וועל מיך שטאַרקן. נעם דיך נישט איבער.

— נאָר געדענק. כ׳וועל זען וואָס־נאָך צו טאָן. אַ גוטן טאָג. זײַ געזונט. מוטיק דיך! — און מרדכי־מיכאל אַנווינטשנדיק אַ סך ברכות, האָט ווידער אַמאָל געדריקט זאַמעס האַנט. דערנאָך אַרײַן אין צווייטן חדר צו די קינדער. עפּעס זיי דאָרט פאַרזאָגט. אַרײַנגעטענהט אין כּייקען. געבעטן זי זאָל אַכטונג געבן אויפן טאַטן, אים אָפּהיטן. און אָפּשטעקנדיק איר אין האַנט אַ ביסל פּאַפּירלעך, איז ער אַוועק.

זאַמע הגם שוין געוווינט געפּרווט מיט צרות, מיט אַנגעלערנטקייט פון שווערן לעבן, האָט די מעשה מיט די נישט אויסגעלייזטע וועקסלען, און דער עיקר דער פאַלש אונטערגעשריבענער אויף זײַן פרײַנדס נאָמען, נישט געלאָזט מער צורו, נישט געקאָנט עס איבערטראָגן. ס׳האָט אים ווײ געטאָן, פאַרקלעמט דאָס האַרץ: אַ פעלשער געוואָרן. אָפּגענאַרט מיט געלט, מיט דעת; הגונב את דעת חברו... און וועמען האָט ער דאָס געטאָן? זײַן בעסטן און נאָענסטן חבר. איז דאָך אַ סימן, ער איז שוין אַראָפּגע־גאַנגען ביזן לעצטן שטאַפּל... אויף וואָס האָט ער נאָך צו וואַרטן, צו האָפן? ס׳האָט איבערגעלאָזט אַ טיף בלוטיקן ראַץ אויף דער נשמה.

סײַווי, איז מיט די טעג אַלץ ערגער געוואָרן. זאַמע איז אַרײַן אין אַבסאָלוטער אַפּאַטיע, אין אויפגעלעזטקייט. ס׳האָט אים מער גאָרנישט געאַרט, נישט גערופן צו גאָרנישט. געוואָרן לחלוטין אָפּגעלאָזן. נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס. זיך נישט געוויזן, נישט בלויז אין גאַס, אַפילו נישט אין אייגענעם הויף. געלעגן לאַנגע שעהן אויף דער סאָפע, געדומעט זײַנע טרוימען טונקעלע מחשבות; די באָרד צעקנאָדערט, ס׳מלבוש צע־קנייטשט, רויטע הייטלעך און שווערע קישעלעך אונטער די אויגן. זעלטן אויסגערעדט אַ וואָרט. ער האָט אויפגעהערט אויך עסן. לאַנג געלאָזט שטיין די צוגעברענגטע שפּייז אויפן טיש, זיך נישט צוגערירט. כּייקע האָט אים געמוזט שלעפּן מיט געוואַלד, מיט געוויין און געבעט. אָבער אויך דעמאָלט, האָט ער דאָס ביסל עסן געזשאָמזשעט, ווי ער וואָלט געקייעט אָן ציין, שווער אים אַראָפּצושלינגען. איבערגעלאָזט די העלפט אין טעלער. אַוועק פון טיש. זיך צוריקגעלייגט אויף זײַן נאָרע. געלעגן

האלב אין דרעמל, האלב־וואך. געמורמלט צו עפּעס אן אומגעזעענס, אפּגעריסענע ווערטער, ווי ער וואלט מיט װעמען זיך אויסגעשמועסט, אדער פאר וועמען אפּדערציילט, זיך פארטיידיקט. אריין אין אן אנדערע פארהוילענע וועלט; א נישט־דאיקע.

אמאל־נאר, ווי אונטערגעטריבן פון אן אינערלעכן דראנג, געוועקט פון א בריענדיקער דערמאנונג, איז ער נאצפּאל, מיט רעש, ארויס אין גארבעריי. זיך אוועקגעשטעלט ביים פּלויט. געקוקט דורך א שפּארע אריין אין גאס. געשארט מיט די בליקן. געזוכט די סוחרים. זיי „דערקענט״: אט ד ע ר, איז אברהם לעווקינדס; י ע נ ע ר דארט, ראובן שלומס. און דער ווידער, מנחם סקורניקס... און ווו זענען מיינע? מסתּם וועלן זיי באלד קומען!... געווארט צו הערן דאס אנקלאפּן אין טירל. זיך געוווּנדערט אויף זייער פארזוימען. געציילט די מינוטן. געווען אין שפּאנונג. איבערגעלעבט אין פארטונקלטן מוח, דאס וואס ס׳איז שוין לאנג נישט געווען אויף דער וואר. געשפּינען פאנטאזיעס, חלומות, בלענדיקע זעענישן, אים אוועקגעפירט אין אנדערער ספערע, אין אן אנדערער וועלט, ווייט פון דער רעאלער, ערדישערווירקלעכקייט. געשטאנען אזוי ביז ער איז שוואך געווארן אויף די פיס. אראפּגעלאזט זיך אויף א קלעצל צופיסנס פון פּלויט. דער קאפּ געזונקן צו די קני. דערהערט זיין אינערלעך אימהדיק געשריי: ז א מ ע !... אריין אין פארגליווערונג.

זיצנדיק אזוי, האט ער פּאמעלעך זיך פארוועבט אין דעמער. זיין נשמה זיך אנגעפילט מיט עבר, מיט יענע זיניקע טעג, מיט בענקעניש צו פעשען; געזען זיך מיט איר זיצן ארעם ביי ארעם, אין זייערע ערשטע מאן־און־ווייב יארן: אזויפיל פרייד, אזויפיל גוטס, אזויפיל הבטחות און מיט א געוואלדיקער גרייטקייט צום לעבן. סע האט זיך דעמאלט געוואלט ארומנעמען די וועלט, אלע מענטשן צודריקן צום הארצן, ווינטשן זיי דאס גארע גוטס. — —

— — הייגט לויפט ער אן עלנטער אויף א וויסטן וועג ווו מ,זעט נישט קיינעם, קיין לעבעדיקן פוסטריט, קיין לעבעדיק נפש. ארום וויסט, אן א סוף... ער וויל אהין צו פעשען. יא, ער וויל אהין... דער מוח האט פּאמעלעך זיך אריינגעשנורלט אין פינצטערער נאכט.

און אַט איז געקומען די אומגליקלעכע פינצטערע נאַכט. —

ס׳איז געווען אָוונט. זאַמע איז געלעגן אויף זיין אָרט אין גרויסן צימער, געהילט אין פאַרנאַכטיקער טונקלניש, אַ פאַרשוויגענער, און אומ־געזונער, אַ נישט־עקזיסטירנדיקער. און ווי ס׳געשעט ביי אים אין לעצטנס, האָט ער זיך אַדורכגעשמועסט מיט אומגעזונטע געשטאַלטן, מיט נאָענטע ליבליכע נפשות. ער האָט דערזען די מאַמע זיינע. זי איז געשטאַנען האַרט לעם אים. געפילט דעם גלעט פון איר האַנט, פון אירע דורכזיכטיקע פינגער. איר אָטעם, אַזוי נאָענט, מיט אַזאַ ליבלעכע מאַמע־וואַרעמקייט — איינגאַנצן אַ לעבעדיקע. ער האָט צו איר גערעדט: געדענקסט מאַמע, ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, האָסטו מיך אַזוי ליב געהאַט, מיך געטוליעט, געצערטלט, מיר צוגעזאָגט אַזויפיל גוטס: איך וועל זיין גליקלעך. און פאַרוואָס בין איך נישט גליקלעך? ניין, כ׳בין נישט. איך בין דער איינ־זאַמסטער מענטש אויף דער וועלט... אוי ווי איינזאַם! די מאַמע האָט אים געענטפערט: דאָס איז, ווייל דו האָסט נישט גוט געטאָן זאַמעשי מיין קינד. ביסט נאָכגעגאַנגען די תאווה פון דיין האַרץ, נאָך דער מענטשלעכער גליסטעניש, און נישט נאָכן קלאָרן שכל... „פונוואַנען ווייסטו דאָס מאַמע, דו האָסט דאָך שוין דעמאָלט נישט געלעבט?...״ אוי, ס׳איז דאָך גאָר פעשע! זי ווייסט יאָ, אַלץ: יאָ, יאָ, כ׳האָב טאָקע נישט גוט געטאָן. איצט פאַקוטעווע איך, פעשעשי. באַצאָל פאַר אַלעם... דו ביסט פון מיר אָוועק־געגאַנגען. מיך איבערגעלאָזט אַליין. כ׳קאָן מיר קיין אָרט נישט געפונען, נישט קיין רו. דו ביסט געווען די זייל אין וועלכער מיר האָבן זיך אַלע אָנגעהאַלטן, די באַנד וואָס האָט אונדז צוגעבונדן צום לעבן. הייַנט ליגט אַלץ צעריסן, צעשטויבט: פאַניע זיצט אַ פאַרוויסטע אין יענער גרויסער שטאָט. זי איז צו מיר ווי נאָך פרעמדער געוואָרן. קומט נישט אַהיים. זעט אין מיר אפשר גאָר דער אומגליקלעך־מאַכער פון דער שטוב. און זי איז גערעכט. ווען זי האָט געהערט פון דיין אָוועקגיין פון אונדז, האָט זי געחלשט. אָבער זיך נישט באַוויזן; ריוול איז פאַרשוויגן געוואָרן. לעבט מיט זיך. רעדט ווייניק. קומט נישט מער צו מיר, מיט איר אַמאָליקן גלעקלדיק געלעכטערל, מיט איר פריילעך רופן: טאַטעשי, איך בין דאָ! — און אין וועלכן איך האָב דערפילט די גאַנצע ליבשאַפט פון מיין קינד,

מיין בלוט, צו מיר. היינט גייט זי אַרום אויסגעלאָשן. כ׳ווייס נישט וואָס איך איר האָרץ טוט זיך... די איינציקע וואָס גייט מיט מיר אום ליבלעך און געטריי, איז חיהלע, אונדזער געטריי קינד. זי איז פון אייביק אָן, ביי דיין לעבן, דיר נאָכגעגאַנגען ווי דאָס געטרייע קעלבעלע. מיר האָבן דערפון געלאָכט. זיך דערלויבט שפּאַס צומאַכן. נישט געוווסט וויפל גוטסקייט ס׳ליגט אין דער דאָזיקער נשמה. זי גיט אויף מיר אַכטונג; די ייִנגערע קינדער, די צוויי מיידלעך רייסן זיך צו לערנען פּאַכן. טעמערל — אַ שניידערקע. שרהל — אַ העפטערין. די ייִנגלעך זאָגן, זיי וועלן נישט אַראָפּגיין פון הויף. זיי וועלן אַרבעטן וויפל זיי וועלן נאָר קענען, ביז זיי וועלן צו עפּעס דערגרייכן. היינט אַרבעטן זיי אויס קליינוואַרג, דרויב. ס׳איז־יאָ און ס׳איז־ניין. אָבער בעסער, ווי גאָרנישט. און אוודאי בעסער ווי זיי זאָלן אַרומגיין ליידיק. וואָס זאָגסטו צו דעם אַלעם פּעשע קרוין. ענטפער מיר...

באַפאַלן פון מידקייט, האָט ער איינגעדרימלט. און פּלוצעם איז אויפ־געגאַנגען אין זיין פאַרבלענדטן מוח — אַ גרויסער צעלויכטענער טאָג: דער הויף — פול מיט באַוועגונג, מיט רוד, מיט טומלעניש; סוחרים דרייען זיך אַריין און אַרויס. קומען בעטן סחורה. רייסן אײַן די טיר. שטופּן געלט פאַרויס אין האַנט: „ר׳ זאַמע נעמט צו. מאַכט מיר פאַרטיק די סחורה. די לעדערס זענען מיינע!״ ער נעמט צו דאָס געלט, דער טייסטער איז שוין אַ פול־אַנגעשטאָפּטער, אָנגעבלאָזן ווי אַ לאָגל. לייגט אים אַריין אין ברייטן שופלאַד פון דער קאָמאָדע — זיין קליינע באַנק. איילט צוריק אַרויס, פאַרטיקצומאַכן די סחורות. וואָרעם די צייט איז אַ יאָגנדיקע: ס׳שטייט איצט דער האַרבסט־סעזאָן, די בעסטע צייט פון יאָר. מען דאַרף אַרויסגעבן וואָס מער אַרבעט. מען טאָר נישט באַלעמוטשען, נישט אַדורכלאָזן קיין רגע... איז וואָס ליגט ער עפּעס דאָ און רוט. איז דען איצט די צייט אויף רוען? גיי אַרויס העלף צו די פּועלים. טרייב זיי אונטער. זע, זיי זאָלן פאַרטיק מאַכן די לעדערס פאַר וועלכע דו האָסט שוין גענומען געלט פאַראויס. באַלעמוטשע נישט. גיי ריר דיך, גיכער!...

זאַמע אין זיין בלענדעניש, געטריבן פון אַ וואָנזיניקן כוח, איז אַראָפּ פון דער סאָפע. אומגעזען ווי אַ שאָטן זיך אַרויסגעשאַרט אין הויף. מיט

פאַרברענטע אויגן פון אַ מטורף, געלאָזט זיך פליען אין אַלע ווינקלען, אין אַלע עקן. אַוועק צו די קאַמערן ווו מען פאַלצט, ווו מען רעקט. אונטערגעטריבן די געזעלן, גערופן, געשריען: וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּילן זיך? מאַכטס פאַרטיק די אַרבעט. מען וואַרט אויף איר! צוגעזאָגט די יונגען אַ גוטן „ביר־געלט", נאָר זיי זאָלן צואיילן, צערוכעווען די הענט. געמאַכט אַ ווינט, אַ רויש. צום סוף אַליין אָפּגעזוכט די לאַנגע דובינע, צוגעלאָזט זיך צום גרויסן פאַס, צו דער „מאַטקע", אַראָפּגעוואָרפן פון זיך ס'אויבער־מלבוש און מיט צעשטורעמטן אימפּעט גענומען טרייבן די פעלן. זיי זאָלן אַריין וואָס שנעלער אין גאַרב, זיך פאַרטיקן... געאַרבעט מיט אַלע כוחות. צעטרייסלט דעם געגליוווערטן פאַרשליימיקן קוואַס, וואָס האָט אין דער אויפרודערונג אַרויסגעגעבן פון זיך אַ שאַרף האַרבן ריח. זיך צעטראָגן איבערן הויף. גערופן, געשריען: „אָט אַזוי דאַרף מען אַרבעטן, זעטס. אַזוי דאַרף מען אַרבעטן!" — — — — —

כייקע איז גראָד געווען פאַרטאָן אין קיך ביים צוגרייטן פאַר די קינדער דאָס נאַכטעסן, געשטאַנען ביים טיש לעם פענצטער, געשניטן די פאַרציעלעך ברויט, ווי זי האָט פּלוצלינג דערשפּירט אַ שווער קוואַסיקן גערוך: „פוי, וואָס פאַר אַ געמיינער זאַפּאַך!" האָט זי אויסגערופן. פאַר־מאַכט דעם לופטשיק. דער „זאַפּאַך" האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך די דינסטע שפּאַרעלעך. צוגעשלאָגן איר צום קאָפּ. זי איז אַוועק אין צווייטן צימער, דערציילן דעם טאַטן. זי האָט אים נישט געזען. נישטאָ געווען. ס'איז איר געוואָרן פאַרדעכטיקט: ווו איז ער? זי איז אַרויס אין הויף אים זוכן. דערזען פון ווייטנס ביים גרויסן פאַס, אַ סילועט פון אַ מענטש, באַוועגט זיך. הייבט די הענט אַרויף־אַראָפּ, ווי זיך דרייענדיקע פליגל פון אַ ווינטמיל. זי איז צו נענטער און אַן אימהדיק געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר האַלדז. פאַרגלושעט דעם הויפישן חלל.

— טאַטעשי וואָאס טוסטו, טאַטעשי קרוין — געוואַלד!...

זי איז צוגעפאַלן צום פאָטער מיט געיאָמער. זאַמע האָט נישט געהערט. געאַרבעט נאָך מער מיט אַלע כוחות. ער האָט אַצינד אַריינגעלייגט בייע פעלן אין פאַס צום גאַרבן, זיי געמישט... געברומט, גערופן, באַפעלט צו די אַרומשטייענדיקע געזעלן: שנעלער, גיכער. כעוורע, מען דאַרף

פּאַרטיק מאַכן די אַרבעט; פון כייקעס קעל האָבן זיך געריסן געוואַלדן. די אַנדערע קינדער זענען אַרויסגעקומען. דערזען דאָס בילד. און אַלץ האָט זיך צעוויינט. אַרומגערינגלט דעם טאַטן, מיט כוח אים אָפּגעריסן פון דאָרט, אַריינגעפירט אין שטוב. אים אויסגעטאָן. אַריינגעלייגט אין בעט. ווי גרויס ער איז געווען, איז זיין גוף געווען באַדעקט מיט אַ גע־דיכטן שווייס. מען האָט אים אַרומגעווישט. פאַרבינדן דעם קאָפּ מיט אַ פייכטן האַנטוך. געשיקט רופן דעם דאָקטאָר.

זאָמע איז געבליבן ליגן אין בעט. מער נישט אויפגעשטאַנען. געלעגן אויסגעלאָשן, אָן אויסגייענדיקע קויל. אַ מינוט אַ צאַנק געטאָן, אויפגע־העלט ווי אַ לעצט אויפגעפלאַמט פלעמל. אויפגעקומען. אַרומגעקוקט זיך. אָנגעקוקט די קינדער. געזאָגט: ער גייט צו דער מאַמען... געבעטן מ׳זאָל אים מוחל זיין. נישט געהייסן אָנזאָגן פאַניען, ווייל זי איז שלאָף. די אויגן צוריק פאַרמאַכט. אַריין אין זעאונגען פון יענער־זייט־לעבן....

ער האָט מיט אַ פאַרן טויט שאַרפער אַנונג, געוווּסט, ער גייט אַוועק פון דער וועלט. ס׳האָט אים נישט געאַרט. געווען רואיק, צוגעגרייט. מיט גאָרנישט געבעטן העלפן אים, געזוכט מאַכן. געמורמלט אין לעצט אויס־גייענדיקער שעה: פעשע, פעשע... כ׳גיי צו דיר. יאָ, צו דיר!... די קראַנקייט איז מיט יעדער שעה געוואָרן ערגער. דאָס געזיכט נישט צו דערקענען. ס׳מויל — אויסגעקרומט, נישט געקאָנט רעדן. אַ פּאַראַליזש איז אַריין אין זיין גוף. נישט געקענט זיך מער באַוועגן, נישט עסן. ער האָט גאָר־נישט פאַרלאַנגט. געמאַכט מיט די פינגער פון איין האַנט: מען זאָל אים לאָזן צורו. ער וויל גאָרנישט מער!

דאָס אַוועקגיין פון דער וועלט, איז אים אויך נישט אָנגעקומען לייכט. דאָס האַרץ האָט געאַרבעט, געכאַרכלט, נישט געוואָלט זיך אויסלעשן, איינשטילן און אויך נישט געקענט אים מער אויפהאַלטן. פריינט, שכנים, האָבן זיך געזאַמלט אין שטוב. צוגעקוקט צו דער שווערער גסיסה. נישט געוווּסט מיט וואָס צו העלפן. איינער האָט פאַרגעלייגט, מען זאָל אָפּער־נעמען דאָס קישן פון אונטערן קאָפּ, וואָרעם פעדערן האַלטן אויף דאָס אָפּשטאַרבן; אַ צווייטער האָט געזאָגט, מען זאָל ברענגען דעם שליסל פון דער שיל, אַרונטערלייגן צו קאָפּנס, דאָס וועט פאַרגרינגערן ס׳אויסגיין.

דוד ראָזנקראַנץ האָט בײדע זאַכן נישט געלאָזט טאָן. מען טאָר נישט לױטן דין, האָט ער געזאָגט, צואײלן דאָס פּאַרטרײבן ס׳לעבן פון אַ מענטשן. װי לאַנג דאָס ליכט צאַנקט נאָך, טאָר מען עס נישט אױסלעשן...

אין אַ פּאַרטאָגס איז זאַמעס גוף געבליבן ענדלעך אײנגעשטילט. מער זיך נישט באַװעגט. די נשמה האָט אָפּגעקרעכצט דעם לעצטן קרעכץ, אים פּאַרלאָזט. אַװעק פון דעם אומרואיק מאַטערנדיקן עולם־התחתון. פּטור געװאָרן פון די אַלע אומזיניקע יסורים. זאַמע איז אײנגעשלאָפן אױף אײביק.

צו דער לװיה איז געקומען אַ גרױסער עולם. געקומען פון פּאַרנט אין שטאָט, פון די נאָענטע געסלעך, באַקאַנטע הײזער, סתם ײדן, און אַװדאי ערשט פון דער הײמישער גאַס. מען האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט, זיך איבערגעטאָן אין אַנדערע קלײדער און אַרױסגעקומען מלוה זײַן דעם נפטר. מיט יעדער מינוט האָט זיך דאָס מענטשנװאָרג אַלץ מער געזאַמלט. שװאַרץ געמאַכט דעם פּלאַץ אַרומען הױז. דאָס גרױסע מענטשן־געזעמל האָט זיך אײנגעהערט צו עפּעס, נײַגעריק געװען, אױסגעפרעגט אײנער בײַם אַנדערן און צוביסלעך געװאָרן אומגעדולדיק: פּאַרװאָס אַזױ לאַנג, מ׳האַלט אױף אַ שטאָט מענטשן. איבערגעבן זיך אין דער שטיל: אַז דאָס װאַרט מען אױף דער עלסטער טאָכטער. מ׳האָט איר צװײסן געגעבן דורך אַ דעפּעשע, און זי איז שױן אין װעג. מ׳האָט װעגן דעם גערעדט:

— אַזױ, די טאָכטער װעט יאָ קומען?

— נו, װאָס דען, אַן איר? זי װאָלט דאָס קײנמאָל נישט מוחל געװען.

— זי קומט צו אַ גרױסע שמחה נעבעך...

— װאַ, אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק!...

מיט אַמאָל איז געװאָרן אַ געשטופּערײַ, אַן אײנקװעטשעניש. מ׳האָט זיך אָפּגערוקט אין זײַט, געמאַכט אַ װעג אַדורכצולאָזן עמעצן. ס׳האָט זיך אַדורכגעשפּאַרט אַ פּרױאיש טונקל אַנגעטאָן געשטאַלט. אַרײַן אין הױז. און גלײַך האָט פון שטוב זיך אַנגעטראָגן אַ יאָמערלעך געװײן פון די קינדער. אַרױפגעפאַלן אױף דער עלסטער שװעסטער פּאַניע. זי נישט אָפּ־געלאָזט. ס׳האָט אַרױסגערופן טרערן בײַ אין די דרױסן שטײענדיקע מענטשן.

איצט האָט זיך אַדורכגעטראָגן אַ שעפּטשערײַ, ס׳טוט זיך אין דרינען שױן אַלץ שנעלער. ס׳װעט מער לאַנג נישט דױערן, װײַל ס׳איז שױן

שפּעטלעך. דערווייל האָט מען נאָך אַריינגעכאַפּט ס׳לעצטע ביסל גערעדעריי, ממשיך געווען דאָס אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, ווער מיט רואיקער און ווער מיט שטאַרקערער באַטאָנונג:

— גיי ווייס, וואָס ביי יענעם טוט זיך: אַז ס׳ברענט אינעווייניק אַ פייער...

— אַז מ׳האָט נישט געוואָלט דערהערן, האָט מען נישט דערהערט. —

— יאָ, ביי אונדז טוט מען באַדויערן, ווען ס׳איז שוין נאָך אַלעמען...

— אַזאַ טייערע שטוב געווען, געהאַט אַזויפיל פריינט.

— פריינט, איז גוט צו האָבן אויף שמחות...

— מילא, וואָס איז שוין דאָ צו רעדן. ס׳איז אָפּגעטאָן. —

ווידער איז געוואָרן אַ געשטופּעריי. אַלעמענס בליקן האָבן זיך גע־שטרעקט צום פּעדערהויז. די מתעסקים פון דער „חברה־קדישה" האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון דאָרט. אַרויסגעטראָגן דעם נפטר פון שטוב. די יללה — גרויס ביז אונטערן הימל. אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט אין איין קופּע. געוויינט.

געגאַנגען איז מען נאָך דער ע ג ל ה אין שטיל טרויעריקער לאַנגער ריי. מען האָט נאָך אַלץ געקוועטשט די פּלייצעס פון געוואַלדיקן חידוש. נישט געקענט פאַרשטיין די בהלה. די פאַרכאַפּעניש וואָס איז געקומען אויף דעם דאָזיקן אַמאָליק אַזוי שיינעם הויז: גיי, פאַרשטיי!...

צווישן די פרויען איז דאָס געוויין געווען גאָר גרויס, מיט הויכן געקלאָג און געיאָמער. אָנגעטאָן אין שוואַרצן, געריינגלט פון די שוועסטערן, איז געגאַנגען פאַניע. דאָס פּנים ביז אין דער העלפט פאַרדעקט מיט שוואַרצן וואָל. זי איז געקומען אין דער לעצטער מינוט (אַליין ערשט נישט־לענגס אויפגעשטאַנען פון אַ שלאָפקייט). אַרויפגעפאַלן אויפן טויטן טאַטן מיט יאָמערדיק געוויין. מ׳האָט זי נישט געקאָנט אָפּרייסן. דוד ראָזנקראַנץ איז אייניקע מאָל צוגעקומען. געבעטן זי זאָל זיך באַרואיקן, אָפּלאָזן. מען דאַרף טאָן די רעכט. ס׳ווערט שפּעט. דער טאָג שטייט נישט. מען מוז באַווייזן ברענגען צו קבורה. מ׳האָט זי קוים אָוועקגענומען.

איבערן וועג האָט זי אַצינד געשפּאַנט אַ שווייגנדיקע, אַ פאַרשטומטע, אונטערגעהאַלטן פון איין זייט דורך כייקען און פון דער אַנדערער, דורך

דער וואַרשעווער שווּעגערין, וועלכע איז מיט איר מיטגעקומען. דאָס אָנטאָן אויף פאַניען, הגם אין טרויער, ווי אויף אַ לוויה, אָבער נעט, פּרוויאיש אָנגעפּאַסט. זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צו דער ערד. מ'האָט נישט געקאָנט זען צי זי וויינט, אָדער נישט. צו די מענטשנס אויערן איז דערגאַנגען דאָס סקריפּען פון די עגלה־רעדער אויפן שטיינער־נעם ברוק, דאָס אומהיימלעכע קלינגען פון דער צדקה־פּושקע און דאָס טרויעריקע רופנדיקע קול פון שמש: „צדקה תציל ממות..." אַ קלאַנג וואָס האָט דערמאָנט אין פאַרגיין, אין טויט, אָנגעווייעט אומעט אויף דער נשמה.

דער צוג האָט זיך גערוקט פּאַמעלעך אַרויס פון דער הויפּטגאַס, אַרויף צום טראַקט, וואָס פירט צום גוטן־אָרט. איבערן וועג האָבן מענטשן זיך נאָך אַלץ צוגעזאַמלט. אַרויסגעקומען פון די הייזער, צוגעשטאַנען צו די מלווים. און יעדער האָט זיך איבער עפּעס איינגעקוקט אין דעם טונקל־געהילטן געשטאַלט פון דער געקומענער טאָכטער.

פאַניע האָט גאָרנישט געזען אַרום זיך. איר האַרץ איז געווען פאַר־קלעמט, פאַרשטיינערט, אַזוי אויך איר גאַנץ געמיט. זי האָט זיך נישט געקענט שענקן פאַרוואָס זי איז נישט געווען ביים אויסהויכן דעם לעצטן הויך פונעם טאַטנס צעווייטיקטער נשמה; נישט געשטאַנען ביי זיין צוקאָפּנס, נישט געזעגנט זיך, צוגעמאַכט די אויגנלעדלעך, איינגעהויכט אין זיך די לעצטע רגעס פון זיין אויסגיין. יאָ, זי האָט קייגן אים געזינדיקט. געהאַט אויף אים תרעומות. נישט פאַרשטאַנען, ער איז אַליין אומגליקלעך, געפּייניקט אין זיינע יסורים. מ'האָט איר אויך נישט צוּוויסן געגעבן באַ־צייטנס, ס'האַלט אַזוי שלעכט. ערשט היינט גאַנץ פרי באַקומען אַ טעלע־גראַמע. איצט איז שוין אַלץ אויס. נאָך אַלעמען...

אויפן בית־עולם האָט שוין געוואַרט דאָס אויסגעגראָבענע פייכטע גרוב, אַרייצולייגן דאָס פרישע מענטשלעכע לייב. ביים צוטראָגן אים אויף דער „מיטה" פון טויער ביזן קבר, האָט זיך געטאָן אַ געדרענגעניש מיט גייע יללות. דאָס ווייבערוואַרג, קרובהטעס, האָבן זיך צעלאָזט אויף הויכע קולות, געריסן הימלען, גערופן צו אים: ער זאָל זיך מיען, זיין אַ מליץ־יושר, אַגוטער אויסבעטער, פאַר זייערע הייזער, פאַר זייער גאַס, פאַר דער גאַנצער שטאָט־יידן... זאָמע איז געלעגן אַ שווייגנדיקער, אויסגע־

צויגן אין זיין גאַנצער לענג, מיטן פּנים צום הימל; געשטרעקט די אין ווייסן געהילטע פיס, אַפּער פון הינטער דער שוואַרצער דעקע. געוויזן פּאָר אַלע: זיי וועלן שוין מער נישט טרעטן אויף דער דאָזיקער ערד, גייען אַוועק אין דער אייביקייט; געזעגענען זיך מיט דער וועלט, וואָס איז פאַרן מענטשנס לעבן נאָר אַ חלום, אַ וויינענדיקער טאָל, אין זיין קורצן לעבנס־גאַנג און פול מיט פּיין און עינויים. און לוינט דען דאָס אַלץ?

דאָס אַראָפּלאָזן דעם מת אין קבר, האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ ווייטיקדיק בילד, אַרויסגערופן שוידער: וואָרעם ווי נאָר מ'האָט אַוועקגעלייגט דעם טויטן גוף אין דער פייכטער ערד, זענען פון פאַרשידענע זייטן געקומען צו צולויפן זיינע געוועזענע חברים, גוטע־פריינט, אַריבערגעבויגן זיך איבערן גרוב, אַריינגערופן: „זאַמע, איך בעט ביי דיר מחילה. און — כ'זאָג מיך אָפּ פון דיין חברותא. ס'זאָל פון איצט, מער קיין חברשאַפט נישט זיין צווישן אונדז...״

פאַניע האָט ביים דערהערן די דאָזיקע ווערטער, געפילט ווי אין האַלדז שטיקן איר די טרערן: אַלע זאָגן זיך אָפּ פון אים. זיי דאַרפן אים שוין מער נישט!... זי האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ הייס דערשיטערנדיק געוויין.

אַלץ איבעריקע האָט זיך אָפּגעטאָן גיך, מיט גרויס צוגעאיילטקייט, דעריאָגן דעם שוין קורץ געוואָרענעם טאָג. מע האָט גענומען צושיטן די ערד. די יינגלעך האָבן געזאָגט קדיש פון אַ גרויסן טאָוול אַרויס. און גלייך איז אויפגעגאַנגען אַ פרישׂ אַנגעשאָטן בערגל, באַדעקט אַ פאַרדער־צייט אויסגעגאַנגען לעבן. מ'האָט עס אַ מינוט באַטראַכט. גענומען זיך אָפּקערן. אויסגעצופּט גראָז פון דער ערד און אַריבערוואַרפנדיק עס איבערן אַקסל, איז מען אָפּגעגאַנגען צום טויער — איבערגעלאָזט זאַמען אַליין מיט דער אַרומיקער טויטער שטילקייט.

טאָג האָט אָנגעהויבן פאַמעלעך זיך זעצן.

אַהיימגעקומען פון דער לוויה, איז שוין געווען שפּעטלעך. מנחה־צייט. די קינדער האָבן זיך אויסגעזעצט אויף קליינע בענקלעך, איבערגעקערטע טאַבורעטקעס. געזעסן שווייגנדיקע, דערשראָקענע, ווי מענטשן וועלכע

מ׳האָט פאַרמשפּט אויף אַ געוויסע שטראָף; טאָרן נישט פרעגן, נישט פאַרלאַנגען, נישט פאָדערן, גאַרנישט. די שכנהטעס, גוט־האַרציקע מאַמעס, זאָרגענדיק וועגן דעם נאָך פריער, האָבן געברענגט עסן פאַר די פרישע יתומים: ראָגאַלקעס, רונדיקע פלעצלעך, אָפּגעקאָכטע אייער אויף האַרט, מיט אַ ביסעלע אַש דערנעבן אויפן טעצל — די אבל־מאָלצייט. געהייסן איבערבייסן. אונטערגעיאָגט זיי זאָלן אָפּעסן וואָס גיכער, ווייל ס׳איז שוין שפּעט. ס׳מנין וועט אָט זיך פאַרזאַמלען צום דאַווענען און מען מוז טועם זיין. ס׳איז אַ מצווה.

פאַניע האָט נישט גענומען אין מויל אַריין, גאַרנישט. נישט אַראָפּ־געגאַנגען איר אין קעל. ס׳איז איר אַפילו שווער געווען דאָס זיצן אויפן האַרטן בענקל, זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע. איינגעקנוילט אין אַ קנויל. געשוויגן. נישט געוואָלט אַנעמען קיין טרייסט, קיין באַרואיקונגס־ווערטער. געבעטן מען זאָל זי לאָזן צורו.

זי האָט דעם קלאַפּ שווער איבערגעלעבט. נישט געקאָנט איינשטילן אין זיך דעם יאָכץ, דאָס וויי־געשריי. געקוקט אויף דעם זיך טיקנ־דיקן איילפלעמל אין גלאָז וואָס איז געשטאַנען אויפן שענקל: אַ נר־תמיד פאַר דער נשמה. געזען דעם טאַטנס געזיכט דאָרט אַרומשוועבן און שטיל אין זיך אַריינגעווײנט. זי האָט באַין־אופן נישט געקענט זיך פאַסן. נישט געקאָנט זיך דערקלערן וואָס דאָ איז געשען: איז עס אַ בייזער חלום? איז עס אויף דער וואָר? וואָרעם פון איר פריערדיקן דאָ זיין, ביזן היינטיקן אַהיימקומען, איז דאָך אַזאַ שרעקלעכער שינוי, אַזאַ אי־בערגעקערטע וועלט פאַרגעקומען: נישטאָ שוין דער טאַטע, נישטאָ שוין די מאַמע. די קינדער קיילעכיקע יתומים. וואָס וועט איצט זיין?

געטריבן פון דער מחשבה, פון פּיינענדיקער פרעגעניש, האָט דער בליק זיך געגליטשט פון הינטער די האַלב פאַרמאַכטע אויגנדעקלעך אויף דער געשוויסטער וואָס זענען געזעסן אויסגעזעצט ביים וואַנט אין ריי און אויך מיט אַזאַ שווייגעניש און טרויער אויף זייערע געזיכטער. שטיל געגעסן דאָס פרעמד אַריינגעבראַכטע ברויט און אויך אַזוי שטיל געזיפצט, מידע אויסגעמאַטערטע פון לאַנגן שווערן טאָג. זי האָט געזען אַלע זענען זיי דערשלאָגן און כייקע פון זיי אַמיינסטן. פאַרזוכט כמעט נישט פון עסן.

זיצט מיט די הענט פֿאַרלייגט אַרומען האַרץ ווי תּמיד ווען ס'טרעפֿט איר עפּעס אַ לייד, אַ צרה, ווערט באַפֿאַלן פֿון שווערן געמיט. מאַכט אין איר שטומען דאָס מויל, די זעל.

ווי אַרויסגערופֿן פֿון פֿאַניעס געדאַנקען, האָט זי כּייקע זיך אויפֿגעוועקט. אויפֿגעהויבן די אויגן צו דער סאָפֿע.ביידע שוועסטערן האָבן זיך אָנגעטראָפֿן מיט די בליקן. אָנגעהאַלטן אַ רגע. כּייקע ווי אַן ענטפֿער, האָט אַ יאָמער געטאָן. אויפֿגעשפּרונגען. צוגעלאָפֿן צו פֿאַניען. אַרויפֿגעפֿאַלן אויף איר. אַרייַנגעהעשעט: „פֿאַניעשי, דו ביסט יעצט אונדזער מאַמע. קוק זיך אום אויף אונדז. פֿאַרלאָז אונדז נישט מער...״ פֿאַניע וועלכע האָט ביז אַהער זיך באַמיט צוימען, האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן. זיי געלאָזט פֿריי פֿלייצן, אַפּרינען. זי האָט אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף דער שוועסטערס קאָפּ, זי געגלעט. איינגענומען. געבעטן זי זאָל זיך באַרויִקן. נישט אָנוואַרפֿן קיין צער אויף די איבריקע קינדער. כּייקע האָט זיך טאַקע צוביסלעך באַרואיקט. אויפֿגעוואַכט. אַרומגעקוקט זיך, דערמאָנט: וואָס זיצט זי עפּעס מיט ליידיקע הענט, לאָזט אַנדערע באַדינען. זי וועט אַרייַנגיין אין קיך, פֿאַרלייגן אַ פֿייער, מאַכן דאָרט אַ ביסל אין אָרדענונג. זי איז אויפֿגעשטאַנען און אין איר תּמימות געזאָגט:

— כ'וועל אַרייַנגיין אין קיך עפּעס אָפּקאָכן. יאָ פֿאַניעשי?

— מען דאַרף נישט. זעץ זיך צוריק אויף דיין אָרט. מען וועט שוין טאָן אָן דיר. נעם עסן — פֿאַניע האָט עס געזאָגט מיט ווייכקייט, זי זאָל איר אויספֿאָלגן, איינשטילן, און זיך אַ ביסל זעטיקן.

— אַז דו וועסט עסן, וועל איך אויך עסן. אַז נישט, וועל איך גאָר נישט פֿאַרזוכן.

פֿאַניע האָט אויף דער שוועסטערס געבעט גענומען טרינקען כּאָטש דאָס גלאָז טיי וואָס מ'האָט איר צוגעשטעלט. געשליקט פּאַמעלעך. ס'איז איר אין דער רגע אויפֿגעגאַנגען אויפֿן רעיון, אַז אַ גרויסע אחריות איז געוואָרן אויף איר אַרויפֿגעלייגט, פֿאַר דער שטוב, פֿאַר די קינדער. כּייקעס ווערטער זענען נישט סתּם אַרויסגעזאָגט פֿון איר מויל. זיי זענען זייער אַלעמענס ווילן. זיי זענען מחייב, פֿאַרפּליכטן —

ס'האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט מענערישע שטימען אין דער צווייטער

שטוב. דאָרט האָבן זיך געזאַמלט יידן, עלטערע, ייִנגערע, פון זייער גאַס, אויך פון ווייטערע ערטער. און גלייך האָט אָפּגעקלונגען דאָס דאַוונען, די ערשטע תפילה אין נייעם אבל־הויז.

ס׳איז געווען אַ גרויס מנין, אַ פולער עולם. מענטשן היימישע, נאָענטע און אַזוינע וואָס האָבן געפילט אַ פליכט אָפּגעבן דעם חוב פון מנחם־אבל זיין, די אין טרויער אַריינגעקומענע פאַמיליע, די פאַראבלטע קינדער.

אויף אַ טישל ביים מזרח־וואַנט האָבן געברענט צוויי ליכטלעך אין קליינע לייכטער. דערנעבן איז געלעגן אַ דיקער סידור ווי אויף אַ שיל־עמוד. די ווערטער פון בעל־תפילה און פון די אַנדערע מתפללים, זעגען געקומען אומעטיקע, פאַרשטילטע, ווי דער טרויער וואָלט פון זייערע מיילער אַרויסגערעדט. אַלץ איז געווען נאָך אונטערן שווערן איינדרוק פון פייגלעכן טאָג, פון דעם פלוצלינגן אַוועקגיין פונעם דאָזיקן געאַכטעטן שיינעם בעל־הבית, וועלכן מ׳האָט גערופן זאַמע שאַרפשטיין — אַ נאָמען וואָס האָט באַשיינט זיין שטוב, די גאַס, די היימישע געזעלשאַפט. פאַר די אויגן האָט זיך נאָך געזען זיין שיין געשטאַלטנע פיגור, די געפוצטע באָרד, דער וויגנדיקער גאַנג, זיין שטענדיק פריינטלעכער שמייכל אויף די ליפּן. ס׳איז שווער געווען צו גלייבן, אַז דאָס אַלץ איז שוין מער נישטאָ...

צומאָל האָט זיך אַנגעטראָגן אַ דין געוויין, געקומען פון דערנעבנדיקן חדר ווו ס׳זענען געזעסן די מיידלעך, יתומות. ווען דער קלאַנג האָט אַריינגעדרינגען אַהער, האָבן די מענער אומגעקערט די קעפּ. אויף אַ רגע פאַרהאַלטן די ווערטער. פאַרשטילט די קולות, אין עפּעס זיך איינגעהערט, ווי מ׳וואָלט געוואָלט דערקענען פון וועמען באַזונדער דאָס געוויין קומט.

אין אַזאַ מינוט האָט אויך אומגעקערט דעם קאָפּ אַ בחורל, וואָס איז געשטאַנען אַריינגעקוועטשט צווישן די דאַוונערס, אויסגעזען שטאַרק אײ־בערגענומען פון דער געשעעניש — לייבל ראַשקעס. ער איז געשטאַנען אָנגעלענט כמעט אויפן וואַנט. מיטגעזאָגט די תפילות שטיל, ערנסט. פאַר זיינע אויגן האָט נאָך אַלץ געשוועבט די טראַגנדיקע „מיטה״, דאָס קבר, די מענטשן אַרום. ער איז מיטגעווען ביי דער לוויה פון אָנהייב ביזן סוף. אויף אַלץ זיך איינגעקוקט, אין אַלעם זיך איינגעהאָרכט. געזען דאָס אין

שוואַרץ געהילטע געשטאַלט, מיטן אַנגעבויגענעם קאָפּ וואָס איז געגאַנגען געאַרעמט פון צוויי פרויען. דאָס געשטאַלט האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן, נישט געלאָזט הערן קיין קול, קיין קלאַנג. ער האָט געוווּסט ס'איז פאַניע. ס'האָט אים געצויגן אָנקוקן איר געזיכט, נייגעריק, ווי עס זעט אויס. ערשט ביים אָפענעם קבר האָט ער דערזען איר אָפּגעדעקט פּנים: העל, דורכזיכטיק, ליידנדיק. איר קול — אויך אַזוי דורכזיכטיק, מיט צער, ווי אירע אויגן. שטיל האָט זי גערופן צום פאָטער: „טאַטע, זיי מיר מוחל. איך האָב דיך נישט פאַרשטאַנען. דיינע ליידן נישט דערזען, נישט געקענט אויפנעמען... זיי אונדז אַלע מוחל! זי האָט זיך צעוויינט.

אים, לייבלען, האָבן פון אירע ווערטער און געוויין, אַליין גענומען שטיקן די טרערן. קוים זיי איינגעהאַלטן. געווישט זיי אין דער שטיל. דער טרויער פון אירע רייד, איר איידעלער פאַרצער'טער אויסזען, דער אין טונקל געהילטער צאַרטער גוף, האָט אים צענומען, אַרויסגערופן מאָדנע רירנדיקע געפילן. ביים צוריקקערן זיך פון בית־החיים, איז ער נישט אַהיימגעגאַנגען. צוגעוואַרט ביז דער טאָג וועט זיך זעצן איינגאַנצן, דער עולם וועט אַריינגיין און ער וועט אויך אַריין, מיט אָנטיילנעמען אין אָוונטיקן דאַווענען. שפּעטער וועט ער אַריינגיין אין צווייטן צימער, מנחם־אבל זיין די קינדער.

נייגעריק אין זיין נאַטור, האָט ער זיך איינגעקוקט אין יעדן אַריינ־קומענעם מענטש. געוואָלט טרעפן די שייכות פון יענעם מיטן דאָזיקן הויז. געדענקט אַז דאָס איז געווען אַ היים ווו ס'פּלעגן תמיד קומען מענטשן, געסט, פריינט. געדענקט אויך יענעם אָוונט ווען פאַניע איז געהאָט אַהיימגעקומען פון וואַרשע, און ער האָט זיך דאָ באַוויזן, אויס־צופרעגן וועגן זיין ברודער איציק; דעם ביז גאָר האַרציקן שמועס צווישן איר מיט אים אין דאָזיקן אויפדערנאַכט, דעם גוטן איינדרוק וואָס ער האָט מיט זיך אַוועקגעטראָגן. סע האָט ביי אים אַצינד געאַרבעט דער געדאַנק, וואָס ער זאָל איר זאָגן, ווען ער וועט אַריינקומען נאָכן דאַווענען, צו זיי דאָרט אין צימער. ער האָט זיך געפילט עפּעס אומבאַהאָלפן, אומזיכער. שווער איז אים געווען אין אַזאַ מאָמענט זען די געטראָפענע. ער ווייסט אַפילו נישט מיט וואָס אָנהייבן. איבערגעלאָזט עס אויף דער לעצטער

מינוט. ער האָט גראָד דערזען דערזען נישט ווייט פון זיך זיצן חיים־אַלטערן. ער האָט צוגענענט צו אים. געפרעגט:

— וועסט אַריינגיין צו זיי נאָכן דאַוונען, חיים אלטער?

— אפשר.

— קום אַריין. איך וויל אויך אַריינגיין. מירן גיין צוזאַמען.

לייבל האָט זיך צוגעזעצט לעם אים. זיי האָבן ביידע געשוויגן.

אויך ער חיים אַלטער האָט שמערצלעך איבערגעלעבט דאָס אומ־גליק. ער האָט בכלל נישט געוווסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז מיט ריוולען. אין דער לעצטער צייט האָבן זיי זיך ווייניק געזען. דער מצב ביי זיי אין שטוב, דאָס קראַנק זיין פון פאָטער, איר ביטערער שטימונג, האָט נישט געגעבן די מעגלעכקייט, פאָדערן פון איר, זי זאָל זיך באַגעגענען מיט אים. און גלאָט, האָט שוין עפּעס ווי זיך נישט געקלעפּט צווישן זיי. ריוול איז געווען ווי אָפּדערווייטערט פון אים.

ער האָט נישט געוווסט וואָס טאָן איצט: יאָ אַריינגיין, נישט אַריינ־גיין. ביידע זאַכן זענען אים געווען שווער. אָפּגעלייגט עס אויף דער לעצטער מינוט...

דער „מעריב" האָט זיך גערוקט צו ענד. מ'האָט שוין אָפּגעזאָגט „עלינו". די צוויי יינגלעך האָבן פון סידור אַרויסגעזאָגט דעם קדיש. אַ ביסל אונטערגעציטערט, זיך געהיקעט, ווי סע טרעפט ביי יונגע קינדער ווען זיי הייבן אָן זאָגן קדיש נאָך עלטערן, אַ פאָטער, אָדער מוטער, אַזוי פרי און וואָס ס'איז פאַר זיי אַזוי אומגעווינטלעך. די דערוואַקסענע האָבן אַרויסגעהאָלפן. פרום נאָכגעזאָגט דעם „אמן". נאָכן אויסלאָזן דעם ‚עושה שלום במרומיו'... איז מען געבליבן אַ ווייל שטיל. די מענטשן האָבן זיך איבערגעקוקט. די ערשטע האָבן גענומען ציען צום אַרויסגאַנג. ווער ס'האָט אַריינגעקוקט דורך דער אָפענער טיר פון צווייטן צימער, אַריינגעזאָגט אַ פאַר טרייסט־ווערטער און אַרויס; ווער פון די נאָענטע איז אַריין אינעווייניק. די גרעסטע מערהייט האָט גע־צויגן אַהיים.

ווען לייבל האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט חיים אַלטערן, איז ער שוין נישט געווען. געשאַרט מיט די בליקן, אים נישט געזען. לייבל האָט אַ רגע זיך אַ וואַקל געטאָן. אַרויסגעשווימען מיט די לעצטע.

## קאפיטל צוואנציק
## אין די „שבעה"־טעג

אין די אַלע שבעה־טעג איז דאָס גאַרבער־קהל געקומען דאַוונען צו די אבלים אין שטוב. אינדערפרי איז עס צוגעגאַנגען גיכער. מ׳האָט אָפּ־געכאַפּט דעם שחרית, אָפּגעזאָגט דעם אָבלדיקן „מזמור לבני־קורח". געאײלט אַהיים צו דער אַרבעט: דער טאָג שטייט נישט. די מלאכה רופט, און זי איז איבער אַלעם — ווייל ווי לאַנג די אויגן זענען אָפן, ווייל דאָס לעבן זיין טעטיק, דאָס מויל עסן און די הענט טאָן.

אין אָוונט ביי מנחה־מעריב האָט מען דערפאַר שוין לענגער פאַר־זוימט. אָפּגעגעבן צייט אויף אַרומרעדן דעם מצב פון דאָיקן הויז. מען איז געזעסן אין אונטערשטן גרויסן צימער, אויסגעזעצט אין האַלבן קרייז, אויסגעשמועסט וואָס מען זאָל טאָן מיט דער געפאַלענער שטוב, מיטן אָפּגעלאָזענעם הויף, מיט די קינדער־יתומים; מ׳קען דאָך זיי נישט איבערלאָזן אין אַזאַ מעמד, אויף הפקר. האָט מען פאַרגעלייגט פאַרשידענע פּלענער: פאַרדינגען דעם הויף, אַריינלאָזן דערווייל דאָ אַ צווייטן, ער זאָל טאָן די מלאכה, צאָלן שכירות; נעמען פון אַנדערע גאַרבערס רוי־וואַרג, די קינדער זאָלן עס אויסאַרבעטן פאַר לוין; אויסזוכן איינעם, וואָס זאָל אַריינלייגן געלט, זיין דער אַפּיטרופּס און ס׳זאָל גיין אויף שותפות. די אַלע זאַכן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט טויגבאַר, נישט צוועק־מעסיק. ס׳איז שווער מיט פרעמדס צו פאַרוואַלטן, מיט אַ פרעמדן מענטשן איינגיין אויף שותפות און דאָס אויסאַרבעטן אויף לוין, איז אויך אַ ברכה־לבטלה... איז מען געקומען צו דער מסקנה, אַז ס׳בעסטע: צונויפּנעמען אַ ביסל געלט צווישן זיך, איינקויפן רויע פעלן און די יינגלעך מיט דער הילף פון די טעכטער וועלן נעמען אויסאַרבעטן פּאַמעלעך און דערפון זיך נערן — ס׳איז זייערס. און גאָט איז אַ פאָטער, ער וועט זיך אויף זיי אומקוקן, אַרויסהעלפן.

— דאָס איז ס׳גלייכסטע און פּראַקטישסטע — האָט זיך אָנגערופן מענדל באָום דער הויפּט באַראַטער, פול מיט זאָרגעוודיקייט פאַר די יתומים.

— איך מיין אויך אַזוי. נישטאָ דערווייל קיין בעסערס. דאָס לייגט

זיך אַמיינסטן אויפֿן שכל: די היים וועט זיין צוריק היים און די קינדער וועלן זיך אָפּגעפינען ס׳שטיקל ברויט — דאָס האָט צוגעגעבן יהודה־לייב ראַדעס פון זיין זייט, צוטופּנדיק מיטן שטעקן ביי די פיס מיט הסכמה.

— מיין מיינונג, אויך די זעלבע — איז בייניש שאַרף במילא שוין נאָכגעקומען זיין חבר.

— ווער וועט דאָס זיין ביי זיי די אַרבעטער? — האָט אימיצער אַריינ־געוואָרפן פון דער זייט, נישט דערהערנדיק פון פריער געוויי דאָס גערייד.

דער עולם האָט זיך אומגעקוקט, געזוכט מיט די אויגן, זען ווער איז דאָס דער „חכם" וואָס זאָל פרעגן אַזאַ פרעגעניש. מענדל האָט דאַריף געגעבן גלייך יענעם דעם שאַרפן ענטפער.

— וואָס הייסט ווער? אַ גאַרבער־קינד קאָן באַלד פון דער וויג אָנהייבן אַרבעטן. ער קומט פון מאַמעס בויך אַרויס אַ גאַרבער. מען דאַרף נאָר האָבן מיט וואָס. איטלעכער זאָל אַריינטאָן די האַנט אין בייטל, די פינגער זאָלן נישט ציטערן, נישט זשאַלעווען. וועט שוין זיין אַרבעטער.

מענדל איז געזעסן אין לאַנגן פאַלטן פאַרקנעפּלט אויף אַלע קנעפּ, ביז אַראָפּ. פון אונטער די פאָלעס האָבן אַפּערגעקוקט די יוכטענע שטיוול, מיט הויכע כאַלעוועס, מאַט פון איינגעזאַפּטן טראָן. געזעסן בכבודיק ווי אַ מענטש וואָס ווייסט זיין אָרט, זיין ווערט. און מ׳האָט געקוקט אויף אים טאַקע מיט כבוד און אַכטונג, ווי איינער וואָס פאַרדינט זיך עס. וואָרעם מ׳האָט געוווסט, אַזוי ווי ער איז אין צייט פון פרידן מיט דער גאַס אַ ביסל צעבויקערט, האַלב־צעקריגט, אַזוי איז ער ביי אַן אומגליק חלילה, פון די ערשטע וואָס קומען זיך באַווייזן, טראָגט צו טרייסט, איז זיך משתתף אין צער, און טוט דאָס נויטיקע וואָס מען דאַרף טאָן: אַריינקוקן אין יענעמס מעמד, און לויט זיינע מעגלעכקייטן אויך אין אייגענעם בייטל... מען האָט אין אַזאַ מאָמענט צו זיין וואָרט זיך צוגעהערט. זיין עצה אויסגעפאָלגט. וואָרן פאַרשטאַנען האָט מען, ס׳רעדט פון אים אַן ערלעך האַרץ, און זיין האַנט איז נישט קיין פאַרמאַכטע. ער האָט אויך איצט אַ זייער איבערגענומענער מיטן גורל פון די עלנטע קינדער, די יתומים, געשטויסן דערוועגן צו רעדן, צופירן צו אַ תכלית.

— מען האָט פריער געדאַרפט געבן אַ קוק, ווען דער קאָפּ פון שטוב איז נאָך געווען גאַנץ — האָט מנחם סקורניק, דער ביז אַהער שווייגנ־דיקער באַלעבאָס, אַריינגעוואָרפן זיין וואָרט.

דער עולם האָט זיך אַ וויג געטאָן. אין כבוד פון נפטר האָט מען נישט געוואָלט רעדן לגנאי. אָבער אינזיך איז גלייך אויפגעגאַנגען די מחשבה אין מוח: דער בעל־הבית פונעם הויז, ער זאָל אונדז מוחל זיין, איז דאָ אַליין געווען שולדיק מיט זיין פירונג, מיט זיין אויסבאַהאַלטן זיך. וואָרעם וועלכער גאַרבער האָט דאָס אין זיגען סוחרן, פאַרלייגן זיך פירמעס, אַרויסטאָן דעם קאָפּ פון זיין גאַרבעריי? און אַז ס׳האָט שוין יאָ געטראָפן דאָס אומגליק, וואָס האָט ער זיך באַהאַלטן, געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט, ביז ס׳לעצטע לעדערל זאָל פאַרברענט ווערן!...

— אַ הויז דאַרף מען לעשן ביי זיין אָנהויב שריפה — האָט דוד ראָזנקראַנץ דער בעל־תפילה פון מנין צוגעלייגט פון זיין זייט צו מנחם סקורניקס ווערטער, אָנעמענדיק די גאַרבערס שווייגן פאַר אַ מודה זיין אין דער שולד. געברענגט דאַרויף גלייך אַ ראיה פון דער תורה; אין דער תורה שטייט: וכי ימיך אחיך... והחזקת בו... אַז דיין ברידער וועט פאַראָרעמט ווערן, זאָלסטו אים אָנהאַלטן... פאַרטייטשט רש״י הקדוש אויפן אָרט: זאָלסט אים אָנהאַלטן מיט אונטערשטעלן אַ פּלייצע נאָך אין דער צייט... איידער ער פאַלט אינגאַנצן... וואָרעם שפּעטער וועט שוין נישט העלפן. וועסט אים נישט קאָנען מער אויפהייבן...

— הייבט זיך אָן אַ מעשה. די תורה איז גערעכט און רש״י הקדוש איז גערעכט. אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז מען לאָזט זיך דערקענען, ווי עטץ האָט טאַקע פריער געזאָגט: גלייך ביים אָנהייב שריפה. אָבער אַז מען באַהאַלט זיך אויס, מען לאָזט נישט פון זיך וויסן, ווייסט מען דאָך נישט, אַז מען דאַרף גיין לעשן... — מענדל האָט אויף דעם רעאַגירט ווי ער וואָלט געוואָלט אַראָפּוואַרפן די שולד פון גאַרבער־קהלס פּלייצעס.

אויף דעם האָבן די איבריקע אָפּגעקרעכצט ווי מיט הסכמה.

אַזוי איז געגאַנגען דאָס גערייד, זיצנדיק נאָענט איינער ביים אַנדערן, מידע פון שווער אָפּגעאַרבעטן טאָג, מיט באַגער אויף אָפּרוען, אָפּעסן

ס'נאַכטמאָל און אָוועקלייגן די ביינער אויפן געלעגער. דערביי האָט בדרך־הטבע, יעדער שוין אַ טראַכט געטאָן, פון זיין אייגענער שטוב, פון דער אייגענער היים, ווו ס'זאָל חס־ושלום קיין אויסטערלישס נישט געשען, קיין מכשול נישט אַריינקומען. געבעטן אין דער שטיל צו גאָט, ער זאָל לאָזן דערציען בשלום די יאָרן, מיט געזונט, מיט אַרבעט, מיט פרידן: וואָרעם וואָס וויל דען אַ ייד פון דער גאַרבער־גאָס מער, ווי ס'ביסל געזונט און אַרבעט. ער פאַרלאַנגט נישט קיין פּאַלאַצן, נישט קיין מאַרציפּאַנעס, נישט קיין אויסערגעוויינלעכע פאַרגעניגנס: אַ רואיק זיכער ווינקל, אַן ערלעך שטיקל ברויט, אַ מלבוש אויפן לייב — לחם לאכל ובגד ללבוש, אין די אייגענע פיר ווענט, מיט ווייב און קינדער. און אויב ס'זאָל נישט טרעפן, סע באַפּאַלט חלילה ווּעמען אַ צרה, וועט מען נישט שטיין פון דערווייטנס מיט פאַרלייגטע הענט. צוטאָן אַן אויסגעשטרעקטע האַנט. העלפן אויפהייבן...

דער שמועס האָט זיך געצויגן ביז מ'האָט דערפילט די צונג ווערט טרוקן, ביים האַרצן נעמט נאָגן, דער גוף ציט צום געלעגער. דער עולם האָט גענומען זיך דרייען אויף די בענקלעך, אומרואיק שנופּן מיט די נעז, אונטערברומען. ווו־נישט־ווו האָט זיך געלאָזט הערן אַ קליינער געגעץ. דוד ראָזנקראַנץ האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט: מען דאַרף ענדיקן. אַרומגעבונדן די גאַרטל אַרום די לענדן. צוגענענט צום טישל מיט די צוויי ברענענדיקע ליכטלעך ביים מזרח־וואַנט און געלאָזט הערן דעם: והוא רחום יכפר עוון... די מענטשן זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, אָפּגעאָטעמט פאַרלייכטערטע. גענומען דאַוונען. נאָכגעזאָגט די „אָמן'ס". די יינגלעך האָבן פאַרענדיקט דעם קדיש. און אָנגענומען מיט נאָך פעסטערן באַשלוס, צו טאָן עפּעס פאַר די קינדער, זיי צוריק אויפשטעלן אויף די פיס, האָט מען זיך אַהיימגעלאָזט צו דער אייגענער רואיקער פרידלעכער שטוב.

*

שווער גייען די אבל־טעג. ציען זיך פּאַוואָליע, פלעגמאַטיש, מיט אומעט, מיט אומטעטיקייט, ווי אַ שווער זומערדיקער חמימה, וואָס מ'בעט שוין אויף איר פאַרגיין; זענען משפיע אויפן גוף, אויף דער נשמה, אויפן

נערוון־געוועב. לייגן זיך מיט לאַסט און פּיין.

פּאַניע האָט די קאַטאַסטראָפּע שווער איבערגעלעבט. נישט געקאָנט זיך איינרואיקן. זי האָט נאָך אַלץ אין דער שטיל געלאָזט טרערן. געפילט אויף זיך אַ שולד. געלעגן אויסגעלענט די מערסטע שעהן, אויף דער סאָפע, געהילט אין טונקעלען טרויער־קלייד. דאָס פּנים ווייס, דורכ־זיכטיק — מיט אַן אויסזען עפּעס פון אַ זיך פּייַנענדיקע „פּאַקוטניצע". אַ סך געשוויגן. דער טאָג האָט זיך פּאַר איר געצויגן לאַנג און שווער.

ערשט מיטן אָוונט איז אַריינגעטרעטן אַ ביסל אַן ענדערונג אין דער שוויינגנדיקער שטוב. ס'האָבן זיך גענומען זאַמלען די מתפּללים, אַריינ־געבריענגט מיט זיך אויפגערודער, אויפלעבונג. אויך האָבן נאָכן דאַוונען, זיך באַוויזן די חברים, פריינט פון אַלטן קרייזל; געקומען צו דער חברטע איר אויסרעדן, צעשטרייען, אָפּוועגדן זי פונעם צופיל אַריינטראַכטן; אָוועקפירן זי אויף אַנדערע ענינים, אַנדערע טעמעס, אַנדערע געדאַנקן.

ס'איז געקומען ישראל רייכנבערג מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל, וואָס האָט נאָך אַלץ געטראָגן צו פּאַניען דאָס געפיל פון אַן עלטערן חבר. אַ לערער, וואָס גיט אַכטונג אויף דער יינגערער באַגאַבטער חברה, וועלכע איז פול מיט מעלות און ער האָט זי ליב; יחיאל זילבערמאַן דער אַמאַליקער לערנער, דער חוקר, וועלכער טראָגט מיט זיך מיט אומעטום די שקלא־וטריא, און איז אַ ביסל סקעפּטיש צו דער וועלט; תנחום דער משכיל און הייסער ציוניסט; סיני בערגפעלד מיט זיין באַהאַלטענעם אומעט, מיטן סוד פון זיינע באַהאַלטענע שאַפונגען, וואָס וואַרטן אויפן נתגלה ווערן... ס'זענען געקומען נאָך אַנדערע.

צונויפגעזאַמלט זיך. האָט מען אויפגעמישט זכרונות, דערמאָנונגען פון אַמאָל: דאָס אויפגעוואַכטע לעבן אין שטעטל אין דער נייער צייט, נייע אידעען, נייער גלויבן; דאָס אויפשטעלן די פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, וויכוחים, דיסקוסיעס, ווו אומעטום האָט געשפּרודלט מיט יונגקייט, מיט שטרעבונג, חלום און האָלט נאָך אַן — הגם אַ ביסעלע געקילטער — ביז היינטיקן טאָג. מ'האָט אויך אַרויפגעבריענגט דאָס אַקטועלע, די פּאָליטיק פון די איצטיקע טעג, פון היגן יידן־פיינטלעכן רעזשים, פון שכנותדיקן לאַנד, דאָס אויפגערייצטע היטלערישע דייטשלאַנד, וואָס

שאַרפט די שווערד קעגן דער וועלט און איבערהויפּט אויפן יידישן פאָלק; מען האָט דערמאָנט אין די בייזע אַנטיסעמיטישע רעדעס פונעם אייגענעם פּוילישן סיים, ווו די אַנטיסעמיטן שפּריצן מיט גיפט: יידן טוען אַלדאָס שלעכטס, פּאַראַטן דאָס לאַנד, גראָבן עס אונטער און בכלל איז דאָ צופיל יידן אין פּוילן... זיי דאַרפן זיך אויסזוכן אַן אַרט ווו אַרויסצופּאָרן. מ׳האָט אַרויפגעברענגט אויפן זכרון, אויך וועגן דער מיט אַ פּאָר יאָרן צוריק לעבהאַפטער אויסוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, ווי אַלץ איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט געוואַלדיקער גרייטונג, האָפענונג, אַפילו מיטלשטאַנד, יידן קרעמערס, האַנטווערקער, האָבן געטראַכט שליסן די קראָמען, וואַר־שטאַטן, אַפּפאָרן פון דאַנען — געטריבן פון נויט, פון דער ענג פּאַר־צויגענער שטייערן־שלייף אויף די יידישע העלדזער — און שוין האָבן זיך געלאָזט הערן פון דאָרט שלעכטע ידיעות: עלנטקייט, הונגער, נישטאָ קיין אַרבעט, קיין פּרנסה. מענטשן זענען פאַרצווייפלט, ווילן צוריק קומען...

— יאָ, זעט אויס, נישטאָ קיין אָרט פאַר יידן ווו זיך אַהינטאָן, אָנצו־האַלטן — האָט רייכנבערג מיט קרעכץ אויסגעפּירט.

— ס׳איז דאָ אַן אָרט און פאַר אַלע פּוילישע יידן און דאָס: נאָר אין ארץ־ישראל, דווקא ארץ־ישראל. נאָר מען דאַרף קעמפן מיט ענגלאַנד, זי זאָל עפענען די טויערן, לאָזן קויפן באָדן, לאָזן לעבן — איז אַרויס מיט אַ רוף תנחום דער פייערדיקער ציוניסט וואָס פּרעדיקט קאַמף און אַן פּשרות.

— נאַרישקייטן. ווען דען דריי מיליאָן יידן קענען אַנטלויפן פון פּוילן. און ווער וועט זיין אַריינעמען? קיינער נישט. נישט ענגלאַנד און קיין אַנדער לאַנד אויך נישט. מען מוז דאָ אויפן אָרט דערווייל קעמפן צו לעזן אונדזער יידנפראַגע — האָט אויף דעם אָפּגעענטפערט יחיאל זילבערמאַן, אַ גוטער ציוניסט. אָבער אויך אַן אָנהענגער פון קאַמף פון יידישן ישוב אויפן אָרט.

אַנדערע האָבן געזאָגט נאָך עפּעס אַנדערש.

פּאַניע האָט אין די שמועסן נישט דירעקט אָנטיילגענומען. זיך צוגע־הערט. פון העפלעכקייט, צומאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו וועמענס רייד, אויף צושטימונג. זי האָט געוווּסט, הגם ס׳איז דאָ אַ סך ערנסט אין

דעם אַלעם, ס׳איז דאָס געררייד פון טאָג, זענען זיי אָבער אויך אויסן מיט די שמועסן, אַריינברענגען אין שטוב אַ ביסל אויפגעלעבטקייט, מאַכן די לופט עטוואָס צעוויייען, באַוועגלעכער. זי איז אין די מינוטן געווען זיי זייער דאַנקבאַר: יאָ, געטרייע פריינטשאַפט איז תמיד אַ פאַרלייכטערונג, אַ היילונג פאַרן ליידנדיקן מענטש. ס׳לייכט ווי אַ ליכט און פינצטערער נאַכט. און זיי זענען תמיד אירע געטרייע פריינט פון שטענדיק אָן און מיט איבערגעגעבנקייט. גרייט מיט אַלעם איר אַרויסצוהעלפן, פאַרלייכטערן.

אין די דאָזיקע עטוואָס פאַרגעסענע רגעס, האָט איר געוווּנדערט פאַרוואָס מ׳זעט נישט שלמה יוסף קאָרנבליט. ס׳איז איר נישט געווען ניחא צו פרעגן. געוואַרט ס׳זאָל ווער דערמאָנען. רייכנבערג ווי ער וואָלט דעראָנט איר געדאַנק, האָט ווענדנדיק זיך צו די חברים, געפרעגט אויפן קול:

— שלמה יוסף איז נאָך נישט צוריקגעקומען פון אונטערוועגנס, ס׳ווייסט נישט?

— ניין. — האָט אָפּגעענפערט סיני בערגפעלד.

— ער איז נישטאָ הי שלמה יוסף — האָט רייכנבערג איצט מסביר געווען פאַר פאַניען דאָס פעלן פון זייער נאָענטן חבר — ער איז אַוועקגעפאָרן אין געשעפטס־ענינים. דערפאַר זעט מען אים נישט.

זי האָט לייכט אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ ווי זי וואָלט געזאָגט: זי פאַרשטייט.

— אַז ער וועט קומען, וועל איך אים גלייך מודיע זיין און ער וועט אַריינגעקומען — דאָס האָט סיני צוגעגעבן, אַרויסווייזנדיק דערמיט זיין גרייטקייט אַלץ צו טאָן פאַר איר, פאַניען, יעדער שליחות.

סיני איז געזעסן צום שטילסטן. געקוקט מיט זיין הכנעהדיקן בליק אויף די אַרומזיצנדיקע פריינט און צום גערסטן אויף פאַנין. ער האָט זיכער איצט געטראַכט וועגן וואַרשע, וועגן די שרייבערס, וועגן די בייע ווערק וואָס זענען דערשינען אויפן ביכער־מאַרק און מיט אַ געוואַלדיקן גלוסט דערוועגן צו רעדן, זיך דערוויסן. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, ס׳איז נישט אויפן אָרט און אויך צופיל אויגן... האָט ער עס אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל, ווען זיי וועלן זיין אַליין און זי פאַניע וועט שוין אויך זיין אַ ביסל מער באַרואיקטער, האָבן ס׳געמיט דערצו.

— סיני, האָסט היינט דאַכט זיך אַ לעקציע מיט די ייִנגערע חברים — האָט רייכנבערג, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אָרגאַניזאַציע, אים דערמאָנט.

— האַ ? יאָ. אָבער ס׳איז נאָך דאָ צייט.

פאַניע האָט אויפגעהויבן איר בליק אויף סינין : ער איז דער איינזאַמס־טער פון אַלע — איז איר אַדורך אין געדאַנק — דערליידנדיקסטער. זי האָט תּמיד מיט אים מיטגעפילט, געהאַט מיטלייד. געוווּסט וויפל יסורים ער טראָגט אין זיך און ר׳וועט פאַר אַ צווייטן קיין וואָרט נישט לאָזן פאַלן דערוועגן. זי איז געווען די איינציקע פאַר וועלכער ער האָט זיך פאַר־טרויט, פון זיין געהיימען שרייבן, פון זיינע איבערלעבונגען און פון זיינע מחשבות. ס׳איז איר אויפגעגאַנגען די דערמאָנונג, פון יענעם אָוונט ביי די רייכנבערגס אין שטוב : שלמה יוסף האָט זיך אָפּגעקערט פון איר און סיני האָט אַ הונגעריקער זיך געריסן צו איר. ס׳האָט איר אויך דער־מאָנט די גאַנצע שווערע איבערלעבענישן דעמאָלט אין יענער פאַרברעג־גענדיקער געזעלשאַפט. איר קנאה, איר וויטיק, איר אייפערזוכט ; איר אויפברויז און באַגער אָפּצוטאָן אַ צו־להכעיס, פאַרוווּנדן עמעצנס האַרץ... אוי, צו וואָס דער מענטש קאָן אַלץ דערגיין ווען ער פילט זיך אומגליקלעך, דער וויטיק טוט אים באַהערשן. סע איז אַזוי לייכט צו ווערן : אויס מענטש !

דער טרויער איז איר פריש באַפאַלן.

אָנשפּאַרנדיק די האַנט אויפן טאַמברירטן קישעלע פון דער סאָפע, אָנלענענדיק דעם קאָפּ אויף דער האַנטפלאַך, האָט זי פּלוצלינג אַ קלאָג געטאָן : — אוי, וואָס מיר איז צוהאַנדן געקומען !

איר קורצער יאָמער האָט אָפּגעשטעלט די חברימס גערייד. זיי האָבן זיך פאַרקוקט אויף איר מיט מיטלייד. זיך איבערגענומען מיט אירעליידן.

— ס׳איז דאָך שוין פאַרפאַלן. וואָס קען מען טאָן טייערע פאַניע — האָט רייכנבערג געטרייסט — קען מען זיך דען העלפן ? שטאַרק דיך. דאָס איז ס׳איינציקע וואָס דו דאַרפסט טאָן.

זי האָט אויסגעווישט די אויגן. געבליבן ווידער שטיל — אַריין אין איר פאַרשלאָסענער רואיקייט.

ווען די חברים זענען אָוועקגעגאַנגען און זי איז געבליבן אַליין, איז

זי פּונסגיי פֿאַרזינקן אין איר ווירבלדיקן געשפּין פֿון די מחשבות. זי האָט אַ סך געטראַכט פֿון דעם נייעם לעבן וואָס וועט זיך איצט פֿאַר איר אַוועקשטעלן: וואָס וועט זי טאָן. בלייבן טאַקע אין דערהיים? ס'וועט איר שווער זיין, גלייבט זי. זי איז שוין אָפּגעוווינט פֿון שטעטל, פֿון דער היימישער גאַס, פֿון דער אַרומיקער סביבה. און יאָ, וועט זי זיך דען קאָנען אַן עצה געבן מיט דעם אַלעם? פֿירן אַ שטוב, אַ הויז, אַכטונג געבן אויף די קינדער? אוי!

ס'איז פֿאַר איר אין די מינוטן דאָס אַלץ געווען שווער, נעפּלדיק, אומ־זיכער, כמעט צווייפלענדיק. מיטן אַוועקנעמען די עלטערן, האָט זי ערשט דערזען דעם גרויסן פֿאַרלוסט. ס'איז געוואָרן אַוועקגענומען דער פֿעסטער באָדן פֿון אונטער די פֿיס. די היים איז אַריין אין אַ וואַקלעניש, אין אַ הוידעניש. וועט זי קאָנען עס אויסגלייכן, האַלטן פֿעסט אין אירע הענט?

מיט אַזוינע שווערע דריקנדיקע רעיונות, איז זי געגאַנגען שלאָפֿן און אויפגעשטאַנען.

אויפֿן פֿערטן־פֿינפֿטן טאָג, האָט פֿאַניע זיך עטוואָס איינגערואיקט. זי האָט צו זיך געזאָגט: זי עקזיסטירט נישט מער פֿאַר זיך — איר לעבן איז פֿאַר דער היים, פֿאַר די קינדער. זי וועט פֿאַר זיי אַוועקגעבן איר גאַנצע צייט, איר מי, איר טראַכטן, און דערמיט וועט אויך אויפגיין פֿאַר איר אַ נייע צייט, מיט נייעם אינהאַלט און אַנהאַלט. זי האָט אויפגעהערט וויינען (צוגעהאָלפֿן אין דעם, האָבן אויך די ווייבער, שכנהטעס. זיי האָבן איר דערקלערט: מען טאָר נישט אַזויפֿיל קלאָגן. פֿון צופֿיל וויינען, ווערן די „מלבושים" אויפֿן נפֿטר נאַס...). זי האָט זיך צוגעהערט. געמיט זיך צו האַלטן רואיקער. אַראָפּגענומען דעם קאָמפּרעס, די ווייסע ראָגאָווקע פֿון שטערן, וועלכע זי האָט געטראָגן אַ סך שעהן אין טאָג. גענומען אויך אויך מער פֿאַרצערן די שפּייז, וואָס זי האָט פֿריער נישט גערן גענומען אין מויל, כמעט נישט געקאָנט אַראָפּברענגען.

אין דעם נייעם באַשלוס, האָט זי געפּרוּווט זיך אָנקלאַמערן, שטאַרקן. זי האָט געזען דאָס לעבן איז שטרענג, פֿאָדערט באַהערשונג, צוגעפּאַסטקייט. מען דאַרף דעם גורל אויפנעמען אַזוי ווי ער איז, און דערביי זיך נישט

לאָזן ברעכן. צומאַל האָט זי געזוכט אַרייצוקוקן אין עתיד, זען וואָס פאַר א צורה דאָס ווייטערדיקע לעבן וועט אָננעמען. זי האָט נישט געקאָנט דערזען עס קלאָר. געוועזן פאַר איר ווי אַ פאַרהויכטע שויב, נישט אַדורכ־צובליקן. אָבער איינס האָט זי יאָ געוווּסט און געפילט: ס'וועט מער נישט זיין, דאָס וואָס ס'איז געווען ביז אַהער. זי וועט פון דאַנען נישט אַוועק־פאָרן. זי קאָן נישט איבערלאָזן די געשוויסטער, די קלענערע קינדער אַליין אויף גאָטס־באַראָט. איר לעבן וועט אין דער ניי געשאַפענער לאַגע זיך מוזן פאַרפעדעמען אין היימישן געוועב. אָנעמען אַן אַנדער געשטאַלט, אַן אַנדערער מראה.

יאָ, דאָס וועט זי טאָן, ווידמען זיך די קינדער, זיי אָפּהיטן. זי האָט אויך איצט באַנומען, אַז די גאַרבער־עדה שטייט אונטער זיי ווי אַ שטיצ־פונקט, אַן אונטערלען פאַרן הויז, איינצוהאַלטן די ווענט, זיי זאָלן נישט איינגאַנצן צעפאַלן. מ'האָט איר צוגעטראָגן שטיקלעך ידיעות פון די באַלע־באַטימס זיך צונויפרעדן ביים דאַווענען, פון זייער זוכן אַ וועג צו פאַר־פעסטיקן די היים.

און מיטן געשטאַרקטער ווערן פון פאַניעס געמיט, האָט אויך די שטוב אויפגעאָטעמט. געוואָרן פרייער, לופטיקער, אויפגעבונדענער. כייקע האָט אינגאַנצן ווי אויפגעוואַכט. שוין נישט געווען די זעלבע איינגעלייגטע. נישט געווייַנט, נישט געזיפצט. געוואָרן צוריק טעטיק אין דער ווירטשאַפט. געקאָכט, צוגעגרייט, דערלאַנגט עסן. איר צו הילף איז געקומען די קליינע שוועגערין טאַני, אַ ווייבל פון גרינגער באַוועגונג, פון לייכטן געמיט, אַ פלינקע, אַ קוועקזילבערדיקע, מיט ווייבערישע פינקעלעך אין די אויגן. טאַני האָט גענומען דאָס לעבן לייכט, פון גאַרנישט זיך צופיל מצער געווען. איר האָט נישט דערשלאָגן, נישט דעם מאַנס דורכפאַל, זיין באַנקראָטירט געשעפט, זיין אַוועקפאָרן אין דער פרעמד; נישט דאָס אומגליק אין דער שוויגערעלטערנס הויז — גאָרנישט האָט איר געקענט מאַכן פאַלן, ברעכן. זי איז געווען יונג, שיין. אימפּולסיוו. געזוכט דאָס לעבן ווו נאָר עס רוט, אַפילו אין דער גרעסטער ענגעניש, זיך געריסן ווי ס'רייסט זיך פון אַ שפּאַלט אַרויס דאָס גרעזל. געזוכט די הנאה, דאָס חיות אין זיך אַליין. געהאַלטן זיך עלעגאַנט, אין פאַסאָן, אין פּראָוויאַשן שיק.

ביי אַלע אומשטענדן געזוכט צו געפעלן און אויך — מען זאָל איר געפעלן.
נישט געלאָזט גליווערן, נישט צופיל טרויערן.

מיטן צופאַלן פון פאַרנאַכט איז מען געוואָרן אין שטוב אויפגעוועקטער,
אויפמערקזאַמער. ס'האָבן זיך גענומען זאַמלען די יידן צום מנין. און דאָס
לעבעדיקע געריידן, דאָס אַדורכשמועסן, האָט אַריינגעדרונגען אַהער אין
צימער פון די פרויען. געוועקט נייגער. דער נאָך האָט זיך געלאָזט הערן
דאָס דאַוונען, די הויך רופנדיקע: „ברוך הוא וברוך שמו," „אָמנס". גע־
וועקט אמונה, דעם בטחון. ביים אַהיימגיין איז תמיד ווער פון די מענטשן
איבערגעבליבן ביי זיי. צוגעטראָגן טרייסט.

✶

טונקל הענגט דער הימל איבער די פענצטער. דער אָוונט ווייך און
פאַרנע, נאָך אַ הייס אָפּגעגאַנגענעם טאָג. סע רוקט זיך צו די נאַכט.
ס'איז שוין נאָך מנחה. מ'האָט דאַסמאָל צוגעוואַרט מיטן מעריב. אויף
עפּעס מסדר צו זיין. היינט דער לעצטער אָוונט פון דער שבעה. האָט
מען געוואָלט דעם ענין אָפּשליסן, ברענגען צו אַ טאָלק. די גאַרבער־יידן
זענען געזעסן אָנגעמידעטע פון שווערן אַרבעטס־טאָג ווו מ'האָט אַ סך אַריינ־
געהאָרעוועט און געלאָפן אַהער דאַוונען. דוד ראָזנקראַנץ אין זיין רירעווו־
דיקער זריזות, איז געגאַנגען פון אָרט צו אָרט, גערעדט עפּעס מיט די
מענטשן אין דער שטיל, ביי וועמען זיך עטוואָס לענגער פאַרהאַלטן, צוגע־
דונגען, איינגעשריבן אין דער רשימה, אָוועק צו אַ צווייטן. דאָס האָט ער
אַדורכגעפירט די געלט־אַקציע, איינצוקויפן די ערשטע פאַרטיע פעלן,
פאַרן הויף, ווען די קינדער וועלן צומאָרגנס אויפשטיין פון דעם טרויעריקן
ז י צ ן און דאַרפן זיך צוריק אָוועקשטעלן צום לעבן, צו דער אַרבעט —
אויפהייבן צוריק די שטוב.

— וויפל פאַרשרייבן ר'מענדל ? — איז דוד געבליבן שטיין ביי דעם
קרעמפּן גופיק־געפּאַקטן ייד מענדל באָום.

— צען „שטיקלעך" אויף מיין חשבון.

דוד האָט פאַרשריבן. צוגעוויגט מיטן קאָפּ: אַ פיינער באַשטייער.
געדאַנקט. געגאַנגען ווייטער.

— איר ר' מנחם ?

מנחם סקורניק איז נישט געווען נאָך מיט זיך פּאַרטיק. נישט געוווּסט וויפל צושטעלן, ס׳זאָל נישט אויסקומען באַרימעריש און נישט ווייניק (ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין געבן פּאַרטיקס שוין צום פּאַרקויפן). דערהערט פון דער נאָענט מענדלס שטילן זאָג: צ ע ן, האָט ער אָווייז געגעבן מיט די פינגער, ווי ער זאָל אָנווייזן אויף מענדלען: נו אָט, ווי ער האָט געזאָגט: אַ גאַנצן טעכער.

דוד האָט פאַרשריבן, געגאַנגען ווייטער.

— און איר ר׳ בינעם?

דער רויטער בינעם איז נישט געווען פון די געהויבענע. אַליין אַ גע־ענגטער מענטש, קוים אַרויסגעשלעפּט ס׳שטיקל פּרנסה. ווען ער וואָלט געווען באַזונדער, נישט מיטן עולם, וואָלט ער געגעבן די העלפט. איצט האָט אים נישט געפּאַסט זיין אונטערשטעליק, איינער פון דער זייט, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: נו־נו, ווי מ׳גיט...״

דוד האָט פאַרשטאַנען, נישט איבערגעפרעגט, אַריינגעשריבן די העלפט: פינף שטיקלעך.

ער האָט זיך געלאָזט ווייטער אין זיין גאַנג. די רשימה האָט זיך אַלץ מער פאַרפולט. נאָך עטלעכע און מ׳וועט זיין פאַרטיק. איצט איז ער צוגעקומען צום ארי־שבחבורה, צו אברהם לעווקינד.

דוד איז געבליבן אַ מינוט שטיין, ווי ער וואָלט דערמיט אַרויסגעוויזן באַזונדערן כבוד. אברהם אָנגעטאָן אין מעלאַנזשענעם כאַלאַט, די באָרד ווי תמיד געשפּרייט איבערן האַרץ, איז געזעסן אין אומעטיקער פאַר־טראַכטקייט. ס׳האָט געפּייניקט אַ סך זאַכן: די טרויעריקע פאַרכאַפּעניש פון דאָזיקן הויז — איר באַשייענדיקן קאָפּ; דעם זונס פאַרפלאָנטערטקייט מיט אַ טאָכטער פון דער היניקער שטוב, וואָס מ׳ווייסט נישט ווי עס האַלט; די אייגענע געוועקטע מחשבות פון דעם שטיק אָפּגעגאַנגענעם לעבן, אין שטענדיקער שכנות מיט דער דאָזיקער משפּחה וואָס איז געווען גע־בונדן מיט פריינטשאַפט, מיט אַ נאָענטקייט און דאָך — האָט תמיד גע־שטעקט עפּעס אַ ס ע נ ק אינדערמיט... נישט צוויסן אַפילו געגנוי די סיבה. און יאָ, אַליין ווערט מען אויך נישט יונגער, נאָר עלטער. ס׳רוקט זיך אָן די צייט פון זקנה, אַ שווערע צייט...

אברהם האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ס׳שטייט ווער פאַר אים. דערזען דודן. געוווסט צוליב וואָס ער איז צוגעקומען. נישט געפרעגט. אויפגעהויבן ביידע הענט, אַ פּאַכע געגעבן צוויי מאָל מיט זיי. צוגעוויגט מיטן קאָפּ און שטיל: יאָ, צוואַנציק. דוד האָט פאַרשריבן. געטאָן אַפריינטלעכן שמייכל מיט די אויגן: אַ יישר־כוח

אַזוי איז ער געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, ביז צו די לעצטע.

די גאַנצע צייט, ווי ס׳איז אָנגעגאַנגען דאָס פאַרעניש אַרום דעם עסק, איז געזעסן דאָס בחורל, לייבל ראַשקעס, אין זייט, זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער טואונג. ר׳איז געקומען היינט אָפּגעבן דעם חוב אויף זיכער. ווען דער עולם וועט אַוועקגיין נאָך מעריב, וועט ער אַריינאיילן אין צווייטן צימער צו די קינדער, אָפּזאָגן זיינע פאַר ווערטער און אַהיימגיין. דערווייל זיצט ער, קוקט זיך שטיל איין, ווי דער חסידישער ייד, דער דוד ראַזנקראַנץ פירט אַדורך די זאַמלונג. הערט דאָס שטילע איבעררעדן פון אים מיט די יידן, דאָס געבן זיי צו פאַרשטיין אויפן ווונק, די הסכמהדיקייט פון אַלע ביים דערפילן זייער פליכט — און דער הייליקער טאַט וואָס ליגט אין דעם דאָזיקן טאָן.

יאָ, ער קען זיי די יידן. קומט אין זייערע הייף, צום איינקויפן פון זיין „דרויב". זעט זיי אין זייער פאַרהאַרעוועטקייט, אַריינגעטאָן אין זייערע שווער יאָרזשמעדיקער אַרבעט. צומאָל כמורנע, שווייגנדיק, קאַרג אויפן וואָרט. אָבער ביי אַן אומגעוויינלעך געשעעניש אין זייער גאַס, ווערן זיי אויפגערודערט, געשטעלט אויף די פיס, גרייט צום ראַטעווען — ווערן ווי איין משפחה. און כאָטש די מידעניש קוקט איצט אַראָפּ פון זייערע פנימער און אַלע וואָלטן זיי געוואָלט שוין זיין אין דער היים, אָפּעסן די וועטשערע, אַוועקלייגן זיך אויפן געלעגער, אָפּרוען דיביינער — זיצן זיי געדולדיק, שווייגנדיקע, וואַרטן פליכטיק ביז ס׳וועט זיך ענדיקן. דאָס טוט זיי דער עול, די פאַראינטערעסירונג פאַר דעם עלנט געבליבענעם הויז, אַזוי צו־שמידן צום אָרט.

לייבל זעט זיי אין די מינוטן, ווי אַ באַזונדערע עדה וואָס זענען געקנופּט מיט נאָענטער קרובהשאַפט איינער צום אַנדערן, מיט אחריות, מיט זאָרגעוודיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יעדן איינעם באַזונדער. און ווי אַ משפחה, איז מען צייטנווייז אויך ברויגזלעך, צעקריגט; מען

רעדט אויס איינער אויפן אַנדערן. און ביי עפּעס אַ פּאַסירונג — מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז פול מיט אָפּשיי און פאַרערונג פאַר די דאָזיקע יידן. סע טוט אים נאָר ווונדערן, פאַרוואָס די שטאָט האַלט זיי, אָט די האַרעפּאַשנע, ערלעך האַרעוונדיקע מענטשן פאַר פאַרגרעבטע לייט. אין זייערע מעשים זעגען זיי נישט קיין פאַרגרעבטע. אדרבה, גרויסמוטיקע, ברייטגיביקע, באַהאַרצטע. לייבל זעט אין זייער טואונג גרויסער מענטש־לעכקייט, שיינס און דערהויבנס.

אָבער דאָך וואָלט ער געוואָלט, מען זאָל זיך שוין שטעלן דאַוונען מעריב. דער עול פון אַריינגיין אין יענעמס צימער שווערט אויף אים זייער. ער האָט אייניקע מאָל געפּרוווט דורך די טעג עס טאָן און תמיד שטערט אים עפּעס: אַמאָל מענטשן, אַמאָל צו פיל פרויען, אַמאָל די חברים אירע. ער קומט צו, צו דער טיר, וואַרפט אַ בליק, פאַרשווינדט. היינט מוז ער עס אָבער שוין טאָן. ס׳גייט צו ענד. ער איז אומרואיק און אומגעדולדיק. ר׳וואָלט געוואָלט ס׳זאָל שוין זיין נאָך אַלעם...

און אָט דערזעט ער דוד קנייטשט איין דאָס פּאַפּיר אין דער העלפט, לייגט עס אַריין אין בוזעמטאַש. ווישט אָפּ די שפּיצן פינגער אין פאַטשיי־לע. גאַרטלט אַרום די לענדן מיט דער ברייטער גאַרטל. גייט צו צום טישל מיט די צוויי ברענענדיקע ליכטלעך און גלייך לאָזט זיך הערן דער: והוא רחום...

אַלץ שטייט אויף פון די ערטער, נעמט מיטזאָגן, פלייסיק און גיך.

אָפּגעדאַוונט איז דער עולם אַוועק אַהיים. אַרויס מיט שטילע טריט, ס׳זאָל נישט הייסן אַנטלאָפן. זייטיק אַ בליק געטאָן צו דער עפענונג פון דער צווייטער שטוב, אַ וויג געגעבן מיטן קאָפּ, אַרויסגעשוווּמען.

לייבל האָט זיך דערזען בלייבן איינער אַליין. צוגעגאַנגען צו דער אָפּגעלעגנטער טיר פון יענעמס צימער, זי מער געעפנט, אַריינגעקוקט. גע־מערקט ס׳איז ליידיקלעך פון פרעמדע. פאַוואָליע אַריבער געשפּרייזט די שוועל, און ער איז שוין אין דרינען.

פאַניע, ווי אין די פאַרנאַכטן, איז געלעגן האַלב אויסגעלעגנט אויף דער סאָפע. דערהערט דאָס רודערן זיך ביי דער שוועל, האָט זי אומגעקערט דעם קאָפּ. דערזען דאָס בחורל. זיך אונטערגעהויבן. אַנגעשטעלט אויף

אים פריינטלעכע אויגן, וואָס האָבן גלייך אים פאַרבעטן גיין ווייטער. געזאָגט:

— זאָל לייבל דאָ אַהערגיין.

לייבל האָט נישט געוווּסט ווי זיך נוהג זיין, וואָס ער זאָל זאָגן. אַריין עטוואָס אין פאַרלעגנהייט. ס׳איז אים געווען פיינלעך דאָס נישט קענען אויסרופן הויך, מוטער דעם „גוטן־אָוונט", אָפּגעבן שמייכלענדיק, איר דעם שלום־עליכם. פאַניע האָט באַמערקט זיין פאַרווירונג. מיט מילדער באַוועגונג פון האַנט אים אָנגעוויזן אויף אַ בענקל נעבן זיך ביי דער סאָפע. געבעטן אים זיך צוזעצן: „זאָל לייבל דאָ זיצן".

ער האָט זיך צוגעזעצט.

לייבל האָט געשוויגן. געקוקט אויף פאַניען מיט איבערבעטנדיקער שוויגעניש. געזען איר פנים לייכט אַרויס פון דער שוואַרצער געהילטקייט מיט העלן שיין, דורכזיכטיק ווי אַ נאַניש געזיכט. נאָך ליכטיקער. ריכטיק, ווי די יסורים וואָלטן זי געלייטערט, געוואַלדיק אויסגעאיידלט. ער איז פון דעם אַליין שוין געוואָרן איבערגענומען. לייבל האָט געזוכט אין געדאַנק וואָס זאָגן. נישט געפונען. פאַניע דעראַנענדיק זיין יינגלשער פאַרלעגנהייט, און כדי אים פאַרלייכטערן, האָט זי די ערשטע גענומען רעדן און מיט עלעגישן טאָן.

— האָ, לייבל, אין יענעם אָוונט דעמאָלט, ווען כ׳בין געקומען אַהיים, האָב איך דאָס אַלץ נישט געקאָנט פאַרזען און וויסן, אַז אויף אונדזער שטוב רוקט זיך אָן אַזאַ פאַרוויסטונג.

— וואָס קאָן מען טאָן. און וואָס קען דער מענטש זיך העלפן — האָט ער קוים אַרויסגעבראַכט די ווערטער, וויסנדיק ווי אומבאַהאָלפן זיי זענען, צום טרייסטן — ס׳איז דאָ אַ העכערע קראַפט, וואָס מען איז אָקייגן איר אומעכטיק...

— יאָ, יאָ. אָבער אַז גאָט האָט געקאָנט דאָס טאָן, צונעמען אַזאַ ליכטיקע מאַמע, אַזאַ שיינעם טאַטן, אין זייערע שענסטע יאָרן, ווייס איך שוין אַליין נישט וואָס צו זאָגן... איך וויל נישט לעסטערן, ניין. אָבער... — און ביי פאַניען האָט זיך פאַרטרערט דאָס קול פון גרויסן פּראָטעסט, פאַר דעם שרעקלעכן משפט און גזר און פון דער אומעכטיקייט אָקייגן יענער

קראַפט, וואָס דער מענטש קען זיך מיט גאַרנישט העלפן. מוז בהכרח זיך מכניע זיין. בויגן דעם קאָפּ.

לייבל האָט ווידער געשוויגן. געקוקט צו איר. וואָס האָט ער אויף דעם געהאַט צו ענטפערן. און וואָס איז אַ מענטש בכלל אומשטאַנד אין אַזאַ לאַגע צו זאָגן. יעדעס וואָרט קאָן נאָר ברענגען מער צער און געוויין. אינזיך האָט ער געטראַכט, ס'איז נישט צו פאַרשטיין. און ווער קאָן דאָ זיין דער חכם, דאָס צו באַשיידן פון וועמען ס'קומט דער אכזריותדיקער טאַט, דער גרויזאַמער גורל: פון דער געטלעכער מאַכט? פון צופאַל? אַלץ איז מיט סוד, מיט געהיימניש, נישט צו דערגרונטעווען. אָט איז ערשט אַרומגעגאַנגען דאָ אין שטוב אַ מענטש, אַ שיינער, אַ בכבודיקער: זאַמע זיין נאָמען. פול געמאַכט מיט זיך דעם אַרום. געשפּרייט אַ ליכטיקן שיין אויף אַלעם. און שוין ליגט ער אויסגעלאָשן, פאַרדעקט מיט ערד. געבליבן איז אַ וויסטקייט: גיי פאַרשטיי!...

אין זיין שטילן מעדיטירן, האָט זיך פּלוצעם אַריינגעריסן אַ קלינ־געווודיק קול, וואָס איז געקומען פון ווייטערן ווינקל, ווו ס'זענען געזעסן די שוועסטערן אַרומגערינגלט פון די חברטעס, און ווו ס'האָט אויך אַנטייל גענומען אַן אומבאַקאַנטע, פאַר לייבלען, יונגע שיינע פרוי. דאָס האָט זי אָפּגעקלונגען מיט איר גלעקלדיקער שטים, אַריבערגעהילכט אַנדערע. לייבל האָט זיך אומגעקוקט. געזען זי צום ערשטנמאָל. באַמערקט אין איר לעבעדיק מיטפאַרברענגען, אַז זי פילט זיך דאָ היימיש, גאָר נאָענט צו די שטוביקע און זי מוז זיין פון משפחה. ער האָט אויך באַמערקט, זי איז פול מיט לעבן, מיט טעמפּעראַמענט. איר יונגער שלאַנקער גוף באַוועגט זיך עלאַסטיש, ווי ביי אַ יונגער סאַרנע.

מיטאַמאָל האָט איר בליק זיך אַנגעשטויסן אין זיינעם. און ווי ער וואָלט אין דער רגע באַוווּנדערנדיק זי, מיט דעם בליק זי אַרויסגערופן, איז די יונגע פרוי געקומען אַנצושוועבן אַהער צו פאַניען. געבליבן שטיין. זיך איינגעקוקט אינעם שלאַנקן יינגל. געפרעגט מיט איינגעהאַלטענעם שמייכל:

— ווער איז דאָס דאָזיקע שיינע בחורל, האַ, פאַניע?

— אַ ברודער פון איציקן דעם דיכטער, וואָס פלעגט אַרויפקומען צו אונדז — האָט פאַניע אָפּגעענטפערט.

— גאַרנישט ענלעך. און דאַכט זיך, שענער פון יענעם. און באמת אַ שיין יינגל — זי האָט גערעדט דרייסט, אָן זשענירונג, אָן צערעמאָניעס און מיט אַ טאָן וואָס זוכט גלייך זיך צו פאַרהיימישן.

לייבלען איז פון אירע ווערטער פאַרלאָפן אַ וואַרעמע פאַרב אויפן פנים. אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס פרעמדע ווייזן מיטן פלינקן מיילעכל, האָט אים גלייך צעטומלט, אַרויסגעבערענגט פון דער, אַזוי אויך נישט צופיל אינערלעכער גלייכגעוויכט. געבעטן אין האַרצן, זי זאָל אָוועקגיין. זי איז אָבער נישט אָוועקגעגאַנגען. אדרבה, זיך ערשט פאַרנומען אויף אַן אמת, דאָ בלייבן, געזעלשאַפט־לייסטן. צוגעזעצט זיך ביי פאַניען צו־פיסנס און נאָך מער אין אים זיך איינגעקוקט. און נאָך מער געשמייכלט.

— זעסט, ער שעמט זיך ווי אַ מיידל — האָט דאָס פריילעכע ווייבל געצוויטשערט, גאַרנישט רעכנדיק זיך מיט קיינעם און גאַרנישט ווי אין אַן אָבל־שטוב. נאָך אַ רגע האָט זי צוגעגעבן:

— זאָג אים פאַניע, ווער איך בין.

— דאָס איז מיין שוועגערין פון וואַרשע — האָט פאַניע ווי אויס־געפאָלגט איר ווילן, זי פאַרגעשטעלט פאַר לייבלען.

לייבל האָט אין זיין זשענירטקייט, לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַן ענטפער. נישט דערלאַנגט איר די האַנט.

זי האָט דאָס געטאָן אַנשטאָט אים. דערלאַנגט אים איר בינטל שמאָלע געפלעגטע פינגער.

— זענען מיר באַקאַנט הייסט עס, יאָ?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— אַ העצע מיט די בחורימלעך אין די קליינע שטעט. שיינע, חנווע־דיקע. נאָר מאָדנע שעמעוודיקע. וועסט זען, ער וועט צו מיר נישט וועלן אויסרעדן קיין וואָרט...

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן און דווקא צושטייענדיק צו אים, ווי פון קוכצימער האָט זיך אַנגעטראָגן כייקעס קול. גערופן:

— ס׳איז דאָ טיי. ס׳וויל ווער אַריינקומען מיר העלפן?

— יאָ, איך גיי, — האָט דאָס ווייבל צוריקגערופן. און ווי וועלנדיק זיך אַנטשולדיקן פאַר לייבלען, האָט זי געזאָגט:

— איך מוז מיין שוועגערין אַ ביסל צוהעלפן. וועל באַלד צוריק־קומען — און איז פאַרשוווּנדן.

לייבל מיט פאַניען האָבן זיך איבערגעקוקט אין שווייגן. דאָס אַוועק־גיין פון דער שוועגערין, האָט זיי פאַרלייכטערט. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייער פריערדיקן שמועס.

— ס'האָט מיך זייער געווונדערט וואָס מען זעט נישט לייבלען — האָט פאַניע אָנגעהויבן.

— איך האָב געוואָלט שוין אייניקע מאָל אַריינקומען. נאָר עפּעס האָט זיך אַלעמאָל אַזוי געמאַכט, ס'האָט מיך אָפּגעהאַלטן. כ'ווייס אַליין נישט פאַרוואָס...

פאַניע האָט געוווּסט דעם „פאַרוואָס" און אַז ער זאָגט אמת. זי האָט אים ריכטיק אַ פּאָר מאָל באַמערקט אַדורכשלייכן, אַריינקוקן דורך דער טיר און פאַרשוווּנדן. געוווּסט די סיבה: אַ סך מענטשן, פרעמדע פּרויען. דעם יינגל איז עס געווען נישט באַקוועם. ס'איז איר דאַן געווען אַ שאָד זיין אַוועקגיין. אָבער געאַנט, ער וועט אַריינקומען. איצט איז זי צופרידן מיט זיין זיך באַווייזן. זיין ערנסט צאַרט יינגלש געזיכט, זיינע ערלעכע רייד, האָבן ווי תמיד אָנגעווייעט אויף איר עפּעס צום גוטן, געמיטלעכס.

— גוט וואָס לייבל איז היינט אַריינגעקומען — האָט זי צו אים גע־רעדט, ווי ער צו איר, אין דער דריטער פּערזאָן.

— כ'וועל נאָך קומען.

— די טיר איז שטענדיק אָפן, פאַר ליבע גוטע פריינט.

נישט באַווייזנדיק אַריין אין שמועס טיפער, ווי דאָס ווייבל איז צו־ריקגעקומען מיט גלעזער טיי. דערלאַנגט די קינדער, חברטעס. פאַרביי־געגאַנגען לייבלען, האָט זי כלאחר־יד אַ פרעג געטאָן:

— אויך אייך מכבד זיין מיט אַ גלאָז טיי?

— ניין, ניין. — האָט לייבל זיך געווערט. אָפּגעשאָרט מיט די הענט: מען דאַרף נישט.

פאַניע האָט געוויזן מיט די בליקן צו דער שוועגערין, זי זאָל אים

אַפּלאָזן. געגעבן איר דערמיט צו פאַרשטיין, ער איז נישט איינגעשטעלט אויף קיין כיבוד, און אויך, זי זאָל דאָס יינגל נישט פּייניקן מיט צופיל רייד. ער איז אַ שעמעוודיקער.

נאָכן אַרומטיילן דעם טיי, איז די יונגע פרוי צוריקגעקומען. זיך צוגע־זעצט ווידער ביי פאַניען. זי האָט נאָכגעשליאַדעוועט דעם יינגלס באַווע־גונגען, זיין באַנעמונג. זיך איינגעהאָרכט אין שטילן שמועס צווישן אים מיט פאַניען. צומאָל אויך מיט אָנטיילגענומען. זי האָט אים דערציילט פון וואַרשע, פון דער שיינער גרויסער שטאָט, שיינע געשעפטן, בעסערע גע־זעלשאַפט, פאַרשידענע אינסטיטוציעס, מענטשן. נאָכגעמאַכט ווענען פון זייערע באַקאַנטע, יענעמס רייד, תנועות, סיגעס, אַריינגעברענגט הייטערונג. געברענגט אַפילו פאַניען צום שמייכלען.

לייבלען איז געווען געפעלן דאָס יונגע ווייבערישע וועזן; אירע באַווע־גונגען, אירע זשעסטן — ווייבלעך, אַ ביסל קאָקעטיש, ווייך, חנעוודיק. איר שפּראַך — שטיפעריש, עלעגאַנט, דרייסט. זי האָט כסדר געווינטלט מיט די וויעס אויף דעם בחורל, אַנגרייפעריש, ווי זי וואָלט אים געוואָלט סוגעסטירן און ווי דאָס אַליין שוין. וואָלט איר פאַרשאַפט פאַרוויילונג. זי האָט זיך זייער געמיט אים צו געפעלן.

אומגעריכט איז זי איבערגעשפּרונגען צו פאַניען, אויף רעכטס. זי אַרומגענומען. אָנגעהויבן גלעטן, צערטלען.

— זאָג אים פאַניעשי ווי איך הייס.

און נישט וואַרטנדיק אויף פאַניעס זאָגן, האָט זי אומגעקערט דאָס פּנים צום בחורל. אַליין זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט:

— איך הייס טאַני. בין אַן אמתע וואַרשאַוויאַנקע. דאָרט געבוירן. אַ שיינער נאָמען, יאָ?

אויף לייבלס פּנים האָט זיך באַוויזן פונסניי אַ ראָזע פאַרב און אויך אַ שמייכל. זיין געזיכט נאָך אַלץ זשענירט, אָבער נייגעריק. ער איז געווען אַצינד רואיקער. און כאָטש ס'איז פאַר אים געווען אַ ביסל שווערלעך אָט דאָס לעבעדיקע שטיק צאַפּלמענטשל, און ער האָט אויך געוואָלט רעדן מיט פאַניען וועגן אַנדערע זאַכן, געוואָר ווערן פון איציקן, פון דער גרויסער שטאָט, פון דאָרטיקן לעבן און זי האָט געשטערט, האָט ער

פונדעסטוועגן זיך געפּאַסט און געדולדיק פאַרנומען. אגב, האָט ער זיך געקלערט, זי וועט אָפּשפּילן איר ווייבערישער ראָל, אָפּרעדן זיך, און אַוועקגיין.

די יונגע פרוי האָט גאַרנישט געהאַט בדעה דאָס צו טאָן. און ווי זי וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, איז זי געוואָרן, ווי אין ווידערשטאַנד, עמאָציאָנעלער, פאַרטשעפּנדיקער. נאָך מער גענומען רעדן, פּלאַפּלען, אָנ־האַלטנדיק דעם לייכטן טאָן, די פרייקייט. אין איר באַנעמונג צום בחור איז געלעגן שפּילעוודיקס, אינטריגישס, ווייבערישע כיטרעקייט, אָנרייצנ־דיקס. צום סוף האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— איר זייט שוין אַמאָל געווען אין וואַרשע?

לייבל האָט פון דעם שאַרפן באַטאָנען „איר", זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. ער איז נישט געוווינט געווען מען זאָל אים „אירצן". אַלע פון שטאָט האָבן אים געזאָגט „דו", און זי שוין מיטן לשון, „איר". און מיט אַזאַ פאַוואַזשנעקייט, ווי זי וואָלט גערעדט צו אַ דערוואַקסענעם עלטערן מאַן. ער האָט מורא געהאַט זי זאָל אים נישט זאָגן נאָך אויך: פּ אַ נ י ע. דעמאָלט וואָלט ער שוין גאַרנישט געוווּסט ווו די אויגן אַהינטאָן. כדי גיכער זיך אָפּפּאַרטיקן און זי זאָל אים דאָך אָפּלאָזן, האָט ער געפּעליק, אָבער פלינק אָפּגעענטפערט:

— ניין, איך בין נישט געווען.

— אויב אַזוי קומט אַריבער, וועט איר זען ווי שיין און אינטערעסאַנט וואַרשע איז — זי האָט אין דער מינוט אָנגעשטעלט אויף לייבלען צאַרט פרייגטלעכע אויגן און אָנגעוויזן אויף פּאַניעז — פּאַניע וועט אייך זאָגן אונדזער אַדרעס. און איר וועט קאָנען אַ ביסל צייט זיך אויפהאַלטן ביי אונדז אין שטוב. ריכטיק פּאַניע?

דאָס איז שוין געווען איבער דער מאָס, אַ ביסל צופיל פאַר לייבלס כוחות. זי האָט אים פּשוט פריטשמיעלעט. ער האָט געזען ווי ביי פּאַניען פאַרציען זיך די ברעמען אויף אַרויף, ווי ס'וואָלט איר דעסגלייכן שוין שווער געוואָרן דער שוועגערינס רייד, איר צודרינגלעכקייט צו אים, לייבלען. אָבער דערביי נישט געקענט איר שטערן, זי באַליידיקן. לייבל האָט אויך געזען ר'וועט מיט פּאַניען נישט קאָנען אַנבינדן היינט קיין שום שמועס,

פון דעם וואָס ער האָט געוואָלט רעדן. דאָס קוועקזילבערדיקע ווייבל לאָזט נישט קומען צום וואָרט. איז אים דאָס זיצן געוואָרן שווער, געפּעגטעט. דערביי האָט ער זיך אויך דערמאָנט, ער דאַרף נאָך זיין אין דער אָרגאַניזאַציע, צוהעלפן עפּעס איבערשרייבן אין סעקרעטאַריאַט. אויך העגעלען האָט ער צוגעזאָגט זיין דאָרטן אויפדערנאַכט, מיט איר וואָס לייענען. און ווי וועט ער דאָס אַלץ באַווייזן?

ער איז אומפאַרהאָפט אויפגעשטאַנען פון אָרט. געבעטן אַנטשולדיקונג. געזאָגט ער וועט קומען אַ צווייט מאָל. ער מוז איצט אַוועקגיין. ער האָט עפּעס וויכטיקס צו דערליידיקן.

— פאַרוואָס גייט איר שוין אַוועק? — איז דאָס ווייבל געוועזן ווי אַנטוישט פון זיין פאַרלאָזן די שטוב.

— איך דאַרף זיין אין דער אָרגאַניזאַציע. איך דאַרף דאָרט עפּעס טאָן.

— נו, מילא, יעגץ וועט נישט אַנטלויפן. איר קאָנט נאָך זיצן. זאָלן זיי אַליין דאָרט מאַכן... — האָט די טאַני געפּרוווט אים אָפּהאַלטן פון אַוועקגיין.

— ניין, איך האָב צוגעזאָגט און מוז האַלטן וואָרט. מען וואַרט אויף מיר.

פאַניע האָט איצט אויפגעהויבן די אויגן. געקוקט אויף אים מיט אַ באַזונדערער באַגיטיקייט, ווי זי וואָלט מיט אים איינגעשטימט. זי האָט אים פאַרשטאַנען. אָפּגעפילט זיין יונגע נשמה. נישט געוואָלט אים אָפּהאַלטן. אים נאָר דערמאָנט:

— זאָל לייבל נישט פאַרגעסן אַריינקומען טאַקע אַ צווייט מאָל. מיר וועלן רעדן וועגן אַלעם, יאָ? — פאַניע האָט אים דערמיט געמאַכט אַנווונקען אויף זיין ווידער דערשיינען, ווו זיי וועלן שוין דעמאָלט זיך גוט אויסשמועסן.

לייבל האָט מיט שטומען באַוועג פון קאָפּ אָפּגעענטפערט: אויף יאָ. זיך געזעגנט און אַוועק.

ווען לייבל איז שוין געווען אין דרויסן, זענען ביידע ווייבספּאַרשוינען געבליבן אין שטילקייט. די יונגע פרוי האָט נאָך געקוקט צו דער טיר, ווי זי וואָלט אים נאָך אַלץ נאָכגעבליקט.

— אַ צאַרט ייִנגל. נאָר זיך אין אים צו פאַרליבן. אַ גייסטיקע שיינ־
קייט קוקט פון אים אַראָפּ. און מ׳קען שוין מיט אים אויך כאַפּן אַ פלירט —
האָט זי אַ זינג געטאָן אויף איר היימישן שטייגער.

פאַניע האָט באַוועגט מיט די אויגנדעקלעך צו אירס אַ מחשבה. גע־
זאָגט בהיסח־הדעת:

יאָ, זייער אַ צאַרטער, אַן איידעלער. אָבער זייער אַ ריינער אָפּגע־
היטענער אין מידות. אַ ריינע נשמה...

— מילא, ווי לאַנג ער איז נאָך אַזאַ יונגיטשקער. שפּעטער וועט ער
ווערן אַנדערש. באַגערן די פרוי...

טאַני האָט זיך אויפגעהויבן, צוריק אַוועק צו יענער מיידלשער געזעל־
שאַפט ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען נאָך אַ היימלעך געראַדעריי. פאַניע איז
געבליבן אַליין.

זי האָט אין דער מינוט אָפּגעפילט, אַז דאָס ייִנגל האָט מיטגעברענגט
עפּעס גוטס פאַר איר. איבערגעלאָזט בענקשאַפט. זיין מילד געשטאַלט
האָט איר צוגעזאָגט, ס׳וועט נאָך זיין גוט. דאָס לעבן וועט נאָך ווערן ליכטיק.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעראַנגלט. און צו איר וווּנדער דער־
פילט אין זיך פריש אַנגעפלאָסענעם כוח. אין דער מחשבה — געשטאַרק־
טער. אין עפּעס אומגעזעענס זיך אָנגעהאַלטן. און אַ קול האָט אין איר
געזורען: יאָ, דו וועסט זיך איבערוויינדן. אַריינקומען אין נאָך אַ באַוויליקט,
גוט־באַגערט לעבן, וואָס וועט אָפּצאָלן פאַר אַלע ליידן. — —

# אויטענטישער און קינסטלערישער אמת

דאָס בוך איז אַ ווייטערדיקער המשך פון דער „גאַרבער־גאַס", וואָס אליעזר אַלעי האָט אָנגעהויבן שרייבן מיט איבער צען יאָר צוריק, צילנדיק אָפּצושפּיגלען די פאַרשניטענע וועלט אין דער געוועזענער היים אין דער תקופה צווישן ביידע וועלט־מלחמות. יעדער פון די פיר ראָמאַנען איז אַ באַזונדער ווערק, כאָטש די זעלבע העלדן, די זעלבע פאַבולע און חוץ דער צייט־קרובהשאַפט, זענען זיי אויך דערציילעריש פאַרבונדן מיט זיך. ווי אין די פריערדיקע בענדער, שילדערט ער אויך דאָ די לעבנס פון צוויי דורות יידישע מענטשן, פאַרטועניש אין זייער האָרעוואַניע, סכסוכים, געמיינזאַמען צוזאַמענלעבן, ליבעס און אַנטוישונגען — אויפן פאָן פון דער עדה גאַרבערס אין זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ. איצט זעען מיר זיי ווייטער שפּינען זייערע לעבנס אין זייער איינגעזעסענעם ישוב; משפּחות גאַנצע, עלטערע און יונגע, צאַפּלענדיקע אין דער נעץ פון שטעטלשן לעבן, אין געראַנגל קעגן גורל.

עס פאַרבינדט דעם ראָמאַן מיט די פריערדיקע, דער חשבון־הנפש פון אַלט און יונג, דער באַוווּסטזיין אַז זיי שפּאַנען איבער אַ תהום און נאָר דער בטחון האַלט זיי ביים גלייכגעוויכט. פון הינטער די פּערסאָנאַזשן פילט מען אַרויס דעם גלויבן אין בעסערע צייטן און מען פילט די טיפע שייכות צווישן מחבר און די העלדן פון ראָמאַן, אַז זיי זענען לייבלעכע און נאָענטע מענטשן פונעם שרייבער. אין טייל פון זיי דערקענט מען דעם שרייבער און זיין משפּחה, כאָטש זיי זענען פאַרוויקלט אין געשעענישן און פּאַסירונגען וואָס פאַלן אַרויס פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע.

שריט ביי שריט, ווייזט אונדז אַליע ווי עס רייפט זיך און וואַקסט דער קאָנפליקט צווישן אַלט און יונג. דער סינדיקאַט וואַקסט אויס ווי אַ נאַטירלעכער קלימאַקס פון די געשעענישן און די פריערדיקע דערציילונגען. די מענטשן אין דער רייכער גאַלעריע טיפּן, האָבן יעדער זיין אייגן פּנים און שורש. נישטאָ ביי אַלעין קיין מינדערווערטיקע כאַראַקטערן, צי עס זענען די מענטשן אין אברהם לעווקינדס הויז, צי פון מענדל באומס און אוודאי נישט זאַמעס. אַלע קומען זיי אַרויס פולבלוטיקע סיי אין זייער אויסערלעכקייט, אין פילן און האַנדלונג. דער מעכאַניזם וועלכער באַוועגט סיי די אינערלעכע אויפבראַזן און סיי די מעשׂים, איז דער אורשטאַף פון וועלכן עס פאַרמירן זיך עיקרשטע פּסיכישע איבערלעבונגען.

דער הויפּט־יסוד פון א. אַלעיס פּראָזע איז עכטקייט, קינסטלערישע עכטקייט און דערפאַר דאַרף ער נישט אָנקומען צו אויסטערלישע סיטואַציעס. ער גיט די יידן אין זייער טאָגטעגלעכקייט און אַלע פּאַסירונגען קומען פאַר אויפן ברייטן, בילדערישן פאָן פון אַמאָליקן שטעטל. אבער פון די פאַקטן, געשעענישן, און איבערלעבונגען פאַרמירט זיך אויס אַ גאַנצע וועלט, אַ קינסטלעריש באַגרינ־

רעטע. אַלעי קען גוט זייַנע העלדן. פאַר אים זענען זיי נישט פאַרגאַנגנהייט. זיי האָבן זיך אין אים איינגעגעסן און קומען אַרויס דורכגעפּיבערט, פול מיט קוואַליקער פאָלקס־חיות.

אין תוך גענומען האָט אַלעי זיך פאַרמאָסטן צוגעבן אַ קווערשניט פון דעם גאַרבער־ישוב, אָבער צום גרויסן באַדויער פון אליעזר אַלעיס דערציילונגען, געהער אויך דאָס אַרויסברענגען דורך דער גאַרבער־גאַס דאָס לעבן פון אַ גאַנץ שטעטל. שריט ביי שריט ווייזט ער אונדז ווי עס רייפט און וואַקסט אַן דער אינערלעכער קאָנפליקט, גייט איבער פון אומצופרידנקייט צו ממשותדיקער אַקציע און אַלץ איז אַדורכגענומען מיט יידישן שטייגער, מיט אַלע קאָלירן און קלאַנגען. די קאָלירן זענען אמתדיקע און אייגנאַרטיקע; די קלאַנגען עכטע, מיט פאַסיקע אויסדרוקן אינעם פאָלקס־טאָן און זענען אַזוי נאַטירלעך ווי זיי וואָלטן אַרויסגעקומען פון פאָלקס־מויל. איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן, דערהערן מיר דעם ווייטן אָפּקלאַנג פון יענער צייט אַזוי קלאָר און אמתדיק, אַז מיר אידענטיפיצירן זיך פולשטענדיק מיט זייער לעבן, מיט זייערע געפילן און שטימונגען; מיט די טראַגישע קאָנפליקטן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין זאַמעס שטוב, אין די הערצער פון ריוולען און זיינוולען. מיר זעען אויף וואָס דער שרייבער האָט זיך פאַרמאָסטן און מיר לאָזן זיך מיטרייסן מיט דער שפּאַנונג פון דער פאַרבאַפּנדיער שטייגנדיקער אַקציע, אין וועלכער עס זענען אַזוי אָרגאַניש אַריינגעוועבט די זייטיקע ווי די הויפּט־פּערזאָנען, און מאָמענטן וואָס דערפירן צו טראַגישע עקספּלאָזיעס און זענען דורך אַלעין אַזוי רירנדיק געשילדערט און פּרטימדיק געצייכנט.

אליעזר אַלעי ברענגט אויך אַרויס צייט־געשעענישן, פּאָליטישע רדיפות, עקאָנאָמישע גזירות און ער גיט אונדז אַן אַריינבליק אין זייער קאָמפּליצירטן פאַרלויף, ווי זיי האָבן געווירקט אויף די יידן אין שטעטל. אָבער די וואָגיקע סאָציאַלע דערשיינונגען, זענען זייער רעדוצירט, צו דער מאָס פונעם אינטעלעקט פון זייַנע העלדן און ער לאָזט זיי נישט אַריבערשפּרייזן די גרענעצן פון זייער וועלט־באַנעם. און עס איז גוט וואָס עס פילט זיך נישט, אַז דער שרייבער זאָל וועלן אַריינשלעפּן דעם סאָציאַלן מאָמענט ביי די אויערן, נאָר ווי פאַרביי־גייענדיק, נישט איבערצולאָדענען די געשטאַלטן, נאָר מיטגעבן זיי אויף זייער וועג דאָס סאַמע נויטיקסטע.

ווי רייך, ווי ברייט און טיף זענען שוין אויסגעשעפּט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור די מדרגות פון אָרעמקייט. דאָך קומט זי אַרויס ביי אַלעין ווי געזען אין אַן אַנדער ליכט, פון אַ באַזונדערן מין. ווי שווער זי איז אין זאַמעס שטוב, פאַרלירט זי אָבער נישט דעם מענטשלעכן ראַנג און שוין אויפן דנאָ פון פינצטערסטער נויט, איז זי נאָך אַדורכגענומען מיט אינעווייניקסטן בונטאַרישן חלום, וואָס ענדיקט זיך מיט שגעון.

אליעזר אַלעי געהערט צו דער גוטער ראַסע דערציילער און פאַרמאָגט די הכמה צו אָפּערירן מיט חיותדיקן מאַטעריאַל, מאָלן, באַשרייבן, מיטן כוח פון קינסטלערישן אמת, לעבעדיקע מענטשן, שטייגער און סביבה פון דער פאַר־שניטענער וועלט פון וועלכער מיר וועלן נאָך לאַנג ציען יניקה.

שמעון קאַנץ